# אהרן צייטלין

## אלע לידער און פּאָעמעס

באַנד צוויי

# ווײַטערדיקע
# לידער פֿון חורבן
# און
# לידער פֿון גלויבן
# און
# יאַנוש קאָרטשאַקס לעצטער גאַנג









„יזכור פּרײַז" ביבליאָטעק
פֿאַרלאַג בערגען בעלזען

# COLLECTED POEMS
(Inclusive Edition)

Volume 2

# POEMS OF THE HOLOCAUST
and
# POEMS OF FAITH

by AARON ZEITLIN



"REMEMBRANCE AWARD" LIBRARY

Bergen Belsen Memorial Press
of the
World Federation of Bergen-Belsen Associations, Inc.
New York — Tel Aviv

*P.O. Box 333, Lenox Hill Station*
*New York, N. Y. 10021*

# הקדמה

**(אַלגעמיינע הערות צו בײדע בענדער**
**און הערות צו איינצלנע לידער)**

די פּובליקירונג פון דער כולל'דיקער אויסגאַבע פון מיינע לידער און פּאָעמעס אויף יידיש, וואָס איר צווייטער באַנד ווערט איצט איבערגעגעבן אין די הענט פונעם לייענער, האָב איך צו פאַרדאַנקען דעם וועלט־פאַרבאַנד פון די געוו. בערגן־בעלזן־קאַצעטלערס. מיט 25 יאָר צוריק, בעת דער באַפרייאונג פון די קאַצעטן, איז בערגן־בעלזן געווען גייסטיק צוגעגרייט צו ענטפערן אויף דעם חורבן — מיט גלויבן. די פּראָגראַם פון די בערגן־בעלזענער איז געווען און געבליבן: די געטריישאַפט צום אָנדענק פון די קדושים, דאָס געדענקען — און מאַכן געדענקען, צוזאַמען מיט ווייטער־גאַנג, אויפבוי, אַקטיווער פאַרבינדונג מיט דעם יידישן לאַנד, אַרבעט אין אַ וועלט־פאַרנעם.

איידער איך גיי ווייטער, זאָל מיר דערלויבט ווערן, אין שייכות מיט'ן דערשיינען פון צווייטן באַנד, אויסצודריקן מיין פּערזענלעכן דאַנק צום יאָרנלאַנגן פּרעזידענט פון דעם וועלט־פאַרבאַנד פון די בערגן־בעלזן אָרגאַניזאַציעס, יוסף ראָזענזאַפט, פאַר זיין באַזונדערער באַציאונג און ביישטייער צו דער אויסגאַבע פון אַלע מיינע פּאָעטישע שאַפונגען; ווי אויך צו שמעיהו (סעם) בלאָך, סעקרעטאַר פון דעם בערגן־בעלזן וועלט־פאַרבאַנד און פאַרוואַלטער פון די פּובליקאַציעס ביי דער יידישער אַגענץ אין ניו־יאָרק, פאַר זיין זאַך־קענטעניש און עסטעטישן חוש.

איך דריק אויך אויס מיין אנערקענונג צו מרדכי טאָפּעל, דירעקטאָר פון דער טאָפּעל דרוקעריי אין ניו־יאָרק, פאַר זיין באַציאונג צום מחבר, זיין אינטערעס און פריינטשאַפט.

* * *

אין דעם איצטיקן באַנד גייט אַריין, צווישן די צום ערשטן מאָל געדרוקטע זאַכן, אַ פּאָעמע אין פּראָזע, וואָס איך רוף זי: יאַנוש

קאַרטשאַקס׳ס לעצטער גאַנג. דער ענין קאַרטשאַק האָט יאָרנלאַנג שווער געוויטיקט אין מיר, געזוכט אַן אויסגאַנג אין מיר (דאָס קורצע קאַרטשאַק־ליד אין באַנד איינס איז נישט מער ווי אַן אויפטאַקט). בשעת עס האָט אַזוי געוויטיקט אין מיר האָט עס זיך שטילערהייט אויך געפורעמט אין מיר. אַ מסוכנ׳דיקע קראַנקהייט האָט מיך דערווייל צוגעשמידט צו אַ שפּיטאָל־בעט, און דער מאַנוסקריפּט, אַן אָנגעהויבענער, האָט מיך שטום אָפּגעוואַרט אויף אַ שרייב־טיש, און כ׳האָב נישט געוואוסט, צי כ׳וועל מיך אַמאָל אומקערן צו אים. איך גלויב, אַז איינער פון די פאַקטאָרן, וואָס האָבן מיר געהאָלפן סוף־כל־סוף בייצוקומען די ביטערע מחלה, איז געווען דער שטאַרקער ווילן צו געבן אַ תיקון דעם וואַרטנדיקן כתב־יד, כאָטש דער הויפּט־פאַקטאָר איז זיכער געווען דאָס אויסערגעוויינטלעכע מסירות־נפש פון דער וואונדערלעכער באַגלייטערין פון מיינע שפּעטע טעג און יאָרן, מיין פרוי ר ח ל (ראָזאַ) פון הויז אַ ב ר אַ מ אָ ו ו י ט ש, וואָס איר איז געווידמעט אויך דער איצטיקער באַנד, דער צווייטער.

ווען כ׳האָב מיך צוריקגעקערט פון שפּיטאָל, איז די קאַרטשאַק־פּאָעמע (וואָס איך האָב, אגב, באַשלאָסן זי צו שרייבן אין פּראָזע) געוואָרן אויפגעשריבן ווי פון זיך אַליין.

איך האָב מיך נישט געוואַקלט, המשכ׳דיק צו באַטיטלען דעם צווייטן באַנד: ווייטערדיקע לידער פון חורבן און גלויבן, הגם די לידער און פּאָעמעס אין באַנד צוויי — אַחוץ דער פּאָעמע „יאַנוש קאַרטשאַק׳ס לעצטער גאַנג״ און אַ צאָל ווייטערדיקע לידער אַרום דעם חורבן — טראָגן אַ כאַראַקטער אַן אינדיווידועלן, אויב מען זאָל פאַרגעסן אין „מטטרון״ וכדומה. מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז אויך אין די ריין אינדיווידועלע לידער קומען צום אויסדרוק סיי חורבנ׳דיקייט, סיי גלויביקייט, אַמאָל אויך אין איין און דעמזעלבן ליד. אין די פחדים, גרעאַנגלעניש, מרה־שחורה׳ס און געשפּענסטערייען פון פערזענלעכער (און אפשר — זע ווייטער — מער ווי בלויז סוביעקטיווער) חורבנ׳דיקייט, האָבן זיך תמיד אַריינגעריסן אויך יענע אַנונגען, דערקענטשאַפטן און דערזעאונגען (אַ ירושה, ווייזט אויס, פון דורות ח ב ד ׳ נ י ק ע ס — סיי פון פאָטער׳ס, סיי פון מוטער׳ס צד), וואָס האָבן דעם פאַרלוירענעם אין זיבן טאָלן פון טרויער באַלויכטן די וועגן צום גלויבן: צו אמונה מיט אירע בלומען פון גנאָד און מיט איר אייגענער געהויבענער פּראָבלעמאַטישקייט.

און איצט — דער אין קלאַמערן דערמאָנטער „זע ווייטער״. ווער ווייס — טראַכט איך — צי אויף דער אינטים־פּערזענלעכער חורבנ׳דיקייט פון אַ ייד אין פוילן־לאַנד האָט, נאָך אין די גאָר יונגע יאָרן, נישט משפּיע־געווען עפּעס פון דער צוקונפט אַרויס, פון דער קאָלעקטיווער יידישער גיהנם־צוקונפט אויף פוילנ׳ס ערד?

דער נאָכנישט איז שוין פאַראַניק — שטייט ביי מיר אין אַ ליד, און פאַראַן, ווייס איך, זאַכן און געשעענישן אין לעבן סיי פון יחידים און סיי פון פעלקער, וואָס עס האָט אויף זיי מער קיין שליטה נישט די פרייקייט פון דער בחירה: לגבי דעם מענטשן ווי ער איז זיינען זיי גורל, פאַטום, קאַטאַסטראָפע, פון אַ קוק אַן אַנדערן זיינען זיי דאָס געהיימסטע פון דעם געהיימען.

* * *

ווער ס'וועט פרואוון פאַרגלייכן די „מתנות"־אויסגאַבע פון די „געזאַמלטע לידער" מיט דער אינקלוזיווער אויסגאַבע, וועט זיך אפשר וואונדערן, הלמאי איך האָב אויסגעמיטן אַריינצוגעבן אין דער איצטיקער אויסגאַבע דאָס ליד: „הויך רעדט דער גאָט פון די יידן". וויל איך באַמערקן, אַז דאָס ליד, געשריבן אין וואַרשע אַ שטיק צייט פאַר דעם חורבן (און געדרוקט אין דער „צוקונפט" אונטער ליעסינ'ס רעדאַקציע), האָב איך נישט נאָר טאָטאַל פאַרבראַקירט, נאָר עס פאַרדריסט מיך שטאַרק, הלמאי איך האָב עס אַריינגענומען אין דער „מתנות"־אויסגאַבע. אַ זינען האָט עס געקאָנט האָבן בשעת ס'איז געשריבן געוואָרן, בעת ס'איז, פון דער צוקונפט אַרויס, געפאַלן אויף מיר אַ קאָמפּליצירט גרויל־געפיל. גענומען אָבער רעטראָספּעקטיוו, נאָכ'ן חורבן, האָב איך דאָס ליד באַלד געדאַרפט גונז־זיין. דאָס ליד קלינגט מיר איצט, ווי עפּעס אַן איבערגעאיילטער צידוק־הדין, ווי אַ מין פאַראויס־אינדולגענציע אין נאָמען פון דער „חרב־נוקמת־נקם־ברית"־אידייע, — אַן אידייע, וואָס לאָזט זיך בשום אופן שבעולם נישט אָנווענדן אויף דער קאַטאַסטראָפע, פונקט ווי עס טרעפן, אין דעם פאַל, לחלוטין נישט צו די רייד מכוח „אַ דור, וואָס רוט אויף הויפנס ליטעראַטור־מיסט".

* * *

אין איצטיקן באַנד, פונקט ווי אין ערשטן, זיינען אַריין פאַרשיי־דענע זאַכן, וואָס זיינען קיינמאָל און אין ערגעץ נישט געוואָרן פאַרעפנטלעכט. די, וואָס זיינען יאָ געוואָרן פּובליקירט, זיינען רעווידירט געוואָרן און, ווען כ'האָב דאָס געפילט פאַר נויטיק, פונדאָסניי געוואָרן אָנגעשריבן. אין לעצטן פאַל האָב איך געמוזט אַריינגיין אין איבערלעבענישן פונעם עבר און קוקן אויף זיי פון אַ רייפן איצטער אַרויס, וואָס איז אַמאָל געווען לגבי זיי — צוקונפט. איך גיי דאָ אין די טריט פון פּאָעטן ביי די אומות־העולם (טעניסאָן און אַנדערע, גאָר באַזונדערס — וואָלט וויטמאַן, וואָס האָט פון איין אויסגאַבע צו דער צווייטער געהאַלטן אין איין

איבערשרייבן זיינע לידער און זיי איבערצופורעמען; אין היינטיקן אַמעריקע — אַזאַ מאָדערניסטישער פּאָעט ווי Allan Tate). **אברהם** סוצקעווער (אין אַן אַרטיקל זיינעם אין דער „גאָלדענער קייט") האָט מיך דערמאָנט אין עפּעס, וואָס כ'האָב פאַרגעסן; מיט יאָרן צענדליקער צוריק האָב איך אים געהאַט געזאָגט אין וואַרשע: לידער פאַרענדיקט מען קיינמאָל נישט. יאָ, נאָר היות ווי פון דער הי־וועלט טראָגט מען זיך פריער אָדער שפּעטער אַריבער אין אַן אַנדערשוואו, מוז איך, צו מיינע צוויי און זיבעציק יאָר, באַטראַכטן די איצטיקע אויסגאַבע ווי אַ דעפיניטיווע, און אַלץ, וואָס איך קאָן טאָן, איז צו באַטאָנען, אַז לידער (אָדער ציטאַטן פון לידער) דאַרפן געבראַכט ווערן בלויז פון דער איצטיקער, דעפיניטיווער אויסגאַבע, און נישט פון דער „מתנות"־אויסגאַבע, וואָס איז פון מיר צונויפגעשטעלט געוואָרן מיט יאָרן צוריק — אין שווערע פּריוואַטע אומשטאַנדן.

אַ פּאָר באַמערקונגען בנוגע שפּראַך־באַנוץ. ווערטער ווי לער (זע, צב"ש, דאָס ליד: ביי דער מאַמען אויבן), אָדער שיף, אין דעם זינען פון באלכסונ'דיק (למשל: שטאַרלן שיפע, אינעם ליד: דונערן) וכדומה, האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דייטשמעריש; דאָס זיינען לעגיטימע ווערטער פון גערעדטן פּוילישן יידיש. בכלל מעג מען וויסן, אַז אַחוץ ווערטער, וואָס געהערן צום אָנגענומענעם נוצלעכן דייטשמעריש (ווי דער אויסגעצייכנטער יידיש־פילאָלאָג דר. יודל מאַרק, רעדאַקטאָר פון גרויסן יידישן ווערטערבוך, רופט זיי), זיינען פאַראַן אַ סך ווערטער, וואָס זעען בלויז אויס ווי דייטשמערישע, בעת אין דער אמת'ן זיינען זיי — זינט דורות! — געוועזן אַן אָרגאַנישער טייל פון דעם גערעדטן יידיש אין פּוילן (למשל: צעגערן; אַ צווייטער ביישפּיל: פאַרריקט. אפילו אַזאַ ערשט־קלאַסיקער פילאָלאָג און יידיש־קענער ווי פּראָפ' מאַקס ווייַנרייך, ע"ה, האָט זיך מיט מיר געהאַט געאַמפּערט, אַז „פאַרריקט" איז מכלומרשט אַ וואָרט, וואָס איז פאַרשלעפּט געוואָרן אין פּוילישן יידיש דורך די דייטשן בעת דער ערשטער דייטשישער אָקופּאַציע; יוסף אָפּאַטאָשו, דענסטמאָל צו־גאַסט אין וואַרשע, האָט מיר מכוח דעם געזאָגט: הער אַ מעשה — ס'איז דאָך יידיש־שביידיש; מיין עלטער־באָבע האָט דאָך שוין גענוצט דאָס וואָרט).

אַ נישט־איבעריקע באַמערקונג בנוגע גראַמען און איינצלנע אויסדרוקן. אויף גראַמען האָט, כידוע, קיינער קיין פּאַטענט נישט אַרויסגענומען. אין וואַשינגטאָן וועט איר קיין „קאָפּירייט" אויף אַ גראַם נישט קריגן. איז, אויף וויפל עס גייט אין גראַמען, אַרט מיך אַ האָר נישט, וואָס צוויי ניו־יאָרקער פּאָעטן, וואָס כ'האָב זיי אַמאָל געהאַט אָנגעוויזן אויף מיין גראַמען „פאַרמענטשליכט" מיט

„בענטש־ליכט“, האָבן שפּעטער דעם זעלבן גראַם אַריינגעשטעלט אין זייערע לידער. מהיכא תיתי. פאַראַן אָבער שוין נישט גראַמען, נאָר אויסדרוקן, אפילו זאַצן גאַנצע, וואָס פאַרבלאָנדזשען פון איין פּאָעט צו אַ צווייטן — און ווידער איז עס פאַר זיך אַליין קיין טראַגעדיע נישט (פאַראַן דאָך אַזאַ זאַך ווי אַן אונטערבאַוואוסטזיניק אויסבאָרגן). נאָר וואָס דען? אויב גראָד ביסטו דער טאַטע פון יענעם אויסדרוק אָדער זאַץ, וואָס דערנאָך, — אָפּט מיט יאָרן שפּעטער, — געפינסטו אים ביי אַ צווייטן, טראַכסטו: עס קאָן אויסקומען ביי איינעם, וואָס ווייס נישט, אַז — דאָס האָסט גאָר דו „געגומען“ ביים צווייטן. אַ פּאָר ביישפּילן: אין דער ערש־טער סטראָף פון מיינער אַ זאַך („דעם יידנ'ס זייגער“) איז געווען געדרוקט: אַ געשיכטע פון אַלטע געשיכטן — זי קומט צו מיר צוגיין / און קוקט מיך אָן מיט געוויין / און בעט מיך, איך זאָל זי דיכטן. (ביי מיר איז עס, גלויב איך, ערגעצוואו געווען אַן עכאָ פון־דעם פּסוק, וואָס אומר: דרשני). יאָרן שפּעטער געפין איך ביי אַ שטאַרק־באַקאַנטן יידיש־פּאָעט (וואָס גראָד ווייס איך, אַז ער האָט דאָס ליד געהאַט בשעתו געלייענט אין ליעסינ'ס „צוקונפט“) אַ שורה: און בעט מיך, איך זאָל זי לידן. געווען איז עס אויך יאָרן נאָכדעם, ווי איך האָב געהאַט אין אַ ליד געשריבן: „...דאָס האַרץ פון אַ יידן, / באַשטימט דאָס ליד זיינס צו לידן“ (ווידער דאָס אייגענע — אַן עכאָ פון העברעאיש: לשיר שיר, לידן אַ ליד).

קלאָר: ס'איז געקומען נישט־ווילנדיק פון עפּעס, וואָס איז געלייענט געוואָרן און איז דערנאָך אומבאַמערקט אַרויסגעשוואומען פון אַ באַהעלטעניש, וואו עס האָט זיך אַרומגעבאָמבלט. פונדעסט־וועגן האָב איך אַ שטיקל רעכט דאָס צו פאַרצייכענען.

אַ צווייטער ביישפּיל: אַ היפּשע פּאָר וואָכן נאָכדעם, ווי ס'איז אין ניו־יאָרקער „יידישן קעמפער“ געדרוקט געוואָרן מיין „ליד צום סאַבּרע“ און אין אים די ווערטער: „אם אשכחך, מאַידאַ־נעק, תשכח ימיני / תדבק לשוני לחכי אם לא אזכרכי“, האָבן זיך די זעלבע ווערטער געוויזן אין אַ ליד פון אַ באַרימטן יידיש־פּאָעט דאָ אין ניו־יאָרק. האָט זיך אין דעם פאַל דער „אשכחך“ געקאָנט אַריבערטראָגן פון ירושלים אויף מאַידאַנעק אויך אָן שום אונטערבאַוואוסטזיניקן אויסבאָרג — פּשוט דערפאַר, וואָס עפּעס אַזוינס האָט זיך געקאָנט טראָגן אין לופט פון דער צייט. וואָס הייסט דאָס: זיך טראָגן אין לופט פון דער צייט? נאָך אין 1933 האָב איך, אין וואַרשעווער „גלאָבּוס“, אין אַ בריוו־אויסבייט מיט ש. ניגער'ן, ע"ה, געהאַט געשריבן אין איינעם פון מיינע בריוו, אַז מיר לעבן אין צייטן פון ליקוי־גאָט (אויפ'ן שטייגער פון: ליקוי־חמה). מיין אויסדרוק איז מיר ערגעץ אַריין אין די באַהעל־

טענישן, פאַרגעסן געוואָרן — און אַרויסגעשוואומען, יאָרן דערנאָך, אין מיינס אַ נאָך־חורבן־ליד, געשריבן און געדרוקט אין ניו־יאָרק: „אַ חלום פון נאָך מאַידאַנעק" (אַריין אין ערשטן באַנד). פאַראַן דאָרט אַ שורה: ס'איז אַ צייט פון ל י ק ו י ג א ט. זיינען פאַרביי יאָרן און איך בין געווען איבעראַשט, ווען ס'איז אַרויס (אויף דייטש) אַ בוך פון מאַרטין בובער מיט'ן נאָמען: גאָטעספינסטערניס. קלאָר: די עצם אידייע פון הסתרת־פנים האָט זיך געטראָגן אין לופט פון דער צייט, האָט ממילא די זאַך געקאָנט איינפאַלן אַ צווייטן בן־דור פונקט אַזוי גוט ווי מיר. ס'קומט צו דערביי אַ טשעקאַווער פּרט: נאָכדעם ווי כ'האָב דעם פאַל געבראַכט ווי אַן אילוסטראַציע אין מיינעם אַן עסיי, געדרוקט אין תל־אביב'ער „מאזניים", האָט מיך מיין פריינד פּראָפ' שמואל־הוגאָ ב ע ר ג־ מ אַ ן, פון ירושלים'ער אוניווערזיטעט, אינפאָרמירט, אַז דעם דערמאָנטן טיטל איבער בובער'ס בוך האָט גאָר אַוועקגעשטעלט ער, בערגמאַן, בובער'ס פריינד און תלמיד, און דער סוף איז געווען, אַז ביי מ. בובער'ן האָט דער טיטל גראָד נ י ש ט נושא־חן געווען.

* * *

אַ בינטל „טעכנישע" באַמערקונגען (איך האָף, אַז דער לייענער וועט זיי נישט איבערהיפּן).

מחמת אַ פאַרזען פון מיין זייט האָבן צווישן די הונדערטער לידער אין איצטיקן באַנד זיך אַריינגעגנב'עט עטלעכע לידער, וואָס זיינען שוין געדרוקט געווען אין באַנד איינס. דאָס ליד: בראַסלאַווער ניגון (זייט 479) איז געוואָרן איבערגעדרוקט דערפאַר, וואָס אין ערשטן באַנד זיינען דאָרט אַרויסגעפאַלן צוויי שורות (די לעצטע), וואָס האָבן מיר מוזיקאַליש אויסגעפעלט.

בנוגע דעם העברעאישן עלעמענט אין מיינע לידער וויל איך באַמערקן, אַז אַלדאָס העברעאישע אין זיי מ ו ז ג ע ל י י ע נ ט ו ו ע ר ן מ ל ע י ל , ב ה ס כ ם מ י ט ד ע ר א ש כ נ ז י ש ע ר ה ב ר ה .

כ'וויל באַמערקן: אויב איך שרייב אויף פאַרשיידענע ערטער „רב" (לייען: Rab), וואו ס'וואָלט געדאַרפט זיין: רבי, איז עס דערפאַר, וואָס אַזוי האָבן דעם „ראַבי" פאַרקירצט פוילישע יידן. מ'האָט געזאָגט אַ שטייגער: Rab עקיבא (נישט Reb און נישט „ראַבי".

י ר י ח ו איז ביי מיר אַ לעגיטימער גראַם מיט מ ש י ח א , מחמת „יריחו" רייד איך אויף יידיש אַרויס: יעריחע, „משיחא" איז (פאָנעטיש) מעשיחע, און אַזוי כסדר. בלויז ביי ווערטער ווי, למשל, ה ב ל ה ב ל י ם , וואָס דאָס פאָלק האָט עס אַרויסגערעדט ה ע ו ו ע ל האַוואָלים, האָט דער העברייער אין מיר נישט געקאָנט ביי זיך פועל'ן, צו מאַכן דערפון א ו י ס „האַוועיל' האַוואָלים".

אָבער אין מלאך דומה, אַ שטייגער, ווערט דומה אַרויסגע־רעדט: דוימע (ווי ס׳פֿאָלק האָט געזאָגט) און איז אַ גראַם מיט, זאָגן מיר, יתומה.

ניו יאָרק לייענט זיך תמיד מיט׳ן אַקצענט אויף יאָרק. אָקאָרשט (קיינמאָל נישט: אָ׳קערשט) — מיט׳ן אַקצענט אויפֿ׳ן צווייטן טראַף. קיינמאָל — אַקצענט תמיד אויפֿ׳ן „קיין״. אַז איך האַלט שוין ביי לייען־באַמערקונגען, טאָ לאָמיך אַ פֿאַרצייכן־טאָן, אַז אין „מטטרון״ איז ווערער אַ קעגן־באַגריף צו זייער, וואָס דאַרף זיך לייענען: זאַיער (מלשון: זיין); אין ליד: צו זוכן ס׳קינד — דאַרף מען לייענען: און פלעכט צוזאַמען צאַיל מיט צאַיל; אין ליד: צו גאָט געהערט די נאַכט — דאַרף מען אין דער ערשטער שורה לייענען: גיי, צייכן אויף, דו וועיסער (מלשון: וויסן); אין ליד „שלאָף״ (וואָס געפינט זיך, פונקט ווי די ערשט־דערמאָנטע לידער, אין איצטיקן באַנד): צווישן פּראָזער און ראַי־מער. אגב, אין „האַוואַנער עלעגיע״ (אָפּטיילונג: אין גלות קובאַ) ווערט רײם (דאָרט לייענט זיך עס דווקא: רעים, נישט: ראַים) געגראַמט מיט: הײם (העים). מע קאָן דאָך נישט אייביק זיין אויסגעהאַלטן...

* * *

צום „ליד מכוח אַ קוריאָז״, וואָס געפינט זיך אין איצטיקן באַנד, אין אָפּטייל: געמישטע בלעטער — זע אין באַנד איינס, ז. 191, דאָס ליד, וואָס הייבט זיך אָן: איידער די ערד־קויל נעמט ווידער ברענען.

אין באַנד איינס, ז. 326, אין ליד: קאַרמענסיטאַ, איז „פֿאַר־צייטישע כל נדרי׳ס״ באַזירט אויף דער אַלגעמיין פֿאַרשפּרייטער, הגם וויסנשאַפֿטלעך נישט באַשטעטיקטער סברא, אַז דער כל־נדרי־ניגון שטאַמט פון די אנוסים־צייטן אין שפּאַניע.

די דיקציע פון לידער ווי: פּאַראַן אַ פּאַרלאַמענט האָט צו טאָן מיט בכיוון׳דיקער פּאַרפּראָזאַאישונג און פאַרערדישונג פון קאָסמישע ענינים (דער עפעקט פון קאָנטראַסט).

דאָסזעלבע בנוגע דער ,טרוקענער״, קוואַזי־כראָניקאַלער דיקציע פון אַזעלכע לידער ווי די ביבליאָטעק, וכדומה.

ענלעך דערצו דאַרפן באַנומען ווערן די סאַרקאַסטישע צייטונג־מעסיקע פּראָזאַאיזמען אין: אַ ליד אין צייטונג־שפּראַך (באַנד איינס). ס׳האָט זיך טועה געווען דער, וואָס האָט געמיינט, אַז ס׳האָט זיך מיר (אין דעם פאַל!) פאַרגלוסט „אַ שטיף צו טאָן״(?).

אַ טייל האָבן נישט פאַרשטאַנען די „פלאַמיקע אָרבן״ צום סוף פון ליד: שטימען טראַנסרעאַלע (באַנד איינס, ז. 108). טייטש איך: אָרבן איז לשון־רבים פון אָרב (Orb; orbs)

ס'איז דורכאויס באַרעכטיקט אויף יידיש; דאָס וואָרט, וואָס שטאַמט פון לאַטיין, איז אַריין אין פאַרשיידענע שפּראַכן (דערפון אויך: אָרביט) און איז דער טייטש: קרייז, ספּערע, אויך וועלט און הימל־קערפּער.

אַנדערע האָבן נישט פאַרשטאַנען (אין „חירם דער גאָט״, באַנד איינס, געבויט אויף דער אגדה) די ווערטער: און ה א ר ף ש פּ י ל ט ווייט־אַרום דער ברומיקער אוקינוס. אויף יידיש זאָגט מען: שפּילן פּיאַנע, שפּילן פידל. פאַרוואָס נישט שפּילן האַרף?

איינער — אַ קנאַפּער תלמיד־חכם — האָט נישט פאַרשטאַנען, ווי קומט ש ק ר צו ל ה ד ״ ם, און האָט מיר פאַררעכנט פאַר אַ חטא, הלמאי איך שרייב: „טויט איז נאָר שקר און להד״ם״. ל ה ד ״ ם איז, כידוע, ראשי־תיבות פון: לא היו דברים מעולם, און ווערט אויך באַנוצט אויף צו באַצייכענען שקר, אַ נעכטיקן טאָג, נישט־געשטויגן, נישט־געפלויגן... דערזעלבער האָט געהאַט צו מיר נאָך אַ טענה: אָט איז אויך א. צ. ג ר י נ ב ע ר ג אַ העברייאישער פּאָעט, פונדעסטוועגן גלויבט ע ר נ י ש ט, ווי א. צ., אין אַ לעבן נאָכ'ן טויט... וואָס פאַר אַ שייכות דער ענין האָט מיט ה ע ב ר ע־ א י ש — האָב איך נישט זוכה־געווען צו באַנעמען. וואָס מענטשן פאַלט אַלץ איין!

אַז פון סובסטאַנטיוון זאָלן אויפקומען ווערבן איז, כידוע, קיין נייס נישט. אויף יידיש זאָגט מען אפילו בדרך שפּאַס: זיינט דאָקטוי־רים (אָדער — וואָס און ווער איר ווילט!) האָבן זיך געדאָקטערט, איז נאָך אַזאַ דאָקטער נישט געווען. מוז עס דען בלייבן אין די ראַמען פון שפּאַס? איך שרייב: „אַ דור אַזאַ האָט נישט געדורט (לייען: געדאָרט). / אונז ביידן זאָגט דער מערדער: מאָרד!״ ענלעך אין אַנדערע לידער. ברייטערט עס אויס שפּראַך און ווערסיפיקאַציע. איינער וואָס איז נעבעך שטאַרק אַרויס פון די כלים קעגן מיר, האָט זיך היפּש צעיאַכמערט אויך קעגן דער דאָזיקער „עבירה״ מיינער — ר'האָט מיך געכאַפּט, האָט ער מיך.

אינעם ליד: אין דער פרי (באַנד ו, ז. 62) שטייט: און כ'האָב אויף אַ מינוט פאַרגעסן זיך אין גאָט. איך שייד פונאַנדער צווישן סתם פאַרגעסן עפּעס (אָדער אין עפּעס) — און פאַרגעסן זיך אין עפּעס. דאָס ערשט־דערמאָנטע „פאַרגעסן זיך״ איז נישט דער טייטש: פאַרגעסן גאָט, נאָר פאַרקערט: פאַרגעסן ז י ך (דעם איי־גענעם איך) אין גאָט, עפּעס, וואָס חסידים פאַרשטייען אונטער ביוטל־היש. אויף ענגליש וואָלט עס געווען: I lost myself in God. און אפשר דאַרף מען טאַקע — פון קלאָרקייט וועגן — גורס־זיין דאָרט: פאַרלוירן זיך אין גאָט, — פרגל. אין ליד: אַ ק אָ פּ, באַנד וו: און זיך פאַרגעסן / צוריק אין חלום פון די יאָרן (זיך פאַרגעסן ווי: פאַרלוירן, פאַרזונקען).

אין דער היסטאָרישער פֿאַנטאַזיע: דאָס יאָר 1942 (באַנד 1) זײַנען די רייד, וואָס איך לייג אַריין אין מויל פֿון דאָן יצחק אברבנאל באַרעכטיקט צוליב זײַנע קץ־חשבונות און דערוואַרטונג פֿון אַ גיכער גאולה.

אין דער פּאָעמע: אַ מענטש פּאַרנאַכט (צוערשט געדרוקט אין ליעסינ'ס „צוקונפט" האָט זיך באַקומען אַ פּלאָנטערניש אַרום אַן „אַריע פֿון באַראָן קימל", וואָס איצט, אַזויפֿיל יאָרן שפּעטער, האָב איך נישט געקאָנט דערגיין איר מקור. כּדי אויסצומיידן אַ קענטיקן טעות, האָב איך דאָס פּראָבלעם פּאַרענטפֿערט דורך אַ קליינער „אָפּעראַציע": כ'האָב דעם חשוב'ן באַראָן אַרויסגעבעטן.

נאָך אַ וואָרט: ס'זײַנען אויסגעבליבן לידער, וואָס כ'האָב זיי נישט געקאָנט געפֿינען אָדער נישט באַוויזן זיי איבערצושאַפֿן ווי כ'האָב געוואָלט. כ'וועל נאָך אפֿשר באַווייזן זיי אַמאָל צו געבן אַ תּיקון אין אַ צוגאָב־באַנד. די צרה: פּאַראַן אַ סך פּלענער, נאָר דער טאָג איז קורץ — און ווערט אַלץ קלענער.

מיאַמי, 1970.

## תיקון-טעות'ן צו באַנד איינס

נישט געקוקט אויף אַלע באַמיאונגען איז געווען לאַ־ימלט, אַז אין אַזאַ כמות'דיק־גרויסן בוך ווי באַנד איינס זאָלן זיך נישט אַריינכאַפּן קיין דרוק־פּעלערס. די וויכטיקסטע פון די באַמערקטע פּעלערס ווערן דאָ פאַרריכט. דער לייענער ווערט געבעטן אויסצו־בעסערן זיי אין זיין עקזעמפּלאַר.

ז. 27 — אַנשטאַט: דאָס איך געבער, דאַרף זיין: וואָס איך געבער.
ז. 28 — אנשטאט: און אויג מוז זיין, לייען: אַן אויג מוז זיין.
ז. 35 — געדרוקט: סעקונדאַט; ס'פעלט די צווייטע נון: סעקונדאַנט.
ז. 37 — פאַרבריקן; ערשטע ריש איבעריק — לייען: פאַבריקן.
ז. 55 — אנשטאט: האַרט אין, לייען: האַרט איז.
ז. 57 — נישט: אַ כתונת־פנימ'ל, נאָר: אַ כתונת־פסימ'ל (מיט אַ סמך).
ז. 58 — אנשטאט: הער אויך, דאַרף זיין: הער אויף.
ז. 80 — נישט: ביזט דו האָסט, נאָר: ביז דו האָסט.
ז. 84 — מיט זיי (נישט מיט זיין) צו ברעכן דינים.
ז. 145 — אויבן, נישט: פלאַקעט, נאָר' פלאַקערט.
ז. 147 — אנשטאט: אָנגעטאָן איז רויט, לייען: אָנגעטאָן אין רויט.
ז. 187 — געדרוקט: און הייסע נאַטאַליע, דאַרף זיין: און הייסט נאַטאַליע.
ז. 200 — אנשטאט: גאָט'ס טענער און טומאה, דאַרף זיין: גאָט'ס טענער — אין טומאה.
ז. 267 — ערשטע שורה, דאַרף זיין: אין געסט.
ז. 274 — נישט: רבוא ושוב, נאָר רצוא ושוב.
ז. 315 — שורה 5, לייען: טאָ (נישט' טאָג) גיי מיט מיר.
ז. 321 — דאַרף זיין: וועט מען גיין (נישט: גייט) אַלץ אַרויפער.
ז. 394 — טיטל פון ליד: פון קבר אַרויס קרעכצט (נישט: קרעכט) די משומדת.
ז. 444 — אנשטאט: זינט די שירה, דאַרף זיין: זינגט זי שירה.
ז. 445 —אנשטאט: פריידיך, דאַרף זיין פריידיק (מיט אַ קוף).
ז. 446 — נישט: ווען ס'הערטן, נאָר: ווען ס'הערשן (מיט אַ שין).

אַ באַמערקונג: צווישן שורות, וואָס דאַרפן גיין איינע נאָך דער צווייטער, קומט צייטנווייז אַן אומגויטיקער איבעררייס, אַ ליידיקע שורה. למשל: אין „שטאָם" (באַנד איינס, ז. 215) טאָר נישט זיין קיין איבעררייס צווישן די שורות 7 און 8, פון אונטן; דאָסגלייכן (ערטערווייז) אין „יוסף דילה רינה", וכדומה.

* * *

אין: „פוילן, אָדער: די זעאונג פון אברהם פראָכאָווניק" (ז. 141) — דאַרף אומעטום זיין קרושוויץ (צוויי וואָוו'ן נאָך דער שין), אַנשטאָט: קרושניץ.

# אינהאַלט

## ערשטער אָפּטייל

## נאָך פֿונעם חורבן

## צווייטער אָפּטייל

## יאַנוש קאָרטשאַק'ס לעצטער גאַנג



## באַגלייט-לידער צו „קאָרטשאַק'ס לעצטן גאַנג"



## דריטער אָפּטייל

## מטטרון

## פערטער אָפּטייל

# זיבן היכלות פון אָטעם און אַנדערע לידער

## פינפטער אָפּטייל
## פון די אַראָפּן צו די אַרויפן
### (אין דריי סוב־אָפּטיילן)
### סתירה און פֿאַרבינד (אנשטאט אַ הקדמה צום אָפּטייל)
### סוב-אָפּטייל איינס: זיבן טאָלן פון טרויער

## סוב-אָפּטייל צוויי

## אַנונג, דורכרייס און די פּאָעמע: אַ מענטש פאַרנאַכט

## דריטער סוב-אַפּטייל

## בלומען פון גנאָד און די פּאָעמע: טיף איז דער טאָג

## זעקסטער אָפּטייל

## אין גלות־קובאַ

## זיבעטער אָפּטייל

## פיגורן



## אַכטער אָפּטייל

## לאַנד ישראל

### (נאָך ארץ־ישראל־לידער און „ציון הלא תשאלי״ פון יהודה הלוי)



## נײַנטער אָפּטייל

## אדם־חוה

צענטער אָפּטייל

## פון טויט צום אומפאַרגאַנג

### א) טויט־לידער; ב) איבערגאַנג־לידער; ג) אומפאַרגאַנג־לידער

א

טויט־לידער

## ב

## איבערגאַנג־לידער



## ג

## אומפֿאַרגאַנג־לידער

עלפטער אָפּטייל

## פּאַרמישטע בלעטער

### און די פּאָעמע: מדרש אהרן אויף קהלת

### (לידער פון פאַרשיידענעם אינהאַלט, אין פאַרשיידענע צייטן געשריבן, מיט'ן צוגאָב פון אַ סך־הכל־פּאָעמע)

# ערשטער אָפּטייל

## נאָך פונ׳עם חורבן

### איפה היית?

#### איפה היית ביסדי ארץ (איוב)

פון שטורעם האָט ער איוב׳ן געפרעגט: וואו ביסטו
געווען בשעת איך האָב געשאַפן דעם לויתן,
געהייסן יונגע שטערן־כאָרן זינגען,
געעפנט וועלטן, אָפּגרונטן פאַרשלאָסן?
גאָרנישט ווייסטו. קאָנסט אויף מיר נישט קריגן!

און איוב האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט און האָט געשוויגן.

נאָר איצט שווייגט גאָט. עס קריגט אויף אים אַ ייד:
„איפה היית? וואו ביזטו געווען בשעת
דער דייטש האָט מיך געוואָרפן אין די קאַמערן פון גאַז,
אין זיינע אויוונס מיך געברענט,
פאַרוואַנדלט מיך אין זייף
צו וואַשן זיינע קינ׳דיקע הענט,
דאָס מענטשן־מין געמאַכט אויף אייביק טרייף,
דיין גאַנץ באַשאַף פאַר׳עיפוש׳ט ווי אַ בית־הכסא?"

גאָט שוויגט. עס קריגט אויף אים אַ ייד:
איפה היית?...

### אין בערגן-בעלזן שטייט אַ ייד

געווידמעט פריינד יוסף ראָזענזאַפט

אין בערגן־בעלזן
שטייט ביי אַ ריזיקן באַרג מיט ביינער,
וואָס זיינען אַמאָל געווען יידן, — איינער,
אַ לעבן־געבליבענער סקעלעט.

אויף דעם ריזיקן באַרג מיט ביינער,
וואָס זיינען אַמאָל געווען יידן,
קוקט ער און רעדט:

„כ׳זאָל אין דיר כופר זיין, האַר פון דער וועלט,
ווי דו האָסט — צווישן אונז גערעדט — פאַרדינט,
מיט וואָס וואָלט איך בעסער געווען פון דעם גוי,
וואָס האָט היטלער׳ן געדינט?
מיט וואָס וואָלט איך בעסער געווען פון דעם גוי?

„אלא איך זאָל יאָ אין דיר גלויבן —
נאָך אָט דעם באַרג מיט ביינער?
איז אדרבא, גאָט מיין איינער,
קאָנסט מיר אפשר זאָגן: ו ו י  אַ ז ו י?...

ווי זאָל איך נ י ש ט גלויבן, ווי זאָל איך י אָ גלויבן,
אַז דו און איך
זיינען מיר ביידע אָך־און־אוי?..."

## מיין וועלט גיט מיר אָפּ

און אַז מע וועט מיך שטעלן פאַר דער אייבערשטער פמליא,
וועט מען מיר מוזן ענטפערן אויף קשיות,
וואָס וועלן פלייצן פון מיין האַרץ אַ כוואַליע נאָך אַ כוואַליע.

מע וועט מיר מוזן ענטפערן, אַ שטייגער, צי די שכינה
מיינט, אַז פאַר אַ קינד, געשליידערט אין אַן אויוון,
איז שוין באַצאָלט ווען יידן קריגן אַ מדינה?

אַ מדינה? יאָ, פון אונזער בלוט
איז זי אויפגעגאַנגען, ווען דאָס פאָלק
האָט צעבראָכן זיינע קייטן
(און וויפל בלוט מיר וועלן מוזן נאָך פאַרגיסן —
ווער קאָן וויסן?), —
נאָר — ו ו י  קומט איינס צום צווייטן?
און אַז הונדערט אייגענע מדינות — טאָ איז וואָס?
איז ד אָ ס דער ענטפער, דער פאַרגעלט?

וואָס־זשע ווילסטו? — וועט מען פרעגן. וואָס איך וויל?
איך וויל צוריק מיין וועלט.
איך וויל, אַז וואָס געשען זאָל האָבן נישט געשען,
אַז וואָס געוועזן זאָל האָבן נישט געוועזן —
איך דאַרף צוריק מיין גוטס און האָב —
גיט מיר אָפּ אַ וועלט,
אַ וועלט גיט מיר אָפּ!

## נאַ'לעווקעס

עס האָט אַמאָל זשאַק ל ע ו ו י מיר דערציילט:

איך בין געגאַנגען מיט מאָאיסיי'ן דעם אַקטיאָר,
דעם באַרימטן גוי, איבער די נאַלעווקעס. די גאַס

האָט געזאָגט, האָט מיט הענט מיט יידישע געברענט,
אָנגעכאַפּט דעם הימל ביי די פּאָלעס,
אַרויס עקסטאַטיש פון די כלים,
געפלאַטערט אַ צעפלאַקערטע איבער אַ וועלט
פון פויל־פלעגמאַטישע ערלים — —

און ס'האָט זיך אָפּגעשטעלט מאַאיסי דער אַקטיאָר.
געגאַפּט, געוואונדערט זיך, דערנאָך
זיך אָנגערופן: „ס'אַראַ דראַמע!
וויפל גייסט עס שטורעמט דאָ אַרויס
פון יידישער זשעסטיקולירונג! ס'אַראַ הענט!
אַזוי מאַניפּולירן אויף דער בינע מיט די הענט
וואָלט איך, מאַאיסי, נישט געקענט.
וויפל אויסדרוק אין די פליענדיקע הענט,
די גליענדיקע הענט!
מע קאָן דאָך מיינען: ס'איז אַ גאַס.
ניין, ס'איז דער וואוין פון אויסערוועלטישן עקסטאַז".

זשאַק לעווי דער אַקטיאָר, וואָס האָט געשטאַמט פון חסידים,
(און צו זיך געצויגן האָט דער ייד אים,

דער נ י ש ט ־ גלוח'דיקער ייד), האָט מעשה ייד מיט הענט עס
מיר דערציילט. פאַרלענדט איז
מיין פריינד זשאַק לעווי און פאַרלענדט
די נאַלעווקעס די יידישע, פאַרלענדט די הענט,
נאָר זאָלן דורות וויסן:
געווען אַמאָל אַ פאָלק אַזאַ אין פוילן,
וואָס אויך זיין האַנדל איז געווען עקסטאַז.
געווען אַמאָל אַ נאַלעווקעס, וואו ס'פלעגן פליען הענט פון יידן.
געווען אַמאָל אין וואַרשע
אַזאַ גאַס.

## אַמאָל אין וואַרשע

מיט העפטלעך לידער אָדער סקיצן
פלעגן זיי אַראָפּקומען קיין וואַרשע —
פאַר'חלומ'ט, אָפּגעכוימלט, בלאַס.
הונגעריקע פלעגן זיי דאָרט זיצן
אין קראַשינסקי'ס גאָרטן, — אַ באַזונדער קלאַס

באַמערקונג: מאַאיסי — אַקצענטיר די צווייטע זילב (אי).

פון לייט מיט ליטעראַרישע קראַוואַטן,
מיט לאַנגע האָר, און אויגן — פרום און לעכציק.
זיי פלעגן מעלדן זיך צו פרצ׳ן, אַרויפגיין צו מיין טאַטן
אויף שליסקע זעכציק,
און אַזאַ ערנסט האָט אַראָפּגעקוקט פון זייערע געזיכטער.
איר שטילע חלומ׳ער, איר זייט געווען מער דיכטער ווי די
דיכטער,
כאָטש איר האָט שרייבן נישט געקענט.

די טיר האָט זיך אַמאָל אויף שליסקע זעכציק
געעפנט און אַ בחור׳ל איז שטיין געבליבן אין דער טיר,
ווי צום דוכנ׳ען אַ הויב געטאָן די הענט,
און אַ פאַרסאַפּעטער, אַ רגע פאַר חלשות,
אַרויסגעפּראַלט: פּרילוצקי
האָט געזאָגט, אַז כ׳האָ׳ טאַלענט.

## יידישע הייף

וואַרשעווער יידישע הייף
האָבן ערב־פּסח געהערט:
טראָגטס אַראָפּ, טראָגטס אַראָפּ
לעפל, טעפל, שיסל, גאָפּל —
אַלץ ווערט גע׳כשר׳ט,
אַלץ ווערט גע׳כשר׳ט!

וואַרשעווער יידישע הייף
האָבן שפּעטער מיט יאָרן געהערט:
׳ראַוס! יודן, ׳ראַוס!
געשווידערט האָבן ווענט.
אַלץ ווערט געקוילעט,
אַלץ ווערט פאַרברענט.

איז געוואָרן
אַש — רויך — זייף —

נישטאָ מער די יידישע הייף.

## נאָכ׳ן געטאָ-אויפשטאַנד

אין געטאָ ברילן דייטשע טאַנקען.
הימלען בלאַנקען.
אַעראָפּלאַנען זשומען.

פון העלע הויכן גיבן זיי אַ טאַנץ
אַרונטער, וואַרפן באָמבעס
מיט גרינגשאַפט און מיט עלעגאַנץ
ווי מע וואַרפט אַרונטער בלומען.

ס'געטאָ ברענט. אַ שיינער טאָג. נישטאָ קיין ווינט.
זיינען הייזער פוילישע באַוואָרנט.

אויס באָמבעס. שטיל געוואָרן. דרויסן פאַר'ן געטאָ —
ס'וואַרשעווער גאַיעס. אויסגעפוצטע שיקסעס
שטופן זיך, געלעכטערדיקע, פאָרנט.

אין געטאָ האָבן יענעם טאָג
געברענט די לעצטע יידן.
שוואַרצע רויכן האָבן זיך געגאָרנט.

גאָט האָט אָפּגעקערט דאָס פּנים. אויף די גויים
האָט קיינער נישט געצאָרנט.

## אָפּגענאַרטע אויגן

(פון אַ געוועזענער וואַרשע)

געוועזן זיינען מיר שול־חברים, איך און עליע.
זיין טאַטע —
אַ הויכער, שטרענגער ייד אין שטיוול —
אַ ראַדזינער חסיד. זייער שטוב —
אַן אָרעמער רשות־הרבים'דיקער המשך
פון דער גאַס דער פראַנציסקאַנער, אַן אכסניא
פאַר אָנגעפּאָרענע פון דער פּראָווינץ.
דאָ, אין אָט דער שטוב, האָט פראַניע, עליע'ס שוועסטער,
גע'חלומ'ט פון אַ פּרינץ.
ביני לביני
האָט זי שפּאַצירט מיט קאַגאַנאָווסקי'ן.

סיי פראַניע און סיי עליע
האָבן אויסגעלאַכט זיך פון דעם טאַטנ'ס זאַבאָבאָנעס.
ס'איז פראַניע'ס גאָט געווען דער פּרינץ. און עליע?
איינמאָל אַ פּאַרנאַכט, ביים ברעג פון ווייסל,
ביים ליכט פון ערשטע שטערן,
האָט ער מיך געבעטן, כ'זאָל אים זאָגן:
וואָס איז גאָט?
געוואָלט, איך זאָל דאָס על־פּי וויסנשאַפט דערקלערן.

פראַניע האָט למזל חתונה געהאַט
מיט אַ פאַבריקאַנט. ס'האָט נישט געפעלט דאָס ביסל מינץ.
די ליפּן אירע האָבן פעט געגלאַנצט,
נאָר די אָפּגענאַרטע אויגן
האָבן אַלץ אַרומגעזוכט דעם פּרינץ.
זי איז געווען צעגאָסן
און צעיוירן.
ס'האָט איר פאַרדראָסן,
הלמאי זי האָט דעם פאַבריקאַנט
אַ קינד געבוירן.

און עליע'ן האָב איך יאָרן נישט געזען.
איינמאָל שטעלט מיך איינער אָפּ אויף מאַרשאַלקאָווסקע.
עליע! כ'לעבן, גאָרנישט צו דערקענען.
פרי־פאַרגרויטע שלייפן, אָפּגענאַרטע אויגן
ווי ביי דער שוועסטער.
ס'איז זיין גאָט געהאַט געוואָרן לענין.
געוואַלגערט זיך אין טורמעס. האָט דאָרט צייט געהאַט צו
טראַכטן.
צום סוף באַשלאָסן: ס'איז אויך דאָס אַ פאַלשער גאָט.
זיי מעגן — זאָגט ער — אַלע אויף איין פייער ברענען.
כ'דערמאָן מיך אין זיין פראַגע: וואָס איז גאָט?
און כ'זע אין זיינע אָפּגענאַרטע אויגן
אַרומשווימען אַ פרעג אַן אַנדערן, אַ נייעם.

**געפרעגט האָבן די אויגן: וואָס איז מענטש?**

## אוי

ער האָט אַ גוט אויסזען געהאַט.
איז ער אַרויס אויף דער אַרישער זייט,
געוואָרן אַ פוילישער דזשיאַד.

ביים קלויסטער שטייט דער לאַנגוואָנסיקער דזשיאַד.
שטייט און לייגט קאָפּ צו:
די אויגן די יידישע
האַלט ער אַראָפּצו;
ציט אויס צום בעטל די האַנט —
און פרעפלט מיט פרומער כוונה:
ניעך בענדזשיע יעזוס
קריסטוס פּאָכוואַלאָני — —

איינמאָל גייט אים פון זינען אַרויס,
אַז ער איז אַ גוי,
און אַנשטאָט דעם פּרעפּל רייסט זיך אַרויס
פון אים אַ יידישער אוי.
דערהערט דאָס אַ גויע אַ פרומע,
דערציילט זי די דייטשן: אַזוי און אַזוי.

האָבן די דייטשן דערשאָסן דעם דזשיאַד.
נאָר דער אוי איז אַוועק: לאַנג געווען נע־ונד,
ביז אַריין אין מיין ליד
וועגן דעם ייד,
וואָס האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ פוילישן דזשיאַד.

## אַן אַסטראַל, וואָס איז געווען ביאַליק

אַ פאַרגאַזטע לבנה.
איר טויטער שטראַל
פאַלט אויף אַן אַסטראַל,
וואָס בלאָנקעט צווישן שטיינער.

זעט דער אַסטראַל:
עס וואַלגערט זיך אַ בלאַט
אַן איין־אַליינער.

אַ בלאַט, אַ בלעטל
פון „בעיר ההרגה״
הויבט אויף דער אַסטראַל.

איצט זעט ער נישט אפילו
די שוואַרצע שכינה,
וואָס ער האָט אין קישיניעוו
געזען אין אַ שטאַל.

ער זעצט זיך אויף אַ שטיין,
גאַפט שטילער ווי שטיל.
ס׳איז נישט צו פאַרשטיין.
אַ לייב׳ס אַ בריל
איז געווען זיין לשון.
נאָך וואָס? נאָך ווען?
ס׳איז גאָרנישט נישטאָ שוין.

## מיין אַדרעס

איך וואוין ביי יענעם, אויף דער עלפטער גאַס.
נאָר דאָס איז נ י ש ט מיין אמת'ער אַדרעס.
איך וואוין צווישן קאָשמאַר און משוגעת.

דער קורצער ווינטערטאָג פאַרשווינדט.
מיין צימער פינצטערט. מענטש, נישט צינד
עלעקטרע אָן — פאַרגעס
אין ליכט! אין פינצטערנישן ווייטע
זיינען זיי אַוועק, דיין ווייב, דיין קינד,
דיין דור, דיין שטאַם.

די טיר דיינע פאַרהאַק
און דאָ, אין צימער דיינעם אין מאַנהעטן, אויף דער עלפטער
גאַס,
פאַרקריך ווי אין אַ זאַק
אין דיין וואוין צווישן קאָשמאַר און משוגעת.

## אַ ייד צו באָדלער'ן

כ'האָב געשמעקט צו די פאַרפומען פון דיינע בלומען פון
שלעכטס,
ביז פיינט האָב איך באַקומען דיינע בלומען פון שלעכטס,
און קלאָר האָב איך באַנומען: כ'דאַרף בלומען פון גנאָד,
דיין ספּלין וויל דעם טייוול — מיין טרויער זוכט גאָט.

וואָס זיינען זיי געווען, יענע בלומען פון שלעכטס,
דיינע און אייראָפּעס? ריזן־דערנער שלעכטס,
וואָס שטעכן און צעשטעכן מיט הערנער פון שלעכטס.

צום טייוול דיינעם שיק איך דיך, דיך מיט דיין ספּלין,
מיט די האָר די משוגענע, די געפאַרבטע אויף גרין,
מיט דיין סיפיליטישער קונסט, מיט דעם גלאַנץ,
דעם פינצטערן גלאַנץ פון דיין דעקאַדאַנץ.
פון ווען אָן קערן בלומען זיך אָן מיט שלעכטס?
פון ווען אָן איז קין עפּעס רעכטס?
דו און דיינס גלייכן, די קינסטלער פון שלעכטס,
די דע־סאַדס און די אַנדערע שקלאַפן פון שלעכטס,
איז דען נישט אַרויס פון אייער געלעכץ

צו דער מיסטיק פון שלעכטס
דעם נאַצי'ס יידן־פלייש־געקעכץ ?...

## אַ פאָטאָגראַפיע: וואַרשע, 1909

די טעג האָט גריסן מיך געלאָזט
וואַרשע פון ניינצן הונדערט ניין.
ס'איז מיר אין האַנט אַריין געקומען
מיינס אַ פאָטאָגראַפיע
פון יענעם יאָר:
אַן עפּיטאַפיע
אויף אַ יונגער וואָר,
וואָס איז געוואָרן אַלטע פאַנטאַזיע.

וואַרשע פון ניינצן הונדערט ניין
האָט זיך מיר געוויזן מיט איר שטוב און מיט איר גאַס,
און כ'האָב דערהערט אפילו
ווי חסיד'יש קינדערוואַרג פון שליסקע זעכציק
איז מקבל־פנים אוניסאָנאָ
מיך, אַ גימנאַזיסטל פון דעם ערשטן קלאַס:
ליוטוואָק־חאַזאָ',
טשו־טשו־טשו,

לאַיג דאָך אין דר'ערד אַראַ',
ליו־ליו־ליו!

ס'האָט זיך מיר דערמאָנט
דער פאַרוואַלטער פון דעם הויף אויף שליסקע,
אַ שטיבל־בחור אַ געוועזענער פון פראַגע,
וואָס האָט געשניטן זיך צו זיין אַ ליטעראַט,
נאָר ס'איז אפנים יענער חשק נישט געווען ביי אים צו שטאַרק.
איז ער געוואָרן ליבערשט
די רעכטע האַנט פון משה קצב,
דעם הויזווירט מיט'ן רויטן קאַרק.

און ס'האָט זיך מיר דערמאָנט די פעלערינע
פון יצחק לייבוש פרץ,
אַ פעלערינע אַ צעפּאָכטע, אַ צעקאָכטע.
און ס'האָט זיך מיר דערמאָנט
אַ שטובן־מאָלער מיט'ן נאָמען יואל מאַסטבוים,

וואָס האָט אויסגעזונגען שטיקער מאָצאַרט, שטיקער
וואַגנער,
און די חברים זיינע, די מוליאַ'רעס,
האָבן אים גערופן : ליטעראַטניק ;
און ס'האָט זיך מיר דערמאָנט אַ ליטוואַקל פון שקודי,
דער נידעריקער, דאַריטשקער ישראל שאַף,
וואָס האָט שטאָט נאָזטיכלעך גענוצט פּאַפּיר
פון קאָרעקטורן,
שאַף מיט די געדיכטע, די אַרונטערהענגענדיקע וואָנצעס,
וואָס געהאַט האָט ער דעם אָנבליק פון אברהם מאַפּו
און פאַרליבט איז ער געווען
אין די העבּרייאיש־ריידערינס, די יונגע לאַכערינס,
די שוועסטערס פּישל לאַכאָווער'ס.
און אין לאַכאָווער'ן גופא האָב איך מיך דערמאָנט,
אונזער וייכן, בלייכן און פאַרקלערטן שכן,
וואָס האָט אַרויסגעגעבן יענע גרינע,
יונגיטשקע און דינע
העפטלעך פון „רשפים" ;
און נאָך אַ טויזנט זאַכן האָבן זיך דערמאָנט,
נאָר איבער אַלע טויזנט זאַכן
האָט פלוצים אויפגעבליצט טערעזע ראָזנבוים,
וואָס געשטאַמט האָט זי פון לאָמזשע,
געקומען איז־זי פון בערלין,
געווען אין איבסען און אין מעטערלינק באַהאַוונט
און געטע'ן האָט זי נישט געלייענט, נאָר געדאַוונט.
זי האָט אימער דויטש געשפּראָכן, די טערעזע,
און פול איז זי געווען פון קאָפּ ביז פיס
מיט ענטוזיאַזם. אָ די וועלט, די וועלט,
די גרויסע, גרויסע וועלט !
זי האָט מיט יעדן איינעם
ציוויליזאַציע הייס געקנעלט.
טערעזע טייערע, וואָס האָסטו דען געוואוסט
פון וועלט ?
וואָס האָבן אַלע מיר געוואוסט
פון וועלט ?
און וואָס האָט אונדזער איינער וויסן דאַן געקאָנט
פון אַ נאַציש, אין בלוט געשווענקטן שוויין,
דעמאָלט,
אין ניינצן הונדערט ניין ?

## אַלפרעד נאָסיג

און ער האָט זיך געוואַלגערט פאַר זיי אין שטויב
און געקליאַנטשעט לעבן, דער אַלטער פאַררעטער,
דער עקס־מנהיג און דער קינסטלער דער געוועזענער,
וואָס האָט
קאָקעטירט אַ גאַנץ לעבן מיט כל׳ערליי געטער,
ביז ס׳האָט אים ווי אַ וואָרעם געכאַפּט אין איר לאַפּע
די געסטאַפּאָ.

און געטראַכט האָט ער אפשר אין דער לעצטער מינוט:
יאָ, פאַראַן אַ גאָט אַן איינציקער, אַ גאָט וואָס צאָלט,
אַ גערעכטיקער נוקם־ונוטר — — —

און פון יידישע הענט האָט ער זוכה געווען,
דער מיאוס׳ער נאָסיג, צו פאַלן אַ טויטער.

## און קומט ער אַמאָל...

און קומט ער אַמאָל,
דער כוואַטסקער יונגערמאַן,
און פון אונזער חורבן
שרייבט ער דעם ראָמאַן
איבער ראָמאַנען,
זאָג איך אים אַצינד
און זאָג אים פונדאַנען:
מעגסט קריגן דעם נאָבל־פּרייז
צי דעם פּרייז אפילו
פון אַליין דעם בורא, —
וועט בלייבן, במחילה,
אַ טרייפענע סחורה
דיין גאַנץ געשריפטס,
אויב דו לאָזסט נישט הערן
אַ געשריי אַזאַ,
וואָס אַלע געשרייען
פון ערדישע ווייען
זיינען קעגן אים
אַן אידילישער זיפץ.

## די שייכות מיט מיר

די קלעזמער שפּילן. צו הויך די שפּיל.
די שפּיל צו הויך און די געסט צו פיל.
און שטיל די כלה. זי איז אַזוי שטיל.

פון וואַנען קומט ער דאָ אַהער?
זי הערט אים, זעט אים. ס'איז ער! ס'איז ער!

ס'איז נישט איר חתן. ער קומט פון ווי ווייט,
פון אַן אַנדער וועלט, פון אַן אַנדער צייט,

נאָר ער איז אַמאָל אירער געווען און זי ווייס:
עס האָט זי נישט קיינער געליבט אַזוי הייס.

און הייס איז זיין וואָרט, כאָטש זיין ליפּ איז קאַלט:
„כ'האָב לאַנג, כ'האָב לאַנג געזוכט דיין געשטאַלט.

פאַרלאָז אָט דעם זאַל, אָט די וועלט, אָט די צייט,
און קום מיט מיר און זיי ביי מיין זייט."

ער רעדט צו איר שטיל, ער רעדט אַזוי שטיל,
און שטיל איז די כלה, און הויך די שפּיל.

ער רייסט זי אַוועק. די טיר איז צעפּראַלט.
געפּלעפּט די געסט. — — —
די מעשה איז אַלט.

באַנאַל דער מאָטיוו. נאָר אָט דער שיר
האָט אַ שייכות — מיט מיר, מיט מיר,
כאָטש אַנדערש דער סוף. איך זוך איר געשטאַלט,
כאָטש איך אַליין בין טויט שוין און קאַלט.

נאָר ווי אַלע טויטע לעב איך נאָך אַלץ,
און אַ לעבן לעב איך אַ פּינצטערס, אַ קאַלטס,
און צו איר געשטאַלט באַגער איך אַ גוואַלד,
און פאָרן וויל איך מיט איר צוריק
צו אַלטן טרויער און אַלטן גליק.

נאָר ווי זאָל איך קומען צו איר? דאָס לאַנד,
וואו זי געפינט זיך, איז מיר נישט־באַקאַנט,
און כ'ווייס נישט איר וועלט, און כ'קען נישט איר דור.

נאָר עפּעס קומט מיר כסדר פאָר,
אַז דאָרט, אין איר וועלט, אין איר לאַנד, אין איר צייט,
אין אַנדערע טעג און ביי אַנדערע לייט,
קומט פאָר איר חתונה ווייט, אַזוי ווייט,

און ס'איז גרעסער איר שיינקייט ווי ווען עס איז,
און דער חתן איז וואויל און זיין פנים איז זיס,
און קלעזמער שפילן, נאָר זי איז שטיל.
זי זעט נישט איר חתן, זי הערט נישט די שפיל,
און זי טראַכט פון אַ טויטן וואָס זוכט זי — פון מ י ר.

און דאָס, אָט־אָ דאָס, איז מיין שייכות צום שיר.

## נישט באַשערט איז מיר געווען...

נישט באַשערט איז מיר געווען, מיין וואַרשע,
צווישן דיינע געטאָ־ווענט צו זיצן
אַ געפאַנגענער מיט יידן.
מיט אַ נאָז אַן אויסגעלענגערטער ווי ביי אַ בר־מינן,
מיט אבל־אויגן איינגעגראָבענע,
האַלב מענטש און האַלב געשפענסט, — האָב איך
אַרומגעשלענדערט
אין ניו־יאָרק, פון זיך אַליין געלאָפן,
און, פון זיך אַנטלויפנדיק, געשריבן
מאמרים, גראַמען, ווייס איך וואָס. נאָר אפשר
איז אַהין, אין געטאָ, צייטנווייז געקומען
מיין אַסטראַל־איך און געבראַכט פון מיר אַ גרוס,
אַ בריף אַ נישט־געשריבענעם (נאָך פוירל האַרבאָר
האָט אויך דער זעלטענער רמזימ'דיקער בריף־פאַרקער מיט
וואַרשע
זיך אָפגעשטעלט אינגאַנצן). אויב מיין איך דער צווייטער
האָט אַוועקגעוואַנדערט דענסטמאָל דאָרט אַהין
(דער אַסטראַל־איך ווייס נישט פון מרחקים),
האָט אפשר אים דערזען מיין טאָליע שטיין,
מיין לייב דעם גייסטיקן, און אַ פאַרציטערטע
געפרעגט: ד ו ביזט עס, דו? אַבי איך האָב
געמיינט, אַז דו ביזט דאָרטן, אין אַמעריקע.

## אַן עקס־וואַרשעווער אויף מוגראַבי

אין תל־אביב, אויף מוגראַבי, אין האַרץ פון טאָגיקן
האַרמידער,
בין איך שטיין געבליבן — אַ פאַרהערטער
אין גערוישן לאַנג פאַרשניטענע פון נאָענט־ווייטע ערטער,
אין לעבעדיקער טומלעניש פון לאַנג־נישט־לעבעדיקע ברידער,

אין דעם גאַנצן קאָכיקן געשלידער
פון גענשע, נאַ׳לעווקעס און פראַנצישקאַנער.

רויש, מוגראַבי, רויש העכער, העכער! רויש אָנשטאָט
דער שטאָט דער יידישער, וואָס איז געווען אַמאָל מיין שטאָט.
אונזער פאַראַן־זיין, אונזער אויפשטיין פון די אַשן,
זאָל דורך דער מוזיק פון דיין האַרמידער
מאַכן אונז פאַראַנער, אַלץ פאַראַנער,
און דורך דיינע אַוואַנגאַרדישע גע׳רעש׳ן —
וועלטן איבערראַשן.

## ווי אַ געשריי

און ס׳טרעפט — אני הקטן
פיל: דער מענטש איז דער שטן
און ער נאָר אַליין איז דער מלאך־המות.

און מחוץ מענטש, און איבער דעם מענטש,
ווי דעם הימל׳ס געשריי,
זיינען געווען מיינע אבות —
בלויז זיי.

אויך איצט, נאָך דער שריפה פון שריפות
און פון ווייען דעם ווייאיקסטן ווי,
זיינען מיר דאָ נאָך און דויערן —
ווי אַ געשריי, ווי דעם הימל׳ס געשריי,
אין גוי׳אישע אויערן.

## אין סוכה

כ׳בין דענסטמאָל נאָך געווען אַ יינגל,
אַ ליטוואַקל אַ וואַרשעווער, און כ׳קאָן עס נישט פאַרגעסן.
אין אַ סוכה׳לע, וואָס האָט זיך אָנגעלענט
אָן דער דרויסן־וואַנט פון ליפע דעם מלמד׳ס דירה,
בין איך פאַרגאַפט געזעסן
אַ ייד אַ חסיד קעגנאיבער.

דער סוד פון דער יצירה
האָט סיני׳דיק און שכינה׳דיק געפלאַטערט
אויף זיין באָרד און פיאות
און אויף די אויגן — צוויי קמיעות.
געווען איז ער אינגאַנצן
אַ באַפּאַנצערטער מיט קדושה׳דיקע גלאַנצן.

און ווען איך בין פאַר׳אבל׳ט אין ניו־יאָרק געזעסן
אין יענע פינצטערסטע פון פינצטערע מעת־לעת׳ן
בעת מען האָט אויף יענער־זייט געשליידערט יידן אין די
אויוונס,
פלעגט אַפערשווימען צו מיר נישט איינמאָל דאָס געשטאַלט
פון יענעם ייד, וואָס איז, ווי ס׳גאַנצע פאָלק זיינס,
געווען נישט יונג, נישט אַלט,
נאָר אייביק.

## דער עיקר

שטיי איך אַזוי מן הצד,
קוק מיך צו, ווי מיין פאָטער, דער מענטש פון חב״ד,
זיצט פאַרטראַכט, האַלב פאַרמאַכט
די אויגן, און ניכר:
ער ש ו ו י מ ט ערגעץ ווייט.

פלוצלינג רעדט ער צו זיך ווי ד ע ר ש ו ו א ו מ ע ן:
דער עיקר —
דער עיקר איז נאָר, אַז משיח זאָל קומען.

דעם טעם פון די ווערטער
שפיר איך ביז איצט אויפ׳ן גומען:
דער עיקר איז נאָר, אַז משיח זאָל קומען.

ס׳האָט אין גלות פאַרטיליקט מיין אומה דער דייטש,
אין מזרח גייט־אויף דער גאולה׳ס אתחלתא,
נאָר ס׳ווייסן נישט יונגע דעם עיקר,
דאָס וואָס געוואוסט האָבן י ע נ ע, די אַלטע.
ווי לאַנג ס׳וועט משיח נישט קומען
און ברענגען דעם מענטש און דער שכינה
די גאולה שלמה,
מוז דאָס האַרץ אין מיר ווייטקדיק ברומען,
מוז מיין אמונה געמישט זיין מיט אימה.

## צו מיין פאָטער — קעגנאיבער

אַזאַ מיליאָנען־קאָליריקע יידישע גאַס
פון יענער זייט וועלט,
פון יענער זייט פייער און גאַז,
פון יענער זייט טויט:
אַזאַ גרויסער ברויזיקער עלמא־דקשוט!

אויף ד ע ר זייט — אַן אַנדער גאַס!
גאַס פון אומלעבעדיקע יידן,
גאַס פון בלע״ז, —
נאַכט איז זי און קלאַפּעריי פון טויטע ביינער.
וואָס העכער די ביינער הילכן,
אַלץ שווערער דאָס שטומע פאַרשטיינער.

פון דאַנען קוק איך אַריבער
אַהין, קגענאיבער,
צו דער כ נ ס ת:
וואו יעדער מת איז
צאַפּל און אָטעם.
קעגנאיבער, צווישן די יידישע שבטים,
זע איך דיך, טאַטע, אין טלית און תפילין,
אַרומגערינגלט פון חב״ד׳ער ניגונים.
ביסט מתקן תקונים.

קוק זיך אום. גיב אַ קוק אויף מיר, טאַטע.
וואָס זאָל איך טאָן מיט מיין אומלעבן?
ווער גיט אתערותא דלתתא?
כ׳בין געגאַנגען צו קדושה —
האָט זי געזאָגט: ביזט צו קראַנק.
צו ווייניק קראַנק, — האָט גע׳פסקנ׳ט שגעון.
זעלטמאָרד האָט געטאָן אויף מיר אַ צאַנק
מיט הייסע אויגן: איך טויט נישט קיין בר־מינן.

בלויז עצבות האָט זיך צוגעהערט צו מיר,
צוגעקערט צו מיר,
ווי זי וואָלט זיך דערבאַרעמען.

פאַר דיין זון זיי מתפלל
און פאַר אַלע די, וואָס זיינען געבליבן,
פאַר דער שארית,
וואָס קדושה האָט געטאָן זי מיידן,
שגעון — נישט געלייטזעליקט אירע ליידן,
זעלבסטמאָרד נישט געוואָלט פאַרשניידן.

הבט, — קוק פון קעגנאיבער — וראה!
בעט פאַר מיר און פאַר זיי,
אַז די אותיות א מ ו נ ה וואָס צינדן זיך ווי שטערן
אויף דער אויבערשטער חיה׳ס שטערן

נאַכט ביי נאַכט — אָט די אותיות זאָל צינדן
איבער זייער נאַכט און מיינער
די אייביקע האַנט!
טו תפילה, אַז די סויוועס פון שארית־ישראל
זאָלן ווערן בליצנדיקע בגדים,
אַז פון דעם אומלעבן פון שארית־ישראל
זאָל אַפּערגיין נייער אדם,
דער וואָס וועט אומוואַרפן די טויערן פון יריחו —
מלכא־משיחא.

ניו־יאָרק, אָקטאָבער, 1947

## ישראל שטערן

דרויסן איז שוין דאָ היפּש מער ווי די דריי שטערן,
נאָר ס'איז חושכ'דיק אין הויז. זאָל וואַרטן די הבדלה.
מיין פאָטער וויל פאַרלענגערן דעם שבת. שטיל פאַרברענגט
ער מיט ישראל שטערן.
אַזאַ מין שוואַרצקייט ווערט אין צימער — ס'איז אַן עולם מלא
פון שוואַרצקייט. פּלוצלינג גיט ער קורץ און האַסטיק אַ
געשריי,
ישראל שטערן. ס'גייט אין שוידער אויס דער שמועס.
וואָס איז געשען? ער שטאַמלט, שטערן: ז י י . . . געוועזן
דאָ ז י י . . .
— ווער, ווער?
— נו, זיי . . . די חברה . . . — ס'אַראַ חברה? וואו־איז
די חברה?
— וואו? פאַרבייגעלאָפן . . . נו, געלויבט השם,
נישטאָ שוין מער . . . געוואָלט אַ כאַפּ טאָן מיך, אַ נעם,—
ס'איז עפּעס אויף די חברה־לייט אַ קשיא?
ביי זיי איז דאָך נישטאָ קיין וואַשע־נאַשע . . .
אַ כאַפּ — און שוין!

אַריבער זיינען יאָרן. ס'איז אַ נאַכט אַן אַנדערע אין פּוילן.
נישט נאַכט פון גוטוואָך, נאָר פון טייוול־וואָך. מחבלים וואָרע
לכל הדעות, כאָטש אין מענטש־געשטאַלט. זיי פליען נישט
פאַרביי. זיי קוילן,

יריחו — לייען: יעריכע;
מלכא משיחא — לייען: מאַלקע מעשיחע;
סויוועס — תכריכים.

פאַרגאַזעווען, פאַרברענען. ס'איז די פולע און די גאָרע
נאַכט איבער דעם ייד אין פוילן. און ישראל שטערן ?
ווען ער איז, פון הונגער אַ געשוואָלענער, געלעגן
אין גסיסה־צאַנק אויף וואַרשע'ס חורבות — וואָלט איך
שווערן,
אַז ער האָט צונויפגעבונדן יענע, די פאַרביילויפער, מיט
די,
וואָס ווילן איינעמען די וועלט און בלייבן הי, דאָ הי.
און ס'גלויבט זיך מיר, אַז שטאַרבנדיק האָט ער געמורמלט :
,,זיי . . .
געבליבן דאָ . . . און גאָט ? דו גיי, דערגיי
וואָס אַזוינס ער קלערט זיך . . . קיינער שוין נישטאָ —
בלויז זיי . . . די קליפּות . . . זיי . . . "

## די מצבה

כ'וועל אייך דערציילן קורץ. ס'אַ מעשה מיט אַ סוועטער,
אַ פּראָסטער סוועטער. וואָס־זשע איז מיט אים דער מער ?
זי האָט דעם סוועטער מיר געהאַט אַריינגעשיקט פון פוילן
(ער ווישט אַ טרער).
וועל, די געשיכטע איז אַזאַ. פאַר דער מלחמה אַ האַלב יאָר
איז ס'ווייבל מיינס פאַרשוואונדן.
צוריקגעפאָרן צו די עלטערן קאַ' פוילן,
מיך געלאָזט אַליין מיט מיינע וואונדן.
איז אַוועק אַ צייט. האָט זי אַ סוועטער מיר געשיקט.
זי אַליין האָט אים געשטריקט
פאַר מיר צו טראָגן. אין אַ בריף האָט זי געשריבן :
כ'וויל צוריק.

,,צו וועמען, — האָב איך איר געענטפערט, — ווילסטו דאָס
צוריק ?
צו מיר ? פון מיר ביזטו אַנטלאָפן ! ווהאַט'ס דהי מעטער ?
ווילסט צו קאָלומבוס'ן ! שור, בעסער אין אַמעריקע צו זיין.
איז וואָס ? ווילסט מיך געניאַרן מיט אַ סוועטער ?
הער־זשע : כ'וועל נישט טראָגן אים. איך האָב געטאָן אַ נדר.
זאָל ער ליגן ווי אַ פגר. ס'פעלן נישט קיין סוועטערס
ביי קאָלומבוס'ן, ווי ס'פעלן נישט קיין שיינע קליידער,
יענע קליידער, וואָס דו האָסט גע'חלש'ט טראָגן,
און ס'איבעריקע — אַלץ, וואָס צוליב דעם ביסטו אַוועק
צוריק אין שטעטל דיינעם, אין דעם העק,

אַבי נישט זיין מיט מיר. וואָס ווייבער קאָנען !
ווען כ'בין געקומען אין דיין שטעטל פון ניו־יאָרק,
האָסטו געמיינט : איך בין אַ מיליאָנער —
וועסטו זיין אַ מיליאָנערשע און זיך באָדן אין מיליאָנען.
צום סוף — אַ פּראָסטער בעל־מלאכה ! האָסט די יאָרן מיר
פאַרשוואַרצט.
איז וואָס־זשע ? ווילסט צוריק — דאָס לעבן מיר פאַרשוואַרצן ?
אוי, דאָרע, דאָרע ! ווען דו ווייסט,
וואָס דו האָסט מיר אָפּגעטאָן מיט דיין אַנטלויפן,
ס'אַראַ גיהנום ס'איז ביי מיר אין האַרצן."

אַזוי האָב איך געשריבן. זיי אַ חכם
און ווייס, אַז איידער וואָס — וועט זי נישט זיין שוין,
נישט זי און נישט דאָס שטעטל, נישט די שטעטלעך
און נישט די שטעט. אויס יידן ! אַלץ אַוועק
אין די קאַלעכאויוונס. זיץ איך, טראַכט כסדר :
לאָמיך אַרויסנעמען דעם סוועטער און אים טראָגן צו איר
אָנדענק —
כ'האָב אין דר'ערד דעם נדר.

נאָר — איז נישט גלייכער עס צו לאָזן ליגן ?
כ'וועל דאָך עס אויסטראָגן — און כ'בלייב ביי גאָרנישט.
אַזוינס וועל איך אין ערגעץ שוין נישט קריגן.
זאָל דער סוועטער ליגן. כ'וועל אים טיף פאַררוקן
ערגעץ אין מיין אָרעם ביסל גאַרדעראָב,
און היטן, היטן ווי דאָס אויג אין קאָפּ.
בין איך גערעכט, רב פּעטער ?
כ'וועל נאָר פון צייט צו צייט אַרויסנעמען דעם סוועטער
און וועל קוקן.
כ'וועל קוקן אויף דעם סוועטער — איר מצבה.

## אויב אַ טרייסט איז פאַראַן

די איין־איינציקע טרייסט, אויב אַ טרייסט איז פאַראַן,
איז די כפירה אין טויט : איר זייט אַלע פאַראַן.
אין אַנדערע וועלטן טראָגט איר פרישע לבושים.
און דאָ אויף דער ערד —
אַזוי חלומ'ט זיך מיר — ווערט איר קינדער : איר ווערט
באַשאָנקען מיט ערדישע חושים,
און פון איינעם פון אייך וועט אַרויס ווען־עס־איז

יענער גואל, באַפרייער, באַנייער פון ברית,
וואָס וועט געבן דעם מענטש העל־געלייטערטן פורעם.
אַזוי חלומ׳ט זיך מיר אין אַ דור ווען ס׳פאַרשווינדט
אויך ביי גלויביקע ס׳גלויבן. אפילו אַצינד
וויל אַלץ נאָך גלויבן אין דיר דיין קינד,
גאָט פון נסים און גאָט פון יסורים!

ניו־יאָרק, 1944

## אַ בריוול

פאַרנאַכט האָט אין צימער ביי מיר זיך פאַרקליבן
אַ בלאַנקע לבנה פון מיטן אַפּריל
און האָט מיר אַ ליכטיקן בריף אין דער שטיל,
אין דעמער פון צימער, פּאַוואָליע געשריבן.

עס זיינען די שטראַלן געוואָרן צו אותיות
און האָבן אַרומגעשטעלט זיך אַרום מיר,
אַזוי ווי משפחה ביים בעט פון אַ גוסס,
און שטיל איז אמונה אַריין דורך דער טיר.

געלאָזט האָט ס׳לבנה׳קע בריוול מיך וויסן,
אַז ערגעץ איז אַנדערש, אַז העט, ערגעץ העט,
האָט גאָט נישט געטאָן זיינע אוצרות פאַרשליסן
ווי דאָ, אויף דעם בלוטיקן קליינעם פּלאַנעט.

נישטאָ דאָרט קיין בייז ווי אויף ערדישע גרונטן,
נישטאָ דאָרט קיין שלאַכטן, בלויז גנאָד איז און גאָט,
און אַלץ, וואָס די טומאה פאַרטיליקט דאָ אונטן,
דאָרט איז עס פאַראַנען, לעבט ווייטער און דאָ׳ט.
— — —

געזעסן דערנאָך ביי אַ טישל אין „ראָיאַל״,
און כאָטש ס׳האָט נאָך טרויער געגרילצט ווי אַ גריל,
איז פאָרט שוין געשוואומען צו מיר אין דער שטיל
דאָס ווייטע געהיימע געזיכט פון אַ גואל.

ניו־יאָרק, 1941

## געגאַנגען בין איך אַליין און געבויגן

(אַ יידיש־איבערדיכטונג פון אַ העברעאיש ליד, געשריבן אין
וואַרשעווער געטאָ פון **יצחק קאַצענעלסאָן**, הי״ד)

געגאַנגען בין איך אַליין און געבויגן.
אַ וואָלקן איז געהאָנגען גרוי,
אַווינט האָט געוואָיעט אַ געוואָי,
און ס׳האָבן וויינען נישט געקאָנט די אויגן.

אַ ווייב געהאַט — אַ טויב אַ שטילע,
און קינדער צוויי — מיין גליק און גלאַנץ,
און פריינד האָב איך געהאַט און ברידער —
און אַ פאָלק אַ גאַנץ.

און וואו איז מיין חנה? די קינדער — וואו?
געוואָרן צו נישט, ווי נישט געווען.
און וואו — מיין פאָלק? געוואָרן צו נישט.
פאַר וואָס? פאַר ווען?

וואָס טונקלסטו, וואָלקן? וואָס וואָיעסטו, ווינט?
כ׳וואָלט וועלן שטאַרבן אויפ׳ן אָרט,
נאָר ווי קאָן איך שטאַרבן סתם אַזוי,
ווען זיי אַלע זענען ג ע מ אָ ר ד ט?

## זעקס טעג, זעקס מיליאָן

### ליד פון צעצווייאונג און ליד פון פאַרגאַנצונג

### א

### ווען ירושלים איז צעצווייט געווען

ווען ער איז געגאַנגען דורך ירושלים,
באַגלייט פון הויכע נאַכטיקע ברושן,
האָט ער געהערט ווי די נאַכט־ווינטן טראָגן גערוישן
פון באַגער און בענקעניש.
דאָס האָבן מיט פיבער־גערופן
זיך איבערגערופן
ירושלים אין ישראל דער מדינה
מיט אַלט־ירושלים אין אַראַבישער געפענקעניש.
אַלט־ירושלים און ניי־ירושלים
חלומ׳ען דעם חלום פון זייער ווערן איינס
און רופן זיך איבער מיט רופן פון פיבער
טיף אין דער נאַכט.
ירושלים זוכט ירושלים.

און אויפֿאַמאָל האָט ער דערהערט, אַז אויך אין אים אַליין
רופֿט ס'אַלטע ירושלים זיך איבער מיטן נייעם.
אַלט־ירושלים און ניי־ירושלים
זיינען צעשיידט אין אים,
זוכן באַשייד אין אים.
זיי חלומ'ען דעם חלום פֿון זייער ווערן איינס
און רופֿן זיך איבער מיט רופֿן פֿון פֿיבער
טיף אין זיין בלוט.
ירושלים זוכט ירושלים.

אַפּריל, 1958

## ב

## נאָך ירושלים'ס פֿאַרגאַנצונג

בשעת עס האָט צה"ל
זעקס טעג זיך געשלאָגן,
האָט אַ צה"ל אַ צווייטער
זיין הילף אים געטראָגן.
אין די טעג אין די זעקס
האָבן מיטגעקעמפֿט זעקס:
די לעגיאָנען
פֿון זעקס מיליאָנען.
צה"ל'ס גבורים
די פֿייערדיק־פֿלינקע,
און פֿאַרברענטע פֿון אוישוויץ,
מאַידאַנעק, טרעבלינקע, —
דאָס זיינען ז י י,
דאָס זיינען ז י י
געווען צוזאַמען
די אַרמיי,
און זיי צוזאַמען —
געווען גאָט'ס פֿאַנצער,
און זיי צוזאַמען
געווען די פֿ אַ ר ג אַ נ צ ע ר
פֿון ירושלים,
די שלעגער — דערשלאָגער
פֿון ק ל י פּ ת ־ מ צ ר י ם.

# בייטאָג אין שפּיטאָל

ערגעץ, מחוץ דער ערדישער נאַכט,
ווערט שוין מיין נאָמען געדאַכט.
יענע־זייט לאָזט מיך שוין גריסן.

נאָר מיט וואָס וועל איך קומען אַ ה י ן ?
כ׳הויב נישט אָן צו וויסן.
אַז מע וועט מיך פרעגן: זון פון הלל און אסתר,
האָסטו געטאָן דיין שליחות? —
איז וואָס וועל איך ענטפערן?
כ׳האָב פאַרשוועכט מיין יחוס.
כ׳האָב אפילו נישט זוכה געווען
מיט מיין פאָלק צו פאַרלענדט ווערן,
מיט אים אין זיין קלעם צו זיין,
מיט אים מקדש־השם צו זיין.
כ׳האָב נאָר אַ טרויעריק געוויסן,
האָב לידער, וואָס פון זיי
טראָגט זיך אַ ייד׳ס אַ געשריי,
און בלוט
איז די טרער, וואָס זיי פאַרגיסן.

האַרקנעס פּאַוויליאָן, מאַי 1968.

## צווייטער אָפּטייל

# יאַנוש קאָרטשאַק׳ס לעצטער גאַנג

### אַ פּאָעמע אין פּראָזע

### (מיט נאָכבאַמערקונגען)

### 1) קאַרל מאַרקס פון די קינדער

פאַראַן אַ שטאָט — איר גוף איז דאָ, די נשמה האָט זיך פון איר אָפּגעטאָן. איר נשמה זיינען געווען די יידן.

אויף אַ גאַס אין יענער שטאָט, אַ נעסט פון אָרעמקייט, קראָכמאַלנע, האָט אַ דאָקטאָר אויפגעשטעלט זיינס אַ חלום: אַ צוויי־שטאָקיק הויז, וואו ס׳האָט געזאָלט אויפגיין די ערשטע קינדער־רעפּובליק אויף דער וועלט.

אין יענעם צויישטאָקיקן הויז אויף קראָכמאַלנע צוויי און ניינציק פלעגט אויפ׳ן בוידעם־שטיבל אָפּט אַרויפקומען אַ מיטל־וואוקסיקער מענטש אין ברילן, מיט אַ גאָלן שאַרבן, מיט אַ שמאָל געלבלעך בערדל, אַמאָל אין אַן אָפּגעריבענעם מונדיר פון אַ געוועזענעם מיליטער־דאָקטאָר און אַמאָל אין דעם גרינעם דאָקטאָר־פאַרטוך, וואָס ער האָט נאָך נישט באַוויזן — אָדער נישט געוואָלט — אויסטאָן. דעם מיליטער־מונדיר פלעגט ער פון מאָל צו מאָל טראָגן מחמת ראַפינירטען חוזק סיי איבער דעם מין מענטש, וואָס האָט דרך־ארץ פאַר אַן אוניפאָרם, סיי דערפאַר, וואָס מע האָט די חוצפה צו פאַרבינדן הייל־קונסט מיט מלחמה׳שן בלוט־פאַרגיס. אַ מיליטער־דאָקטאָר איז ער געווען נאָך בעת דער מלחמה צווישן די רוסן און די יאַפּאַנער. אַ מיליטער־דאָקטאָר איז ער געווען בעת דער ערשטער וועלט־שחיטה און בעת דעם בירגער־קריג אין רוסלאַנד, וואו ער איז פאַרוואָגלט געוואָרן ביז ער איז צוריקגעקומען קיין פוילן. דעם גרינעם דאָקטאָר־פאַרטוך זיינעם האָט ער ליב געהאַט צו טראָגן פון וועגן דעם קאָליר: גרין איז האָפענונג, גרין איז אַ צווייגל, גרין איז אָנהייב, גרין איז קינד. און גרין, — האָט דער דאָקטאָר, וואָס האָט געהאַט שטודירט אין בערלין אויך, געדענקט פון געטע׳ס „פאַוסט״, — גרין איז דעם לעבנ׳ס גאָלדענער בוים. כאָטש געוואוסט האָט ער, אַז דאָס לעבן איז שוין גאָר, גאָר נישט גאָלדן און כאָטש פון גאָלד האָט ער — אַ נאָענטער צום סאָציאַליזם — נישט געהאַלטן, סיידן דאָס איז געווען דאָס גאָלד פון אַ זון־פאַרגאַנג, האָט ער געהאָפט, אַז אַ צייט וועט קומען, ווען אַלץ וועט זיין אַנדערש, און אַז ער וועט עס זיין דער, וואָס יועט העלפן יענער צייט קומען וואָס גיכער.

אין זיין פאַמיליע־נאָמען איז דווקא געווען גאָלד, וואָרם אויף יידיש האָט ער געהייסן הערש גאָלדשמיט, נאָר דער ערשטער נאָמען איז פאַרפּוילישט געוואָרן אויף הענריק און די שפּראַך זיינע איז געווען די פּוילישע. סיי אין פּוילן, סיי מחוץ דעם פּוילישן תחום איז ער געוואָרן באַרימט אונטער דעם נאָמען יאַנוש קאָרטשאַק, וואָס ער האָט אין אָנהייב גענוצט ווי אַ פּסעוודאָנים בלויז אונטער סקיצן (ער האָט זיי אָנגעהויבן שרייבן צו פערצן יאָר), שפּעטער איבער ביכער. מיט דער צייט איז דער פּסעוודאָנים געוואָרן מער נאָמענדיק ווי דער נאָמען.

בעת אַ קורצן וויזיט אין דער שווייץ האָט ער, אַ סטודענט נאָך, געהאַט זיך באַקאַנט מיט אַ סטודענטקע, אַ ייִנגערע פֿאַר אים, אַ וואַרשעווער יידישע טאָכטער, וואָס האָט דענסטמאָל שטודירט אין דער שווייץ און אין בעלגיע. סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ איז געווען אַ תקיפות׳דיקע, אַ הויך געוואַקסענע, אַ זיכערע אין זיך. האַלב־שקאָצעוואַטע פלעמלעך האָבן זיך געטוקט אין די טונקעלע אויגן. געשטאַרקט פון דעם וויסן, אַז זי איז אומאָפּהענגיק, מחמת זי האָט הינטער זיך אין וואַרשע אַ שטיין־רייכע משפחה, האָט איר תקיפות געוואַרט אויף אַ כוח, וואָס זאָל זי אונטערטעניקן. זי איז געווען סיי ייִנגער, סיי העכער פון קאָרטשאַק׳ן, אָבער די טונקל־דרייסטע פלעמלעך האָבן מיט נכנע׳דיקן פאַרוואונדער זיך אַ בויג געטאָן ווי פון אַ ווינט, ווען יענער האָט איר, אויף אַ באַנק אין פּאַרק, אָן שום כוונה צו איבעררעשן, געזאָגט: איך בין דער זון פון אַ משוגענעם, און האָט מיט עפּעס, וואָס האָט געדאַרפט זיין אַ שמייכל און איז עס נישט געווען, צוגעגעבן, אַז ער האָט באַשלאָסן צו ווערן — ביי דער ערשטער געלעגנהייט — דער קאַרל מאַרקס פון די קינדער.

זי האָט אים געלאָזט האַלטן אַ מאָנאָלאָג און האָט פון צייט צו צייט נאָר אַרייַנגעוואָרפן אַ וואָרט.

ער האָט דערציילט, אַז ער שטאַמט פון אַ רייך אַסימילירט הויז, וואָס איז פאַראָרעמט געוואָרן נאָכדעם ווי דער פאָטער פון דער משפחה, אַ וואויל־באַקאַנטער אַדוואָקאַט, איז אַראָפּ פון זינען און מע האָט אים געמוזט פאַרשפּאַרן אין אַ דול־הויז. דער גאַנצער עול פון פרנסה איז דענסטמאָל געפאַלן אויף אים, דעם עלטסטן פון די קינדער, אָבער אַליין נאָך אַ קינד כמעט, און ער האָט פרי פאַרזוכט דעם טעם פון זוכן הילף ביי דערוואַקסענע. ער האָט דענסטמאָל נאָך מער ווי פריער, בעת זיין שפּעטער משוגע־געוואָ־נער טאַטע פלעגט אים מבזה־זיין, רופן אייזל וכדומה, דערפילט ווי שטאַרק די נאַרישע און צוגלייך אכזר׳דיקע דערוואַקסנקייט וואַרפט זיך אַרום מיט׳ן קינד — און מיט׳ן יוגנטלעכן. ער וועט

קיינמאָל נישט פאַרגעסן, מיט וויפל קאַלטער, אידיאָטישער פאַראַכטונג אַ פוילישער שרייבער, אַ רעדאַקטאָר פון אַ באַרימטער צייטשריפט, האָט אים, אַ יונגן יינגל, צוריקגעשליידערט אין פנים אַריין איינס פון זיינע ערשטע עקזאַלטירטע לידער. ס׳איז געווען, ווי דער שטייגער איז, אַ ליבע־ליד, און געשטאַנען איז דאָרט, אַז מחמת גרויס פאַרצווייפלונג וואָלט ער געוואָלט שטאַרבן. נו, האָט דער גרויסער רעדאַקטאָר געזאָגט, ווער שטערט דיר?

— ווייסט איר — האָט דער סטודענט געזאָגט עפּעס ווי זייטיק, נאָך אַלץ ריידנדיק מער צו זיך ווי צו איר — פאַרוואָס ער האָט געהאַט די חוצפה אַזוי צו ריידן? ווייל ער איז געווען אַ פּריווי־לעגירטער. נישט נאָר ווייל ער איז געווען אַ רעדאַקטאָר און דערצו אַ שרייבער מיט אַ גרויסן נאָמען, נאָר ווייל ער האָט גערעדט צו אַ יינגל. דערוואַקסנקייט אַליין איז אַ פּריווילעגיע. אויב מיר ווילן באַקעמפן פּריווילעגיעס, מוזן מיר קודם־כל אויסוואָרצלען די פאַלשע פּריווילעגיע פון דער דערוואַקסנקייט.

— אינטערעסאַנט, — האָט געזאָגט דאָס פריילין. — אָבער דער־ציילט מיר וועגן אייער פאָטער.

דאָ איז ווידער אַוועק עפּעס ווי אַ מאָנאָלאָג. ווען ער, דער זון, פלעגט זיך אַמאָל אַריבערכאַפּן צום פאָטער אין צעל אַריין, האָט יענער רק גע׳טענה׳ט: דער מענטש איז באַלאַגערט... באַלאַ־גערט... און ווער וועט די באַלאַגערונג אַראָפּנעמען? נישטאָ ווער, נישטאָ ווער.

יאָרנלאַנג, האָט זיך אַרויסגעוויזן, פלעגן דעם פאָטער רודפ׳ן די, וואָס ער האָט זיי ביי זיך אַ נאָמען געגעבן: די אויסלאַכער. זיי זיינען געווען אַזוי גראָטעסק אין זייער חוזק, אַז ער אַליין פלעגט זיך צעלאַכן. האָט ער געמאַכט אַן אַנטדעקונג: יענע האָבן פיינט, אַז אַ מענטש צאָלט זיי צוריק מיט געלעכטער. אַז ער האָט פון זיי גענומען לאַכן — פלעגן זיי פאַרשווינדן. זיי פלעגן עקשנות׳דיק צוריקקומען, ס׳האָט זיי אָבער גאָרנישט געהאָלפן. ס׳זיינען דאָ אַנדערע — די פייניקער. ערשט יענע האָבן אים אומגליקלעך געמאַכט. די פייניקער — זיי וועסטו מיט קיין שום געלעכטער אין דער וועלט נישט בייקומען. צום ערשטן מאָל האָט ער איינעם פון זיי געזען אין געריכט־זאַל. ער האָט געהאַט פאַרטיידיקט איינעם, וואָס זיין אומשולדיקייט איז געווען אַזוי באַשיימפּערלעך, אַז ווען נישט דער מענטש־ענלעכער דעמאָן, וואָס זיין סילועט איז געשטאַנען הינטער די פּלייצעס פון די ריכטער, וואָלט אוממעגלעך געווען, מען זאָל דעם באַשולדיקטן פאַר׳משפּט׳ן. די אויסלאַכער ווילן דעם מענטש קליין־מאַכן אין די אייגענע אויגן, אים ווייזן זיין נישטיקייט, זיין נישט קאָנען וויסן וואָס אים איז. זיי זיינען

צונג־אויסשטעלער, קונצנמאַכער, אַקראָבאַטן פון אַ סודות׳דיקן צירק, און זייער גאָט איז אַ שפּילקע־קעפּל. די ערגסטע שונאים אָבער פון׳עם מענטש זיינען די פייניקער. זיי געפינען זייערע משרתים און באַפעל־אויספירער צווישן לעבעדיקע מענטשן. אומרעכט, אומגליק, בלוט־פאַרגיס — דאָס איז אַלץ זייער אַרבעט. די לעבע־דיקע לייט, זייערע דינער, ווערן נאָכ׳ן טויט אַליין דעמאָנען. אַזוי לאַנג ווי דאָס איז אַזוי קאָן קיין גערעכטיקייט נישט זיין. דאָס זיינען זיי, וואָס דיקטירן געזעצן. אַז געזעץ און גערעכטיקייט זיינען צוויי לחלוטין פאַרשיידענע זאַכן — דאָס ווייס דאָך יעדער איינער, וואָס הויבט אָן שטודירען יוריספּרודענץ. אָ, ער האָט אין די געריכט־זאַלן געזען אַזויפיל פון זייער באַנדע: דער מענטש, דער מין מענטש, איז באַלאַגערט. ער איז באַלאַגערט.

— אָט זיינען זיי, — האָט ער אויסגערופן, — אָט! אייזל איינער, זעסט? די פייניקער.

דער טאַטע האָט זיך באַהאַלטן אין אַ ווינקל. ער האָט פאַר־שטעלט מיט די הענט דאָס אָפּגעשטאָרבן־בלייכע פּנים, געציטערט. צום סוף איז ער אויפגעשפּרונגען, אַ כאַפּ געטאָן אים, דעם זון, ביי דער פּלייצע, גענומען אים טרייסלען — און אים אַרויסגעוואָרפן.

פון צייט צו צייט בלויז — און ווי בגנבה פון זיך אַליין — האָט דער סטודענט געוואָרפן בליקן אין סטעפע׳ס זייט. יעדע וויבראַציע אירע האָט זיך צו אים אַריבערגעטראָגן פונקענווייז.

איך האָב געפילט, — האָט ער, מיט פייערלעכקייט כמעט, געלאָזט וויסן, — אַז אין מיין פאָטער׳ס משוגעת׳ן ליגט באַהאַלטן אַן אמת.

— אַן אמת?

— עס איז אַן אמת, — האָט ער געענטפערט מיט אַ מינע אַ האַלב מרה־שחורה׳דיקער און אַ האַלב שטיפערישער, — אַז דער מין מענטש איז באַלאַגערט פון נישט־מענטשלעכע כוחות. די אויס־לאַכערס שטאַטן אויך מיר אָפּ וויזיטן צייטנווייז. כ׳בין דאָך מיין טאַטנ׳ס זון. וואָס איך טו? דאָס זעלבע וואָס מיין פאָטער. דער רעצעפּט איז: קעגן־געלעכטער. מיט די פייניקער האָב איך נאָך נישט געהאַט דעם כבוד זיך צו באַקענען, איך מיין די פייניקער, וואָס מיין פאָטער האָט געזען הינטער די פּלייצעס פון די געזעץ־לייט. איך האָב דעם כבוד אייך צו אינפאָרמירן, אַז צו מיר זיינען אַריבער פון מיין פאָטער אַנדערע נישט־נאָרמאַלקייטן, וואָס ער האָט, מיושב׳־דיקערהייט נאָך, אַרויסגעוויזן. אָבער אומנאָרמאַלקייט שטייט נישט אויף איין אָרט. עס איז אונטערנאָרמאַלקייט און עס קאָן פאַר־וואַנדלט ווערן אין איבערנאָרמאַלקייט. מיין אַמביציע איז צו ווערן איבערנאָרמאַל.

— געניאַל ? — האָט געפרעגט די סטודענטקע.
— איך ווייס נישט. לאָמיר זיך נישט שפּילן אין אַזעלכע ווערטער. אויף וויפל איך קען זיך אַליין, פאַרמאָג איך אַ מין פּאַראַדאָקסאַלן הומאָר און צוגלייך האָב איך בירושה פון מיין פאָטער אַ קראָקאָ־דילישע כמאַרע פון מעלאַנכאָליע. ביי מיר איז עס אָבער פאָרט אַנדערש ווי ביי אים. מ י י ן כמאַרע געבווירט בליצן. אגב, ווען איך זאָל חתונה־האָבן און קריגן קינדער, וואָלט צו זיי אַריבער די כמאַרע אַליין — דער קראָקאָדיל. איך וואָלט דערמיט בלויז פאַר־מערט דאָס אומגליק פון דער וועלט.
סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ האָט אים אָנגעקוקט נייגעריק און לאַנג.
— וואָס זשע רעכנסטו צו טאָן ? — האָט זי געפרעגט, אַליין נישט פילנדיק ווי זי גייט אַריבער אויף ד ו.
— וואָס ? פירן אַ קאַמף מיט די, וואָס באַלאַגערן דעם מענטש, און מיט זייערע לעבעדיקע באַפעל־אויספירער. איך בין מיין פאָטער''ס אַ זון, נאָר איך בין נישט פון די שוואַכע. איך וועל מיך נישט אונטערגעבן. איך וועל מיך נישט באַהאַלטן אין אַ ווינקל און ציטערן. די פיינטלעכע כוחות מחוץ דעם מענטש דאַרפן זיך שרעקן פאַר'ן מענטשן, נישט פאַרקערט. צו די קינדער דאַרף מען גיין. צו די קינדער. מע דאַרף זען, דאָס קינד זאָל ברעכן די באַלאַ־גערונג אַרום דעם מענטש. קודם־כל — דאָס רעכט פון אַליין־פאַרוואַלטונג פאַר'ן קינד. דאָס רעכט אויף אַבסאָלוטער אַליין־פאַרוואַלטונג.
— דערוואַקסענע, — האָט סטעפע געשמייכלט, — קאָנען זיך קיין עצה נישט געבן ... ווילסטו, אַז ... אַז קינדער ...
— יאָ, דאָס וויל איך.
— פּאַראַדאָקסאַל.
— כ'האָב דאָך שוין געזאָגט — האָט ער געלאַכט — אַז איך בין מיין פאָטער'ס אַ זון, און אַז איך האָב אויך מיינע אייגענע אומ־נאָרמאַלקייטן. צום ביישפּיל : עס קומט פאָר אַ סטודענטן־פאַר־זאַמלונג. איך הער מיך צו, שווייג. מיטאַמאָל שטיי איך אויף, בעט אַ וואָרט. וואָס האָב איך געזאָגט ? גאָרנישט. איין זאַץ : איך וויל מעלדן די קאָלעגן, אַז איך האָב אין דר'ערד זיי און אַלע אַנדערע קאַריעריסטן. דאָס אַלץ. און איך הויב מיך אויף מיט אַ פייף און גיי אַוועק ... און געשען איז דאָס פּלוצלינג ... אומ־געריכט פאַר זיי. אומגעריכט פאַר מיר ...
— נו, דאָס איז דאָך גלאַט אַ שטיפעריי, — האָבן זיך סטעפע'ס אויגן־פלעמלעך פריילעך אַ וויג געטאָן.
— כ'האָב אָבער געזאָגט — נישט : איך האָב אין דר'ערד, נאָר

עפעס, וואָס מ׳קאָן נישט איבער׳חזר׳ן פאַר אַ דאַמע.

— אַנטי־בורזשואַזיע ?

— איך בין אַוועק צו די פּראָלעטאַריער, געלערנט אומזיסט זייערע קינדער. ערשטער מאַי, רויטע פאָן, רעוואָלוציע. די רויטע פאָן האָב איך נאָך ליב ביז איצט. אָבער רויט איז נישט מיין קאָליר. פּראָלעטאַרישער עלנט — וואָס אַזוינס וויל ער ? דעם וואוילטאָג פון די זאַטע.

איך האָב מיך געדרייט איבער טונקעלע געסלעך פון וואַרשעווער אַלטשטאָט. איך בין אַוועק צום נידעריקסטן פון עלנטן. וואו זונה׳ס וואַרטן ביי די לאַמטערנעס, האָב איך געוואָגלט, זיך אַליין געפילט ווי אַן אַלטע זונה, וואָס שלעפּט צו זיך אַ שכור און אפילו אים ווילט זיך נישט האָבן צו טאָן מיט איר. איך האָב געוואָלט ווערן אַ נביא פון זייער סאָרט עלנט, וואָס איז מיר פאָרגעקומען ווי דער עלנט פון גאָר דעם מענטשלעכן מין. אין אַלטשטאָט, אין אַ שענק, האָב איך בייגאַכט געזען: עס שלאָגט אַ יונג ביז בלוט אַ צווייטן. די שענק קוועלט אָן. איך שפּרינג צו, גיב אַ קוש דעם שלעגער אין געפּאָקטן, פאַר׳נואפ׳טן פּנים אַריין. איך בעט, ער זאָל אויפהערן שלאָגן. דער שלעגער, געפּלעפּט פון מיין קוש, לאָזט אָפּ אַ רגע די האַנט. ס׳דונערט אויף אַ געלעכטער. ס׳לאַכן די מעסערניקעס, די שכורים, די אַלפאָנסן, די פּראָסטיטוטקעס.

— און דער געשלאָגענער ?

— אויך ער האָט געלאַכט פון מיר. אין יענער מינוט איז אויפגעגאַנגען אין מיר אַ בליץ, וואָס האָט נישט געוואָלט פאַרבייבליצן. בעת יענעם געלעכטער האָב איך מיך דערמאָנט ווי דערוואַקסענע האָבן געלאַכט פון מיר קינדווייז, ווען איך האָב געזאָגט אַ זאַך, וואָס קינדער ווייסן און דערוואַקסענע פאַרשטייען נישט. און דער בליץ איז געווען: עלנט ? פּראָלעטאַריאַט ? דער עלטסטער פּראָלעטאַריאַט אויף דער וועלט איז דאָס ק י נ ד. דער עלטסטער פּראָלעטאַריאַט אויף דער וועלט ווערט עקספּלואַטירט פון די, וואָס רופן זיך דערוואַקסענע. ער ווערט פאַרפאָלגט אפילו פון דער ליבע וואָס מען האָט אים ליב. אפילו קושן טויטן אים. פון דעם עלטסטן פּראָלעטאַריער פון דער וועלט, דעם קינד, דאַרף מען אָנהויבן. גערעכטיקייט וועט אָנהייבן וואַקסן פון דעם קינדער־אינטער־נאַציאָנאַל.

— ווי קומסטו צו קינדער ? — איז סטעפע מיטאַמאָל געוואָרן בייז. — האָסט נישט געזאָגט, אַז דו דאַרפסט קיין קינדער נישט ?

— כ׳וועל האָבן קינדער, אָבער נישט צוויי, נישט דריי — הונדערטער, הונדערטער !

— אַזוי גאָר ?

דער סטודענט האָט געקוקט אין דער ווייט.

— כ׳וועל ענדיקן פּעדיאַטריע, וועל אין קינד־שפּיטעלער אַרבעטן, וועל דערנאָך אויפשטעלן אַ מוסטער־אינסטיטוציע, זיין דער טאַטע פון יתומים —

— פאַרוואָס פון יתומים? דאַכט זיך, אַז די פּריווילעגיע צו זיין דער פאָטער פון יתומים געהערט צו גאָט. אַזוי וויל האָבן דער קלער.

— דאָס קינד, אפילו אַז עס האָט טאַטע־מאַמע, איז אַ יתום. ווי יתום׳דיקער איז אַ קינד, וואָס האָט אפילו קיין דאַך אויך נישט איבער זיך! קינדער זיינען די ערשטע — מע מאַכט פון זיי די לעצטע. איך וועל פון מיינע יתומים אַ קינד־געזעלשאַפט בויען, פון דער געזעלשאַפט וועט אַרויסוואַקסן די רעפּובליק פון קינדער — זיי וועלן נישט ווערן געפּייניקט! זיי — נישט!

— רעפּובליק פון קינדער, — האָט סטעפע איבערגע׳חזר׳ט, ווי מע חזר׳ט איבער אַ פערז.

— זיי וועלן אָנפירן מיט זיך אַליין, וועלן שאַפן געריכטן, וועלן האָבן אַ פּאַרלאַמענט. מיט דער צייט וועט געשאַפן ווערן דער קינדער־אינטערנאַציאָנאַל.

— קאַרל מאַרקס גאָלדשמיט, — האָט געפּרואווט שפּאַסן די ווילטשינסקאַ. זי האָט געפילט, אַז זי קריגט אים ליב, און זי האָט אַ זאָג־געטאָן אָנרירנדיק זיין האַנט:

— דיין אידייע איז שיין און משוגע... ווי אַ ליד פון יוליוש סלאָוואַצקי...

און זי האָט דאָך אַזוי ליב געהאַט צו לייענען סלאָוואַצקי׳ן.

## 2) יתומים-רעפּובליק

דער דאָקטאָר פון קינדער־שפּיטאָל אויף שליסקע טראָגט להכעיס׳דיק אַ קבצנ׳יש פּאַלטנדל, כאָטש ער האָט אַ סך מער ווי אויף חיונה און ס׳פעלן נישט קיין דאָקטוירים, וואָס זיינען אים מקנא. אין די גלאַנצוואַטע אָפּגעריבענע הויזן און אין די אָרע־מאַנסקע ברילן אויף די קורצזיכטיקע אויגן, אויגן וואָס זייער בלויקייט איז אַ צוגעשטויבטע, ווי זי וואָלט זיך געשעמט בלוי צו זיין, האָט ער נאָך אַלץ דעם אָנבליק פון אַן עלטערן אָפּגעלאָזענעם סטודענט, וואָס מוז מיט גראָשענדיקע לעקציעס צונויפפּירן אַן עק מיט אַן עק. גרויס אָבער איז דער נאָמען פון דעם קינדער־דאָקטאָר. זיינע ביכער שרייבן זיך אָן ביי אים אַליין, פון זיך. ער האָט ליב אַריינצוּוואַרפן אַ גראָב ווערטל, מאַכט חוזק פון אויסגעפּוצטע דאַמען און אויסגעכאָליעטע הערן, פייפט אויף אַריסטאָקראַטיע, כאָטש גראָד די פוילישע אַריסטאָקראַטיע האָט צוטרוי צו אים,

רופט אים אויף וויזיטן צו קראַנק־געוואָרענע קינדער, מאַכט אים אַ נאָמען. דאָס אַלץ איז נישט מער ווי אַ הקדמה צום עיקר: דער יתומים־היים. סטעפע קאָן זיך אויף דעם נישט דערוואַרטן, ווייל איר חלום איז צו וואוינען מיט קאָרטשאַק'ן אונטער איין דאַך, — זאָלן מענטשן זאָגן וואָס זיי ווילן.

און אָט שטייט סוף־כל־סוף דאָס הויז — דאָס גרויסע צוויי־שטאָקיקע יתומים־הויז מיט די סוטערינעס. די מ אַ מ ע פון דעם הויז איז סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ, אָדער, ווי מען רופט זי דאָ היימיש, די פאַננע סטעפע. שוין לאַנג ווי זי איז אַוועק פון מערב־אייראָפּע, צוריקגעקומען קיין וואַרשע, פאַרלאָזט דאָ איר רייכע היים — אויף קראָכמאַלנע נעכטיקט זי און דאָרט טאָגט זי.

אויף זיין בוידעם־שטיבל אין דעם צוויי־שטאָקיקן בנין גייט אַרויף דער דאָקטאָר זיך אָפּצורוען אַביסל, ווען ער דערפילט זיך אויפגערעגט אָדער מיד. אַמאָל כאַפּט ער זיך, אַז ער טוט דאָרט תפילה, כאָטש ער ווייס נישט צו וועמען. אַזאַ תפילה אָן ווערטער רופט ער: תפילה פון אַן אומגלויביקן. אַמאָל, ווידער, טרעפט, אַז עס כאַפּן אים אָן אין מיטן העלן טאָג די אויסלאַכער, — דעם טאַטנ'ס ירושה, — און ער אַנטלויפט מיט זיי אויפ'ן בוידעם־שטיבל ביז זיי לאָזן אים אָפּ. אַ וואַנט קאָן דענסטמאָל ווערן אַ דינער הויכער סלופּ, וואָס אויף אים הענגט אַ פּאָרמולע. אַ האַנט שלעפּט אַרויף די פּאָרמולע העכער, הענגט אויף איבער איר אַנדערע פּאָרמו־לעס, וואָס מען קאָן נישט וויסן צי זיי זיינען געדאַנקען אָדער חיות. זיי ווילן זיך אויסגלייכן, אויסשטעלן אין אַ ריי, בלייבן אָבער הענגען איינס איבער ס'אַנדערע. זיי רעווען זיך פונאַנדער, שטופּן איינס ס'אַנדערע אַרונטער, פאַלן אַלע אַראָפּ מיט אַ געוואַלד, נאָר יענע האַנט גיט זיי אַ צי־אַרויף צוריק. זיי הענגען איינס איבער ס'אַנדערע ווי געשאָכטענע גענז. לצ'ישע פיגורן נעמען זיך אָן ביי די הענט, וויגן זיך ווי אַקטיאָרן נאָך אַ פאָרשטעלונג. דערנאָך ציען זיי זיך אויס ווי ווירעס, שטעקן זיי אים אויס די צינגער. אַ לאַנגער קאָפּ, וואָס ציט זיך אַרויפצו ווי אַ בוים אין שטורעם אויף על־גרעקאָ'ס אַ בילד, ווערט אַלץ לענגער, העכער, שמעלער, ביז ער ווערט אַ שפּילקע־קעפּל די גרויס, קריכט דורך דורך אַ הימל־שפּאַלט, פון דאָרט אין אַן אַנדער הימל־שפּאַלט אַריין, און אַזוי, דורכקריכנדיק אַ הימל נאָך אַ הימל, ווערט ער אין הימל דעם העכסטן, דעם לעצטן, אַ מין גאָט, און עס בויגן זיך פאַר אים אין ערפאָרכט די אויפגעלעבטע גענז, אַ גאַנז איבער אַ גאַנז, און עס בויגן זיך פאַר אים אין דרייען די לצ'ישע פיגורן. עס איז דער גאָט זייערער. דער קאָפּ גיט אַ וואונק און די אויסלאַך־פיגורן נעמען זיך צום

מענטש. זיי באַלאַגערן אים, מאַכן פון אים חוזק, ווילן אים אַוועק־שלעפן בגוואַלד מיט זיך. ווי זיי לאַכן דאָס, די אויסלאַכערס, ווי זיי דערנידעריקן! ער גערענקט אָבער דעם פאָטער׳ס רעצעפּט. ער לאַכט זיך פונאַנדער. די ברילן טאַנצן אים אַזש אויפ׳ן נאָז. דאָס גאַנצע בוידעם־שטיבל העלפט לאַכן. די חוזק־מאַכערס ווערן איבערגעלאַכט. זיי ווערן ערנסט, גיבן אַ וואָרטשע און קלעטערן אַרויף ערגעץ ווי אויף לייטערס, וואָס ווערן פאַרשוואונדן צוזאַמען מיט זיי. דער דאָקטאָר שיקט זיי נאָך, לאַכעדיק, עפּעס אַ המונ׳ישע קללה, וואָס ער גערענקט פון זיינע וואַנדער־טעג אויף דער פּאָווישלע. אָט דאָס איז עס : דער מענטש דאַרף אויסלאַכן די כוחות, וואָס פּראַווען חוזק פון אים. דעם פאָטער׳ס דעמאָנען זעט ער נישט, צום גליק. די לצים, ווידער, זיינען זיך ביסלעכווייז מייאש פון אים. עס גיט אים אַ זעג־אַדורך : נו, און זיי ? יענע ?

דאָס מיינט ער ד י פ י י נ י ק ע ר.

ניין, ער וועט פון זיי נישט אַנטלויפן אין אַ דול־הויז. די נייע געזעלשאַפט, די קינד־רעפּובליק, וועט זיי פּאַריאָגן. ס׳וועלן מער נישט זיין קיין פייניקער, — נישט די געהיימע, וואָס שטייען הינטער דער פּלייצע, נישט די אָפענע באַפעל־אויספירער זייערע — —

זאַכן הויכע און געהויבענע פאַלן אים געוויינלעך איין טאַקע אויבן, אין בוידעם־שטיבל. זיין בלייער פאַרשרייבט זיי מיט סטענאָ־גראַפישן קיצור אויף פּאַפּיר־שטיקלעך. אַ היפּש ביסל דערפון גייט פאַרלוירן, ווייל כאָטש ער האָט אויסגעצייכנט געוואוסט א ו י ב ן, קאָן ער נישט אַלעמאָל כאַפּן וואָס דאָס נערוועז פאַר־שריבענע וויל אים זאָגן אונטן — אין דער גלעזערנער שטייג זיינער, אין דעם צימערל, וואָס צווישן דעם שלאָפצימער פון יינגלעך רעכטס און דעם שלאָפצימער פון מיידלעך לינקס. דאָס ווערטיקאַלע דאַרף זיך דאָ אָנקליידן אין הי־וועלטיקייט און אויפדר׳ערדיקייט. אין טיפער נאַכט שרייבן זיך אָן ביי אים אין גלאָז־צימער סקיצן קירצערע און לענגערע, אויך ביכער גאַנצע, וואָס זייער ערנצט האָט צומאָל דאָס געשטאַלט פון הומאָר און זייער סטיל איז אָדער פעליעטאָניש אָדער אַזוי נערוועז־חריפות׳דיק און איבערגעשליפן, אַז ער ווערט אַזש עקספּרעסיאָניסטיש, הגם אָפיציעלע ליטעראַטן האַלטן אים, קאָרטשאַק׳ן, פאַר אַ „מלאָדאַ־פּאָלסקאַ״־עפּיגאָן.

און אָט קומט אָן פון דער נאַכט־אינספּעקציע זיין הויפּט־העל־פּערקע, די הויכע טונקל־אויגיקע סטעפע. זי גייט מיט דער באַטעריע אין האַנט, בויגט זיך איבער בעטלעך, פאַרריכט אַ קאָלדרע, אַ קישן, גיט שטילערהייט אַ קוש אַ קעפּל, אַ הענטל, אַן אַרויסגעשטעקט פיסל. אָפט גייט זי אויף נאַכט־אינספּעקציע צוזאַמען מיט׳ן דאָקטאָר און סיי עס פרייט איר, סיי עס אומעטיקט איר אויפ׳ס טויט, ווען

קאָרטשאַק רעדט בשעת מעשה וועגן אונזערע קינדער.

אונזערע קינדער... גאָט, ס'איז דאָך בלויז אַ וואָרט. דער מענטש האָט איר אַ כישוף אָנגעטאָן. ווילאַנג איז זי שוין דאָ מיט אים אונטער איין דאַך? זי האָט ליב געקראָגן זיין חלום — צוליב אים. זי איז אַ מאַמע צו די קינדער, ער איז אַ טאַטע צו זיי, אָבער דער טאַטע האָט די מאַמע נישט גענומען. זיי זיינען פריינד, זיי זיינען אויף דו, אָבער — ס'אַראַ מאָדנער מענטש ער איז, העניק. איז עס גאווה? צי וויל ער בלייבן איר גאָט? ניין, אויף דעם אַלעם — אויף גאווה, אויף וועלן שפּילן אַ גאָט־ראָליע, די ראָליע פון אַ מענטש, וואָס מוז בלייבן פּאַרגליווערט אין דער מאַיעסטעט פון זיין געניאַלקייט, — אויף דעם האָט ער צופיל הומאָר און צופיל זעלבסט־איראָניע. זיין אַמביציע איז זיין אַ גייסטיקער פּראָלעטאַריער, אַ פּראָלעטאַריער, וואָס אים איז איינגעפאַלן אַ וועלט־אַרומנעמענדיקע, וועלט־דערלייזערישע אידייע: קינדער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט אייך! קיינמאָל — קיינמאָל פאַר די לאַנגע יאָרן וואָס ער איז מיט איר צוזאַמען — האָט ער נישט פאַרפעלט איר אַרויסצוּווייזן צאַרטע פריינטשאַפט, און די פריינטשאַפט קאָן קיינמאָל נישט אַריבערגיין אין מאַן־און־פרוי־אינטימקייט. ער קאָן זי אַרומנעמען, איר געבן אַ פאָטער־קוש, זיך האַלטן אַן עצה מיט איר. ער הערט אויס אירע באַריכטן, ער דערציילט איר זיינע פּלענער, שאַצט הויך איר מיינונג מכוח אַלע ענינים פון דער קינדער־היים, וואָס איז ביי אים דאָס לויטערע קערנדל פון דעם צוקונפט־שטאַט, געבויט אויף דעם קינד'ס גערעכטיקייט־חוש. זי קאָן קיינמאָל נישט פאַרגעסן ווי ער האָט פון צווישן די יתומים און יתומה'ס געלאָזט אויסקלייבן צוויי און צוואַנציק דעפּוטאַטן צום קינדער־פּאַרלאַמענט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט און האָט יומטוב'דיק דערקלערט, אַז די ערשטע זיצונג פון ערשטן קינדער־סעים אויף דער וועלט איז געעפנט. ס'איז געווען דאָרט, אין דעם גרויסן זאַל, און געזעסן איז ער בראש פון די צוויי און צוואַנציק קליינע דעפּוטאַטן ביי אַ טיש באַשלאָגן מיט גרינעם לייוונט, מיט'ן פּאָרזיץ־גלעקל ביי דער האַנט. דאָס בערדל האָט נצחונ'דיק געלויכטן. די פינגער פון זיינע הענט זיינען געווען אַזוי פריילעך און ציטערדיק ווי ביי אַ קמצן, וואָס ציילט אַן אוצר. אַז זי האָט אים אַ פרעג געטאָן, פאַרוואָס ער האָט זיך באַשטימט פאַר'ן פאָרזיצער, בעת אויסטיילן אַ פאָרזיצער האָבן די קינדער געדאַרפט פון זיך אַליין, האָט ער זיך קודם־כל צעלאַכט: דו מיינסט, אַז איך דאַרף קיין כבוד נישט? אויב אַזוי, האַלטסטו מיך נישט פאַר קיין גרויסן מענטש, וואָרום אַ גרויסער מענטש — וואָס גרעסער ער איז, מער כבוד באַדאַרף ער, זאָל אפילו זיין פון קינדער. און אפילו דו, ווען

אָנשטאָט צו רופן מיך פשוט: הענריק, וואָלסט מיך גערופן: הער אויבער־מענטש, אָדער לכל־הפחות הער אויבער־דירעקטאָר, וואָלט איך דיר דערפאַר קיין שונא נישט געוואָרן. באַלד דערנאָך האָט ער, אַן ערנסטער שוין, איר געגומען אויפֿווייזען, אַז אַן איבערקערעניש לטובת אַ נידעריקערן קלאַס ווערט אַרויסגערופן און געפירט דורך די, וואָס קומען פון אַ קלאַס אַן אַנדערן, און זיין חוב פון אַ דערוואַקסענעם איז צו ווייזן די קליינע, ווי אַזוי גערעכטיקייט, געריכט, פּאַרלאַמענטאַריזם, יחיד, געזעלשאַפט — ווי אַזוי דאָס אַלץ דאַרף זיך צונויפגיסן אין איין גאַנצקייט.

ווי שטאָלץ — דערמאָנט זי זיך — האָט אין זיין מויל געקלונגען דאָס וואָרט פּעדאָקראַטיע, קינדער־הערשאַפט! אַן אינטעליגענטיש שפּיל־וואָרט? אין זיין מויל — נישט.

איצט זיצט ער אין זיין גלעזערנער שטייג, די הענט אָנגעשפּאַרט אַן דעם גאָלן שאַרבן. סטעפע קלאַפּט שטיל אָן, קומט אַריין אויף שפּיצפינגער. ער ווייזט איר אויפ׳ן שטול דערלעבן. ביידע שווייגן עפּעס אויס. וואָס?

דערנאָך, אַז דאָס שווייגן ווערט צו שווער, דערציילט ער איר שטיל, נישט צו וועקן די קינדער, אַז דאָ, אין וואַרשע אויף קראָכ־מאַלנע, חלומ׳ט זיך אים עפּעס אַ קאָלאָסאַלער זאַל אין ניו־יאָרק. דאָרט קומען זיך צונויף קינדער־דעלעגאַציעס פון דער גאָרער וועלט. ס׳איז דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער קינדער־קאָנגרעס. דאָרט ווערט אויך אויפגעפירט פון די קינדער זיינס אַ פּיעסע. נאַכט ביי נאַכט קומען אַהין מענטשן פון אַלע פעלקער און לענדער. עס ווערט אין דער פּיעסע געוויזן, ווי די הערשאַפט איבער זאַכן גייט איבער צום קינדער־קלאַס, וואָס פירט איין אַ נייע גערעכטיקייט, אַן אמת׳ע, די, וואָס לעבט אין קינד פון געבוירן אָן און ווערט בגעוואַלט פאַרקריפּלט פון די דערוואַקסענע. די דערוואַקסענע הויבן אָן צו פאַרשטיין, אַז נישט די קינדער דאַרפן לערנען ביי זיי, נייערט זיי ביי די קינדער. און ער, דער דאָקטאָר, זעט פאַר זיך, ווי ער זיצט אַזוי, דעם ריזיקן קיילעכיקן זאַל, סימבאָל פון דעם ערד־קיילעך, זעט די מענטשן פון אַלע פעלקער און אַלע ראַסן, זעט די בינע, זעט די שפּיל, פילט דעם דופק פון גאַנצן מענטשן־מין.

— און מיך וועסטו מיטנעמען?

— וואוהין? קיין ניו־יאָרק?

ער גיט איר אַ גלעט איבער דער האַנט.

— געוויס. ווי אַנדערש?

דער גלעט איז אַ טאַטעשער. זי האָט היינט געהאַט אַ שווערן טאָג אַרבעט — אַנטשולדיקט זי זיך און זי גייט אַרויס. ווען זי לייגט זיך אַ פאַרמאַטערטע אויף איר געלעגער טראַכט זי — ווער

ווייס צום ווײפּלטן מאָל — װעגן זייערע באַציאונגען. זי ווייס: מען באַרעדט זי. איר אייגענע משפּחה באַרעדט זי. פּאַרוואָס עפּעס נישט מאַן־און־ווײַב אָפּן? קיינער שטעלט זיך נישט פּאָר, אַז געשלעכטיק האָט ער צו איר קיין שייכות נישט. און פּאָרט איז עס אמת. זי האָט נישט פּאַר אים די צוצי־קראַפט פון אַ פרוי. אמת, ער האָט מורא, אַז קינדער פון זיין פלייש און בלוט זאָלן — ווי ער זאָגט — נישט זיין קיין קרבנות פון אַ שלעכטער ירושה. די באַציאונגען מוזן דאָך אָבער נישט זיין אַזעלכע, אַז עס זאָלן קומען קינדער אויף דער וועלט. פון דער אַנדערער זייט איז ער אַ דאָקטאָר, און ווער נאָך ווי ער ווייס, וואָס דאָס הייסט נישט נאָכצוגעבן די טיראַנישע דריזן פון געשלעכט. אפשר איז ער געשלעכטלעך פער־ווערס? ניין, נישטאָ קיין סודות; מע וואָלט געוואוסט. איז ער אַן אַסקעט? ער איז זיכער קיין אַסקעט נישט געווען אין יענע יאָרן פון דער יוגנט, ווען ער האָט זיך געשניטן אויף אַ ליטעראַרישן ציגיינער און זיך אַרומגעשלעפּט אין די נעכט איבער זייטיקע געסלעך מיט צעכראַסטעטע חברים אין פּעלערינעס. פון יענער צייט דער־ציילט ער דאָך מיט אַזויפיל זעלבסט־איראָניע די געשיכטע, ווי אַזוי די מאַמע זיינע איז געהאַט אַריין צו אים אין צימער, אים אויפ־געוועקט פון אַ צו־לאַנגן שלאָף אין טאָג אַריין און גע׳מוסר׳ט: אָט אַזוי, דורך שלעפן זיך אין די נעכט, וועסטו ווערן אַ דאָקטאָר? ער האָט זיך געריבן די אויגן: האַ? איך וויל דען ווערן אַ דאָקטאָר? איך שטודיר אויף אַ שכור.

דאָס אַלץ איז אָבער אַמאָל געווען, גאָר אַמאָל. ער האָט אַ סך דורכגעמאַכט, דער מענטש. נישט אַזוי לייכט וואַקסט אויס אַ יאַנוש קאָרטשאַק. איצט? ער איז נאָך גרעסער ווי מען מיינט. און ער איז דער לעצטער זיך איבערצונעמען מיט גרויסקייט. ער איז סיי שטאָלץ, סיי באַשיידן. וואָס עלטער — מער קינד ווערט ער. נאָר עפּעס אַ ניי סגאַל קינד איז עס. אַזוי פיל לויטערקייט שלאָגט פון אים. און ער מיינט דאָך אַלץ, די מינדסטע זאַך ווי די גרעסטע, אויף אַן אמת, אויף אַן אמת׳ן אמת׳ן אמת.

זי שפּרינגט אַזש אויף פון געלעגער. אָ, זי ווייס, זי ווייס: דער מענטש איז אַ הייליקער. וואָס איז אַ הייליקער? דאָס ווייס מען נישט, פּונקט ווי מען ווייס נישט, פּאַרוואָס איינער אַן ענגלענדער איז געווען אַ שעקספּיר.

זי פאַלט אַוועק אויפ׳ן געלעגער, ווי עפּעס אַ האַנט וואָלט זי צוריקגעשטויסן, נורעט איין דעם קאָפּ אין קישן און וויל פאַריאָגן אַ מחשבה גאָר אַן אַנדערע. די זאַך איז, אפנים, אַ סך פּשוט׳ער. זי וואָלט געהאַט פּאַר אים צוצי־קראַפט ווען זי איז שענער. ער איז וואָס ער איז, אָבער אַ הייליקער? ער וואָלט הילכיק געלאַכט

ווען ער הערט עפּעס אַזוינס. די וועלט־געשיכטע וואָלט געהאַט אַן אַנדער פּנים ווען קלעאָפּאַטרע'ס נאָז וואָלט געווען מיאוס'ער אַביסל. זי געדענקט שוין נישט: ווער האָט עס געזאָגט? איר, סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ'ס אייגענע געשיכטע, וואָלט געהאַט אַן אַנדער פּנים ווען איר נאָז איז אַביסל שענער. ווען עס קומט צו די־אָ זאַכן גלייכן זיך אויס אַלע מאַנסלייט, פון קאָרטשאַק'ן ביז אַנטאָני דעם שמאַטע־קלייבער. זי איז יינגער פון קאָרטשאַק'ן, אָבער וואָס איז דער סוף? איצט איז זי אַן אַלטע בתולה — בעטלט אויס אַביסל ליבע דאָ ביי דעם, דאָ ביי יענעם. אַ ליבע־בעטלערין.

זי שלאָפט ביסלעכווייז איין.

אַ טאָג מיט אַרבעט וואַרט שוין פון יענער־זייט שלאָף.

### 3) צווישן וועלט-חלום און סוואַסטיקאַ

יאָרן גייען און פאַרגייען. קינדער קומען, ווערן רייף. צו פערצן יאָר געזעגענען זיי זיך. זיי צעשפּרייטן זיך איבער אַלע עקן וועלט, שרייבן נאָסטאַלגישע בריף. נייע קינדער קומען אויף זייער אָרט. איטלעך קינד איז אַ נייע האָפענונג, אַלע קינדער צוזאַמען — קאָרטשאַק'ס חלום: אַ יאָרנלאַנגער חלום אויף דער וואָך, אַ גאַנג צום נייעם מענטש. און נישט נאָר אויף קראָכמאַלנע ווערט ער גע'חלומ'ט, נישט נאָר צווישן די סרוליקלעך, משה'לעך, חיה'לעך, שרה'לעך. דער מענטש מיט דער נאַאיווער קלוגשאַפט אויף דעם שמאָלן פּנים, מיט דעם טרויער און דער איראָניע באַהאַלטן הינטער ברילן, קאָן צווייפלען אין אַלץ, אָבער נישט אין דער צוקונפט פון דעם קינדער־קלאַס, וואָס פון אים וועט אַרויסוואַקסן דער שטאַט פון נייער גערעכטיקייט. קינדער קומען, קינדער גייען, אָבער דאָס, וואָס ער פאַרזייט, בלייבט און וועט אויפגיין. קינדער יידישע און נישט־יידישע צוגלייך זיינען דער ווינקלשטיין פון דעם מענטש־געביי דעם נייעם, דעם געהויבענעם, און דער נאָמען פון דעם אַרכיטעקט ווערט פון יאָר צו יאָר גרעסער — אַ סימן: אַלע קוקן זיך צו און וואַרטן אויפ'ן בנין, וואָס ער שטעלט ביסלעכווייז צונויף סיי פון סרוליקלעך און סורעלעך, סיי פון יאַנעקס און מאַלגאָשיעס. וואָרום אויך אַ פּויליש יתומים־הויז — דאָס הויז אויף פּרושקאָוו — איז אויפגעשטעלט און אויך דאָרט איז קאָרטשאַק דער גייס־טיקער טאַטע. קינדער פון לענדער אַלע, פעלקער אַלע, ראַסן אַלע, וועלן זיך געבן די הענט. פאַרוואַנדלט וועלן זיי ווערן אין דעם וועלט־קינד, וואָס דערהויבט און פאַראַנדערשט די גרויסע.

און איז'ן איז ער אַ ייד־פּאַליאַק. יאַנוש קאָרטשאַק — וויפל ווייסן, אַז אין רעגיסטער פון יידישע דורות איז ער פאַרשריבן ווי הערש גאָלדשמיט, זון פון יוסף גאָלדשמיט? ער אַליין האָט נאָך

נישט פאַרנומען דעם קרעכץ פון דורות, וואָס לויערט אין זיין בלוט, אַ קרעכץ, וואָס איז קיין פאָר נישט מיט דער צישנדיקער פריצ׳יש־קייט פון פוילישן לשון. ער ווייסט נישט, אַז עס לעבט אין אים, אין דער כמעט אויסלאַכערישער נישט־עלעגאַנץ פון זיין הילוך, וואָס ווערט אָנגענומען ווי אַ באַרימטהייט׳ס אַ חנ׳דל, דער ,,יאה עניותא״ פון אַן עמך־ייד ווי הערש דער גלעזער, זיין זיידע פון מאַמע׳ס צד, דער, וואָס האָט זיין גרויס געווינס אויף דער לאָטעריע באַהאַלטן פון די בני־בית, כדי צו קאָנען בלייבן הערש דער גלעזער, און וואָס ער אַליין, קאָרטשאַק, איז אַ נאָמען נאָך אים. נאָר כאָטש פוילישע מאַמעס קומען נאָך עצות צום גרעסטן קינד־קענער און דערצי־מחדש, וואָס פוילישער שטאָם האָט אַרויסגעגעבן; כאָטש פאַר איין פּליעסק פון דער ווייסל׳ס וואַסערן וועט ער אַוועק־געבן אַלע דונאַיען, אַלע סענס, אַלע טעמזעס; כאָטש מיצקע־וויטש׳עס ׳פּאַן טאַדעאוש״ איז זיין איליאַדע, — וועט ער צוליב פוילן נישט פאַרגעסן די וועלט. וואָרום אַחוץ אַן אייניקל פון ר׳ הערש דעם גלעזער, איז ער אויך אַן אייניקל פון אַ פּראָווינץ־דאָקטאָר, אַ צילינדערדיקן משכיל מיט אַ צוויי־שפּיצנבאָרד, וואָס האָט קיינמאָל נישט געוואָלט פאַרגעסן זיין דייטש און מענדל־סאָנ׳ס ביאור.

כאָטש ער זעט, אַז מיט׳ן גאַנג פון די יאָרן ווערט אַלץ אַרום אים אַלץ מער פאַר׳רשע׳ט, באַמערקט ער נישט אין אָנהייב, אַז זיין לאַנגע שייכות מיט דער פוילישער קינדער־היים אין פּרושקאָוו ווערט אַלץ לויזער. זיין געבוירן־זיין אַ ייד ווערט ביסלעכווייז אַנט־בלויזט ווי אַ חרפּה. דער כוח, וואָס באַשטימט דעם גאַנג פון יידן צווישען פעלקער, וויל, אַז פון די יאַנעקס, פּראַנעקס און מאַרישקעס זאָל דער חלום זיינער צוריקשפּרינגען ווי עס שפּרינגט צוריק אַ באַלעם פון אַ פעסטונג־מויער. ערשט שפּעטער זעט ער: זיין חלום וועט ער מוזן אויספּרואוון אויף קינדער פון זיין שטאָם בלויז, וואָס עלנט זיינען זיי דריימאָליק, און דריימאָליק — יתומים: ווי קינדער אָן אַ היים; ווי קינדער סתם, וואָס אפילו אין אַ זאַטן טאַטע־מאַמע־וואוילטיק זיינען זיי אין גלות ביי דערוואַקסענע; צום סוף — ווי קינדער פון אַ פאָלק, וואָס איז צווישן די אומות אַ געפּיי־ניקטער יתום.

נאָר אפילו ווען ער זעט דאָס, איז ער נישט דער מענטש, וואָס וועט איבער אַ נאַכט ווערן אַנדערש. פון אַ פוילישער ביבל אַרויס דונערן צו אים די נביאים. פּויליש איז די שפּראַך פון זיינע ביכער. פּויילש רעדט ער מיט די קינדער אויף קראָכמאַלנע, הגם זייער יידיש, דאָס לשון פון דעם זיידן דעם גלעזער, האָט ער נישט פיינט שוין דערפאַר אַליין, וואָס פיינט האָבן דאָס לשון די אַלע, וואָס

ער אַליין האָט זיי פיינט: די לייט פון דער כלומרשט בעסערער געזעלשאַפט. דערצו איז זיין קענטשאַפט פון יידיש אַזוי קליין, אַז ווען אַ יתומ׳ל האָט געהאַט אַ זאָג געטאָן: ס׳אי׳ מאָ׳ סמוטנע, — האָט ער זיך געפרייט, וואָס פויליש מיט יידיש זיינען אַזוי נאָענט, אַז סמוטנע איז אַ יידיש וואָרט, און ער האָט אויפגעבויט אַרום דעם אַ פילאָזאָפיע.

ער האָט זיך געטרייסט: די צייטן וועלן בעסער ווערן. די, וואָס האָבן אים פיינט געקראָגן ווען זיי זיינען דערגאַנגען, אַז ער איז גאָלדשמיט, וועלן אים נאָך צוריק האַלטן פאַר דעם פּאָליאַק קאָר־טשאַק. זיינע געשריפטסן לייענט מען נאָך, אויף זיינע לעקציעס קומט מען נאָך. מען ווייס, אַז ער איז דער, וואָס האָט אַנטדעקט די וועלט־באַפרייערישע כוחות פון דעם קינד. פון דער אָרעמער יידישער קראָכמאַלנע וועט סוף־כל־סוף אויפגיין דאָס ליכט. ביישפּיל בלייבט ביישפּיל. דאָ הערשט קינד־מענטשלעכקייט, קינד־יושר, קינד־אויטאָריטעט. דאָ איז — קינד־געריכט און קינד־פּאַרלאַמענט און קינד־צייטונג. ס׳איז דעם קינד׳ס פרייע זעלבסט־פאַרוואַלטונג, בלויז אונטער דער השגחה פון אים, קאָרטשאַק׳ן, סטעפע׳ן און עטלעכע זייטיקע העלפערס אירע. דער אָנהייב איז קליין? מאַכט נישט אויס. ס׳וואַרט דאָס גרויסע. אַ וועלט אַ פאַרבלוטיקטע, אַ מידע פון וויסטער דעוואַקסנקייט, אַ צע׳ניזוק׳טע און אָן טרייסט, וועט נאָך קומען אַהער, אויף דער אָרעמער קראָכמאַלנע, און לערנען ביים דרייפאַכן יתום, דעם יידישן קינד, ווי מען צעברעכט די מאַכט פון די אויסערמענטשלעכע, וואָס האַלטן דעם מענטש אין זייער פאַסטקע מיט דער הילף פון מענטשלעכע פאַרטרעטער זייערע. סיי די לצים, די אויסלאַכערס, סיי יענע ווילדע פייניקער, וואָס פון זיי איז זיין פאָטער אין דול־הויז געלאָפן, — זיי וועלן אַנטרינען ווי מייז אין די לעכער.

יתומים און יתומה׳לעך פאַר׳חלומ׳ט־בלייכע,
קינדער פון דעם פאָלק פון שיר־השירים און פון איכה,
קינדער פון גענשע, סמאָטשע, סטאַווקע, ניזקע,
וואָלינסקע, שמאָלע מילע
(עס קלינגען איצט די נעמען ווי אַ תפילה),
קינדער פון קעלערן און סוטערינעס,
גרעזלעך אויפגעגאַנגען אויף רואינעס, —
פון אייך דאַרף גיין צו גאָר דער קינדערשאַפט אַ רוף
נאָכצוטאָן דעם ביישפּיל אייערן און אויפשטעלן אַ וועלט,
וואָס זאָל אַרויסקלינגען פון אייך
ווי לויטערע מוזיק —
און אויפבויען די נייע רעפּובליק.

און אויפבויען די נייע רעפובליק... פאַרגעס אָבער נישט, דאָקטאָר, אַז במשך דער צייט וואָס עס שטייט די היים אויף קראָכמאַלנע, קרוב צו אַ יאָר דרייסיק, האָט זי נישט אַרויסגעגעבן קיין איינציקן נייען מענטש, אַז נאָכדעם ווי דיינע קינדער האָבן זי פאַרלאָזט האָט די וואָר זיי נישט געשווינט, זיי איינגעשפּאַנט אין אירע אַלטע זשאַווער־יאָרן, און אין מדבר פון דער וועלט איז דיין היים זיי געבליבן אַ מיראַזש בלויז, אַ מיראַזש.

היטלער׳ס שאָטן צעלייגט זיך ברייט אויף פּוילנ׳ס פעלדער קעגן דעם מענטשנ׳ס אונטערגייענדיקער זון. פּוילנ׳ס הערשער גייען אויף יאַגד מיט דעם בייכיקן גערינג אין די וועלדער פון ביאַלאָוועזש. עס זידט אַרום און זידט דער זשיד־זשיד, זשיד־זשיד, און אויף ייִד און גאָט צוגלייך פאַרמעסטן זיך די אַלע, וואָס אַ פעדער אין אַ ייִדנ׳ס האַנט מיאוס׳ט זיך צו דערמאָנען די נעמען זייערע. די סוואַסטיקאַ פּראַלט אויף איר שלונד — און וואָס איז קעגן אַ סוואַסטיקאַ־מדינה דיין ציטערדיק־חלומ׳דיקע קינד־מדינה, גאָלדשמיט?

דו ייִד, דו גאָלדשמיד, ווי קאָנסטו אין אַזאַ מין וועלט זיצן און שמידן דיין גאָלד?

## 4) אין לאַנד ישראל

ער איז אויך דאָרט געווען... עס שפּאַצירן אין דער געגנט פון עין־חרוד, אין איינעם אַ רו־טאָג, צוויי: אַ קיבוצ׳ניק, אַן אָפּשטאַמיקער פון פּוילן, און אַ גאַסט — דר. גאָלדשמיט, גערופן קאָרטשאַק, אַ פאַרטראַכטער, געזעצטער, אַביסל געבויגענער מענטש, מיט ווייסע פעדעם אין שמאָלן בערדל, מיט טריט שטילע, ווי ער־וואָלט זיך געשעמט אָנרירן די ייִדישע ערד.

זאָגט דער גאַסט: כ׳געדענק — מיט יצחק גרינבוים׳ען געפירט אַמאָל סטודענטישע דיסקוסיעס. וואָס האָט ער געוואָלט? ציון זאָל די וועלט זיין. איך — די גאָרע וועלט זאָל זיין ציון.

— און ווער פון אייך — פרעגט דער קיבוצ׳ניק — איז, ווערליק דיר, גערעכט געווען?

— גערעכט? ביידע. נאָר אַזוי לאַנג ווי די וועלט וויל נישט ציון זיין, נאָר אַ חזיר־שטאַל, דאַרף ציון די וועלט זיין.

ער קוקט זיך אום, ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס.

— איך וואָלט אויפגעשטעלט אין ירושלים דעם מאָנומענט פון אומבאַקאַנטן יתום. נאָר דאָס איז דאָך בלויז אַ סימבאָל. איך וואָלט אויפגעשטעלט אין ירושלים אַ וועלט־צענטער פאַר גייסטיקייט. דער גייסט איז דאָך אויך אַ יתום אויף דער וועלט, ווי מיינסטו? און דער ערשטער אינטערנאַציאָנאַלער קינדער־קאָנגרעס — אויך

אין ירושלים. נישט אין ניו־יאָרק. ניין. איך, ווידער — איך בין דאָך נאָר —

ער וויל זאָגן עפּעס אַ וויץ וועגן זיך, נאָר ער גיט אַ מאַך מיט דער האַנט: נישט כּדאַי.

אַ הויך־באַגראָזטער שטח. גרעזער שטייען אויף שפּיץ פינגער, ציען דאַרע העלזער צום גאַסט. ער שטעלט זיך אָפּ. האָט ער זיי געקענט צוריק מיט דורות? זיינען זיי דעמאָלט גרעזער געווען, אָדער עפּעס אַנדערש?

ער לאָזט איבער אויף אַ ווייל דעם קיבוץ'ניק, קריכט אַריין צווישן די גרעזער, ווערט פאַרפאַלן אין זיי, שווימט אויף, קוקט אַרום זיך אַ פאַרוואונדערטער ווי אַן אַקאָרשט אַפּערגעקומענער פון אַמאָ־ליקסטן אַמאָל.

אַ האַרב געשריי פון אַ פויגל. אויך דאָס געשריי איז פון ווייטע אַמאָליקייטן.

— וואַנדערנדיק איבער'ן לאַנד, — זאָגט ער דעם קיבוץ'ניק, — האָב איך געזען: עס נידערט פון אַ נאַקעטן משופּע'דיקן באַרג אַן איינזאַמער בוים. אַזוי האָט אַמאָל געמוזט נידערן פון נאַקעטער הויך אַ נביא, ווען ער האָט געטראָגן זיין וואָרט אין טאָל אַריין.

עס באַפאַלן אים פלוצלינג די אויסלאַכערס, די צונג־אויסשטעע־לערס. שוין לאַנג זיך נישט געוויזן. גראָד דאָ! עס טראָגט זיך דורך אַ ווינט, אַן ארץ־ישראל'דיקער ווינט, און די בייזע ירושה אַנטלויפט פאַר דער ירושה פון אַלטע צייטן, וואָס קריגן אַ נייעם פורעם.

ער שווייגט. דערנאָך גיט ער אַ מורמל צו זיך:

— חלומות פון אַן אָפּגעשניטענעם קאָפּ.

עס פאַלט אים איין אַ פרעג צו טאָן דעם פריינד זיינעם, דעם קיבוץ'ניק:

— אויב ס'איז דאָ אַ גאָט, טאָ וואָס, מיינסטו, איז ער?

— אַ חלוץ, — ענטפערט דער באַגלייטער.

— די צרה מיט מיר איז, — מאַכט קאָרטשאַק, — וואָס איך בין נאָך אַלץ אַ גוי. איך קאָן נישט לייכט ווערן אַזאַ ווי דו. ווען עפּעס ענלעכס צו דעם, וואָס דו זאָגסט, וואָלט געשטאַנען, וואָלט געקאָנט שטיין, ביי סלאָוואַצקי'ן ערגעץ, צי ביי העגע־וואָנסקי'ן, צי ביי וויספּיאַנסקי'ן, וואָלט איך עס דיר, לאַנדסמאַן, באַלד איבער־דעקלאַמירט אויף פויליש, און ס'וואָלט געווען פּאָעזיע, פילאָזאָפיע, פוילישע קולטור. אָבער אויף פויליש ריידן זיי וועגן גאָט אַנדערש. סלאָוואַצקי זאָגט, אַז גאָט האָט ליב מאַכט — ער האָט ליב צעוויל־דעוועטע פערד און צוימט זיי נישט איין. ניטשעאַניזם פאַר ניטשע'ן. און ניטשע האָט דאָך אויך געשטאַמט פון פּאָליאַקן — ניצקי. איך האָב פיינט צעבושעוועטע פערד און איך האָב פאַר זיי מורא. און

אַז אַ ווילד פערד צעטרעט אַ קינד? אויב גאָט איז אַזאַ, ווי סלאָ־וואַצקי מיינט, וואָלט איך געדאַרפט פיינט האָבן גאָט און סלאָ־וואַצקי׳ן. איך בין נאָך אַלץ אַ גוי, מיין פריינד, איך מיין: אַ פּאָליאַק, נאָר איך פיל זיך אַלץ מער ווי אַן אייניקל פון ר׳ הערש דער גלעזער. הערש דער גלעזער האָט זיכער מורא געהאַט פאַר צעווילדעוועטע פערד.

## 5) צוריק אויף קראָכמאַלנע

קראָכמאַלנע צוויי און ניינציק. נאַכט. לינקס און רעכטס שלאָפן די קינדער. דער דאָקטאָר זיצט אין זיין באַגלאָזטן חדר. ער שרייבט צו פריינד זיינע אין אַ קיבוץ — נאָך אַ צווייטן און לעצטן וויזיט אין יידישן לאַנד: „כ׳בין אַלט און ס׳פייניקט אַלץ מער די טעמפּע רשעות פון די, וואָס אויף זייער שפּראַך האָב איך מיך דערצויגן. לאָמיך זאָגן דעם אמת: פאַראַן נאָך אַזעלכע, וואָס נעמען זיך אָן פאַר דעם פּאָליאַק יאַנוש קאָרטשאַק. זיי האַלטן, אַז גאָלדשמיט — דאָס איז אַ קוריאָז בלויז. די מערהייט האַלט פאַרקערט — און איצט ווייס איך: גערעכט איז יענע מערהייט. וואָס וואָלט מיר געקאָנט צוריקגעבן קראַפט? ירושלים, די אייביקע, אָדער אַ גרינער קיבוץ. ווען? ווען איך בין יינגער. דער עיקר: ווען איך קאָן די קינדער מיינע מיטברענגען מיט זיך. מיין לעבן דאָ הערט אויף צו זיין מיין לעבן. צייטנווייז קומט מיר פאָר: ערגעץ, אין אַ קאָס־מישער לאָזשע, זיץ איך און קוק פון אַ לאָרנעט אויף אַ טייוול־אָפּערע, וואָס ווערט געשפּילט אויף דעם ערד־פּלאַנעט. אין אַ קאָסמישער לאָזשע ערגעץ. דאָס זיינען אָבער נאָר מינוטן, פאַר־שטייט זיך. איך אַליין בין אַ טייל פון דער אָפּערע. צוויי זאַכן האַלטן מיך צוגעבונדן: די זאָרג פאַר מיינע קינדער — און די זכרונות, וואָס זיינען מיר געבליבן פון אַן אַלט־יונגער ערד, פון אַ זון, וואָס האָט געלויכטן צו די נביאים און איצט לייכט זי צו חלוצים. טייל מאָל חלומ׳ט זיך מיר אַ צימערל אין ירושלים; אויף אַ טישל — אַ העברעאיש ווערטערבוך, פּאַפּיר, אַ בלייער. אַמאָל בין איך אין טבריה, אין אַ קלויז, — אַ שטומער ייד: קיינער ווייס נישט פון וואַנען איך קום, קיינער ווייס נישט וואָס איך באַדאַרף. אָדער גאָר: הויך אויפ׳ן כרמל, קעגן אויפגעפּראַלטע הימלען, אָפענע ווייטענישן, אָפענעם ים — מיין יתומים־הויז, אַריבערגעבראַכט אויף פליגלען פון וואַרשע, אָן סערטיפיקאַטן... אָן סערטיפיקאַטן . . . וואָס ענגלענדער, ווען מאַנדאַט־מאַכט? עס זינגען פייגל, וואָס איך קען נישט די נעמען זייערע. נייע נעמען טראָגן מיינע קינדער. אַזוי חלומ׳ט זיך. נאָר ס׳איז צו שפּעט.

צווישן יידישע קינדער און פּוילישע איז אַ תהום; איך וויל אים

פאַרשיטן. עס איז צו שפּעט. פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער האָבן זיך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה נישט פאַראייניקט. זיי זיינען נישט פאַראייניקט געוואָרן שפּעטער. איצט גייט צו אַ צווייטער וועלט־מלחמה. ווי טיף ס'ווערן געגראָבן פון אַלע זייטן די תהומות! עס איז צו שפּעט, נאָר איך האָף נאָך אַלץ, אַז עס וועט אויפגיין אַמאָל דער קינד־אינטערנאַציאָנאַל.

„מיינע פריינד, עס חלומ'ען זיך מיר, אַן אַלטן קראַנקן ייד, נייע ווערק. איך האָב אַ ליסטע נעמען: הערשעק'ס נסיעות...דער קליינער מלך דוד דער צווייטער... די תנ"ך־קינדער... און אַזוי ווייטער. פאַרבונדן איז דאָס אַלץ מיט דעם יידישן קינד און דעם יידישן לאַנד... נישט אייביק וועט דאָך הערשן איבער אייך דער ענגלענדער... מיר דאָ זיינען — לעבעדיקע מצבות, און ביי אייך — קינדער־וועגלעך, צוקונפט, צוקונפט... אין אָט די נעכט קומען מיר צו חלום אַזויפיל זאַכן... אַמאָל פיר איך שמועסן מיט מיין פריינד פון דער פּלאַנעטע ד אָ, אַן אַלטן קלוגן פילאָזאָף מיט'ן נאָמען ז י.... ער טרייסט מיך: די ערד איז נאָך יונג, דערפאַר איז זי אַזוי ווילד... זי וועט אַלט ווערן ווי די פּלאַנעטע ד אָ — וועט ביי אייך, אויף דער פּלאַנעטע ערד, אַלץ זיין אַנדערש... און דעם וועג — זאָג איך דעם אַלטן פילאָזאָף ז י פון דער פּלאַנעטע ד אָ — וועט ווייזן ירושלים... מיינע פריינד, ווי וואָלט געווען (פאַנטאַזירן מעג מען דאָך), ווען איך האָב מיר, נישט ווייט, זאָגן מיר, פון כפר גלעדי, אַ נישט־גרויסן צימער אויף אַ פּלאַכן דאַך, און דווקא מיט דורכזיכטיקע ווענט, איך זאָל — בעת'ן שרייבן ביינאַכט — קאָנען אַרויפקוקן צו אייערע שטערן... איר זוכט מיט מי און גערעכטיקייט פאַרשטענדיקונג מיט דער ערד... ס'וועט נאָך קומען די פאַרשטענדיקונג מיט'ן הימל אויך...*)

„כ'געדענק נישט, צי כ'האָב אייך שוין געשריבן: גראָד איצט, אויף להכעיס דעם צ ו ־ ש פּ ע ט, האָב איך אויסגעפּלאַנט פאַר מיין קינדער־היים אַ נייע פאָן. ס'איז בלויז אויף אַ העלפט די פאָן פון דעם קליינעם מאַציוש, דעם קינד, וואָס מיין פאַנטאַזיע האָט געמאַכט פאַר אַ הערשער. מיין העלד איז איצט דער קליינער גלות־וואַנדערער, וואָס איך רוף אים אַזוי ווי איך הייס — ווי איך הייס אויף אַן אמת. דער קליינער גלות־וואַנדערער ה ע ר ש ע ק איז אַ גלגול פון אַ רויט שיינאויגיק יינגעלע פון תנ"ך אַרויס, וואָס האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט גלית'ן, דערנאָך געהערשט איבער ישראל און געזונגען צו גאָט. אָבער מיין וועלט־חלום בלייבט אויך.

*) די לעצטע צוויי שורות זיינען אויטענטישע ציטאַטן. — אצ.

צוריק צו דער פאָן. ס'איז אי מאַציוש'עס פאָן, אי הערשעק'ס. אָבער אויפהויבן זי וועט הערשעק, נישט מאַציוש. איין זייט פאָן — גרין: קאַשטאַן־בליעכץ אויפ'ן פאָן פון סאַמע גליקלעכסטן פעלד־גרין. דער טייטש: וועלט־קינד. פון דער צווייטער זייט: ים־בלויער מגן־דוד אויף אַ פריידיקן הינטער־גרונט פון ווייס. דעם טייטש ווייסט איר. וואָס נאָך? גאָרנישט. דאָס אַלץ האָט אָנגעשריבן אַ מעדיצינער, וואָס ווייס, אַז ער האָט אַ שווערע האַרץ־קראַנקהייט."

## 6) געשטאַפּאָ

ס'איז באַשערט געווען קאָרטשאַק'ן אָנצוטאָן אַ שפּאָגל־נייעם מיליטערישן מונדיר. ער איז גערופן געוואָרן אין דער אַרמיי ווי אַ רעזערוו־אָפיצער. ס'האָט לאַנג נישט געדויערט און ער האָט זיך אומגעקערט צו די קינדער און צו סטעפע'ן. וואָרום איידער וואָס ווען האָט איבער וואַרשע געפלאַטערט די סוואַסטיקאַ. די קינדער־היים איז אַרויסגעוואָרפן געוואָרן פון צוויי־שטאָקיקן הויז אויף קראָכמאַלנע, האָט אַוועקגעוואַנדערט. דעם נייעם מונדיר האָט קאָרטשאַק געמוזט טראָגן אָן עפּאָלעטן. אינגיכן איז דער מונדיר געוואָרן אויס ניי. ער האָט אויסגעזען אַזוי עלנט ווי אַ ייד אין געטאָ. קאָרטשאַק האָט געלאַכט פון דעם געטאָ, פון דעם מונדיר, פון זיך, פון אַ וועלט, וואָס האָדעוועט היטלערס. אין דעם מונדירל איז אים לייכטער געווען צו פאָדערן פאַר זיין קינדער־היים אַ ביסל ברויט, אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ ביסעל צוקער. דער כח פון אַ מונדיר! ער האָט זיך געפּרואווט פאַרשטעלן, ווי אַזוי דער נאַציזם וואָלט אויסגעזען אָן מונדירן. ער האָט אפילו געזאָגט סטעפע'ן: נאַרישע מויד, האָסט זיך נאָך אַלץ נישט דערטראַכט צו אַן אוניפאָרם?

אָבער קיין שום הומאָר וועט דאָסמאָל נישט העלפן. ער פּרואווט טיילמאָל זיך מאַכן נישט וויסנדיק, אַז ער ווייס דאָס.

די געשטאַפּאָ. אַ גרויס געביי אויף אַליעאַ שוכאַ. שוין נישט צום ערשטן מאָל ווערט ער אַהין אַרויסגערופן. דאָרט בושעווען נישט סתם אויסלאַכערישע משוגע־מאַכערס, וואָס זיינען אויסן צו צעטומלען, אַריינצושלעפּן אין כאַאָס און ברענגען דעם מענטש אַ קרבן פאַר אַ שפּילקע־קעפּל. דאָרט בושעווען די פייניקער, די פּאַרטיליקער, די פרעכסטע דם־שונאים פון דעם ווייב־געבוירענעם. דאָרט צעפירן זיי זיך די הענט. דאָרט העלפן זיי מיט פריידיקער פריינטשאַפט די לעבעדיקע מונדירטע פאַרטרעטער זייערע, די סוואַסטיקאַ־דינער. דער אָרעמער טאַטע זיינער האָט געפּרואווט זיך ראַטעווען אין משוגעים־הויז אַריין, וואָרום אין זיינע צייטן

שוין איז די וועלט, ווי אַ צעווילדעוועט פערד, געשפרונגען פון די האָלאָבליעס אַרויס. דערפאַר האָט אין זיין משוגעת זיך אָפגע־שפיגלט אַ שטיק אמת פון דער צוקונפט. דער מענטש איז באַלאַ־גערט. דער מענטש איז באַלאַגערט.

איצט, אויפ׳ן וועג צו דער געשטאַפּאָ, הערט זיך אים דעם טאַטנ׳ס שרעק־געשריי: אָט זיינען זיי! דו זעסט? אָט זיינען זיי!

אָט זיינען זיי, זיינען זיי. זיי הייסן די לעבעדיקע אויספירער פון זייערע באַפעלן איינצונעמען און אויסראָטן די וועלט. און ס׳פעלן נישט צווישן די אויספירער מענטשן פון דער אַזויגערופענער, בלוטיק געוואָרענער גייסטקייט. יענע האָבן געענדיקט אוניווערזיטעטן, ציטירן וועלט־קלאַסיקער, האָבן אַליין ביכער געשריבן, בילדער געמאָלן, מוזיק קאָמפּאָנירט. דער נאַצישער אויפזעער איבער זיין קינדער־היים איז אין ציוויל־לעבן אַליין געווען אַ קינדער־דאָקטאָר: אַ לאַנגער דייטש אין דער אוניפאָרם פון אַ געשטאַפּאָ־מאַן מיט אַ גרינעם סאַמעט־קראַגן, וואָס ווי הויך און דאַר ער איז אַזוי דיק און פעט זיינען די ציגאַרן, וואָס שטינקען צווישן זיינע ליפּן. עס דאַכט זיך: נישט ער זויגט די ציגאַרן, — ער פּייניקט זיי. זאָל ער דאָ הייסן: דאָקטאָר פאָן בלוטענאו. דער לאַנגפיסיקער נאַצי האָט געקאָנט אַריינוואַרפן אין אַ געשפרעך אַזעלכע ווערטער ווי קאַטעגאָרישער אימפּעראַטיוו. נישט דאָס אַליין. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער געוועזענער דייטשישער קינדער־דאָקטאָר האָט געקענט קאָרטשאַק׳ס טעאָריע, ווי ער האָט זי גערופן, און האָט מיט דער זעלבער קאַלטער איראָניע, וואָס האָט געשטעקט אין זיין: הער קאָלעגע, גערעדט וועגן דער קינדער־רעפּובליק, וואָס דער הער קאָלעגע איז איר פּרעזידענט. די טעאָריע וועגן דער זעלבסט־פאַר־וואַלטונג פון קינדער איז יידיש־פאַלש און פון גרונט אויס יידיש־פאַרדאַרבעריש, און וואָס פון איר איז געוואָרן — איז גענוג צו זען, ווען מען גייט אַריין אין דער נעמלעכער רעפּובליק דאָרט, וואו זי געפינט זיך איצט.

צו אָט דעם געשטאַפּאָ־מאַן גייט עס איצט דאָקטאָר קאָרטשאַק.

ווען קאָרטשאַק איז אַריין אין דעם הויז אויף אַלעיאַ שוכאַ, האָט אים דר. פאָן בלוטענאַו דאָסמאָל ווידער גערופן: הער קאָלעגע. ער האָט אפילו באַוויליקט צו באַמערקן: וויר זינד יאַ ביידע אַקאַ־דעמיקער, ניכט וואַר? און ער האָט אים אָנגעוויזן אויף אַ שטול.

ווען דר. בלוטענאַו האָט אים אַ זאָג געטאָן: זי זינד יאַ איין זאַו־יודע, הער קאָלעגע, — האָט זיך קאָרטשאַק צעלאַכט איבער דער אויסטערלישער קאָמבינאַציע פון די ווערטער הער קאָלע־גע און זאַו־יודע.

דער דייטש האָט שטרענג אַ קוק געטאָן אויף אים. אין זיין

בייזיין לאַכט מען נישט. אָבער אין קאָרטשאַק'ן האָט זיך אויפֿגעוועקט דער הומאָר. ווער ווייס? עס וועט נישט העלפֿן, אָבער פּרואוון מעג מען דאָך. ער האָט דערציילט סטודענטישע וויצן. ס'האָט זיך דערוועקט אין אים זיין טאַטע און ער האָט נישט־ווילנדיק גענומען נאָכמאַכן דעם טאַטענ'ס גרימאַסן. ס'האָט אים אַרויסגעהאָלפֿן די קינסטלערישע פֿאַנטאַזיע. ער האָט זיך דער־מאָנט און געפּרובט אויסנוצן קאָמיש־אויסטערלישע זאָגענישן פֿון זיין פּיעסע: דער סענאַט פֿון משוגעים, וואָס סטעפֿאַן יאַראַטש האָט געהאַט אויפֿגעפֿירט אין טעאַטער „אַטענעאום". דער דייטש האָט נישט געלאַכט, ער האָט נישט געוואָלט לאַכן. ער האָט אַ גענעץ געטאָן, אויסגעצויגן די לאַנגע שטאָרך־פֿיס אונטער'ן שרייב־טיש, עפּעס געטראַכט און צום סוף געזאָגט: זי האַבן איינען גוטן יידישן שווינדל־קאָפּף.

דאָס האָט געדאַרפֿט זיין אַ מין נאַצישער קאָמפּלימענט. נישט אומזיסט האָט ער אים, — אמת, מיט קאַלטער איראָניע און אָפּט מיט אַ צוגאָב עפּיטעטן פֿון נאַצישן לעקסיקאָן, — גערופֿן הער קאָלעגע. עס קאָן, ווען מען וועט דאַרפֿן, אויסגענוצט ווערן די אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציע פֿון אָט דעם פּוילישן ייד, וואָס האָט אונטער אַ סלאַווישן נאָמען — זיך אַזוי כיטרע אַריינגעגנב'עט אין דעם צוטרוי פֿון אויסלענדישע אַרישע קרייזן און גייט אָן פֿאַר אַ דענקער און רעפֿאָרמאַטאָר. דר. פֿאָן בלוטענאַו האָט דענסטמאָל שוין געוואוסט, אַז וואַרשעווער געטאָ וועט ווערן ליקווידירט — און אַז פֿאַר'משפּט אויף פֿאַרלענד זיינען אויך די קינדער פֿון קאָרטשאַק'ס דאָנערקרויץ־פֿאַרדאַמטער יידן־שווינדלערישער קינ־דער־רעפּובליק, וואָס איר אָנפֿירער לויפֿט אַרום איבער'ן געטאָ צו שנאָרן פֿאַר זיי שפּייז־פּראָדוקטן, האַ־האַ, און גלויבט, אַז די נעמ־ליכע אַזויגערופֿענע קינדער־רעפּובליק וועט איבערלעבן דאָס טויזנט־יעריקע רייך פֿון דעם פֿירער. צוגלייך איז דר. בלוטענאַו זיכער געווען, אַז מיט דער גאַנצער פֿאַרדאַמטער זעלבסט־סוגעסטיע וועט זיך דער יודע גאָלדשמיט אָנכאַפּן אָן דער מעגלעכקייט לעבן צו בלייבן, וועט אין דער לעצטער מינוט פֿאַרראַטן סיי די שמוציקע לאוז־בובן, די נעגראָאידאַלע יידן־קינדער, סיי זיין אייגענע, מיט פֿאַרדאָן צו מעלדן, אידייע. פֿאַר דעם פּרייז פֿון אַ הינטיש ביסל לעבן וועט דער יודע באַשטעטיקן אַלץ, וואָס מען וועט הייסן באַשטעטיקן, לייקענען פֿאַר'ן אויסלאַנד אַלץ, וואָס מען וועט הייסן לייקענען. אַזאַ איז עס שוין, דיזעס יודען־געזינדל, האַ־האַ, אַזוי און נישט אַנדערש. הייל היטלער.

ער האָט קאָרטשאַק'ן געזאָגט באַפֿעלעריש, אַז ער מיט זיינע קינדער מוזן זיך תיכף אַריבערפּעקלען אין קליינעם געטאָ.

קאָרטשאַק האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

— איך זע, אַז דו טרויערסט וואָס מע נעמט דיר צו דיין טעריטאָריע, — האָט גע׳חוזק׳ט דר. בלוטענאַו. — אייך יידן גייט עס גוט אין געטאָ, איר פּאַסט אייך צו צו יעדער לאַגע, און דאָך זייט איר אומדאַנקבאַר. איר זייט אומצופרידן. איר זייט ווי אַ מאַן, וואָס טרויערט ווייל ער טראָגט נישט קיין גאָלדענע שיך. ער ווייס נישט, אַז מען וועט אים אינגיכן מוזן אָפּשניידן די פיס.

## 7) ערב פּאַרטיליקונג

יידן זיינען געשטאַנען אויף די גאַסן פון וואַרשעווער געטאָ, שטודירט די פּלאַקאַטן וועגן דער אויסזידלונג און געמאַכט פּירושים. מ׳האָט זיך געטרייסט, אַז וואַרשע איז נאָך אַלץ וואַרשע, דאָס האַרץ פון יידישן פּוילן, אַז עס איז אַנדערש, אינגאַנצן אַנדערש ווי די איבעריקע געטאָס. ס׳איז פּשוט: אַרויסגעשיקט וועלן ווערן אויף אַרבעט פאַר די דייטשן — ערגעץ „אויפ׳ן אָסטן״ — נאָר די „נישט נוציקע״. עס קאָן קיין רייד נישט זיין וועגן דעם, אַז וואַרשעווער געטאָ זאָל ווערן ליקווידירט. ס׳האָט זיך, אגב, געמאַכט אַזוי, אַז ביי די אויסזידלונג-פּלאַקאַטן איז געהאַנגען נאָך אַ פּלאַקאַט, וואָס פון אים האָבן אַראָפּגעשריגן די ווערטער: דער וועג צו גליק. ס׳איז געווען אַ מודעה וועגן אַ נייער יידישער פּיעסע, אויפגעפירט אין געטאָ.

ווידעראַמאָל איז קאָרטשאַק אַרויסגערופן געוואָרן אין דעם געשטאַפּאָ-בנין אויף אַלעיאַ שוכאַ. ער האָט נישט געהאַט עפּעס בעסערס אָנצוטאָן, האָט ער אַלץ נאָך געטראָגן זיין שטאַרק-אָפּגענוצטן מיליטערישן מונדיר. די פיס זיינען ביי אים געווען געשוואָלן. זיי האָבן ווי געטאָן, נאָר ער וועט דאָך נישט גיין מאַכן אַן אויסגעהונגערטן געטאָ-ייד פאַר זיינעם אַ ריקשאַ. אַחוץ דעם האָט ער געהאַט אַ קראַנק האַרץ. אָבער מיט וואָס איז ז י י ן האַרץ אַ יחסן? אַז אַ געטאָ-ייד זאָל האָבן אַ קראַנק האַרץ איז דאָך קיין וואונדער נישט.

ער איז געגאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט, געגאַנגען און זיך אָפּגעשטעלט. טיילמאָל האָט ער זיך אָנגעלענט אָן אַ מויער. ווי-עס-איז האָט ער זיך דערשלעפּט צום בנין, וואוהין פאָן בלוטענאַו האָט אים אַרויסגערופן. יענער איז געווען תלינ׳יש-פריינטלעך.

— דאָס געשפּרעך איז קאָנפידענציעל. פערשטאַנען? איך זאָג: קאָנפידענציעל.

— איך פאַרשטיי.

— געוויס פאַרשטייסטו. דו ביזט דאָך אַן אינטעליגענטער שייס-יודע, הער קאָלעגע. אַלזאָ: דאָס דריטע רייך האָט גענוג די פּאַראַ-

זיטן פון וואַרשעווער געטאָ. און די קינדער פון דיין שמוציקער קלאָאַקע, הער יודע, די פון דער אַזויגערופענער קינדער־רעפּובליק? זייער צאָל איז קאָלאָסאַל, צוויי הונדערט, נישט וואַר? ריינער פּאַראַזיטיזמוס. אַז די יידן זיינען פּאַראַזיטן, פינקטלעכער: אינ־זעקטן, דאָס זאָגט אייער מאַרקס, דער מיט דער ראַבינישער באָרד. די יידן, זאָגט מאַרקס, האָבן זיך פאַרקליבן אין די שפּאַלטן פון דער פּאָלנישער ווירטשאַפט ווי געוויסע אינזעקטן. זיי זיינע אַלע אינזעקטן. וואָס מען טוט מיט אינזעקטן איז באַקאַנט, ניכט וואַר? דיך, קאָלעגע יודע, קאָנען מיר אויסנוצן צוליב געוויסע צוועקן. מיר האָבן עס שוין אָנגעדייט, יאַוואָל. ווילסטו לעבן אָדער נישט? יאָ אָדער ניין? די צייט איז קורץ.

הינטער קאָרטשאַק'ס ברילן האָט עפּעס אַ בליץ געטאָן.

— וואָס פאַר אַ נוצן קאָן אייך ברענגען אַן אינזעקט?

— מיר דאַרפן אַן אינזעקט, וואָס זאָל לייקענען פאַר'ן אויסלאַנד די אויסראָטונג פון די אינזעקטן. מיר האָבן נאָך אַנדערע פּלענער.

קאָרטשאַק האָט זיך אויפגעשטעלט, גאָרנישט געענטפערט, זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג.

פאָן בלוטענאַו איז אויפגעשפּרונגען אויף די לאַנגע פיס.

— וועסט מיר נאָך די הענט קושן, קאָלעגע שייס־יודע! אויך אַ וואַנץ וויל נישט צעקוועטשט ווערן.

פון דער לעצטער סענטענץ האָט ער אַזוי אָנגעקוואָלן ווי זי וואָלט געווען אַ שעדעוור פון חכמה. פון גרויס איבערגענומענקייט האָט ער זיך אַליין אַ שמיץ געטאָן מיט'ן שפּיצרוט איבער די שטיוול.

ער איז טענצלדיק אַוועק צו זיין טיש, זיך ברייטלעך אַוועקגעזעצט און זיך גענומען רייניקן די נעגל.

## 8) בונט און וויכוח

קאָרטשאַק האָט זיך פאַרשלאָסן אין דעם קליינעם צימערל, וואָס ער האָט געהאַט אין דעם איבערגעוואַנדערטן יתומים־הויז, אין זיין אַזויגערופענער איזאָלאַטקע. ער האָט פון צייט צו צייט געדעדט צו אַן אומגעזעענעם, ווי ער וואָלט זיך מיט אים אַן עצה געהאַלטן.

דעמזעלבן טאָג איז סטעפע'ן אויסגעקומען צוריידן מיט איינעם פון די, וואָס האָבן געוואוסט דעם טייטש פון דער אויסזידלונג. זיי האָבן זיך געהיים באַוויזן אַריינצושמוגלען אין וואַרשעווער געטאָ פון די דייטשע שחיטות אויף דער פּראָווינץ. זיי האָבן געוואוסט: אויסזידלונג איז טרעבלינקע, טרעבלינקע איז אומברענג, און וואוהין צו אַנטלויפן איז נישטאָ. דאָס געטאָ איז אָפּגעשלאָסן אַזוי, אַז אַרויסשמוגלען זיך אויף דער אַרישער זייט וואָלט אפילו אַ פליג נישט געקאָנט. און נישט נאָר וואַרשעווער געטאָ וועט ווערן

ליקווידירט — די דייטשן האָבן באַשלאָסן צו ליקווידירן איינמאָל פאַר אַלעמאָל דאָס יידישע פאָלק.

סטעפע האָט זיך אַריינגעריסן אין דער איזאָלאַטקע צוזאַמען מיט אַבראַשאַ'ן, דעם בלייכן, שוואַרצאויגיקן יינגל מיט די געדיכט־צונויפגעוואַקסענע ברעמען, און איר פּנים איז געווען אַרויסרופעריש און שטרענג. אַבראַשאַ איז געווען סיי איר, סיי דעם דאָקטאָר'ס ליבלינג. נישט איינמאָל האָט אים סטעפע געטוליעט צו זיך, געקושט, געהאַלזט, און ס'איז איר פאָרגעקומען: די קושן, וואָס אַבראַשאַ קריגט פון דעם דאָקטאָר, גייען אַריבער צו איר. ס'איז איר ליב געווען צו חלומ'ען, אַז אַבראַשאַ איז אַרויס פון איר טראַכט. זיינע, אַבראַשאַ'ס טאַטע־מאַמע, זיינען זי און דער דאָקטאָר. שוין נישט: אונזערע קינדער, נאָר — אונזער ק י נ ד.

קיינער האָט נישט געוואוסט דעם יתומ'ס אָפּשטאַם. ער איז עפּעס ווי געבוירן געוואָרן אַ יתום. בלויז דער נאָמען, אַבראַשאַ, האָט עדות־געזאָגט, אַז ער שטאַמט פון וואַרשעווער ליטוואַקעס.

זיי זיינען געווען בונטאַריש, סיי ער, סיי סטעפע. אַבראַשאַ האָט גערעדט ווי אַ דערוואַקסענער. ס'האָט זיך געדאַכט: זיינע צונויפּ־געוואַקסענע ברעמען זיינען איין שוואַרצע צאָרנדיקע ברעם. ער האָט געזאָגט, אַז מע האָט אים און די אַנדערע קינדער געדאַרפט לערנען ווי אַזוי זיך אַנטקעגנצושטעלן, ווי אַזוי צו האַלטן געווער און צוריקשלאָגן. מע האָט זיי איינגעוויגט אין נאַרישקייטן, געלערנט שפּילן אין קינדער־געריכטן, קינדער־פּאַרלאַמענטן, גערעדט וועגן אַ קינדער־רעפּובליק, איינגעפירט אַ קינדער־צייטונג, געמאַכט פאָרשטעלונגען, איינגערעדט די קינדער, אַז זיי זיינען פּיאָנערן פון אַ נייער וועלט. געוויס, מ'האָט אַכטונג געטאָן אויף געזונט, אויף ריינקייט, אויף גימנאַסטיק. מ'האָט געלערנט אויך. פאַר'ן איינפיר פון געטאָ האָט מען געמאַכט אויספלוגן, געזונגען אויספלוג־לידלעך, פאַרבראַכט אַ פּאָר וואָכן אין אַ זומער־קאָלאָניע. איז דאָס וואויל, אָבער וואו איז געווען דער עיקר? אַנשטאָט לערנען צו זיין גערעכט האָט מען געדאַרפט לערנען שטאַרק צו זיין, וויסן ווי געווער צו האַלטן — געווער!

— מיר וועלן אַלע, קליין און גרויס, אומגעבראַכט ווערן, — האָט זיך אָנגערופן סטעפע. — רעדסטו זיך אפשר איין, אַז עס וועט נאָך בלייבן עמיצער, וואָס מע וועט ביי אים קאָנען אויסשנאָרן אַ פּאָר קאַרטאָפל, אָדער אַביסל צוקער?

דער דאָקטאָר האָט ביטער אַ שמייכל געטאָן.

— ביזט מיר געקומען מוסר זאָגן, — האָט ער אַ ווענד־געטאָן דאָס פּנים צו איר, — אָדער דו האָסט אַ פאָרשלאַג?

— איך האָב! פונאַנדערלאָזן דעם אינטערנאַט! זאָגן די קינדער

דעם אמת. מיר קאָנען זיי נישט געבן קיין שוץ. אויב אפילו בלויז איינער פון זיי, אָדער צוויי, וועלן זיך ראַטעווען — איז עס נישט ווערט? זאָג!

— זיך ראַטעווען... גלויבסט אין נסים?

— ניין, אָבער אין אַ וועלט פון אומזין און צופאַל קאָן אפילו ד אָ ס פּאַסירן.

— פאַרשטייסטו נישט, אַז דאָס הייסט לאָזן אונזערע קינדער אויף הפקר?

— דיין גאָט האָט געלאָזט אויף הפקר אַלעמען.

— מיר מוזן טראָגן די אחריות פאַר דעם מינדסטן נאָגל פון יעדן קינד באַזונדער. אחריות ביז צום סוף. און גלויבסטו, אַז די קינדער וועלן פאָלגן ווען מיר זאָלן זיי אפילו הונדערט מאָל, ווי דו זאָגסט, פונאַנדערלאָזן? זיי וועלן נישט גיין. פאַר קיין שום פאַל וועלן זיי נישט גיין פונדאַנען. פאַר קיין שום פאַל.

— איך וואָלט מיך אָנגעשלאָסן אָן דער געהיימער יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס וויל צוגרייטן אַ ווידערשטאַנד, — האָט אַבראַשאַ געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. — אָבער וואָס פאַר אַ געווער האָבן זיי? בלויז איין איינציקן רעוואָלווער. זיי וועלן נאָך האָבן רעוואָלווערן, קוילן, גראַנאַטן, אָבער ביז דעמאָלט וועל איך — וועלן מיר — שוין אויף דער וועלט נישט זיין. צווייטנס... קאָן איך איבערלאָזן דעם הער דאָקטאָר, די פאַננאַ סטעפאַ, מיינע חברים? איך קאָן נישט. ניין, ניין.

דער דאָקטאָר האָט אַרומגענומען אַבראַשאַ'ן.

— איך האָב נאָך, — האָט דער דאָקטאָר געזאָגט, — פריינט אויף דער אַרישער זייט און זיי האָבן מיר צוגעשטעלט אַרישע פּאַפּירן, נאָר איך האָב זיי שוין לאַנג געלאָזט וויסן, אַז איך וועל די אַרישע פּאַפּירן זייערע קיינמאָל נישט נוצן. כ'וועל נישט אַנטלויפן ווי אַ מויז פון אַ שיף וואָס גייט אונטער. איך בין מיט מיינע קינדער ביז צום סוף. נאָר זאָג מיר, מיין זון, איך בעט דיך: וואָס וואָלטן מיר געטאָן, ווען עס געשעט אַ נס און מיר קריגן יאָ אַביסל געווער? וואָלט עס אונז געהאָלפן?

— ווען עס וואָלט זיך אויף אונזער הויף דערהערט זייער „יודן, ראַוס", וואָלט קיינער פון אונז נישט אַראָפּ צו זיי. זיי וואָלטן אַרויף צו אונז. איך און אַנדערע קינדער, פון די עלטערע און די מוטיקערע, וואָלטן געגנוצט קעגן זיי געווער — און מיר וואָלטן... מיר וואָלטן אומגעקומען מיט כבוד.

דער דאָקטאָר האָט אַ זיפץ געטאָן.

— איך פאַרשטיי, זונעלע, איך פאַרשטיי.

— הער מיך אויס, סטעפע, — האָט ער זיך אַ קער געטאָן מיט'ן

פּנים צו איר. — דו דאַרפסט דאָך יאָ וויסן, אַז איך בין נישט קיין טאָלסטאָיאַנער. געדענקסט מיצקעוויטש׳עס „אָדאַ דאָ מלאָ־דאָשטשי״? מיר האָבן דאָך דאָס יונגערהייט אַלע געלערנט אויף אויסנווייניק.

„געוואַלט זאָל אָפּגעשטויסן ווערן מיט געוואַלט!״ כ׳האָב געקעמפט, בין יונגערהייט אַיין מאָל אויך אין פּאַוויאַק געזעסן . . . האָב איך נישט געלערנט די קינדער אונזערע, אַז קאַמף פאַר גערעכטיקייט איז דאָפּלט — קאַמף פאַר זיך פונקט ווי פאַר יענעם? האָב איך זיי דאָס נישט געלערנט? און האָב איך נישט געזאָגט, אַז לעבן איז אַ שלאַכט, נאָר מען דאַרף דאָס לעבן איבערבויען אַזוי, עס זאָל אויפהערן שלאַכט צו זיין?

— דאָס איז אָבער אוממעגלעך, — האָט אַבראַשאַ אַריינגעוואָרפן ווי אַ גרויסער, — אוממעגלעך. מען האָט אונז געדאַרפט לערנען איינס: צו זיין סאָלדאַטן. גוטע סאָלדאַטן. האָט דער דאָקטאָר געטראַכט וועגן געווער כאָטש איצט, איצט — ?

— כ׳בין געווען אויף דער אַרישער זייט, ביי מיינע פריינד... גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן. זיי האָבן בלויז פאָרגעלייגט: מיר וועלן דיך אויסבאַהאַלטן; ביסט אַ פּאָליאַק. דאָס אַלץ. איבעריקנס, ווער האָט דאָס דיך אַלץ אויסגעלערנט? פריילין סטעפע?

סטעפע האָט כמעט געשריגן.

— האָסט געוואָלט אַ גרויסע זאַך, נאָר דו ביסט באַנקראָט. האָסט געדאַרפט פאַרשטיין באַלד פון אָנהויב, אַז אויך גערעכ־טיקייט דאַרף האָבן אַ ביקס.

— אפשר... און דאָך — ווייסטו ווי גערעכטיקייט ווערט איינ־געפירט? דורך גערעכטיקייט, — האָט קאָרטשאַק געזאָגט מיט דעם צער פון אַ פאַרשפּילער און מיט דער פעסטקייט פון איינעם, וואָס וויס. — אַזוי איז עס, מיין קינד.

ס׳האָט סטעפע׳ן שאַרף אַ שטאָך־געטאָן זיין טאַטע־טאָן. וואָס פאַר אַ קינד איז זי אים? אַן אַבראַשאַ אין אַ קליידל?

— הענריק, — האָט זי געגומען ריידן גיך, קוקנדיק נישט אויף אים, נאָר פאַרביי. — איך בין דיר נאָכגעגאַנגען דרייסיק יאָר, העכער דרייסיק יאָר. אָבער נישט דאָס, נישט אַזוי איז דער מענטש!

— עס קומט אַ צייט, ווען די שענסטע חלומות ווערן אומזין, — האָט אַבראַשאַ אַריינגעוואָרפן.

— פריילין סטעפע׳ס תורה׳ס? — האָט שטיל, ווי אַ פאַרשול־דיקטער, אַרויסגערעדט דער דאָקטאָר.

— דאָס, הער דאָקטאָר, האָט מיך די לאַגע געלערנט.

אַבראַשאַ האָט זיך געפילט באַליידיקט. ער האָט נישט געלייענט

די קינדער־צייטונג, האָט זעלטן זיך געלאָזט אויסקלייבן אין קינ־דער־פּאַרלאַמענט אָדער אין קינדער־געריכט. ער איז געווען אַ פּרי־רייפער, אַן אַלייניקער, געשריבן זאַכן, וואָס ער האָט קיינעם נישט געוויזן.

— הייסט עס, דאָס אַלץ איז אַ משוגעת געווען? — האָט דער דאָקטאָר גערעדט הייזעריקלעך. — איך בין אָבער גענוג משוגע צו מיינען: אַ משוגעת, וואָס איז וויכטיקער ווי אַלע אמת'ן.

— וואָס קאָן וויכטיקער זיין ווי דער אמת? — איז סטעפע אויפגעשפּרונגען אַ צעפּלאַמטע.

— אפשר וועלן מיר אויפהערן? — האָט קאָרטשאַק אַ צעטראָ־גענעם לאַך געטאָן.

זיין צעטראָגנקייט האָט סטעפע'ן געפּייניקט. זי האָט זיך געפּרואווט צוימען, ווערן ווייכער, נאָר ס'האָט צופיל געברויזט אין איר.

אַבראַשאַ איז אַרויס פון צימער. אַרויס איז ער שטיל און מיט אַ געפיל שוין נישט פון בונטאַרישקייט, נאָר פון שולדיקייט. דער דאָקטאָר איז אַ מענטש אַן אַלטער און אַ קראַנקער. וואָס קאָן ער טאָן? צוריקדרייען דעם זייגער פון זיין לעבן? ער איז פּאַר'משפּט פּונקט ווי אַלע.

צווישן קאָרטשאַק'ן און סטעפע'ן איז דאָס שווייגן געווען ווייטאָקדיק און לאַנג.

אָנגעהויבן האָט סטעפע:

— הענריק, איך פיל דיר מיט, נאָר איך האָב דיך שוין לאַנג אויפגעהערט צו פאַרשטיין.

— אויב אַזוי, — האָט קאָרטשאַק אַ שפּיל־געטאָן מיט די אויגן,

— בין איך אַ גרויסער מענטש. עמערסאָן זאָגט, אַז גרויס זיין הייסט נישט־פאַרשטאַנען ווערן.

— הענריק, ביזט געוואָרן אבערגלויביש.

— אַ רעאַקציאָנער? נו, פאַרוואָס נישט?

— דו ביזט אַ מענטש פון וויסנשאַפט. האָסט פיינט געהאַט רעלי־גיעזע פאָראורטיילן. האָסט אויסגעלאַכט פאַנאַטיזם, מיסטיציזם און דאָסגלייכן. ביזט געווען אַ פאַרגעשריטענער. מיך האָט נישט געאַרט ווען מיט די קינדער פלעגסטו זאָגן — ווי זיי רופן דאָס — קדיש. ס'איז געווען קאָמיש צו הערן. ס'איז נישט געווען אין מיין געשמאַק. דו ווייסט דאָך: איך בין קאָנפעסיאָנסלאָז, נאָר כ'האָב פאַרשטאַנען: פּעדאַגאָגיק, טאָלעראַנץ. וואָס פאַרשטייען קינדער? זיי ווילן, מ'זאָל קדיש זאָגן נאָך זייערע עלטערן. אָבער ווי דער־קלערסטו דיין לעצטן יום־כיפור־פּראַווען? פון ווען אָן ביזטו אַ פרומער ייד?

— אַ פרומער ייד? — האָט קאָרטשאַק איבערגעפרעגט. — איך?

— ניין? נ י ש ט קיין פרומער ייד? — האָט אונטערגעכאַפּט סטעפע. — הייסט דאָס — אַ היפּאָקריט?

—ביידע זאַכן נישט.

— איך פאַרשטיי דיך אַלץ ווייניקער. האָסט זיך געשאָקלט ווי אַן אַלטער, פּרימיטיווער ייד, געהויבן די הענט אין אַ געשריי. קאָמיש! האָט אויך שפּינאָזאַ געשריגן צו גאָט? דיין גאָט, אויף וויפל איך ווייס, איז געווען שפּינאָזאַ'ס.

— איך האָב געגלויבט אין שפּינאָזאַ'ס פּאַנטעאיסטישער גאָט־פאָרמולע. איצט האָב איך פאַרשטאַנען: גאָט איז אָדער עפּעס, וואָס עקזיסטירט אויף אַן אמת, אַ פּערזאָן, אַן איבערפּערזאָן, אָדער — ער איז גאָרנישט, אַבסאָלוט גאָרנישט. קיין פאָרמולע קאָן ער נישט זיין.

— אַז ער איז אַבסאָלוט גאָרנישט איז אַבסאָלוט ריכטיק, הענריק.

— דיין זיכערקייט איז אַזוי פלאַך, מיין טייערע, אַז זי זעט אַזש אויס ווי טיף.

— אַ דאַנק פאַר'ן קאָמפּלימענט. איך האָב געלייענט דיינע „תפילות פאַר אומגלויביקע". איצט וועל איך עס דיר זאָגן: ס'איז ליטעראַטור, הער דאָקטאָר גאָלדשמיט. וואָס זיינען דאָס פאַר אַ ריידן? איך ליב דיך, באָזשע מוי*), וואָס דו האָסט געשאַפן אַזאַ אינטערעסאַנטע וועלט: אַ זון־סיסטעם און אַ וואַנץ, אַ קאַרטאָפל און אַ ניוטאָן. איך געדענק שוין נישט גענוי. עפּעס ענלעכס. דעם עיקר האָסטו פאַרגעסן. ער האָט באַשאַפן וואַנצן און זון־סיסטעמען? נאַרישקייטן. די צרה איז, ער האָט באַשאַפן ווילדע ווידערשפּרוכן: הענריק גאָלדשמיט און אַ וועלט־באַנדיט היטלער. באַשאַפן? ער? נישט ער איז דאָ און נישט ער האָט באַשאַפן. איך זע נישט קיין שום גאָט. איך זע נאָר נאַצים. איך פרעג ווידעראַמאָל: צו וועמען האָסטו יום־כיפּור געהויבן די הענט? צו וועמען געשריגן? און פריער, פּסח? נאָך וואָס געפּראַוועט סדרים? ביזטו אַזוי נאַריש צו גלויבן, אַז עמיצער אין הימל האָט זיך צוגעהערט? און וואָס זוכסטו אין די אַלע ווערדאַס און זענדאַוועסטאַס, וואָס האָבן זיך געוויזן אויף דיין טיש?

— איך בין איצט אַ מענטש אָן אַ ברירה, סטעפע. אָן אַ ברירה. אויב גאָט וואָלט געווען אַ שפּינאָזאַ־פאָרמולע, וואָלט אַזאַ גאָט גאַנץ גוט געקאָנט דערלאָזן נאַצים. אויך דער גאָט פון די אַלע ווערדאַס איז גאָרנישט פאַר מיר. ס'איז פּאָעזיע, ס'איז פילאָזאָפיע, גאָט איז דאָס נישט. אויב עס וואָלט נ י ש ט עקזיסטירט דער

*) גאָט מיינער.

פערזענלעכער גאָט פון מיין זיידן הערש דעם גלעזער — ווייסטו, וואָס עס וואָלט געווען? ס'וואָלטן גערעכט געווען די נאַציס! איך זאָג נישט, אַז הערש דעם גלעזער'ס גאָט איז זיכער פאַראַן. איך ווייס נישט. איך בין נישט קיין טעאָלאָג. כאָטש אין בלוט בין איך, ווי יעדער ייד, יאָ אַ טעאָלאָג. דו ווייסט נישט, אַז אפילו דו ביזט אויך טעאָלאָגיש, בלאָספעמיש־טעאָלאָגיש, נעגאַטיוו טעאָלאָגיש. איך וועל דיר זאָגן. די צרה איז דאָ גאָר אַן אַנדערע. אויב ער איז דאָ, וואָלט ער געדאַרפט קענען פערזענלעך, אַזוי צו זאָגן, יעדן איינעם פון אונז. פערזענלעך זאָג איך. אָן שום פילאָזאָפיעס. מיר קענען איטלעכס פון אונזערע קינדער, נייןּ? מיר קענען יעדערן פון זיי אויסגעבונדן. מיר טראָגן אחריות פאַר זיי אַלעמען און מיר טראָגן אחריות פאַר יעדערן פון זיי באַזונדער. אָבער... אָבער ער...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. דערנאָך האָט ער גערעדט מער צו זיך ווי צו איר:

מאַסן־קאַטאַסטראָפעס... ברידער־קברים... און אחריות פאַר דעם איינצלנעם וואו איז? אויב נישט קיין אַבסטראַקציע, אויב אַ ממש'דיקער גאָט, אַ פערזענלעכער, מוז יעדער איינער, אַבסאָלוט יעדער איינער, האָבן אַן אייגענעם גורל, ווי ער האָט זיין אייגענע מאָס, זיין אייגענע הויך...

סטעפע האָט אויפגעטאַנצט. זי האָט אַזש אַ פליעסק געטאָן מיט די הענט:

— און ביי דיין פערזענלעכן גאָט איז דאָך אַלץ גלייך. וואָס ווייס ער? מאַסן־קאַטאַסטראָפעס, ברידער־קברים. פול מיט זיי די געשיכטע. טאָ צו וועמען רופסטו? ווידער צו אַ פאָרמולע?

— סטעפע, — איז זיין קול געווען ציטערדיק און וואַרעם, — איך רוף צו אַ היפּאָטעזע. איך בין אַ סקעפּטישער גלויביקער. איך ווייס נישט, נאָר איינער האָט אָנגעהויבן רופן אין מיר, הערש דער גלעזער אפשר.

— דיין פרימיטיווער זיידע האָט געהאַט אַ פרימיטיוון גאָט, וואָס האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט. דער גאָט פון די שפינאָזאַס עקזיסטירט אויך נישט. וואָלט ער יאָ עקזיסטירט, וואָלט אים סיי־ווי דער ערשטער בעסטער נאַצי דערשאָסן.

זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

זי איז שוין געשטאַנען ביי דער טיר. מיטאַמאָל האָט זי זיך אויסגעדרייט צו אים. ווי פאַרוועלקט זי איז געוואָרן! ער פאַרגלייכט זי מיט דער נייגעריקער ענערגישער סטעפאַניאַ ווילטשינסקאַ פון דער ערשטער באַגעגעניש.

אָ, מ'איז יונג געווען — שיין איז זי נישט געווען, אָבער די פרישקייט, די מונטערקייט — דאָס טונקעלע תקיפות'דיקע פייער

פון די אויגן — דער ברייטער זשעסט — וואַרשע — וואַרשע־הינטער־גרונט אין דער שווייץ — דער פּאַרק — יענער פּאַרק — אויך די זון געדענקט זיך — אַ מאָדנע זון — דאַכט זיך, אַ שווייצאַרישע, נאָר ס'איז געווען וואַרשע אין דער זון —

זי וויל, פילט ער, זאָגן עפּעס, נאָר זי וואַקלט זיך.

— סטעפע, איך בעט דיך, האָב נישט פאַר מיר קיין סודות.

זי שווייגט. זי טראַכט. זי איז בלייך. זי זעצט זיך שווער אַראָפּ אויף אַ שטול.

זי רעדט. זי רעדט שטיל.

— ווייסטו, פאַרוואָס אויך איך האָב געפּרואווט מזל אין אַ קיבוץ?

— דו מיינסט, ווען דו האָסט איבערגעלאָזט די קינדער אויף מיר און... אויף די פּאָר אַרויסהעלפער?

— יאָ. ווען איך בין אַנטלאָפן.

— פון וועמען? פון מיר?

— פון מיין משוגענעם ליב האָבן און נישט־געליבט־ווערן... מיט דאַנק האָסטו אָנגענומען די מי פון מיינע טעג. מיר זיינען פריינד. איך ווייס. נאָר וואָס האָסטו געוואוסט וועגן דער פּיין פון מיינע נעכט?

ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ.

— נישט געווען קיין איין נאַכט אפילו... קיין איין נאַכט... פאַר די צענדליקער יאָרן, וואָס כ'האָב אַוועקגעשאָנקען דיר און די קינ־דער... אַז איך זאָל...

זי פאַרשטעלט זיך דאָס פּנים מיט מידע, יתומ'דיקע הענט.

— אַז איך זאָל אויף מיין פאַרשעמטן געלעגער —

ער וואַרפט אַ בליק פון דער זייט.

— ווי האָסטו געזאָגט?

— אַז איך זאָל אויף מיין פאַרשעמטן געלעגער — נישט פריילאָזן, ווי ווילדע פערד, עראָטישע פאַנטאַזיעס... מיט דיר אין צענטער... דאָס פלעגט געשען פאַר'ן איינשלאָפן, דאָס פלעגט געשען נאָכ'ן איינשלאָפן, אין חלום... שוין נישט גערעדט פון מיין טראַכטן וועגן דיר... וואָס פאַר אַ מענטש דו ביזט... און איך בין אַנטלאָפן... פאַר־וואָס דערצייל איך דאָס? איך ווייס נישט. נאָר איך פיל, אַז דאָס איז די לעצטע געלעגנהייט דיר צו זאָגן... אויסצוזאָגן... רוף דאָס ווידוי, רוף דאָס היסטעריע, ווי דו ווילסט... וואָס האָב איך צו פאַרלירן? יאָ, דער קיבוץ... וואונדערלעך... נאָר ערשט דאָרטן האָב איך דערפילט: כ'בין אַ פאַרפאַלענע... פון דער ליבע צו דיר קאָן איך נישט אַוועק... און פון די קינדער אויך נישט... האָסט מיך איינגע־שפּאַנט אין דיין חלום... און היטלער רוקט זיך צו פּוילן אַלץ

נענטער... קאָן איך אייך איבערלאָזן? דיך, די קינדער און.. און מיין דורכפאַל? בין איך צוריקגעלאָפן . . .

— דיין דורכפאַל, זאָגסטו... יאָ, סטעפע... דורכפאַל... דער מענטש איז באַלאַגערט... אָבער — וואָס ווייסן מיר?

ער האָט אַראָפּגענומען די ברילן, זיי לאַנג געווישט און מער גאָר־נישט גערעדט.

## 9) אַ סצענע פון אַמאָל

אַן אויסטערלישע פּאַסירונג פון די יונג־סטודענטישע יאָרן איז נאָך סטעפע׳ס אַרויסגיין קאָרטשאַק׳ן אַקעגנגעקומען, ווי פון ערגעץ צוגעשיקט. ס׳געשעען זאַכן, וואָס מען פאַרשטופּט זיי, מען לאָזט זיי נישט אַרויס, פּונקט ווי עלטערן האַלטן אָפּגעשלאָסן אַ דעפעקטיוו קינד. מ׳קאָן אָפּטומלען אָדער אָפּוויינען אַ לעבן און זיך קיינמאָל נישט כאַפּן, אַז מ׳האָט ביי זיך אַליין צוגערויבט אַן אוצר. עס טרעפט אָבער, אַז די טיר פון דער קאַמער עפנט זיך, דער מאָנסטער שטעקט אַרויס אַ גאָרנישט־מאָנסטערדיק פּנים און זאָגט אויס זיינע אויסבאַהאַלטער אַ סוד.

מיט דער זאַך, וואָס איז קאָרטשאַק׳ן אַנטקעגנגעקומען אומגע־ריכט, ווי ס׳וואַקסט אויס אַ יאָרנלאַנג נישט געזעענער, לאַנג פאַר־געסענער באַקאַנטער אויף אַ ראָג גאַס ערגעץ, — מיט אָט דער זאַך האָט ער זיך געשעמט. סטעפע׳ן האָט ער פון צייט צו צייט דערציילט פון זיינע אויסטערלישקייטן, אַמאָליקע און נישט גאָר אַמאָליקע, כדי צו קאָנען דאָס — צוזאַמען מיט איר — אַרונטערלאַכן. אַלץ, נאָר נישט דאָס. די זאַך איז אים יאָרנלאַנג נישט געקומען אויפ׳ן רעיון, זיך געוואַלגערט אויפ׳ן סאַמע דנאָ פון געדעכענישעו, אין די פינצטערייען. ער האָט זי אויסבאַהאַלטן פון זיך אַליין. ער האָט, אפילו נישט טראַכטנדיק פון איר, זי געפילט — געפילט ווי אַ זינד. ער האָט אַלע זיינע אַנדערע נישט־נאָרמאַלקייטן אַנאַליזירט, אויס־געלאַכט, אַוועקגעשיקט פון זיך, מבטל געמאַכט און אַרויס אַ גאַנצער, פּונקט ווי ער פלעגט אויסלאַכן די אַטאַוויסטישע אויס־לאַכערישע אָנשיקענישן, וואָס האָבן נישט געקאָנט קעגן אים ביישטיין. אַז ער האָט, למשל, געהאַלטן זיין איינצזאַציקע רעדע אויף דער סטודענטן־פאַרזאַמלונג און זיינע קאָלעגן האָבן דערנאָך געלאַכט פון אים צווישן זיך, פלעגט ער צוגיין צו אַזאַ גרופּע לאַכערס, מיטלאַכן מיט זיי און צו־נישט געמאַכט דעם ענין. אפילו אין די אויסערמענטשלעכע א ו י ס ל אַ כ ע ר ס איז געווען עפּעס פון יענער לכתחילה׳דיקער שד׳ישער נישט־ערנסטקייט, וואָס האָט אים לייכט און אַלץ לייכטער געמאַכט דעם צוריקשלאָג. אָבער ד י — אָט די זאַך... זי איז געווען אַזוי ערנסט ווי אַ פאַרברעך. זי איז

געווען אַנדערש. זי האָט נישט געטאָרט זיין, נישט געטאָרט. וואָס איז עס, נאָך אַלעמען, פאַר אַ זיצן שעה'נוויז ביינאַכט אין אַ פּראָזעקטאָריע און זיך איינקוקן אין די פּנים'ער פון טויטע קינדער?

איצט האָט ער עס פונדאַסניי דערזען. ס'האָט זיך אים געשטעלט פאַר די אויגן, און מיטאַמאָל איז עס געוואָרן טיפער מיין. אַ פינגער, וואָס ווייזט: אָט אַהין קוק — אַהינצוצו.

עס איז יענע וואַרשע, די אַמאָליקע, די יונג־סטודענטישע. עס איז שפּעט ביינאַכט. וואו איז ער? אין דער פּראָזעקטאָריע. וואָס טוט ער דאָ שפּעט ביינאַכט? שעה'ן גאַנצע זיצט ער דאָ, דער יונגער סטודענט גאָלדשמיט, פאַרקוקט אין די פּנימ'לעך פון טויטע קינדער. באַצאָלט דעם וועכטער פאַר דעם מאָדנעם פאַרגעניגן, זיצט ער און גאַפט. וואָס דאַרף ער דאָ? וואָס אַזוינס פאָרשט ער?

שטיל. דער וועכטער דרעמלט. אויך די טויטע קינדער זעען אויס ווי זיי וואָלטן געדרעמלט. דער סטודענט קוקט. שעה'ן אַזוי. די נאַכט אַליין וואונדערט זיך. וואָס דאַרף ער דאָ? וואָס איז עס פאַר אַ קוקן?

זיינען די פּנימ'לעך בייז? אויסגעפייניקט, אָבער רואיק. פון די פּנימ'לעך זעט מען, אַז די קינדער וועלן ערגעץ־וואו, פון יענער זייט לעבן, ווערן אויפגעוועקט. ס'איז דערוויילט, דערווייליק. זיי וועלן פון איין לעבן אַריבער אין אַן אַנדערן. דערווייל רוען זיי. ס'איז פאַראַן אומגליק, ליידן, קראַנק זיין, מאָרד, שטאַרבן. אָבער שטאַרבן איז נישט טויט! שטאַרבן איז נישט טויט!

אין איינער פון יענע נעכט שפּרינגט אויף דער סטודענט מיט אַ פרייד־געשריי:

— שטאַרבן איז נישט טויט! נישט טויט! זיי וועלן זיך אויפכאַפּן!

ער שפּרינגט־צו צום וועכטער, טרייסלט אים אויף פון שלאָף, שרייט:

— שטאַרבן איז נישט טויט! אויך מאָרד איז נישט טויט! וואו איז טויט, האַ? וואו איז טויט? איך זע נישט. נישטאָ. דו הערסט? איך האָב דאָס אַנטדעקט, דו בעסטיע איינע, איך האָב דאָס אַנטדעקט!

דער וועכטער טרייבט אים אָפּ פון זיך ווי אַ פליג. לאָז שלאָפן, משוגענער. זיך געמאַכט אַ מאָדע — קוקן אויף טויטע קינדער. איך דאַרף נישט דיין געצאָלט. אַרויס פון דאַנען!

דאָס אַלץ לעבט ער איבער פון דאָס ניי. אים ווילט זיך וואָס גיכער זען אַבראַשאַ'ן און סטעפע'ן.

אין אָוונט פון יענעם טאָג דערציילט ער עס זיי.

ביי אַבראַשאַ'ן גיט אַ ציטער אַ ליפּ. ער לעבט־איבער אַלץ, וואָס דער דאָקטאָר דערציילט. סטעפע'ס פּנים בלייבט פינסטער.

— אפילו ווען דאָס איז מער ווי איינע פון דיינע פאַנטאַזיעס, —

זאָגט זי, — און אפילו ווען די פּנימ'ער פון יענע קינדער האָבן מכלומרשט באַשטעטיקט די נישט־פאַרניכטונג — איז וואָס? לאָמיר זאָגן: פאַרניכטונג איז נישטאָ. נישט פאַרניכטונג, נאָר אייביקייט. נו, איז נישט גענוג, אַז מאָרד איז פאַראַן? די קרבנות ליידן סיי־ווי־סיי. ערגער נאָך: אויב אַלץ איז אייביק, איז דער מערדער אויך אייביק. ער גייט איבער פון איין וועלט אין דער צווייטער. די אייביקייט דיינע איז נאַציש.

— אומפאַרבעסערלעכע סטעפע, — גלעט קאָרטשאַק איר האַנט, — אויב ס'איז דאָ אייביגקייט, איז פאַראַן גאָט. אויב ס'איז פאַראַן גאָט, איז די אייביקייט פון מערדער אַן אייביקע שטראָף פאַר זיי. סטעפע האָט זיך נישט אונטערגעגעבן.

— אויב אייביקייט איז אייביק לעבן, איז זי אייביקער מאָרד. די מערדער מאָרדן אויך אין דער אייביקייט דיינער. האָסט זיך גענומען אין קאָפּ אַריין: גאָט. ווען אפילו יאָ גאָט — איז וואָס? ווען העלפט ער? גיט ער נישט איבער דיך און דיינסגלייכן אין די הענט פון נאַציס?

— מנא... בין איך דען אויף זיין אָרט, איך זאָל וויסן דעם ענט־פער? איך זאָג נאָר, אַז... אַז... איצט... פאַר מיר... פאַר מיר איז גענוג יענע יוגענט־דערפאַרונג —

— וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט דערמיט, וואָס דער וועכטער האָט דיך אַרויסגעיאָגט ווי אַ משוגענעם?

— כ'האָב זי ערגעץ געהאַט אַרונטערגעשטופּט. איצט איז זי אַרויס אויבן. געקומען מיך טרייסטן.

— טרייסט איז גוט פאַר קינדער, הענריק.

— איך בין נישט דאָגמאַטיש. איך קאָן שוין אָבער נישט זאָגן: היפּאָטעזע. ס'איז שוין מער. ס'איז אַנדערש. איך זאָג: אַנדערש —

— אומפאַרגיילעכקייט! אָבער דיין גאָט דאַרף דאָך זיין אַ וועזן. אומפאַרגיילעכקייט איז נישט פּערזענלעך.

— איך פאַרשטיי, איך פאַרשטיי. וועגן דעם גייט עס. וועגן דעם. אָבער איך רייד פון אַ דערפאַרונג. איך זאָג נאָכאַמאָל: איך ווייס נישט. ס'איז אָבער אַנדערש. איבער די פּנימ'ער פון די קינדער איז געלעגן אַ ג ו ט ע ר שלאָף. פאַרשטייסט, סטעפע? אַ גוטער. אַ גאַראַנטיע פאַר אויפוואַך. גאָט, אויב ער איז דאָ, איז גוט. און איך האָב איצט אַ שטאַרק געפיל, כאָטש נישט קיין אַבסאָלוטע איבער־צייגונג, אַז ער —

— איך גראַטוליר אייך, הער טעאָלאָג, מיט אייער גוטן הער גאָט, — האָט סטעפע בייז אַ לאַך געטאָן. זי האָט אים איבערגעלאָזט מיט אַבראַשאַ'ן. איז זי געלאָפן ערגעץ זיך אויסוויינען, אָדער קיין טרערן זיינען שוין נישט געווען, בלויז ביטערע אַנטשלאָסנקייט?

— אַבראַשאַ, איך דאַרף דיר עפּעס זאָגן. גיי נישט אַוועק.
— איך בין נישט קיין פילאָזאָף, — האָט אַבראַשאַ געענטפערט,
— אָבער די געשיכטע מיט׳ן איינקוקן זיך אין די טויטע קינדער איז שיין... אפילו... אפילו ווען זי איז... איך ווייס נישט וואָס...
— נישט וועגן דעם וויל איך מיט דיר ריידן. אויב שטאַרבן פון מערדער׳ס הענט — איז מיט געוועהר. נו, גוט. און אַז מע מוז שטאַרבן אָן געוועהר? איז דאָ אַן אויסוועג. שטאַרבן מיט געזאַנג. מיט געזאַנג שלאָגן דעם מערדער. דער מערדער מוז גלויבן אין פאַרניכטונג, און מוז גלויבן, אַז אויך זיין קרבן גלויבט אין פאַרניכטונג. אַז דער קרבן זינגט אָבער דעם מערדער אין פּנים אַריין —
— ווי אַזוי?
— איינפאַך. מען וועט אונז טרייבן צום אומשלאַג־פּלאַץ. מיר, פון דער קינדער־היים, וועלן גיין אין אַ פּראָצעסיע. ווי צו אַן אויספלוג. איינס, צוויי, דריי, איינס, צוויי, דריי, און מיר וועלן זינגען. דו קענסט דאָך אונזער פאָן. אַבראַשאַ, איך וויל, דו זאָלסט גיין הינטער מיר, טראָגען אונזער פאָן און זינגען. אַלע, אַלע וועלן מיר זינגען. פאַרשטייסט, אַבראַשאַ?
— אויב אָן געוועהר, איז מיט געזאַנג, — האָט אַבראַשאַ זיך פריידיק צעשריגן. ער האָט דעם דאָקטאָר אַ קוש געטאָן. — מיט געזאַנג, מיט געזאַנג!
— נאָך עפּעס, — האָט קאָרטשאַק געזאָגט. — דו ווייסט דאָך, ביי אונז איז אַן איינפּיר: פאָרשטעלונגען. מיר וועלן שפּילן די לעצטע שפּיל. כ׳האָב אויסגעקליבן אַ זאַך. זי הייסט: די פּאָסט. ס׳האָט זי אָנגעשריבן אַן אינדיער — טאַגאָרע. די שפּיל לערנט, נישט מורא צו האָבן פאַר׳ן טויט. טויט איז נישט פאַרניכטונג. פאַרקערט. טויט איז אַ היילער. ווילסט, אַבראַשאַ, שפּילן די הויפּט־ראָל?

## 10) די פאָרשטעלונג

ראַבינדראַנאַט טאַגאָרע׳ס „די פּאָסט״. געקומען געסט צום פאָרשטעל: שטיצער פון יתומים־הויז, די וואָס שענקען ברויט פאַר די קינדער, גיבן געלט אויף מעדיצין וכדומה — משטיינס געזאָגטע געטאָ־גבירים, וואָס אויך זיי וועלן גאָר בקרוב געשלעפּט ווערן צום אומשלאַג־פּלאַץ.

סטעפע האָט פאַרזאַמלט אַלע קינדער. עס רעדט דער אינדיער מיט׳ן מויל פון קינדער יידישע אין געטאָ. אַבראַשאַ שפּילט דאָס קראַנקע אינגל אַ מ אַ ל, וואָס טאָר נישט אַרויס פון שטוב, קוקט דורכ׳ן פענצטער אין גאַס אַריין, פאַרטשעפּעט דעם, יענעם, פאַרפירט אַ שמועס. איצט רעדט ער מיט׳ן וועכטער.

**דער וועכטער:**

עס קלינגט מיין גאַנג, כדי דאָס פאָלק זאָל וויסן,
אַז עס וואַרט אויף קיינעם נישט די צייט —
זי גייט איר וועג פאַראויס, פאָראויסער —

**אַמאַל־אַבראַשאַ:**

ס׳גייט די צייט — וואוהין,
אין ס׳אַראַ לאַנד אַריין?
— — — — — — — — — — — — — — — — — —
כ׳וואָלט מיט דער צייט אינאיינעם
געפלויגן דאָרט אַהין, אין לאַנד דעם נישט־באַקאַנטן.

**וועכטער**

אַ טאָג וועט זיין — און אַלע, אַלע מיר
וועלן גיין אַהין, מיין קינד.

**אַמאַל**

איך אויך?

**וועכטער**

געוויס.

**אַמאַל**

ווי וועל איך קענען
אַרויסגיין, אַז אַרויסצוגיין האָט מיר
פאַרווערט דער דאָקטאָר?

**וועכטער**

קומען קאָן אַ טאָג,
דער דאָקטאָר זאָל אַליין דיך אָננעמען ביים האַנט
און דיך אַרויספירן.

**אַמאַל**

ער וועט נישט וועלן.
דו קענסט אים נישט. דער דאָקטאָר מיינער האַלט מיך
פאַרשלאָסן אין מיין צימער.

**וועכטער**

אַ דאָקטאָר איז פאַראַן אַ גרעסערער פאַר אים
און יענער דאָקטאָר קומט און לאָזט אַרויס אונז אַלע
אויף דער פריי.

**אַמאַל**

ווען קומט ער שוין? ווען קומט
דער גרעסטער פון דאָקטוירים? — — —

וואָס האָבן זיך אַרויסגערוקט די געסט? סטעפע האָט אַ כאַפּ געטאָן די קינדער און איז אַוועק. אַבראַשאַ — וואו איז אַבראַשאַ? די בינע איז ליידיק.

שטייף אויסגעצויגן הויבט זיך די געשטאַלט פון לאַנגן דייטש מיט דעם ציגאַר אין מויל, ד״ר פאָן בלוטענאַו. ער גייט צו צו קאָרטשאַק׳ן. ער בלאָזט אים אין פּנים אַריין דעם רויך פון ציגאַר.

— ווייסטו נישט, אַז אויפפירן ספּעקטאַקלען פון אַריער איז אייך יודן שטרענגסטנס פאַרבאָטן? ווי פאַלט דיר איין אויפצופירן אַזעלכע ספּעקטאַקלען? ביזטו פערריקט? האָסטו געגלויבט, דו מיט דיין יידישן שווינדל־קאָפּ, אַז עפּעס אַזוינס וועט בלייבן אַ געהיימניש?

— יאָ, איך ווייס, — האָט קאָרטשאַק זיך באַמיט צו ריידן וואָס רואיקער. — קיין מוסרים פעלן נישט. אגב, „די פּאָסט״ איז געשריבן פון אַן אַריער, אָבער די אידייע איז אַ יידישע.

— ווירקלעך? דו וועסט אויפגעפּאָדערט צוריק אַריינרופן די באַנדע. זיי זאָלן ענדיקן די שפּיל. ס׳איז אַ באַפעל.

קאָרטשאַק גייט אַרויס, קומט צוריק מיט סטעפע׳ן, מיט די קינדער, וואָס קוקן זיך צו, מיט די קינדער וואָס שפּילן, אַבראַשאַ בראש פון זיי, און עס ווערט פאַרגעשטעלט ווייטער. פאָן בלוטענאַו איז אויפמערקזאַם. די שפּיל גענענט ביסלעכווייז צום סוף.

ס׳איז די לעצטע רגע. דאָס קראַנקע אינגל הערט אויף צו פילן פּיין. ס׳קומט אַריין דער קעניגלעכער הויפּט־דאָקטאָר, דער גוטער היילער, — דער, וואָס מען רופט אים דער טויט.

**דעם קעניג׳ס הויפּט־דאָקטאָר:**

אַצינד זייט אַלע שטיל. איך זעץ זיך אויף זיין בעט.
ער שלאָפט איין ביסלעכווייז. לעשט אויס די אויל־לאָמפּן!
לאָזט אַריין אין צימער ס׳ליכט פון שטערן.
ער שלאָפט שוין. שאַ.

**מאַדהאַוו, אַמאַל׳ס שטיף־טאַטע:**

(צום פעטערל, דעם פאַקיר)
וואָס שטייסטו אַזוי, פעטער?
ווי אַ בילד־זייל — הענט פאַרלייגט... וואָס קומט דאָ פאָר?
נאָך וואָס דאָס לעשן?
ס׳אַראַ נוצן קאָן דאָס ליכט פון שטערן ברענגען?

**דאָס פעטערל**

אומגלויביקער, דו שווייג.

**סודהאַ, די בלומען־פאַרקויפערין:**

אַמאַל, איך בין געקומען.

**דער הויפּט־דאָקטאָר**

ער שלאָפט.

**סודהאַ**

כ׳האָב בלומען אים געבראַכט. צי מעג איך

זיי געבן אים אין האַנט אַריין?

**דער הויפּט־דאָקטאָר**

ער שלאָפֿט.

**סודהאַ**

ווען שטייט ער אויף?

**דער הויפּט־דאָקטאָר**

ווי נאָר דער קעניג קומט און רופֿט אים אָן ביים נאָמען.

**סודהאַ**

איז נישט מעגלעך, זאָלסט דערווייל אים שלאָפֿעדיקערהייט
אַריינרוימען אַ וואָרט פון מיר?

**דער הויפּט־דאָקטאָר**

אַז וואָס?

**סודהאַ**

אַ וואָרט, אַז סודהאַ האָט אים נישט פֿאַרגעסן.

---

דר. פֿאָן בלוטענאַו אַפּלאָדירט. דאָס דאַרף זיין איראָניע. ער הייסט קאָרטשאַק׳ן אַוועקצונעמען פון זיינע אויגן דאָס גאַנצע געזינדל; ווען זיי בלייבן אַליין, זאָגט ער:

— דער יונגע, וואָס האָט געשפּילט דעם אַמאַל, איז באַגאַבט. וועט נישט לאַנג דאָך קינסטלער זיין. דער אינדיער הייסט נישט אומזיסט ראַבינאַדראַנאַט. זיין געדאַנקען־גאַנג איז ווירקלעך ראַביניש. טויט איז נאַטור, נאַטור איז מאָרד, ערגאָ: טויט איז מאָרד. דאָס איז אַ ריכטיקער אַרישער סילאָגיזמוס, וואָס דו און דאָס גאַנצע יודן־מיסט — און אויך דער אינדישער ראַבינער — זענען נישט אימשטאַנד צו באַגרייפֿן. אומזיסט ווילסטו נאַרן דיינע קינדער. טויט איז טאָטאַלע פֿאַרניכטונג. און דאָך — איך וויל, אַז דו זאָלסט יאָ נאַרן די קינדער. אָבער אַנדערש, דו יודע, דו הער קאָלעגע. אַנדערש. אין געטאָ פֿאַרשפּרייט מען קלאַנגען, אַז מען שיקט נישט אויף אַרבעט, נאָר אויף פֿאַרניכטונג. דאָס איז אַבסאָלוט ריכטיק. אָבער מיר ווילן, אַז די, וואָס גלויבן נישט אין דעם — איר יידן זייט נאַרישע אָפּטימיסטן — זאָלן נישט גלויבן ביז צו דער לעצטער מינוט. דו זאָג דיינע קינדער, אַז מיר דייטשן שיקן זיי אויף אַן אויספֿלוג, האַ־האַ. פֿערשטאַנען?

קאָרטשאַק האָט געטראַכט: טויט, זאָגט ער, איז נאַטור, און נאַטור איז מאָרד. אויב אייביקייט איז אייביק לעבן, זאָגט סטעפֿע, איז זי אייביקער מאָרד. דער מערדער זאָגט, אַז נאַטור איז מאָרד, און די אָרעמע סטעפֿע אויך... און וואָס איז נוגע די קינדער...

גוט, — האָט ער געזאָגט דעם נאַצי. — נאָר אויב אַזוי — מוז מען

דאָך ביי די קינדער שאַפן די אילוזיע...

— זיכער, זיכער! האָסטו אַ פאַרשלאַג? דו ביזט דאָך אַ פעדאַגאָג.

— די מאַכט מוז דערלויבן, אַז די קינדער זאָלן זינגען אויספלוג־לידער.

— אויסגעצייכנט! — האָט פאָן בלוטענאַו אויסגערופן. — דו האָסט מיין וואָרט. ביזט אַ שפיצפינדיקער דרעק־יודע. דו וועסט אונז דינען. אַז דו וועסט אונז דינען וועסטו זיך דאָס לעבן פאַר־לענגערן. אויף אַ יאָר מינדעסטנס. אַ גאַנץ יאָר. פאַרשטאַנען? דו וועסט גיין פאָראויס, און אַז דער פלאַמבירטער צוג וועט אָנקומען וועלן די קינדער אַריין אין די וואַגאָנען, און דו וועסט בלייבן. האַ־האַ, אויסגעצייכנט, דאָקטאָר א י נ ז ע ק ט, אויסגעצייכנט.

## 11) דער גאַנג צום אומשלאַג-פלאַץ

דער גירוש פון וואַרשעווער געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן אין דער צווייטער העלפט יולי פון יאָר 1942, און האָט זיך געענדיקט אין אָקטאָבער. די ליקווידירונג פון קינדער־היימען און יתומים־הייזער האָט זיך אָנגעהויבן אין אויגוסט. דעם טייטש פון אויסזידלונג האָבן שוין איצט געוואוסט אַלע.

אין איינעם אַן אויגוסט־באַגינען האָט קאָרטשאַק געפּרוּווט זיך ראַנגלען מיט סטעפע'ן, אַרויסכאַפּן פון איר האַנט אַן אַמפּולקע ציאַנקאַלי. סטעפע איז געווען שטאַרקער פון דעם האַרץ־קראַנקן דאָקטאָר. זי האָט אויסגעפירט דאָס איריקע. פאַר די קינדער האָט דאָס געמוזט בלייבן אַ סוד. בלויז אַבראַשאַ און דער דאָקטאָר האָבן דאָס געוואוסט. ווען אַבראַשאַ האָט זיך ביטער צעוויינט, האָט אים דער דאָקטאָר דערמאָנט: אויב שטאַרבן — איז מיט געזאַנג. אין יענער מינוט האָט איבער'ן הויף, וואו ס'איז געשטאַנען קאָרטשאַק'ס יתומים־הויז, זיך פונאַנדערגעטראָגן דאָס געשריי: „'ראַוס! 'ראַוס!" ס'איז געווען אין דער פרי, אַ הייסער אויגוסט־טאָג איז אויפגעשטאַנען, די זון איז באַפאַלן די הייזער פון געטאָ און זיי געשטיקט. די קינדער האָבן איבערגעלאָזט די קאַווע־טעפלעך און זיינען אַראָפּ. פון פריער האָט קאָרטשאַק געפירט אַ לאַנגן שמועס מיט זיי. ער האָט זיי אויסגעטייטשט טאַגאָרע'ס „די פּאָסט". ער האָט זיי אויך געזאָגט, אַז זיינע קינדער דאַרפן פאַר קיין שום זאַך נישט מורא האָבן. זיי זיינען און זיי בלייבן זיינע קינדער. וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן, ער וועט זיין מיט זיי. ווען מע וועט אויפ'ן הויף אין איינעם פון די טעג נעמען שרייען: 'ראַוס, 'ראַוס — זאָלן זיי אַרונטערגיין שנעל, אָבער רואיק. זיי וועלן מאַר־שירן ווי בעת אַן אויספלוג אין די פאַר־געטאָ־צייטן, צו פינף אין אַ ריי, און וועלן זינגען.

— ווער איר זינגען? זאָגט מיר צו.

— מיר וועלן זינגען, מיר וועלן זינגען! — האָט געשריגן אַבראַשאַ, און נאָך אים אַלע קינדער, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען צו הערן דעם דאָקטאָר׳ס שמועס.

קאָרטשאַק האָט אַרויסגענומען די פאָן, געקוקט אויף איר, זי געגלעט, דערלאַנגט אַבראַשאַ׳ן. ער וועט גיין בראש; אַבראַשאַ נאָך אים — מיט דער פאָן. ווען עס זאָל פּאַסירן עפּעס שלעכטס — איז עס אַלץ גאָרנישט אַזוי לאַנג ווי ער, דער דאָקטאָר, איז מיט זיי. זיי דאַרפן זיך נאָר האַלטן צוזאַמען, מאַרשירן, קוקן צו אים, קוקן צו דער פאָן, און זינגען אויספלוג־לידער, ווי, למשל, דאָס ליד:

מיר גייען, מיר גייען אַרויס אויף דער פריי,
מיר גייען, מיר גייען — איינס, צוויי, דריי,
איינס, צוויי, דריי.
מיר גייען, מיר גייען זאַלבענאַנד,
עס וואַרט אויף אונז דאָס גרינע לאַנד —
מיר גייען, מיר גייען.

סטעפע—האָט ער איצט געזאָגט—איז דאָ אַנומלט, ווען זיי זיינען נאָך געשלאָפן, אַרויסגעפאָרן אין דעם נייעם לאַגער אַריין, וואָס וואַרט אויף זיי, כדי אַלץ צוצוגרייטן. אַז זיי וועלן אָנקומען, וועט שוין סטעפע וואַרטן אויף זיי. אין דער אמת׳ן האָט שוין סטעפע געהאַט אָפּגעטאָן דאָס איריקע: איינגעשלונגען ציאַנקאַלי. וואו זיינען אַהינגעקומען די, וואָס האָבן געהאָלפן אין קיך, ביים וואַשן וכדומה? מ׳האָט זיי נישט געזען.

די קינדער זיינען געגאַנגען.

אַבראַשאַ האָט זיך אָנגערופן צו קאָרטשאַק׳ן מיט אַ ציטאַט פון דער טאַגאָרע־שפּיל:

„היינט האָט די לופט אַן אייגנשאַפט אַ גאָר באַזונדערע״.

קאָרטשאַק׳ס קינדער — אַ באַזונדערע געשלאָסענע מחנה. פאַר־שיידן איז געווען די עלטער פון די קינדער, נאָר סיי זיי, סיי אַבראַשאַ און דער דאָקטאָר, האָבן געזונגען. ווען שטורמיסטן האָבן געבייטשט, האָבן די קינדער דעם ווייטיק פון די שמיץ אַריינגעטאָן אין אַ געהעכערטן געזאַנג. אַזוי לאַנג ווי דער דאָקטאָר איז מיט זיי — מאַכט קיין זאַך נישט אויס. ס׳איז נישט געווען די קראַפט, וואָס זאָל קאָנען אָפּשטעלן דאָס געזאַנג, אויך נישט אין דער רגע, ווען פאָן בלוטענאַו האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַבראַשאַ׳ן, אַרויס־געריסן פון זיין האַנט די פאָן, זי אַראָפּגעשליידערט אויף דער ערד און גענומען טרעטן מיט די פיס. די פאָן איז אים פאָרגעקומען ווי אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס ער צעטרעט צום טויט.

ער איז געווען שכור און פריילעך. ער האָט ביי קאָרטשאַק׳ן

געפּראָוווט אַ רייס־טאָן דאָס בערדל און האָט זיך הייזעריק צעלאַכט. ווען שטורמיסטן האָבן געוואָלט אָפּשטעלן דאָס געזאַנג, האָט ער נישט געלאָזט.

— איז עס נישט אַמיזאַנט, קאַמעראַדן? זאָלן זיי זינגען, די וואַנ־זיניקע הונדעס־שוויינע. איבעריקנס, די מאַכט־אָרגאַנען האָבן עס דערלויבט.

קוקנדיק אויף אים האָבן זיינע חברים מיטגעלאַכט. זיי האָבן פון רעכטס און פון לינקס באַגלייט די פּראָצעסיע, נאָכגעקרימט ס׳געזאַנג, געמאַכט העוויות און זיך איבערגעוואונקען. פון צייט צו צייט פלעגט אַ פייף טאָן אַ שפּיצרוט. די קינדער האָבן געקוקט צום דאָקטאָר, צו אַבראַשאַ׳ן, און האָבן געזונגען.

דערווייל איז מען צוגעקומען צום אומשלאַג־פּלאַץ. ס׳איז אָנגעקומען דער וואַגאָן קיין טרעבלינקע. הונדערט קינדער זיינען אַריין אין איין וואַגאָן, די אַנדערע הונדערט — אין אַ צווייטן. אין דער לעצטער רגע איז פאָן בלוטענאַו צוגעשפּרונגען צו קאָרטשאַק׳ן.

— גלענצנד, — האָט ער געלאַכט, — גלענצנד. און דו, נאַטירלעך, בלייבסט מיט אונז... ווי אָפּגערעדט...

קאָרטשאַק האָט אָפּגעשטופּט זיין האַנט, אויסגעשריען:

— ריר מיך נישט אָן, דו נאַצישער הונט, — און איידער יענער איז צו זיך געקומען פון איבעראַשטקייט, איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויף דער משופּע׳דיקער ברעט, וואָס אויף איר איז מען אַריין אין דעם פלאָמבירטן וואַגאָן.

דער צוג האָט גערירט.

## 12) די דערוואַכונג

דער ערשטער האָט אויף יענער זייט פון דעם, וואָס ווערט גערופן לעבן, זיך אויפגעכאַפּט קאָרטשאַק.

זיינע צוויי הונדערט קינדער, צווישן זיי אַבראַשאַ, זיינען געשלאָפן. סטעפע איז שוין דאָרט געווען פון פריער. זי איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ לונאַטיקערין שלאָפעדיקערהייט. קאָרטשאַק האָט זי לייכט אָנגערירט ביים אַקסל. זי האָט אויפגעציטערט. קאָרטשאַק האָט זי אויפגעוועקט.

— אָט זיינען מיר אַלע דאָ, — האָט ער געזאָגט. — זיי וועלן זיך אַלע אויפוועקן!

זי האָט גערעדט ווי צו זיך: טויט איז נישטאָ, איך זע, אָבער גאָט איז אויך נישטאָ.

קאָרטשאַק האָט געלאַכט.

— וואַרשעווער פּאַני וואָס דו ביסט. ווערדליך דיר וואָלט ער געדאַרפט דיר אָפּשטאַטען אַ וויזיט. ער וואָלט באַדאַרפט אַראָפּ־

נעמען פאַר דיר דעם הוט, זיך פאַרנייגן ווי אַ קאַוואַליר, זאָגן: צאַלויען ראַנטשקי*), און פאַרשטעלען זיך: איך האָב די ערע צו זיין דער פאַן בוג.**)

דאָ, אין די קלאָרע ים־פרישע לופטן, איז קיין אָרט נישט געווען נישט פאַר די אויסלאַכערס און דערנידעריקער, די שלוחים פון כאַאָס, און נישט פאַר יענע אויסערמענשלעכע, וואָס באַדינען זיך מיט'ן מענטש דעם קין כדי אומצוברענגען דעם ברודער זיינעם, דעם אייביקן הבל. דאָ איז אַנדערש געווען דער אָטעם. ס'איז געווען ווינט, וואָס איז צוגלייך געווען גייסט, ווי דער ווינט, וואָס האָט בראשית־צייט געשוועבט איבער די וואַסערן.

זיי האָבן איצט ביידע דורכגעפירט אַן אינספעקציע צווישן די שלאָפנדיקע קינדער — ווי אונטן אויף דער ערד. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו אַבראַשאַ'ן האָט סטעפע מחמת פרייד אַזאַ געשריי געטאָן, אַז אַבראַשאַ האָט זיך אויפגעכאַפּט. אין זיין האַנט איז געהאַט געשלאָפן די פאָן, וואָס אויף דער ערד איז זי געלעגן אַ צעפליקטע. אויך די פאָן האָט אויפגעציטערט און זיך אויפגעוועקט. איר גרין האָט געגרינט אַנדערש, דער בלויער מגן־דוד אויף דעם הינטערגרונט פון ווייס האָט אַנדערש געבלויט. מיט דער פאָן אין האַנט האָט זיך אַבראַשאַ צעזונגען. דער דאָקטאָר און סטעפע האָבן מיטגע־זונגען. פון דעם געזאַנג האָבן זיך ביסלעכווייז איבערגעוועקט אַלע קינדער. זייערע לייבער זיינען געווען דורכזיכטיק. אַלע זיינען זיי געווען אויסערוואָגיק. זיי האָבן זיך ביסלעכווייז פון זיך אַליין אויסגעסדר'ט אין קרייזן, אַ ראָד אין אַ ראָד, און אַלץ צוזאַמען האָט עס אויסגעזען, ווי אַ גרויסער פאַספּאַריזירנדיקער קיילעך. זיי זיינען געווען שווייגיק און נייגעריק. ס'האָט קיינער מער נישט געזונגען. דאָס געזאַנג איז געווען אינעווייניק, אין די אויסערוואָגיקע לייכטנדיקע קערפּערס, וואָס האָבן זיך געמיניעט אין קאָלירן.

פון קעגנאיבער זיינען אָנגעקומען מאַיעסטעטישע פיגורן. זיי האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום אַן עטערישער זאַך, וואָס האָט געהאַט דעם אָנבליק פון אַ טיש. זייערע פּנימ'ער האָבן געשטראַלט, נאָר די שטראַלונג האָט אויסגעזען ווי אַ מאַסקע, וואָס האָט די אמת'ע פּנימ'ער צוגעדעקט. זיי האָבן אָנגענומען מענטש־אויסזען, כאָטש זיי זיינען געווען איבערמענטשיש און אפשר אויך איבער־מלאכ'יש.

— ווער זייט איר? — האָט קאָרטשאַק, דאָס הייסט — הערש גאָלדשמיט, זון פון יוסף'ן, געפרעגט אויף אַ שפראַך, וואָס ער האָט נישט געוואוסט פון וואַנען זי נעמט זיך צו אים.

---

*) כ'קוש די הענטלעך.

**) הער גאָט.

אויף דער זעלבער שפּראַך האָט מילד געענטפערט דער עלטסטער, אַז זיי זיינען דאָס העכסטע געריכט — דער בית־דין של מעלה.

מיטאַמאָל האָבן אַלע גענומען ריידן אויף אָט דער שפּראַך. דאָ ווערן געגעבן בלויז איבערזעצונגען פון רייד.

— וואָס ווילט איר? — האָט קאָרטשאַק שטרענג געפרעגט. — אָפּהאַלטן אַ געריכט איבער אונז?

— איבער אונז? — האָט אַ געשריי געטאָן אַבראַשאַ — מיר ווען משפּט׳ן אייך, נישט איר — אונז!

צאָרנדיק האָט ער געפּאָכעט מיט דער אויפגעלעבטער פאָן, וואָס האָט געצאָרנט צוזאַמען מיט אים.

די פיגורן האָבן זיך געשושקעט. זיי זיינען געוואָרן פּאַראומערט. די ליכט־מאַסקע האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פון זייערע פּנים׳ער. די שטראַלנדיקע שטולן האָבן זיך פאַרפינסטערט און זיך — צוזאַמען מיט׳ן טיש — ערגעצוואו אַוועקגערוקט.

— מיר פאַרשטייען, — האָט געזאָגט דער עלטסטער.

— מיר דאַרפן קיינעם נישט — מיר דאַרפן אים אַליין, — האָט געזאָגט דאָקטאָר גאָלדשמיט.

— אויב ער איז נישט אויסגעטראַכט, — האָט סטעפע נישט אָפּגעלאָזט. — איר זייט אַלע פאַרשטעלטע. די נאַטור שפּילט איר שפּיל, איר זייט פון איר אונטערגעשיקט, און ער אַליין איז נישטאָ. ער איז אַן אויסגעטראַכטער.

די פיגורן זיינען נעלם געוואָרן.

דאָקטאָר גאָלדשמיט, המכונה קאָרטשאַק, האָט זיי שטום נאָכגעקוקט. ער האָט זיך דערנאָך אַוועקגעשטעלט בראש פון אַלעמען און גענומען ריידן. ער האָט געהאַלטן לעבן זיך אַבראַשאַ׳ן. הינטער ביידן איז געשטאַנען סטעפע. איר אַסטראַל־לייב האָט זיך קאָנוואולסיוו געוואָרפן.

כאָטש דער אינהאַלט פון קאָרטשאַק׳ס ווערטער איז די קינדער נישט פאַרשטענדלעך געווען, איז פאַר זיי פונדעסטוועגן קלאָר געווען דער תוך. אָט די תוך־קלאָרקייט האָט אין זיי אַריינגעטריפט; איז געווען פון דעמזעלבן שטאָף וואָס יענע באַזונדערדיקע לויטערקייט, וואָס האָט — אין קרייזן בתוך קרייזן — אַרומגענומען זייערע אויסערוואָגיקע אַסטראַל־לייבער. נישט אַזוי זיי גופא האָבן תופס־געווען, ווי די לייבער.

דער דאָקטאָר האָט גערעדט ווי זיין פאָטער דער אַדוואָקאַט וואָלט גערעדט אין געריכט אין די יאָרן פון זיין מיושב׳דיקייט. ער האָט געמאַכט די זשעסטן פון זיין פאָטער.

ער האָט גערעדט אַ שפּראַך, וואָס אירע ווערטער זיינען מחשבה־אויסשטראַלונגען. די אויסשטראַלונגען האָבן זיך אַריבערגעטראָגן

צו יעדן איינעם אין דין־וויברירנדיקע כוואַליעס. אַלץ האָט מיט־געציטערט.

דער דאָקטאָר, ווען מיר פאַרוואַנדלען די אויסשטראַלונגען אין מענטשן־רייד, האָט געזאָגט:

— כ'האָב געגלויבט אַמאָל אין אַ גאָט, וואָס נאַטור און ער זיינען איינס. אָבער נאַטור איז אויפ'ן צד פון די מערדער. אויב דאָס איז גאָט, איז ער דאָס שפּילקע־קעפּל וואָס הויבט זיך איבער די מחנות אויסלאַכער און דער האַר פון די פאַרטיליקער. די פראַגע איז וועגן יענעם גאָט, וואָס איז נישט קעגן דעם מענטש, נאָר לטובת אים, אַ גאָט, וואָס זיין אכזריות איז נאָר אַ מאַסקע פון זיין באַרעמ־האַרציקייט. דאָס איז דער גאָט, וואָס אין אים האָבן לאַנגע דורות געגלויבט — און צו אים האָבן לאַנגע דורות גערופן מיינע אבות. אויב ער איז נישטאָ איז באַרעכטיקט דער מערדער. אויב ער איז יאָ דאָ קאָן איך אים שטעלן טויזנט פראַגן, איינע האַרבער פון דער אַנדערער. פאַר מיר וועט אָבער גענוג זיין צו וויסן זיין דורכאויסיקע פאַראַניקייט. נישט זיין פאַראַניקייט אין מיר, ווייל דענסטמאָל בין איך דער גאָט, אַ גאָט אַ נעבעכדיקער און אַ געשלאָגענער. איך רייד וועגן אַן אַנדער פאַראַניקייט — אויסער מיר, איבער מיר. אויב זיין פאַראַניקייט אויסער מיר איז אַ זיכערע — האָט איטלעכע פראַגע אַן ענטפער, כאָטש מיין באַגרענעצקייט וואָלט דעם ענטפער קיינמאָל נישט באַנומען. אין מיין נאָמען און אין נאָמען פון צוויי הונדערט יידישע קינדער, וואָס געפינען זיך דאָ מיט מיר, ווי אויך אין נאָמען פון מיין געטרייער, אומגלויביקער אַרויסהעלפערין, האָב איך די דרייסטקייט — און דאָס רעכט אויף דער דרייסטקייט — אַרויסצופאָדערן אַזאַ גאָט אויף אַ קורצן עקזאַמען. אויב ער איז נישט קיין אבסטראַקציע, איז ער פּער־זענלעך, אויב ער איז אַ פּערזענלכקייט, זאָל זיין אַן איבערפּערזענ־לעכע פּערזענלעכקייט, מוז ער פּערזענלעך קענען יעדן איינעם פון אונז, פון יונגסטן קינד אָן. ער מוז האָבן פאַר יעדן איינעם פון אונז אַן אייגענעם גורל. ער קאָן נישט זיין קיין בלויזער סטאַטיסטיקער. אויב איך, צום ביישפּיל, בין נישט מער ווי אַ פּאָזיציע אין זיין סטאַטיסטיק, עקזיסטירט ער נישט אפילו ווען ער עקזיסטירט. אין נאָמען פון יעדן איינעם, וואָס געפינט זיך דאָ, און אין נאָמען פון יעדן איינעם, וואָס געפינט זיך נישט דאָ, נאָר אין אַנדערע דאָ'ען, ווערט דער פּערזענלעכער גאָט, וואָס איך וויל גלויבן, אַז ער איז מער ווי דער פּראָדוקט פון מיינעם אַ וואונש, אויפגעפאָדערט צו ענטפערן אויף אַ פּאָר פּשוט'ן פראַגן:

— ווען די קינדער דאָ האָבן אַלע איין אומפּערזענלעכן גורל? קענסטו זיי? קענסטו מיך? ווייסטו ווי איך הייס, ווער איך

בין, ווער מיין פאָטער איז געווען? זיינען מיר דיר אַלע באַקאַנט? מער וויל איך נישט פרעגן, ווייל אַ מענטשנ׳ס פראַגן וועגן דיינע דרכים זיינען אָן אַ סוף און דיינע ענטפערס אויף יענע פראַגן וואָלטן געמוזט געגלויבט ווערן און וואָלטן נישט באַנומען געוואָרן סיי־ווי־סיי. מיר וועט גענוג זיין, אויב איך קריג דיין ענטפער אויף דעם קליינעם ביסל וואָס איך פרעג דאָ. פון דיין ענטפער, אויב ער וועט געהערט ווערן, וועל איך וויסן, צי דו ביסט דער אמת׳ער גאָט, דער גאָט פון אייניקייט און פון לעצטער אחריות.

ס׳האָט געדויערט ביז פון פאַרהוילענע הויכענישן האָט זיך טראָגן גענומען אַ קול. דאָס קול האָט גענידערט לאַנג און נאָכאַנאַנדיק, גענידערט ווי פון טרעף אַראָפּ, ביז ס׳איז צוגעקומען צו אַ נקודה, וואו ס׳האָט זיך אָנגעקליידט אין ווערטער פון יענער אַסטראַל־שפּראַך, וואָס נשמה־לייבער זיינען בכוח צו באַנעמען. איבערגעזעצט אויף מענטש־שפּראַך איז דער ענטפער געווען אַזאַ:

— איך קען דיך ווי איך קען אַלע באַשעפענישן מיינע. איך קען די צאָל פון די שטערן און אַ מענטשנ׳ס טרערן צייל איך. צבי הירש בן יוסף פון הויז גאָלדשמיט, איך קען דעם פאָטער דיינעם, איך קען דיין מוטער, איך קען אַלע דיינע אבות. איך ווייס אַ קלאָר וויסן, אין ס׳אַראַ וועלט פון מיינע וועלטן יעדער איינער פון זיי געפינט זיך. די, וואָס שטייט הינטער דיר, דאָס געשריי פון איר מחשבה קומט צו מיר. איר אומגלויבן איז נישט געמינערט. איר מחשבה שרייט: דו ביזט גאָרנישט סיי־ווי־סיי. אָבער סיי זי, סיי דו, סיי די צוויי הונדערט קינדער, וואָס מיט דיר, און אַלע קינדער און אַלע דערוואַקסענע, וואָס די שונאים מיינע און מיין פאָלק׳ס האָבן אומגעבראַכט און וועלן אומברענגען — פון זיי אַלע וועט יעדער איינציקער אין סוד פון גילגולים צוריקקומען אין זיין צייט, לעבן ווייטער זיין אייגן לעבן און טאָן זיין באַשטימונג. אין מיינע ווייטסטע פאַרבאָרגענישן וואוינט די גערעכטיקייט, קיינעמ׳ס אויג האָט זי נישט אָנגעקוקט. איך הייס איר וואַרטן און זי וואַרט. אָבער צו מיר געהערט דער באַלוין און מיינס איז די נקמה. אַ טאָג קומט, ווען דו ביזט מאַן צו דער, וואָס גלויבט נישט אין מיר און וואָס באַקאַנט איז צו מיר איטלעכע טרער פון איר אויג און גאָר דער טרויער פון איר האַרץ. און דער, וואָס איר רופט אים מיט׳ן נאָמען אַבראַשאַ, וועט אין סוד פון גלגולים ווערן דאָס קינד פון איר טראַכט און אייער ביידנ׳ס זון. און די מלחמות מיינע וועט ער פירן און צו אים וועט געהערן די פאָן. און זיין וועט דאָס צו דער באַשטימטער צייט אין אַ נייער ירושלים.

און דאָס קול האָט גענומען דעם וועג אויף צוריק. עס האָט געקלעטערט פון טרעף צו טרעף, טרעף איבער טרעף, זיך נאָכאַנאַנד

געהויבן, געהויבן און צוריק אַריין אין די סאַמע לעצטע פאַר־הוילענישן פון דער אויסערוואַרטיקייט.

## אַ פּאָר נאָכבאַמערקונגען

צו באַנעמען דעם תוך און סך־הכל פון אַ מענטשנ׳ס לעבן איז נויטיק קודם־כל צו זוכן יענע איבערלעבונג, וואָס איז אויף אַזוי ווייט צענטראַל, אַז פון איר ציען זיך אַלע פעדעם צו זיין עיקר׳דיקן מהות.

אפילו די איינפילעוודיקע קאָרטשאַק־מאָנאָגראַפיע, געשריבן פון האַננאַ מאָרט־קאָוויטש־אַלטשאַקאָוואַ, ברענגט נישט מער ווי אויבערפלאַכיק און אַגב־אורחא׳דיק דעם אויסטערלישן פאַקט אין לעבן פון יונגן קאָרטשאַק: דאָס זיצן נעכט אין דער פּראָזעקטאָריע, שעה׳נלאַנג פאַרטיפנדיק די בליקן אין די פנימ׳ער פון טויטע קינדער. פון יענער איבערלעבונג אַרויס, וואָס דערמאָנט זיך קאָרטשאַק׳ן מיט גאָרער בולטקייט פאַר׳ן ערדישן סוף זיינעם, זע איך אים אין זיין גאַנג צום אומשלאַג־פּלאַץ בראש פון די קינדער.

איך נעם אָן די ווערסיע, אַז קאָרטשאַק מיט זיינע קינדער זיינען צום אומשלאַג־פּלאַץ געגאַנגען זינגענדיק אויספלוג־לידער. די אויבנדערמאָנטע מאָנאָגראַפיע־שרייבערין, וואָס באַמיט זיך אָפּצוטיילן פאַקט פון לעגענדע, לאָזט־צו די עצם מעגלעכקייט פון אַזאַ ווערסיע.

פון דער ליטעראַטור וועגן קאָרטשאַק׳ן האָב איך אַרויסגעקליבן יענע פּרטים, וואָס זיינען מיר נויטיק געווען. זוכן דאָ פאַקטועלע פּינקטלעכקייטן איז נישט שייך. ס׳איז אַ פּאָעמע. אַזוי, למשל, זיינען פיקציע — און ס׳איז מיין חוב און ווילן דאָס צו באַטאָנען — די פאַרהעלטענישן צווישן קאָרטשאַק׳ן און דער ווילטשינסקאַ אַזוי ווי זיי ווערן דאָ געשילדערט. דערפאַר איז, ווידער למשל, אָן אויטענטישער ביאָגראַפישער פאַקט קאָרטשאַק׳ס זוכן — אין די געטאָ־יאָרן — אָן אָנלען אין דער וועלט פון גלויבן, פון יידישער אמונה בפרט, אַזוי, אַז ער איז געוואָרען אַ מין סקעפּטישער, אָדער פרעגנדיקער, מיסטיקער. פונקט אַזוי זיינען אויטענטיש: זיין באַצייכענען דאָס קינד ווי דעם עלטסטן פּראָלעטאַריער אויף דער וועלט; די אויפפירונג פון טאַגאָרע׳ס דראַמאַטישער פּאַראַבל „די פּאָסט" (כדי צו לערנען די קינדער נישט מורא צו האָבן פאַר׳ן טויט) וכדומה. צוזאַמען איז עס אַלץ — אַ פּאָעטישע קאָנצעפּציע, פונקט ווי עס איז פרייע דיכטונג די שילדערונג פון דעם פּאַטער׳ס משוגעת, הגם דער פאַקט גופא איז אויטענטיש. נאָך עפּעס. איך האָב אין דער דאָזיקער פּאָעמע אויסגעמיטן צו באַהענגען די פּראָזע מיט יענער מעטאַ־פאַריק, וואָס גייט אָן פאַר אַ קענצייכן פון פּאָעטישקייט. ווער עס וועט זי דאָ זוכן וועט זי נישט געפינען. עס קאָן אָבער זיין, אַז ער וועט געפינען עפּעס וויכטיקערס.

# באַגלייט-לידער צו „קאָרטשאַק׳ס לעצטן גאַנג"

## וועלט-בילד

גאַלערייען
האָבן געגענעצט קונסט.
אַרמייען
זיינען געגאַנגען אין שלאַכט.
בלוט
האָט געהילט קאָנטינענטן.

אַ פּאָעט
האָט אויסגעטראַכט אימאַזשן
(זעט,
כ׳בין גרעסער פון מיינע קאָנקורענטן.)
אַ האָריזאָנט
איז געלאָפן,
לויפנדיק געשלאָפן
אַ זוניקן שלאָף.
אַן אדם מיט אַ חוה
האָבן געמאַכט וואָס אייזיק־מאיר דיק
פלעגט צו טייטשן אין קלאַמערן:
אהבה,
ליובאָוו.
אַ מוזיקער
האָט פאַרפּאַסט מוזיק.
קאַלכאָזניקעס
האָבן געברענט אַ פאָלק.
גאָט
האָט געפרעגט: ווער בין איך?

## ווען מיין זיידנ׳ס טלית האָט געוויינט

גערעכט איז דאָסטאָיעווסקי, אַז אָן גאָט
ווערט מענטש אַ גאָט,
און אַז ער ווערט עס — איז ער טייוול.

איך, אַ ייד פון נאָך דעם חורבן,
בין מוסיף, אַז אַ דייטש, וואָס ווערט אַ גאָט,
כדי צו טייוולענען,

איז אַזאַ מין טייוול, אַז דער טייוול
ווערט אויפסניי אַ מלאך קעגן אים.

גערעכט איז אויך דער בייזער שאָפּענהויער:
וואָס פּלוישן זיי, די פילאָזאָפן?
אָדער גאָט בפועל ממש,
אָדער אַטעאיזם.
גאָט, וואָס איז נאַטור, פּרינציפּ אָדער אידייע,
איז שפּינגעוועב.
אַהין אָדער אַהער!
גערעכט... נאָר אויך דער אַטעאיזם דיינער, שאָפּענהויער,
איז שפּינגעוועב און אויסטראַכט.
אויך מיט אים ווערט מענטש אַ גאָט,
און אַז ער ווערט עס — איז ער טייוול.
אמת איז בלויז ער, דער גאָט בפועל ממש,
דער איינציקער, דער יידישער — מיין זיידנ'ס.
מיט מיין זיידן האָט ער מיטגעטאַנצט בפועל ממש
שמחת־תורה'דיק.
און איז געווען מיט אים בפועל ממש
איכה'דיק און מרה־שחורה'דיק.
ווען מיין זיידע איז אַריין אין דביקות —
האָט גאָט פון ס'ניי געזאָגט: כי טוב,
און אַז דעם זיידנ'ס טלית האָט געוויינט
האָט גאָט געוויינט אויף אַקסלען פון אַ ייד,
וואָס האָט אים וויינענדיק געאַכפּערט.
נישט אַנדערש, ס'האָט געוויינט דער טלית,
ווייל ער האָט פאָראויסגעהערט ס'געוויין פון די טליתים
אין יאָרן, ווען עס וועט צעטייוולען זיך די סוואַסטיקאַ
און וועט דעם ייד אַ קרבן ברענגען צו איר דייטשן גאָט,
דעם בערכסטעסגאָדענער רוצח.

## ביז משיח קומט

**(פאָלקיש)**

ווייט האָט דיך פאַרטראָגן
יעקע־מערדער'ס רויך.
יידל מיט'ן פידל,
שפּיל מיר פון דער הויך!

ס'האָט דער דייטש דער קין
אונטן דיך פאַרלענדט —
שפּיל, ביז ס'וועט דאָס רשעות
ברעכן רוק־און־לענד.

בויגט אַראָפּ, איר גויים,
אייער קאָפּ — און שטומט.
יידל שפּילט זיין לידל
ביז משיח קומט.

# דריטער אָפּטייל

# מ ט ט ר ו ן

## (אַפּאָקאַליפּטישע פּאָעמע)

## פאָרבאַמערקונגען

דאָ ווערט געבראַכט די שפּעטערדיקע, איבערגעאַרבעטע ווערסיע פון דער פּאָעמע, ווי זי איז אַריין אין דריטן באַנד „געזאַמלטע לידער“, ניו־יאָרק, 1957.

די ע ר ש ט ע ווערסיע פון דער פּאָעמע איז אַרויס אין בוך־פאָרם, וואַרשע 1 9 2 1. ס׳איז געווען מיין רעאַגירונג אויף דעם „שינוי־העתים“ — אַ רעאַגירונג אַ לחלוטין אַנדערשדיקע ווי די שרייאיקע, רעוואָלוציאָנער־אַטעאיסטישע פּאָעזיע (אַ־לאַ „איוואַנושקאַ דוראַק וועט גאָר די וועלט פאַרנעמען“).

דאָס קבלה׳שע איז דאָ אינדיווידואַליזירט (ס׳איז נישט געווען סתם אַ נעמען „פון גרייטן“) און אַקטואַליזירט אויף אַזאַ אופן, אַז דאָס איבערקערערישע פון דער צייט ווערט פאַרקניפּט מיט דעם אייביקן. נישט אַריינגייענדיק אין די טיפענישן פון דעם ענין (אויף דעם זאָגט מען: והמבין יבין), וויל איך בלויז באַמערקן, אַז מטטרון איז דאָס דינאַמישע און היסטאָריע־שאַפנדיקע אין גאָט. ער הייסט „יקוק הקטן“, דער שר־הפנים (סאַר הפּאָנים), דער נער (נאַאַר) פון דער שכינה וכדומה.

## צפת און איך*)

איך בין פון הי
און נישט פון הי.
איך בין פון צפת
און פון אר״י.

פון קורדובירו,
פון וויטאַל,
פון זייער זוהר׳דיק
געשטראַל.

פון זייער ליכט,
וואָס רינט נאָך, רינט,
אָ, בלוט מיינס, דורך
דיין לאַבירינט!

*) דאָס דאָזיקע ליד, וואָס האָט מיט „מטרון“ אַ קנאַפּע שייכות און איז געשריבן געוואָרן אַ היפּש ביסל שפּעטער, ווערט דאָ געבראַכט ווי אַ שטיקל אילוסטרירונג פון דעם אָקאָרשט געזאָגטן (זע פאָר־באַמערקונגען) וועגן דער „אַקטואַליזירונג“ פון דעם קבלה׳שן.

א. צ.

נאָר ניין, איך מעג
ווי ווייט פאַרגיין —
איך בין פון הײַנט,
צי כ׳וויל, צי ניין.

דאָס אַלטע צפת
וויל נײַע גאַס,
דער אַלטער ווײַן
זוכט ס׳נײַע פאַס.

מיט הײַנט וויל גיין
אַמאָל אין שפּאַן,
און וואָס געווען
וויל זײַן פּ אַ ר אַ ן.

דערפאַר קומט צפת
צו מיר, דעם קל,
קומט קורדובירו,
קומט וויטאַל.

## מ ט ט ר ו ן

### פאַרגעזאַנג

ס׳איז געווען דער פאַרטאָג פון באַשאַף.
דער רוים האָט געהאַט זיך געעפנט אָט־ערשט,
געגאַפט
אויף דעם אייגענעם גוואַלדריס,
געוואָלט צו דער ערשטער נקודה
צוריקצואוועגס לויפן.

אין דער אייביקייט האָט זיך געוויקלט אַ בוים.
דער בוים איז געווען ווי אַ קינד,
וואָס וואַקסט און מיט אים וואַקסט צוזאַמען זײַן וויגל.

דער בוים האָט די צווייגן, וואָס האַלטן אין וואַקסן,
געוואָרפן דעם רוים אויפ׳ן אַקסל,
אים מיט די צווייגן געצוימט ווי מיט לייצעס,
לויפן צוריק נישט געלאָזט.

נכנע׳דיק האָט דער רוים
אויף זיך געטראָגן דעם בוים,

מיט אים צוזאַמען געשפּרייט זיך,
און דער בוים איז געוואַקסן,
דער בוים האָט געפּרייט זיך
באַגיניק.
פון רגע צו רגע געוואַקסן,
ביז דער אָן־אָפּשטעל פון וואוקס
האָט ווײ־טאָן גענומען דעם בוים —
האָט ער פרעגן גענומען: וואָס בין־איך?

און אַ קול איז אַרויס: ביסט דער בוים פון די דורות —
דײַן נאָמען איז צײַט.

— איך הער ווער איך בין, — האָט דער בוים פון די דורות געזאָגט. —
נאָר וואָס איך בין ווייס איך נישט
און וואָס מײַן וואַקסן באַטײַט.

— קאָנסט עס נישט וויסן!
דורות אָן צאָל וועסטו צײַטיקן, בוים,
פון שטורעמס אָן צאָל וועלן ווערן די פּירות געריסן,
נאָר וויסן דעם וואָס וועסטו ערשט
ווען דו צײַטיקסט די פרי פון קץ.
ווי איז צו דיר, ווען די פרי וועט שוואַרץ זײַן
און ביטער צו דעם, וואָס פאַרזוכט!
און וואויל איז צו דיר, ווען דו צײַטיקסט
פון פרוכטן די העכסטע פרוכט:
אדם־משיח.

א

# אויב

די נאַכט, די שטילסטע פון פלעדערמײַז,
צעשיט־זיך אין שאָטנס פעדערווײַז.
אַרײַנגעשאָטנט אין נאַכט
זיץ איך און פרעג און טראַכט.

דער בורא, דער אײנציק אײניקער,
דער אַלציקער, דער אַלײניקער, —
נאָך וואָס האָט ער זײַן אײנס
צעשאָטן אויף שטויביק־קלײנס?

דאָס ראָד מיט רעדער אָן־אַן־עק דערין —
ווער טרייבט עס און וואָס שטעקט דערין?
דאָס ראָד, וואָס האַלט אין גיין,
גייט עס פון זיך אַליין?

די נאַכט, די שטילסטע פון פלעדערמייז,
צעשיט־זיך אין שאָטנס פעדערווייז — — —
וואָס וויל די נאַכט? וואָס מאַכט
גאָט אין דער טיפער נאַכט?...

איך זיץ אַזוי און איך פרעג עס שטיל.
עס לויפן און קומען די רגע׳ס שטיל,
ביז איינע אַ רגע שטייט
און רעדט מיר אַזוינע רייד:

„ס׳טרייבט אָן מיט אַ רגע מיט יעדערער
מטטרון, דער גרויסער רעדערער.
ער, — דער שר, וואָס ווערט, —
וויל יאָגן צום קץ די ערד.

„די ערד, וואָס איר מענטשן ליידט אויף איר,
מטטרון באַוועגט די צייט אין איר:
וויל, צייט זאָל לויפן, ביז
זי פאַלט דעם איינס צו די פיס.

„ווער איינס מיט דעם ריבוי איינס־ווערן?
ווער איצטיקער אדם אויפהערן?
אָן דיר אַליין איז געווענדט
דאָס ווערק פון מטטרונ׳ס הענט.

„עס ווענדט זיך אַלץ, ווי עס האַלט מיט דיר:
אַלץ שטייגט מיט דיר און אַלץ פאַלט מיט דיר.
אויפגיין קאָן פון דיין שטויב
אדם דער גואל — אויב״...

ביי אָט דעם „אויב״ איז אַוועק פון מיר
די רגע, וואָס האָט זיך אַנטפּלעקט צו מיר.
איך קוק צו דער שוואַרצער שויב
און מורמל פאַר׳כישופ׳ט: אויב.

ב

## באַוועגער

1

אַמאָל איז מטטרון מענטש געווען,
אַ מענטש גענאָמענט חנוך.
האָט אים צו זיך אַרויפגענומען
פון הויכן די העכסטע הויך.

נאָך וואָס האָט מען חנוכ'ן
אַזוי געטאָן דערהויכן?
וואָס איז דער העכסטער הויך
אין אים געלעגן?
— מע דאַרף, ער זאָל באַוועגן!

2

מענטש איז נישט ידיעה, ער איז בחירה,
ער איז טאַט, —
איז דעריבער פון אַ מענטש־קינד
געוואָרן אַ מט"ט,
האַר פון געשיכטע, באַוועגער,
טרייבער און יעגער,
דאָפל־מייניק,
יאָ־נייניק,
און מענטש אויף דער ערד
דאַרף אים העלפן ווערן אייניק.

אין דעם, וואָס איז,
איז מטטרון דער, וואָס ווערט.
דער פלינקער שר־הפנים*
בויט כסדר און צעשטערט.

הערסט ווי עס קראַכט?
מטטרון קראַכט עס!
מעשה קונצנמאַכער קומט ער
איצט, אין אונדזער צייט פון צייטן,
און אויף ברייט־צעשפּרייטע פלאַכטעס
בלוט
שפּרינגט ער קאָפּ אַרונטער.

*) לייען: סאַר־האַפּאָנים.

פראַלן פענצטער אויף די וועלטן,
שטעקן קעפּ אַרויס און קוקן
צו דעם מלאך דעם פאַרשטעלטן.
קוקן וועלטן, קוקן גייסטער,
ווי די קונצן זיינע ווייזט ער,
ווילד באַגלייט פון טויזנט פּויקן.
האָבן גראַמען
פון אַ ליד אַ נישט־געוועזנס
זיך פאַרשטעלט אין טאַראַראַמען!
— — — — — — — — — — — —
מטטרון שפּרינגט, מטטרון שלינגט
אין אונדזער צייט פון צייטן
פלאַמען, פלאַמען,
פלאַקערדיקע שייטן.

ג

## קרעשטשענדאָ

מער ווי פריערדיקע צייטן
איז די צייט אונדזערע קראַכיק,
איז די צייט אונדזערע פלאַמיק.
אָ, מטטרונשע דינאַמיק!
דאָס קרעשטשענדאָ וואָס מיר הערן
לויפט אַלץ שנעלער צום פינאַל.
אדם אונטערשטער! דיין נאָמען
ווערט דערמאָנט אין אַלע תהום'ען
און מען שמועסט צווישן שטערן,
אַז ס'איז נענטער שוין ווי ווייטער.
קץ כל בשר! קץ הימין!
דו מוזסט אויסוויילן דיין וואַל.

אַ געזאַנג פון זאַווערוכעס,
וואָס צעטראָגן פלאַמען פייער,
קומט און שאַלט פון ארבע רוחות:

„מענטש, דו קלערער,
קריכער, ז י י ע ר!
גיב צושטייער
אים, דעם ו ו ע ר ע ר!
פלאַם וואָס מערער,
וואָס מער פייער!
דיר, מטטרון, אונדזער שאַל!"

ד

## גיבער

וויינען אַלטע מרה־שחורה׳ס:
ווי, וואָס ליאַרעמט ער? וואָס וויל ער?
ס׳רייסט זיין שטורעם אַלץ פון שורש.
שטילער, דו מטטרון, שטילער — — —

זיי אַנטקעגן טאַנצן אורות:
גיכער, אָ, מטטרון, גיכער!

הייליק רופן
די כיסופין:
שנעלער, שנעלער דריי דיין וויכער!

וואָס צעפלאַמטער ס׳איז דיין וויכער,
גיכער וועקט זיך דממה־דקה,
גיכער ווערט פון כולו חייב —
כולו זכאי.

ה

## אָריענט

קעמלען גייען נישט — זיי לויפן, זיי אַנטלויפן.
ווער יאָגט דאָס זיי פון מדבר — און וואוהין?
האָט דער ים דעם מדבר ס׳זאַמד־פנים פאַרגאָסן
און מדבר־רוחות זיינען עס, געיאָגטע פון זיין גרים?

צעריסן
ליגן שלייערן, וואָס האָבן צוגעדעקט די קילע,
אַלטע קלוגשאַפטן. פאָנטאַנען האָבן אויפגעהערט צו גיסן
זייער תפילה.
ס׳האָט אויפגעהערט די נאַכטיקע באַלאַדע,
וואָס הייסער ווינט פלעגט אין געווירציק־זיסן
גאָרטן אויסשפילן פאַר שטערן.
אויף אייביק האָט פאַרמאַכט איר מויל שעהעראַזאַדע.
ס׳האָט שוין אַזוי לאַנג זי אויפגעהערט צו הערן
אין האַלבן דרימל דער אָריענט.

אויף אַ ברענענדיקן טיגער
רייט מטטרון, דער נישט־היגער קריגער, —
ס׳ברענט!

ו

## אַנטי-נירוואַנאַ

1

פון אונטערן בוים, דעם באָדי־בוים דעם גרויסן,
איז אַרויס נאָך לאַנגע טראַכטונגען סידאַרטאַ.
זיכער, אַז ער האָט דעם וועלטן־סוד געפאַנגען,
איז ער אַוועק, דער יונגער פרינץ, דער בודאַ,
טראָגן ליכט צו מענטש־קינדער פאַרנאַרטע.
נאָר ס׳האָט געלאַכט מטטרון שר־הפּנים.
קאָן די רעדער אָפּשטעלען גאָטאַמאַ?
אונטערן בוים האָט ער זיך אויסגעטרוימט אַ מאַמע,
אַ מאַמע וואָס געבוירט נישט — די נירוואַנאַ.
נישט זיין איז זי, נישט אומזיין. לעשן דאַרף זי
וואָס קאַרמאַ האָט צעפלאַמט — מיט וואָס? מיט זאַמד
פון מדבר׳דיקן גאָרנישט.

ווי קאָן זי אויסלעשן באַגערן, אַז זי שטאַמט
פון זיין באַגער צו איר, פון זיין באַגערשאַפט?
ווי קאָן זי ווערן אויסלעש פון דעם איך און פון זיין הערשאַפט,
אַז דער איך, פאַרבענקט נאָך רו, האָט זי געמאַכט?

בודאַ האָט געפּריידיקט. מטטרון האָט געלאַכט.

2

אָ גאָטאַמאַ, פרינץ אַנטלויפער!
נישט געבראַכט האָסטו דעם אויפהער,
האָסט יסורים נישט דערווייטערט,
האָסט די קאַרמאַ נישט געלייטערט.

ווער קאָן לייבן־הונגער שטילן
מיט אַ חלום מיט אַ קילן?
עפּעס אַנדערש ווי אַ חלום
דאַרפן ליידן, וויל דער ווילן —
וויל דער ברויזיק־ווילדער ווילן.

ז

## כלו-כל-הקיצינ׳דיק

כלו כל הקיצינ׳דיק,
דורך ברענענדיקע בראָכן,
דונערדיק און בליצנדיק
קום, לעצטע פון עפּאָכן!

ווילן צום א י נ ג י כ ן!
קראַכן אָנשטאָט קריכן!
אויס מיט בלייך־און־בלייערן —
פייערן, פייערן, פייערן!

ח

## ש ו י נ ׳ ס

די פרוי וויל פרוי נישט זיין, דער מאַן וויל מאַן נישט זיין,
דאָס קינד אין וויגל וויל קיין קינד אין וויג נישט זיין.
דאָס הויז וויל הויז נישט זיין — עס וויל אַ דרויסן זיין,
און אַלץ וויל אַלעמען און זיך אַוועקוואַרפן,
אַהין אַוועקלויפן, אין יענע ערגעצן,
וואָס דאַרפן ווערן ערשט — און שימערירן שוין
אין אַלץ, אין אַלעמען... און ס׳ווילט זיך תיכּפ׳דיקס,
און ס׳ווילט זיך שוינ׳ס!
אַלץ וויל אַ לויף־געבן פון זיך, פון אַלעמען,
אַלץ וויל אַ כוואַליע־טאָן פון זיך צו אַלעמען,
העט ווייט אַ כוואַליע־טאָן און פריי זיך אויסמישן,
און טיף זיך אויסמישן מיט וועלט, מיט איבער־וועלט,
צי גאָר מיט אונטער־תהום, מיט סאַמע אונטנקייט,
מיט אונטער־אונטער־נאַכט... דער עיקר: תיכּפ׳דיקס!
דער עיקר: שוינ׳ס!

די צייט איז איילעניש: זי האָט קיין צייט נישט מער.
דאָס וואָרט איז אומגעדולד: עס קאָן נישט וואַרטען מער;
עס וויל נישט ו ו אַ ר ט ן מער — עס וויל אַן אויפרייס זיין.
די צייט וויל אויפרייסן, דאָס וואָרט וויל אויפרייסן!
און זאָל זיין העכער־גאַנג, און זאָל זיין אונטערגאַנג,
אַבי אַ דונער־גאַנג! עס ווילט זיך תיכּפ׳דיקס,
עס ווילט זיך שוינ׳ס!

ט

## בלעם — דער מענטש

עס רייט אויף זיין אייזל אַ בלעם און שרייט:
פיר צו דער קללה מיך — כ'וויל צו דער קללה!
פאָלגט אים דאָס אייזל און גייט וואו ער הייסט —
ווערט בלעם אַ מלאך, פאַרצוימט אים דעם וועג
מיט אַ געצויגענער שווערד מיט אַ בלאַנקער:
אייזלקאָפּ איינער,
פיר צו דער ברכה — אַנישט וועל איך טויטן.

פאָלגט אים דאָס אייזל און גייט צו דער ברכה —
אַנטרינט דער מלאך און בלעם שרייט ווידער,
הויבט אויף דעם שטעקן און שינדט די פעל:
אויב דו וועסט עקשנ'ען זיך און נישט פירן
מיך צו דער קללה,
מאַך איך פון דיר, דו שטיק אייזל, אַ תל.

הויבט אויף דאָס אייזל אַ קראַנקע יללה:
וועמען שלאָגסטו? דאָס לייב וואָס טראָגט דיך?
זעסטו נישט, האַר, אַז דו שלאָגסט זיך אַליין?

נאָר ס'הערט נישט בלעם דעם אייזל'ס געוויין,
און איידער־וואָס־ווען איז ער ווידער אַ מלאך,
און איידער־וואָס־ווען ציט ער ווידער אַ שווערד.
דער מלאך, וואָס הויערט אין בלעמ'ען, ווייזט זיך
אין זיין, אין בלעמ'ס, געשטאַלט —
און פאַרהאַלט
דעם רייט צו דער קללה.
נאָר וויל אים
צו־ברכה־צו פירן דאָס אייזל —
בענקט ווידער נאָך קללה דער בלעם,
נעמט טרייבן דאָס אייזל אויף וועגן אויף שמאָלע,
שלאָגט עס משוגע און שרייט.

אַזוי רייט
בלעם און רייט,
רייט און קאָן נישט דעררייטן — — —

אָבער איצט איז די צייט,
איצט איז די צייט איבער צייטן,

ווען אַ גרעסערער מלאך, מטטרון אַליין,
נעמט די שווערד אין דער האַנט,
שטייט פאַר בלעמ׳ס געזיכט
און זאָגט אים: „וואוהין ווילסטו גיין?
מיט׳ן שאַרף פון מיין שווערד וועל איך אָפּשניידן דיר
איין וועג פון די ביידע, דו לץ!
קלייב אויס —
ס׳גייט צום קץ.״

י

## גראָטעסק

אויפ׳ן באַרג
שטייט אַ ריז,
הויבט דעם אָרעם צום באַפעל.

קוקט אַרויף צו אים די זונה:
אַך, ווי גוט!
אָט־אָ־דער
איז דער אמת׳דיקער ע ר!
אָרגיע איז זיין נאָמען! בלוט!

קוויטשיק גיט זי דעם סאָלדאַט,
איר פריינד, אַ שטופּ:
זעסט? דער ריז, דער מאַן, דער העלד,
הויבט דעם אָרעם און באַפעלט —
אַרויס אין פעלד!
וואו אַ היים און וואו אַ שטוב —
פאַרלענד!
טו זי נאַקעט אויס, די וועלט —
און שענד!

וואַרפט זיך אויף דער וועלט דער כאַם — — —
די זונה קוקט זיך צו און קוועלט.

זאַט פון בלוט און פון פאַרלענד,
וואַרפט דער כאַם די ביקס און זאָגט:
כ׳האָב געברענט, געשענדט, פאַרלענדט —
ענטפער, ריז! וואָס טוט מען ווייטער?

מאַכט די זונה: דו ביסט מיד;

האָסט פאַרלענדט, געברענט, געבריט —
רו זיך אויס
אין מיין שויס,
נאָכדעם טו דאָסזעלבע ווייטער.

נאָר מיט די שטיוולדיקע פיס
טופּעט דער מערדערישער כאַם:
ריז, דו ריז!
כ'בין אינגאַנצן בלוט און לייז.
עפּעס אַנדערש,
עפּעס נייס
הייס מיר טאָן. איך פרעג: וואָס ווייטער?

יענער ענטפערט נישט. דער כאַם,
אַ צעקאָכטער, רויט ווי צונטער,
כאַפּט די ביקס,
צילט אין ריז,
און דער ריז
קוילערט זיך פון באַרג אַרונטער.

כאַם, גענען —
און דערקען:
ס'איז געווען אַ מאַנעקען,
מיט בלוט באַמאָלן,
צום ריז געשוואָלן,
פון עפּעס אַ לץ אויבנאָן געשטעלט — — —
אויך מיר מאַן!
אויך מיר העלד!

וויסטע הור, דו האָסט פאַרפירט, —
ווײנט דער כאַם. —
וואָס טו איך ווייטער?
זנות און בלוט — און ווייטער וואָס?
ס'מוז דאָך זיין אַן עק, אַ מאָס —
וואָס ווייטער?

ווײנט אויך זי: דאָס איז נישט ע ר —
ס'איז נישט ד ע ר —
וואָס זשע טוט מען טאַקע ווייטער?
זנות און בלוט — און ווייטער וואָס?
ס'מוז דאָך זיין אַן עק, אַ מאָס —
וואָס ווייטער?

לויפט אַוועק פון זיך די זונה,
לויפט אַוועק.
זוכט דעם סוף —
אַ סוף, אַן עק!

לויפט אַוועק פון זיך דער זעלנער,
לויפט אַוועק.
זוכט דעם סוף —
אַ סוף, אַן עק!

וואָס־זשע איז דער מעשה׳ס סוף?
דער סוף —
נענטער איז־ער שוין ווי ווייטער!

יא

## יאָרן פון אַנטשייד

### דיאַלאָגיש

(זון־פאַרגאַנג. פּאַסאַזשיר אויף אַ שיף־דעק)

**דער פּאַסאַזשיר:**

די פאַרבן־פּראַכט, וואָס כישופ׳ט ווי לעגענדן,
די אַלטע שפּיל, וואָס חושך איז איר אויסלאָז!
דער אַלטער ים — וואָס שפּיגלט ער, וואָס העלט ער?

עס בייטן יעדע רגע זיך און בלענדן
די הימלען און דער ים... נאָר וואו איז אויסלייז?
ס׳איז אַלץ דאָסזעלבע, גורל דו פאַרשטעלטער!

כ׳האָב לענדער פיל געזען, געווען אין שטעט פיל.
איך האָב דאָס אַנדערשדיקע און דאָס נייע
געזוכט אין מזרח, מערב, דרום, צפון.

אַז ווי, אַז דאָפּלט ווי דעם אויג, וואָס זעט פיל!
ס׳איז אומעטום געווען די אַלטע חיה.
דיזעלבע שדים האָבן מיך געטראָפן.

אַמאָל בין איך אַרומגעפאָרן זוכן.
איצט פאָר איך סתם אַזוי, ווייל יאָגן יאָגט מיך
דאָס, וואָס מע רופט לאַטייניש: טעדיום וויטע.

נישטאָ מער קיין געקעכצן צו פאַרזוכן.

געווען אַ צייט, ווען זעלבסטמאָרד האָט געלאָקט מיך.
אויך דאָס איז שטות. קאַפּוט איז יעדע שיטה.

(ס'איז נישט דער טעדיום וויטע — פול מיט זשעסטן —
פון דער ראָמאַנטיק, נישט קיין זיך־פּאַרמעסטן,
נישט בונט: אַ מת גייט נאָך זיין אייגענער מיטה).

פּאַריז צי פּיראַמידן — אַלץ איין אומעט.
מסוכן קראַנק דער גייסט, דער ווילדער בענקער,
און בלינד ווי ער די שטערן — בלינדע גאַפּער.

ס'איז אַלץ פּאַראומעטיקט און אַלע פּאַר'טומאה'ט.
מטטרון הערשט, אַ מלאך און אַ הענקער,
פּאַרלענדט די טואונגען פון דעם באַשאַפּער.

ער איז מכלומר'שט אַ משנה עתים!
ער ענדערט תמיד, נאָר צום זעלבן ציט אים:
צום אומברענגג, וואָס פּאַרשטעלט זיך אין געשטאַלטן.

אומזיסט האָב איך געמיינט: צום גוטן בייט ער.
אומזיסט געמיינט: ער טרייבט צום ווייטסטן ווייטער.
ער בייט פון אויבן אויף און ס'בליקבט ביים אַלטן.

מלחמות צינדט ער, רעוואָלוציעס מאַכט ער —
און וואָס דען נישט? און ס'קומען קלוגע טראַכטער
און ווילן טרעפן וואָס ער מיינט, דער שלאַכטער.

ער בייט פון אויבן אויף — און גרויזאַם לאַכט ער.

אַ מאַטראַס, וואָס גייט פּאַרביי:

איך הער, דו רעדסט צו זיך. ס'אַ וואַזשנע פּלוידערניש.
כאַפּט דיך דער פּיפּערנאָטער! דיר געפעלט נישט,
ווי איך פּאַרשטיי, די וועלט: אַ פּוסטע הוידעניש,
אַהין־אַהער. ס'איז וועדליג דיר קיין וועלט נישט.

איז ווייסטו וואָס? אין אָפּגרונט גיי באַזעצן זיך.
עס וואַרט אויף דיר דער חושך דאָרט דער גרינסטער.
די ים־קאָטערס די אַלטע וועלן שעצן דיך
און אייביק וועסטו פוילן, אייביק נעצן זיך
אין וואַסער אייביק־גרין און אייביק־פינצטער.

און אפשר וועט זיך מאַכן דיר אַ וואַסער־מויד.
וועסט אויף איר שויס דעם וואַסערדיקן זעצן זיך

אוןביידע וועט איר איינגעמען אַ וואַסער־טויט.
כאַ־כאַ!

דער פּאַסאַזשיר

(קוקט אים נאָך)

אַזוי ווי אין אַ שעקספּירשער טראַגעדיע:
אין מיטן דרינען יאַוועט זיך דער לץ.
נאָר איז אויך זי נישט טראַגיש, די קאָמעדיע:
זי פּרוּווט אַראָפּדינגען אכזריות ביים געזעץ.
אויף וויפיל ס'גייט אין מיר, בין איך אפילו
נישט טראַגיש. טראַגיש איז נאָר דער, וואָס גלויבט
און וויל זיין גלויבן ראַטעווען. מיין קילע
דערקענטעניש — זי ווײַנט נישט: זי באַהויפּט.
עס האָט אַמאָל געשטורעמט אַלטער איוב —
האָט גאָט צוריקגעשטורעמט. איז געוואָרן קוויט.
איך שטורעם נישט, נאָר אומעטיק און מיד
באַטראַכט איך דער יצירה'ס מאָדנעם זיווג.

אַ קול פון דער טיפעניש:

האָסט לענדער פיל געזען, געווען אין שטעט פיל...
נאָר וואָס דו האָסט געזען — איז פּאַסאַזשיריק.
אַז ווײַ, אַז דאָפּלט ווײַ דער צונג, וואָס רעדט פיל
און חזר'ט איבער קלאָג־רייד פון דער ליריק.
פרייד פאָדערט טיפקייט, אומעט איז אַ שיר.
כ'וועל זאָגן נאָכמער: אומעט — פלאַך און שיר'יק —
איז אויך אין עצם נאָר אַ פּאַסאַזשיר.

דער פּאַסאַזשיר:

פרייד פאָדערט טיפקייט, זאָגסטו, און מיין טרויער
איז אויבנאויפיק. האָט די טיפקייט פרייד?
זי איז אינגאַנצן אומגליק. אומברענג הויערט
אין אָפּגרונט'ס קאַמערן. צעקלאַפּטערהייט
געשפּענסטערן דאָרט שיפן. פיש עסט פיש אויף.
ים צי יבשה, מאָרגן אָדער היינט, —
ס'איז אַלט מטטרונ'ס לאַנגווייליקער כישוף,
וואָס הילט — סיי אויבן, סיי אין טיפע גרונטן —
דעם טויט וואָס הרג'עט און די פּיין וואָס פּיינט.

מטטרונ׳ס בייטעוודיקע איין־און־זעלביקייט איז אונטן,
אין דער טיף, אויך אויבן, וואו איך שטיי
און קוק צום מערב צו דעם לצ׳יש־בונטן,
דער שפּילעניש פון אַש און פון פּאַרגיי.
און אַש זיינען אויך זיי, אויך מיינע ווערטער,
וואָס מטטרון הערט זיי נישט, כאָטש שריי.
און אויב ס׳געשעט אַ נס און על־פּי־נס דערהערט ער —
האָט ער נישט קיין ענטפער סיי־ווי־ווי.

(די פּאַרבן־שפּיל צערינט, עס טונקלט, די שיף הויבט זיך אָן צו וויגן. פון שטורעם, וואָס דערנענטערט זיך, גייט אויף —)

מטטרונ׳ס קול:

וואָס פּאַסאַזשירעווּעסטו אויפ׳ן ים
און וואָס לירעווּעסטו, מענטש, צום גראַם?
וואָס טוסטו גאָרנישטו? זאָג!

דער פּאַסאַזשיר:

איז ד אָ ס דער ענטפער? — אָט דאָס ביסל פרעגעכץ
לייכט ווי זעגעכץ,
קיי־און־שפּיי?

מטטרונ׳ס קול:

דו קאָנסט נישט וויסן
דעם ענטפער סיידן אַז דו טוסט!
פוסט איז פרעגן,
ווי געניוס איז פוסט.
אויך טרויער איז געניוס: הער אויף געניסן.

דער פּאַסאַזשיר:

וואָס זאָל איך טאָן?

מטטרונ׳ס קול:

אָנשטאָט צו פאָרן

אויף אַ לוקסוס־שיף פון איבעריקע יאָרן
און אויספּלעכטן אַ וואויל־געגראַמטע קלאָג,
נידער אויף דער ערד, קלייב אויס דיין זאַד, באַגעגן

דעם שונא פון דיין זאַך — און שלאָג!
אַזוינע
זיינען זיי, די צייטן פון אַנטשייד:
מוזסט אויסקלייבן דיין פאָן, דיין שלאַכטפעלד און דיין שונא.
פּאַרטיליק רייד,
ווער קעמפער!
דענסטמאָל קאָנסטו האָפן, אַז צום סוף
וועט זיך דיר אַנטפּלעקן יענער ענטפער,
וואָס אויך איך, מטטרון, האָף,
אַז די מעשים, וואָס איך טו,
פירן מיך אַלץ נענטער
צו זיין שוועל דער שטראַלנדיקער צו.

יב

## לעת-עתה

הערצער זיינען קינדער,
וואָס פאַרהוילן איז פון זיי דער טאַטע — — —
פרעגט מען שאלות
און מע ווייסט נישט, אַז דערווייל איז
מטטרונ׳שער לעת־עתה.

מטטרון ווערט גערופן ס׳יינגל,
ווייל אינעם אלקות
איז יונג מטטרון און אָקאָרשטיק,
פלאַקערדיק און דאָרשטיק —
אַלץ קראַכט אונטער זיין פוס!

עס זיינען אים געגעבן אַלע שליסלען.
אין גאָט׳ס הויז
ווייס ער וואו איין, וואו אויס —
ער, וואָס איז אַמאָל געווען חנוך.

ווי פריש דיין פלאַקער איז, דו שר־הפנים,
נאָר ווי שטיקעדיק דיין רויך!

און פאַרקערט: ווי וואַרגנדיק דיין רויך איז,
נאָר ווי פריש דיין פלאַקער,
ברויזיק דיינע כוחות!
הלל זינגט מיין זעל דיר.
מיט פלאַם יעט־אויס, דערנאָך פאַראַקער
דעם מענטשנ׳ס אַלע פעלדער!

יג

## פון וועלט-עק ביז וועלט-עק

פון וועלט־עק, ביז וועלט־עק, מטטרונ׳שער פלאַם,
ברויזסטו איצט שירה, —
שבירירי, ברירי, ריִרי, —
ווי כוואַליעס אין ים.

פאַרטרייבסטו עס ברויזיק
די פאָרכטיקע שדים,
אָדער איז דיין ברויז
גופא אַ שד׳ס
הודזשענדיקער חוזק?

זאָל איך זינגען: ביסט גרויס!?
זאָל איך מאַכן הספדים?
וואָס פאַר אַ קץ
זאָגסטו אָן? דעם פון סיטרא דימינא?
דעם פון סיטרא דשמאָלא?
דעם רעכטן, וואָס איז כולו שכינה?
דעם לינקן, וואָס איז גיהנומ׳דיקע סמאָלע?

אין וואַנדער
דורך לענדער,
אין גלגול און ענדער,
קנוילסטו זיך אויף און אַראָפּ, סאַלאַמאַנדער!
איז עס אַ טאַנץ צווישן טאָגליכט און לעצטער אשמורה,
איידער עס צעגיסט זיך נייע זון אויף אַלטע דעכער?
עס יויכצט מיין אמונה, נאָר ס׳האָט פאַר דיר מורא
מיין מרה־שחורה,
ווייל ס׳גנב׳ען פון די תליות זיך אַראָפּ פאַרברעכער
און לאַכן מיט שפּיציקע ציין וואָלקולאַקיש און טמא:
„ס׳האָבן מ י ר אים געצונדן, דעם פלאַם!
ער איז אונדזער נקמה״...

עס האָט פאַר דיר מורא
מיין מרה־שחורה,
נאָר ס׳גליובט מיין אמונה, אָ ברויזיקער פלאַם,
אַז ס׳איז דיין אַרויסשיקער
נישט לייב, וואָס קאָן נאַכמאַכן לאַם,
נאָר לאַם, וואָס כוונות פון אייביקייט

הייסן איר פֿאַרשטעלן זיך אין רווישיקער,
פֿאַרצוקערישער לייביקייט.
— — — — — — — — — — — — —

ווען איך לייד;
ווען מיין ווייטיק אפּיקורס'ט,
ווען ער שרייט;
ווען איך ווייס: כ'וועל מאָרגן בלוטיקן גע'דורס'ט
אונטער כאַמישע סאָלדאַטישע שטיוואַלעס
פֿון מיין צייט, —
ווייזט מיר מיין אמונה, ווי העט ווייט
גילדן זיך די כוואַליעס
פֿון אַ סוף, וואָס ניי'ט
מיט צווייטן בראשית.

יד

## אָדע צו דער פֿרייהייט

כ'האָב נישט דערפֿאַר דיך ליב, ווייל כ'ליב די גילאָטינע,
און נישט דערפֿאַר, ווייל שינדן ווילט זיך מיר די שינדער,
און נישט דערפֿאַר, ווייל כ'האָב — ווי דיינע קינדער —
געלערנט צאָרענען און האַסן.

דאָס צודעקן פֿאַרברעכנס מיט אַ פֿאָן,
דאָס שרייען פֿון צעבונטעוועטע מאַסן,
די רויבערישע ציינער פֿון דער קנאה,
אויף אַלדאָס נישט־המונ'ישע געשאַרפֿט, —
פֿאַרהאַסט איז מיר דאָס אַלץ פֿון תּמיד אָן
און ווען וואָלט דאָס, קעניגין, געדאַרפֿט
נישט ליבע צו דיין הויכער קרוין, נאָר שנאה.

פֿאַרהאַסט איז מיר דעם פֿעבל'ס ווילד געלעכטער,
זיין ווילן איז מיר פֿרעמד, דער בייז־צעפֿרעכטער,
אַ ווילן, וואָס די פֿינצטערנישן שפּייזן
און וואָס פֿאַר'קנס'ט גערעכטיקייט מיט אייזן.

מיין האַרץ איז נישט מיט די, וואָס ברענגען דיר צושלעפּן
די בלוטנדיקע קעפּ פֿון דיינע אונטערדריקער.
ס'באַוואונדערט נישט מיין גייסט דעם קאַמף פֿון סאַנקילאָטן,
וואָס אימפּעט מאַכט זיי העלדיש און די שנאה שכּור:

זיי ווילן דיך אַליין פונדיינעטוועגן קעפּן.
איך ווייס ווער ס'האָט געלערנט זייער האַנט צום ראָטן:
פאַרשקלאַפּט האָט זיי דער טויט, דער ערגסטער פון דעספּאָטן.

מיין האַרץ איז נישט מיט די, וואָס בויען באַריקאַדן,
וואָס אין דיין הויכן נאָמען צינדן זיי און שעכטן,
און נישט מיט די טריבונען, גרייט צו פלעכטן
אַזוי געשיקט | בונטאַרישע טיראַדן,
אַז בלוט זאָל הייס פאַרגלוסטן זיך — און שוין
זאָל אַ תלין ווערן דער המון
און שניידן קעפּ פון די, וואָס אָקאָרשט־נעכטן
האָט ער אַליין באַגערט, זיי זאָלן אים פאַרקנעכטן.

אויך נישט דערפאַר, אָ פרייהייט, איז מיר טייער
דיין גאַסטן צווישן אונדז, ווייל דיר צושטייער
גיט דער המון דאָס גלייכגילט זיינס אַוועק
און ווערט אַ האַרץ־צונויפגעשמידטער כלל.

איך ווייס: אויף מאָרגן איז ער גרייט פאַרהאַנדלען
דיין קאָפּ דעם שונא, און איז גרייט פאַרוואַנדלען
דיין הויכקייט — אין אַ טאָל פון טויטער שרעק,
דיין ווייסן טעמפּל — אין אַ רויטער שטאַל.

נאָר טייער ביסטו, פרייהייט, מיר דערפאַר,
ווייל ווען עס נעמען שטורעמען די צייטן —
גייט אויף די האָפענונג, אַז ס'וועט דער גזר
געבוירן סוף־כל־סוף אַן אדם אַ באַנייטן,
און ווייל ס'דערגייען הערצער, אַז עס ווערט
דאָרט אויבן פון דעם מענטשן־טאָל געקלערט,
אַז נישט פאַרגעסן האָט מען דאָרט די ערד,
ווי אַ קאָשמאַר אַ וויסטן און אַ וויטן.

## טו

### א ח ד

אַ טרייסט איז דאָ — די הויכע טרייסט פון בייטונג.
אויב גאָרנישט איז ווי פריער, ווי־אַמאָליק,
וועט אויך בייטן זיך די הערשאַפט פון עמלק,

---

אחד = לייען מיט'ן אַקצענט אויף דער ערשטער זילב (ע'כאָד).

און צייט, וואָס איז געוואָרן בלוט און צייטונג,
קאָן ווערן קץ־הימין. העל־קרישטאָליק
קלינגט האָפענונג אין מיר און כ'זאָג צו זיך:
ס'וועט בושעווען עמלק —
דערנאָך קומט ליכט.
נאָכ'ן ים פון קולות בלייבט אַן עכאָ,
נאָכ'ן טומל פון די דורות עכאָ'ט
איין קלאַנג, איין עכאָ:
אחד!

# א ח ר

ההוא ינוקא — — — שקל סכינא וקרעיה.
(חגיגה)

## I

איר זעט דעם אַלטן מרה־שחורה'דיקן זנאַכער?
אָט דעם, וואָס ברומט כסדר: אבני־שיש?
איצט האָט ער נישט קיין נאָמען... ס'איז נישט ער —
ס'איז אַן אַנדערער. ס'איז א ח ר.

קוקט אים אָן! ווי מאָך אויף שטיינער גרינט
אויף זיין לייב אַן אַלט צעריסן מלבוש.
דאָס איז דער, וואָס האָט געטויט אַ קינד.
ס'איז אַלץ זינט יענער מעשה מיט'ן פרדס...
זאַלבעפערט געזען — און יעדער עפּעס אַנדערש.
איז גאַנץ געבליבן איינער נאָר: עקיבא.
אַ צווייטער איז צעמישט, אַ דריטער טויט,
און דער פערטער האָט אַ קינד גע'הרג'עט.

קוקט אים אָן, נאָר גייט צו אים נישט צו.
ער איז נישט נאָר אַ מין, אַ שפּאָטער און פאַרלאַכער.
ער זאָגט אַליין: אַ קינד האָב איך געטויט.
נישטאָ קיין עדות קעגן אים, נאָר ווייסט:
עס האָט אַ קינד גע'הרג'עט אחר.

## II

פאַר זיך אַליין רעדט אחר זיך אַראָפּ פון האַרצן.
אבני שיש טהור, — מורמלט צו זיך אחר.
וואָס ווייסן זיי, די אַלע, פון די אבני־שיש?

גיי איך אויפ'ן גאַס — באַפאַלט זיי אַלעמען אַן אימה.
ווי זיי שושקען זיך דאָס אַלע, ווי זיי גלאָצן!
ס'האָט אַמאָל מיך עמעצער פון זיי געפרעגט:
וואָס איז געשען? האָב איך געענטפערט: ווייסט נישט?
אַ קינד האָב איך גע'הרג'עט!

בין איך דער בייזער וואָלף ביי אָט דער סטאַדע.
אַ קינד האָב איך געטויט, — נו, יאָ, אוודאי,
נאָר נישט קיין פרעמדס — אַן אייגנס.
אלישע־בן־אבויה איז געוועזן אַ קינד.
האָב איך געטויט דאָס קינד אלישע. און אַצינד
בין איך דער אַנדערער — דער רייפער מאַן,
וואָס ווייס דעם אמת...
אבני שיש... אבני שיש...

III

זיי זיינען זאַלבעפערט געוועזן אין פרדס.
איז גאַנץ געבליבן איינער: רב עקיבא.
פאַר יחידי־סגולה
דערציילט רבי עקיבא און עס ציטערט אים זיין לעפץ:

מיר זיינען זאַלבעפערט אַריין אין פרדס...
זאָגט אלישע: ס'מוז דאָ ערגעץ זיין מטטרון —
נאָר ווער דאַרף אים, אָט דעם פוסטן שפּילער?
ער גענאַרט מיט בילדער און געשטאַלטן.
לאָמיר גיין צום מקור — צו דעם אחד.

הער איך, פייגל ריידן
צווישן זיך אויף פרדס־ביימער הויכע:
מטטרון איז ביי אים אַ פוסטער שפּילער,
און אַנדערש נישט — צום סאַמע אחד וויל ער!
איר פאַרשטייט? ער וויל! אלישע וויל!

חוץ מיר הערט קיינער נישט דאָס פייגלשע גערייד.
איך שמעק די לופט: ס'ווערט עפּעס דאָ געגרייט.
און אָט —
פאַרהילט אין ליבנת־ספּיר'דיקע ליילעכער,
גיט עמעצער אַ פאָר אויף רעדער פון אַ דונער
הויך איבער די קעפּ אונדז — און מיט גבורה גריילעכער
קוילערט זיך אַ קול:

ד ו  ביסט עס, אלישע?
אחד רעדט! אנכי —
איך בין גאָט, דיין גאָט!
וואָס זוכסטו, ילוד־אשה?

טראַכט איך: דאָס מוז זיין דער שר־הפנים.
פאַרדראָסן האָבן אים, אפנים,
אלישע׳ס רייד.

איידער וואָס
איז אלישע ציטערדיק געפאַלן אויפ׳ן פנים.
נאָך אים בן־זומא און בן־עזאי.
שטיין געבליבן איז בלויז איינער — איך.

שטיי אויף, אלישע, — הערט זיך אַ באַפעל, — און קוק!
שטייט אויף אלישע,
גרייט צו זען דעם שיעור־קומה,
נאָך אים — בן־עזאי
און בן־זומא,
און די ליבנת־ספיר׳דיקע ליילעכער
גיבן ברייט זיך אַ צערוק.

וואָס־זשע זעט מען?
צוויי מירמלשטיינער, אבני שיש טהור:
דכורא — מירמל ווייסער,
נוקבא — מירמל שוואַרצער.

ער — טאָג און מאַן, וואָס טראָציקט: וויל איך!
זי — נאַכט און ווייב, וואָס שעפּטשעט: וויל מיך!
און נון, זיי גיסן פנים־קעגן־פנים זיך צונויף,
און עס שאָרכט דער פרדס: „שטילער — — שטילער — — —
יחוד״ — — — —

מיטאַמאָל
קערןביידע ברוגז׳דיק אַוועק די קעפּ.
מיט די רוקנס זיינען זיי באַהאָפטן,
נאָר יעדער קאָפּ קוקט ערגעץ אַנדערש:
מאַנסבילד — רעכט־צו,
ווייבסבילד — לינקס־צו.
אייניק מיט׳ן רוקן,
בייז־ווידעראַנאַנדיק מיט׳ן קוקן — —
אויף דער קאַנווע פון דעם אחד
איז אַ צווייאיקייט געהאָפטן.

דאָ האָט אויפגעטרייסלט גאָר דעם פּרדס
דאָס פּחדימ'דיקע שרייען בן־אבויהם:
צווייאיק איז דער אחד! צווייאיק איז דער אחד!
שתּי רשויות!

און שוין — און אויס —
צוריק אַרונטער זאַלבעפערט...
איינער איז געשטאָרבן,
אַ צווייטער איז אַראָפּ פון זינען,
אלישע וואַנדערט ווי אַ שאָטן אויף דער ערד —
און מיינט: ער ווייס... אין שטוב ווי אויפ'ן גאַס
מורמלט ער כּסדר: אבני שיש...
און מטטרון? זעכציק שמיץ פון פייער
האָט מען אים געגעבן: פאַר'ן אחד, מלאך,
טאָרסטו נישט פאַרשטעלן זיך אפילו צוליב שפּאַס!

יז

## די הענט-זעאונג

און ס'האָט געטראָפן, אַז פון אונטן, פון דער ערד,
וואָס ליגט צעבלוטיקט און צעטרערט,
וואו טויטן טאַנצן, לעבנס ווערן ניזוק, —
האָט אַ מענטש־פיגור אַרויפגעטורעמט ריזיק,
זיך גענומען טראָגן הויך אַריבער
וועלטנ'ס דעכער.
שטערן זיינען זיך צעלאָפן פאַר'ן צאָרן
פון דעם שליח־ציבור,
פון יענעם מענטש־אַסטראַל, וואָס האָט אַלץ העכער, העכער
געהויבן זיך צו אים,
צום טוער, צום יאָ־ניינער, צו מטטרונ'ען.
ער, דער ווערער, ברויזער, ברעכער,
איז פאַרברעכער —
ער איז שולדיק!
אַ יונגע זון —
אַזוי איז אויפגעגאַנגען פאַר'ן מענטש מטטרון.
געשטאַנען איז די מענטש־געשטאַלט געבלענדט.
נאָר איידער ס'האָט גע'וואָס'ט און איידער ס'האָט גע'ווענ'ט
האָט מטטרונ'ס פּנים זיך צעשפּאָלטן:
איין העלפט איז זון געווען, די צווייטע — נאַכט.

פאַרשוואונדן איז דערנאָך זיין שיעור קומה.
געבליבן זיינען — הענט.

הענט
האָבן זיך פאַרוואָרפן איבער הענט:
הענט — רעדער,
הענט — שטראַלן,
הענט — שאָטנס,
הענט וואָס באַפאַלן,
הענט וואָס זוכן,
הענט געהויבן צום דוכנ׳ען,
הענט — קינזשאַלן.

איינס אין אַן אַנדער
האָבן די הענט זיך געפלאָכטן,
די הענט, וואָס האָבן גע׳דוכנ׳ט,
און די, וואָס האָבן געשאָכטן, —
זיך געפלאָכטן, געלאָפן
הין־און־צוריק
אונטער אַ ווייטער
געהיימער מוזיק — — —

געשווידערט האָט דער מענטש־אַסטראַל
און זיך צע׳טענה׳ט:
„מיט די הענט וואָס בענטשן, דוכנ׳ען און שטראַלן,
פאַרשטעלסטו די קינזשאַלן!
דו, וואָס אין דער בלענדיקייט פון יונגשאַפט
ביסטו מיר אויפגעגאַנגען, פאַלשע זון,
אַ רגע׳לע געשמייכלט,
זיך צעצווייט
און דערנאָך צעשפליטערט זיך אויף הענטוואַרג, —
ווער דאַרף דיין טואונג, אַז נאָר טויט איז איר באַשייד?
אַ לץ אַ קברן ביסטו, וואָס ביים אויסגראָבן די גרוב
שיטסטו ניבול־פּה און קראַקעסט אַ געלעכטער;
אַ תלין ביסטו, וואָס בלייבט שטיין
מיט דעם אָפּגעהאַקטן קאָפּ אין די ידים
און שטעלט אים אויס אַ צונג:
כ׳האָב דיך אַראָפּגעפּליקט, דו עפּעלע באַ׳טעמ׳טס,
דו קעפּעלע צע׳דמ׳טס — — —

וואָס קומט אַרויס פון הענדום־פּענדום דיינעם,
פון דיין אָנאויפהערדיקן הין־און־קריק?
ביז וואַנען וועסטו טאַנצן אויפ׳ן שטריק
אין דעם צירק מיט׳ן בלוט־רויטן שילד:
געשיכטע!?

דו, וואָס פון פּאַרנט שטראַלט מלאך פון דיר —
צי טראָגסטו נישט אַ שלאַנגען־עק פון הינטן,
שוואַרץ ווי אַ מערדער׳ס געדאַנק אין דער נאַכט פונעם מאָרד?
כיטרער צונויפמישער פון זון מיט רינשטאָק!
אין אַלע בלאָטעס וואַלגערט זיך דיין פייער —
און ס׳זיינען אין זיי די חזירים
נאָך אַלץ נישט געוואָרן פאַרברענט.
ווען וועט לינקס אויף לינקס גיין, רעכטס — אויף רעכטס?
גוטס און שלעכטס —
ווען שיידסטו זיי פונאַנדער?
ווילאַנג נאָך מישסטו זיי — דו יאָ־און־נישט?
רק געמישט, אכזריות׳דיק געמישט!
גיפט־מישער! פאַרברעכער!״

ס׳האָט אויסגעזען ווי ס׳וואָלטן שטיל געשמייכלט אַלע הענט.
זיי האָבן זיך צונויפגעגאָסן און געוואָרן
אַ פאַרמאַכטער פעכער.
דער פעכער האָט אַ פּאָך־געטאָן קוים־קוימיק
און איז פאַרשוואונדן אין אַן אויבן־איבער־אויבן.
פייגל, וואָס זינגען אָן אַ קול געהיימע לויבן,
האָבן אָן אויגן אַרונטערגעקוקט פון די נעסטער.
אָן האַפט
זיינען געלעגן די ווערטער פון לעסטער,
האַרבסטיקע בלעטער אַ קופּע, פון ווינט נישט געהויבן.
די מענטש־געשטאַלט האָט שווייגנדיק געגאַפט.

פון פאַרהוילנסטן אויבן
האָט ס׳קול מטטרונ׳ס גערעדט:
„מיין אויבן איז קעגן דיין אונטן,
ווי טיר קעגן טיר.
די טענות דיינע צו מיר —
ווייסט, וואָס זיי זיינען?
מיינע טענות צו דיר״.

## יח

## די זעאונג אין מדבר

ביי חורב, דעם הייליקן באַרג, האָט דער נביא גערופן:
כ'האָב געטאָן דיין באַפעל,
מיט בלוט פון דיינע שונאים רויט געמאַכט דעם נחל קישון.
פון דיין וועלט, וואו מען קאָן זיך אָן שלאַכט נישט באַגיין,
נעם צו מיין זעל:
זי איז אַמאָל דאָ געשטאַנען,
דיין לא־תרצח געהערט.
— — — — — — — — — — — — —
און נון צערינט די זון, הערט אויף צו זונען.
זאַמדן יאָגן ווי טאַבונען
ווילדע פערד.
עס שרייט אַ ווירבל־ווינט: אָט גיב איך פעלדזן אַ צעשטויס,
אָט צעטראָג איך זיי אויף שפּליטער!
אין רעכטן מיטן ברויז
שטעלט זיך אים אין וועג
אַ שטאָק אַ זייליק־גלייכער,
ווי געהאַלטן
פון אַ האַנט וואָס איז באַהאַלטן...
הויך געהויבן, טראָציק גרויס,
אָן צוק, אָן ציטער — — —
פון ווירבל דעם צעפראַלטן
שאַלט אַ קול:
ווענען גייט ער דאָ פאַרהאַלטן,
דער מטה? מיד?

אויף אַ ווײַלע
טרעט אָפּ דער ווירבל הינטערווייַלעכץ,
נעמט זיך בערגלען ווי דער רוקן
פון אַ חיה גרייט צום שפּרונג
פון פאַרצוק,
און אָט — פון דער זייט
אויפ'ן מטה
אַ האַסטיקן קוק,
אַ רוק, אַ שטויס,
אַ יאָג פאָראויס,
אַ שמעטער — נאַ!

וואַלגערט זיך אין שטויב דער מטה...
און אין ווירבל טאַנצט אַ נחש,

און דעם נחש'ס קאָפּ, — אַ מאַטע,
מאַט־גלאַנצעוואַטע, קליינע קרוין, —
וויגט זיך שכור.

דיבאָם שטייט דער נחש אַ מינוט,
טוט
ראַפּטום זיך אַ בויג אַרונטער,
די דאָפּל־צונג אַ שליידער —
און אַ ביס דעם מטה, וואָס ליגט אונטן,
געפליקט פון ווירבל ווי אַ שמאַטע.

שרייט פון פּיין דער געביסענער מטה.
אַ געשריי, אַ שפּרונג־אויף,
דעם נחש אַ קלאַפּ,
און איידער וואָס
זיינען אין האַרץ פון צעקאָכטן
ווירבלווינט ביידע,
נחש און מטה,
אין אַ געראַנגל פאַרפלאָכטן.

(אָ מטטרונ'שער לעתעתה!
ביז ווי לאַנג וועט שלאַכט זיין?
דו, מטטרון,
ביסט דאָך סיי נחש, סיי מטה —)

דער נחש בייסט, דער מטה קלאַפּט
דעם נחש'ס פעל די גליטשיק־גלאַטע,
און דער ווירבל שפּאַלט די ערד,
און די ערד
וויל איינשלינגען דעם מטה.
ווי אַ קראָקאָדיל
פראַלט זי אויף דעם שלונד —
פאַרשלינגען, פאַרשלינגען!
אירע אינגעווייד הוילן — — —

נאָר מיט'ן כוח פון דעם שם,
וואָס ליגט אין אים פאַרהוילן,
נעמט דער מטה שפּרינגען
דער ערד איבער'ן קאָפּ —

גאַלאָפּ
שפּרינגט אים נאָך דער נחש — שיפּעט

בייז צע׳קליפּה׳ט,
ווײל זיך אָן דעם מטה קלאַמערן,
קנוילט זיך, וואַרפֿט זיך ווי אַ כוואַליע
פֿון תהומא־רבא׳ס טיפֿסטע קאַמערן,
און פֿון צאָרן ברענט דער ווירבל,
ברענט
די אויפֿגעפֿראַלטע ערד.
ווירבל, טרייסל, בראַנד —
רוח, רעש, אש!

זאָגט דער נביא:
וואָס באַווייזט מען מיר אַזוינס?
כוחות ווילדע, כוחות גרויסע —
בין אַוועק פֿון זיי, געווען;
לא טוב אנכי מאבותי —
צו די אבות מיינע וויל איך.
כ׳וויל אַוועק!
און אַן עק
צום ראַנגלעריי!
ווילסטע זעאונג, גיי פֿאַרביי — —

הערט דער ווירבל
און פֿאַרשטומט ווערט זיין געהויל.
הערט די ערד און שליסט דאָס מויל,
הערט דער בראַנד און ווערט פֿאַרלאָשן.

נביא, זעסט?
דער מטה בליט, ער איז אַ בוים,
און דער נחש איז פֿון בוים
די מאַטע גלאַנצעוואַטע קרוין,
און דעם בוים צופֿוסנס ליגט,
העל ווי טוי,
די שטילקייט.
ווער נענטערט זיך? ווער גייט?
זאָגט די שטילקייט: „אדני!...
אָבער פֿריער מוזן זיין
ווירבל,
טרייסל,
אש־להבה, —
פֿריער קומט נישט גאָט, אָ נביא!"

יט

## אַזוינס, וואָס בלוטיקט-מיט

אויף חורבות פון זיין הויז האָט גאָט אַראָפּגעבליקט,
אויף וויסטענישן פון זיין בית־המקדש,
און ס׳האָט פון אים אַרויסגעיאָמערט: וויי!
מיין פּראַכט איז אַש, מיין שטאָלץ — אַ הויפן שטיינער.

און אָנגענומען האָט מטטרון׳ען אַ וואונדער.
האַר, — האָט ער געזאָגט, — דו ווייסט דאָך גריילעך,
אַז ס׳איז דאָס הויז צעשטערט אויף דיין באַפעל.
געוויס, דאָס האָט דער שונא פון מיין האַנט
געקראָגן אַלע פלאַמען פאַר זיין בראַנד,
נאָר איך — ווער בין־איך דען, אויב נישט דער נער*)
פון דער שכינה? כ׳בין דאָך נאָר אַ דינער...
און גאָט האָט נישט געוואָלט, מטטרון׳ס האַרץ
זאָל וויין ווערן ביים אויספיר פון באַפעלן,
האָט ער אַ טרעריקער צו אים געשמייכלט
און אים באַזענפּטיקט. נאָר דערנאָך האָט גאָט
פאַרשפּאַרט זיך אין דעם אָרט, וואָס הייסט מסתרים,
און פרייגעלאָזט זיין ווייטיק. האָט חרטה
באַוועלטיקט אים? חרטה קאָן באַצווינגען
אַ מענטשן בלויז. ניין, ס׳איז אַזוי געשען
ווי ס׳האָט געשען גע מ ו ז ט: די טאָכטער ציון
האָט אָפּגעיאָגט מיט טואונג ווידערשפּעניקער
די בחירה פון איר שוועל.

נאָר ווען עס בלוטיקט
דער יחיד צי דער כלל פון וועגן זינד,
איז דאָ אין גאָט אַזוינס, וואָס בלוטיקט־מיט.
אין יענעם טאָג האָט גאָט פון זיין מסתרים
אַראָפּגעבלוטיקט טרערן
און יענע טרערן זידן ביז אַצינד, ווי ס׳זידט
אין הייליקייט פון טרויער
דאָס האַרץ דאָס גלות׳דיקע פון אַ ייד.

---

*) לייען: נאַאַר.

כ

## לעצטער חשבון

1

געוויין דעם שטנ׳ס טיף ביינאַכט:
נאָך וואָס האָט מיך דער מענטש געמאַכט?

אַ זאַך ווי איך האָט נישט געזאַכט —
האָט ער אויפ׳ס כח מיך געמאַכט.

אויפסגוואַלד בין איך פאַראַן פון זינט
ער מאַכט מיך וואָר מיט זיינע זינד.

צו דיר, אָ גאָט, גייט אויף מיין פיין
פון זיין־אויפסגוואַלד, פון מוזן זיין.

צו דיר געהער איך און כ׳באַגער
אין דיר אַ זכר זיין, נישט מער.

איך בין אַ וואָר, וואָס וויל נישט זיין.
כ׳וויל זיין נאָר דיין, נאָר דיין, נאָר דיין.

וואָס טויג מיר זיין, וואָס טויג מיר מאַכט?
נאָך וואָס האָט מיך דער מענטש געמאַכט?

2

מטטרונ׳ס רוף אין טיפער נאַכט:
וואָס האָסטו, מענטש, פון אים געמאַכט?

באַשענקסט אים איבערגוואַלד מיט מאַכט
און בויסט לכבוד אים די שטאָט!

צום שטן זאָג: דו ביסט נישטאָ.
ער זאָגט אַ דאַנק — און ער נישטאָ׳ט.

כ׳בין צוויי־באַדייטעוודיק ווילאַנג
דו גיסט דיין קראַפט אים צום געשאַנק.

העלף מ י ר, דעם מלאך־מענטש, נישט א י ם —
און ס׳וועט די הילף נישט זיין אומזיסט:
צו ווערן הער איך אויף — און כ׳ב י ן!
צו ווערן הערסטו אויף — און ב י ס ט!

3

געוויין דעם שטנ׳ס טיף ביינאַכט:
נאָך וואָס האָט מיך דער מענטש געמאַכט?

מטטרונ׳ס רוף אין טיפער נאַכט:
וואָס האָסטו, מענטש, פון אים געמאַכט?

דעם מענטשענ׳ס פרעג אין טיפער נאַכט:
וואָס האָב איך, מענטש, פון זיך געמאַכט?

פאַרוואָס זאָל איך אין גאָר מיין מאַכט
נישט אויפגיין זוניק אין דער נאַכט?...

כא

## אָנזאָג דער שטאָט

זנות און מאָרד! אין קליינע קינדער
ליגט דאָס קינד דער׳הרג׳עט.
הימלען לעכערט כולו חייב,
רייסט זיך הויך צום פרגוד.
ס׳צינדט פאַרברעכן אַלע שוועלן,
ס׳חושכ׳ן פאַלאַצן,
און פון צוזען סאַמע גרוילן
ווילן פענצטער פּלאַצן.

שטאָט, וואָס העכער פון די שטערן
הויבט זיך דיין האַרמידער, —
קראַנק און קראַנקער וועסטו ווערן,
מידער אַלץ און מידער.
הער איך דיך, פאַרשייטע, קאָכן,
ווייס איך: פון דיין קאָכן
וועט זיך אויסזידן די לעצטע
פון דער ערד׳ס עפּאָכן.
מיד צום טויט פון דיינע מאָרדן,
מיד פון דיינע זנות׳ן,
וועסטו, אויסגעמאַרכטע זונה,
אויפבענקען צו רות׳ן.
און ווען רות וועט זיך באַווייזן,
די געהיימע אינדין,
וועסטו מער נישט וועלן בלייבן,

גלוסט זיך דיר פאַרשווינדן.
און פאַרשוואונדן וועסטו ווערן,
דו מיט דיינע רעש'ן,
און די זון פון קץ־הימין
שפילט אויף דיינע אַשן.

כב

## בראשית פון דער נאָכצייט

און ס'וועט זיין: אויב דער מענטש וועט אַוועק אויף די וועגן
פון ליכט,
וועט פאַלן די שטאָט וואָס הייסט שקר.

און ס'וועט זיין: אַז מטטרון וועט בלאָזן צום זיבעטן מאָל,
וועט פאַלן — אַזוי ווי יריחו אַמאָל —
די שטאָט, וואו עס וועט זיך פאַרפעסטיקן גולם דער גרויסער,
גולם דער זיבעטער.

די דרויסנדיקע האָט זיך אויסגעדאַכט,
אַז גולם דער זיבעטער
איז איבער־איבער־מאַכט,
נאָר גרויס וועט זיין דאָס געלעכטער
ווען זען וועלן אַלע,
אַז שקר איז אַ שטאָט, וואו קיינער וואוינט נישט,
אַז גולם, איר באַהערשער, האָט געהערשט
איבער ווינט און שפינגעוועב,
און אַז נישט געשטאַנען איז קיין חייל הינטער אים.

און ס'וועט זיין: אַז שקר־שטאָט וועט פאַלן,
וועט מטטרון אריין אין דער שטאָט,
און נאָך־אים — מלאכים און מענטשן צוזאַמען.
זען וועלן זיי, ווי צופוסנס זיין שטרויענעם טראָן
קניט גולם דער זיבעטער,
קינד אָן אַ מאַמען.
זיי וועלן אים אָנרירן,
וועט ער צעפאַלן.

געלעכטער וועט שאַלן
צוערשט.
אָט ד ע ר האָט געהערשט?

דערנאָך וועט אַ שטילקייט
מיט זילבערנע טריט זיי באַגלייטן
איבער דער שטאָט.
זען וועלן זיי גערטנער,
וואָס זייערעביימער
צעפליען ביים צוקום ווי איבערגעשראָקענע סאָוועס
און ווייזן זיך נישט ווידער,
און פּאַלאַצן, וואָס דרייען זיך אויס מיט׳ן רוקן
און קומען צוריק נישט.

אַלץ וועט פאַרפאָרן אין גאָרנישט־לאַנד
און וועט לאָזן לעצט־געלט — אַ נישט.
און ס׳וועט זיין ווי אַ גאָרנישט די ערד
אונטער די טריט פון דער שטילקייט.
און, איינגעוועבט אין יענער שטילקייטס זייד,
וועלן צו איין־און־דערזעלביקער צייט
אומעטום
זיך אָפּשטעלן זייגערס.
און דערנאָך
וועלן אויפהאָרכן אַלע, מלאכים און מענטשן צוזאַמען,
און די שטילקייט וועט אויפהערן גיין
און וועט שטיין און וועט האָרכן מיט אַלע מלאכים און
מענטשן:
צו איין־און־דערזעלביקער צייט
וועלן ווידער די זייגערס אָנהייבן גיין —
שפּיצפינגערדיק־שטיל אַזוי, שטיל אַזוי,
און אויסשפּילן טיף, און אויסשפּילן ווייט,
נאָכ׳ן סוף פון דער אַלטער וואָך־צייט,
דעם בראשית
פון דער נאָכצייט.

## כג

### ניי־אדם

**דער מאַן וויל מאַן נישט זיין, די פרוי וויל פרוי נישט זיין —**
(זע פריער, דאָס ליד: שווינ׳ס)

מיר האָט גע׳חלומ׳ט, אַז מטטרון האָט געטראָפן ערגעץ
דעם גייסט פון שאול׳ן, וואָס איז געוואָרן פּוילוס,
און געהערט האָב איך אַזאַ־מין דיאַלאָג.

**מטטרון:**

נישט אַנדערש, נאָר דיין מעשה איז געווען באַרעכנט
(ווי נאַריש!) אָפּצושטעלן דאָס געטרייב,
וואָס איך טרייב די צייטן. ס׳מוז דער גואל
קומען פון אַ מאַן־באַפּרוכפּערט ווייב —
ער איז דער צוועק פון גאָר מיין טואונג: נאָכמענטש
אין דער נאָכצייט. קומסטו און דערציילסט,
אַז ער איז געוואָרן און געווען שוין:
אַ בתולה איז געווען זיין מוטער, און נישט מענטש
איז געווען זיין פאָטער.

**פוילוס:**

אויף צו ווערן
משיח׳ס מוטער דורך באַפּרוכפּערונג, מוז חוה
אַן אַנדער חוה זיין און פאַר אַ מאַן
אַן אַנדער אדם האָבן.

**מטטרון:**

כ׳וויל, אַז דאָס זאָל זיין.

**פוילוס:**

דאָס קאָן נישט זיין און וועט נישט זיין. פאַרשאָלטן
אויף אייביק איז די ערד. כ׳האָב מיט מיין דיכטונג
געפּרואווט אַ חלום ראַטעווען: דער גואל
איז כלומר׳שט שוין געווען, האָט שוין דערלייזט.

**מטטרון:**

און דאָס זאָל זיין אַ טרייסט? עס קאָן נישט טרייסטן
דאָס אויסגעטראַכטע. האָסט דורך דיין געשיכטע
מיט אַ קונץ געוואָלט פאַרהאַלטן די געשיכטע.
ס׳אַראַ אומזין!

**פוילוס:**

און געשיכטע איז דען נישט
קיין אומזין? וואָס איז ווערט דער גאָרער פּאָרקום
אויף דעם מיסט־קאַסטן וואָס רופט זיך ערד?

**מטטרון:**

די ערד מוז ווערן אויסגעלייזט פון וועגן
דעם באַשאַף דעם גאַנצן.

**פוילוס:**

פלייש מוז אונטערגיין.
ערד פאַרשאָלטענע איז אומזין. קעגן וועלטן
איז איר מיסט־קאַסטן אַ שטויבל.

**מטטרון:**

אויב איין שטויב נאָר
איז אומזין, איז אַן אומזין ס׳גאַנצע ווערק
פון דעם באַשאַפער׳ס האַנט. דעם גייסט האָט פיינט
ווער ס׳איז דעם פלייש אַ שונא. איך בין אויך
פלייש געווען! כ׳בין מענטש געווען: חנוך...

און איצט בין איך מטטרון שר־הפנים!
אויך איך באַגער, געשיכטע זאָל זיך אויסלאָזן,
נאָר נישט דורך אונטערגאַנג פון פלייש — דורך העכער־גאַנג!
נישט דורך אויסטראַכט קומט גאולה, — ניין, דורך
טראַכט,
דורך בלוט־געבורט!

**פוילוס:**

דו האַלטסט נאָך אַלץ ביי גאָרנישט
און וועסט ביי גאָרנישט בלייבן.

**מטטרון:**

כ׳יאָג די צייט —
איך יאָג זי איצט מיט אימפעט נישט־געווען־זענעם.
דער מענטש איז קיינמאָל נישט געווען אַזוי
צעאומרואיקט ווי איצטער. ס׳איז אַהער
אָדער אַהין. וואָס זיינען די אַמאָלן
אַקעגן די סמבטיון׳דיקע היינטן?
דער מאַן וויל מאַן נישט זיין, די פרוי וויל פרוי נישט זיין —

**פוילוס:**

זיי ווילן חיה זיין —

**מטטרון:**

און אפשר — הויבן זיך
ווי ס'האָט פון מענטשאַפט זיך אַ הויב־געטאָן חנוך?
דער מאַן וויל מאַן נישט זיין, די פרוי וויל פרוי נישט זיין —
זאָג איך, דער שר מטטרון: אויב אַזוי —
ווער איבערמאַן, דו מאַן!
ווער איבערפרוי, דו פרוי!
און געבוירט מיר ס'איבערקינד, וואָס איך באַגער:
א ד ם ־ מ ש י ח. דענסטמאָל שטעלט זיך אָפּ
געשיכטע — שבת קומט — איך רו —

**פוילוס:**

דאָס פלייש
געבוירט נאָר אומצוכט. דיין משיח וועט נישט קומען.

**מטטרון:**

דער מאַן־און־ווייב געבוירענער משיח
איז פאַראַן, פאַראַנען אין מיין זעאונג —
און איך, באַוועגער, וויל אַזוי באַוועגן,
אַז מענטש זאָל אים פאַרוואַנדלען אין ג ע ש ע א ו נ ג.

## כד

## געזאַנג פון עיגול און קוואַדראַט

אויב ס'וועלן זיך משיח'דיק באַהעפטן מאַן און פרוי,
וועט זיין געזונגען אָט אַזוי:

זעט־נאָר, זעט, ווי עיגול און קוואַדראַט געגעגנען!
זעט, זיי גיסן ביידע זיך צונויף,
כאָטש זיי בלייבן ביידע וואָס זיי זענען — — —

דער קוואַדראַט איז נישט עיגול — און א י ז עס!
דער עיגול — קוואַדראַט נישט, און א י ז עס!
באַוועלטיקט ביסטו, נאַטור!

מיט אַן אחיזה,
שטאַרקער פון אַלע אחיזות,
איז איינער געקלאַמערט אָן צווייטן! אָט איז זי,
פון קרייז די קוואַדראַטור!

לאָמיר זינגען! ווי העל! ס'ווערט אַלץ העלער און העלער!
זינגט און קוקט
צום געמעל איבער אַלע געמעלער:

אין לויטערן שאָטן פון דער שכינה'ס פליגל —
אַן עיגול.
באַהאָפטן מיט דעם עיגול'ס קיילעכיקע לענדן,
וואָס בלענדן, —
אַ קוואַדראַט.
ס'האָט זיין אַרבעט פאַרענדיקט מט"ט — — —

## כה

### ק ץ

איבער און איבער דער דרויביקער צעשטויבונג,
דער צעקרישלטער צעדרויבונג, וואָס מיר רופן זי וועלט,
און איבער יעדער בענטשונג, יעדער גלויבונג און לויבונג,
וואָס מיר גלויבן, וואָס מיר לויבן און בענטשן אויף דער וועלט; —

און העכער פון היכלות און פון אויבערשטע געמעכער,
און איבער יענער הויכקייט, וואָס פון הויכקייט איז זי קליין,
און העכער נאָך, און איבער און אַריבער יעדן העכער,
און איבער יעדער אמת'קייט און איבער יעדן מיין; —

און איבער אַלע ימ'ען, וואָס באַגיסן אַלע ערדן,
און באַגיסן די געהיים־ערד, וואָס מיר רופן מענטש;
איבער הענט ווי די בלומען און איבער הענט ווי שווערדן,
איבער נאָך־נישט־מענטש, אויס־מענטש און קיינמאָל־נישט־מענטש; —

איבער שרפים, אופנים און הייליקע חיות,
איבער און אַריבער אָן אַן אָפּשטעל און אַ ביז;
איבער און איבער דער נבואה'ס הימאַלאַיאַס
און איבער אפשר און יעדן געוויס;

הויך איבער די פייגל, וואָס זיי קאָנען מער נישט פליען
פאַר לויטער, לויטער פליגל און פאַר לויטער פליערייַ,
און הויך איבער די פייערן, וואָס קאָנען מער נישט גליען,
נאָר לעשן זיך און פינצטערן פון לויטער גליערייַ;

דאָרטן, וואו דער ים איז אָן אַן אָנהייב, אָן אַ באָרטן,
וואו איטליכע צוקונפט הערט אַ פלוצלינגען: עד כאן;
דאָרטן, וואו נישטאָ איז נישט קיין דאָ און נישט קיין דאָרטן;
דאָרטן, וואו ס'פאַראַניקט נישט־פאַראַניקסטער פאַראַן, —

וואַרט פון אייביק די גאולה... זי אַראָפּצוברענגען אונטן —
דאַרפן אַנדערש זיך באַהעפטן ווייב און מאַן!

## כו

## ערשט נאָכגעזאַנג: אויב יאָ

כלה דו לויטערע, כלה אין ווייסן!
ס'קלייד, אַזוי ווייס,
וויל דיר צערייסן
משוגענערווייז
אַ כלב אַ כעסן.
נאָר אויפ'ן וועג
ווערט ער אויס הונט,
מלאכ'ט און זונט,
באַגלייט צו דער חופּה דיך.

חתן דו לויטערער, חתן דו ווייסער!
וואָס זאָגסטו צום הונט,
וואָס זאָגסטו צום בייסער?
איז אויפ'ן וועג
געוואָרן אויס הונט;
מלאכ'ט און זונט,
באַגלייט צו דער חופּה דיך.

באַגלייט און געבראַכט.
אַלץ איז שוין גרייט.
פּראַכט איבער פּראַכט.
פרייד איבער פרייד.
שושבין־ליכט ברענען.
קינדער, גענענען
טוט צו דער חופּה!

שרים פון שלום,
האַרן פון רו,
גוטע שושבינים!
וואָס זאָגט איר דערצו?
וואָס זאָגט איר צום הונט?
אַבי צום געזונט!
ער מלאכ׳ט און זונט,
חזנ׳ט די ברכות.
— — — — — — — — — — — — —
קוקט זיך נאָר איין:
דאָרט אין דער ווייטעניש,
וואו ס׳שטעלן זיך אָפּ
כוואַליעס פון בייטעניש,
וואַרט שוין דאָס קינד,
וואַרט אויף געבוירן זיין:
מענטש פון דער נאָכצייט,
וואָס וועט בן־חורין זיין —
אדם־משיח!

* * *

זיווג פאַרבאָרגענער...
ס׳האָט דער פרימאָרגענער
אויבערשטער האָן

אָנזאָג אַרויסגעלאָזט:
אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט,
אַלץ הויבט זיך אָן.

## כז

## צווייט נאָכגעזאַנג: אויב נישט

**איך קוק צו דער שוואַרצער שויב —**
(ס׳ערשטע ליד: אויב)

זיווג פאַרבאָרגענער...
רוף פרימאָרגענער...
אָבער דערווייל,
דערווייל?...

צו דער שוואַרצער שויב
קוק איך און מורמל פאַרלוירן: אויב
אַנדערש? אויב נישט?
אויב נ י ש ט?...

און ס'וואַרפט מיך דער נ י ש ט
אין אַ שוידער אַריין,
אַזאַ שוידער אַריין.
מן המצר קראתי
יה...

און עס שניידט זיך אַ קול
פונעם חושך אַרויס:
אויב ס'וואַרפט דיך דער נ י ש ט
אין אַ שוידער אַריין,
אַזאַ שוידער אַריין, —
איז דאָס גופא אַ סימן,
אַז י אָ!

# פּערטער אָפּטייל

## זיבן היכלות פון אָטעם און אַנדערע לידער

### זיבן היכלות פון אָטעם
### אָדער: דאָס ליד פון די בעלי-קבין

(אויף אַ מאָטיוו פון תיקוני־זוהר)

רייטן אויף שטילע אייזעלעך ישישים צוויי,
באַהאַוונטע אין רזין־דאורייתא.

קומט צו הינקען אַ באַשעפעניש אויף קוליעס צוויי
און גיט זיך אַ פאַרנויג פאַר די זקנים די ווייסע:
רבנן, וואוהין רייט איר?

זאָגן זיי וואוהין. דער מהלך איז אַ ווייטער.

מאַכט ער: וואָס טויגן אייך די קריכערייען?
לאָזט דאָ, רבנן, די אייזעלעך איבער.
מ׳קאָן עס אַלץ מאַכן תוך־כדי־דיבור,
ווייל דער גאַנצער באַשאַף איז אַ הרף־עין.

דאָ גיבן זיך די קוליעס אַ קוליע־איבער
און זע: זיי פליען. דער קוליע־מאַן פליט.
(פאַרשטעלט איז די וועלט: אירע פליער זינקען
און פלינקע פליער זיינען די, וואָס הינקען).
דער בעל־קבין פליט —
און טראָגט אויף זיך די זקנים:
מע פליט זאַלבעדריט.

מע פליט, מע פליט, ביז מע קומט אינאיינעם
אין ערגעץ אַ הייל,
וואָס אין איר איז פאַראַנען אַ קלענערע הייל,
און ס׳איז אין יענער, דער קלענערער הייל,
אַ הייל נאָך אַ מינדערע פאַראַנען,
אַ הייל־שבהייל־שבהייל,
און היילן גייען אַזוי בתוך היילן,
קלענערן זיך נאָכאַנאַנד, נאָכאַנאַנד —
ווער קאָן זיי ציילן?
ביז וואַנען
מע קומט אין אַ הייל אַזאַ מין קליינער
ווי אַ נקודה נישט צום טיילן.

דאָ דערזעען די זקנים: אַ פּרדס
איבער פּרדסים
בליט אין זוניקייט בונטער.
זיין גוף — צוזאַמען מיט די קוליעס — וואַרפט אַרונטער
דער פליענדיקער הינקער,
דער פלאַטערדיקער קוליע־מאַן דער פלינקער,
און ציט אויף זיך אַרויף, ווי דעם העלסטן פון טליתים,
אַ גוף אַ שפּאָגל־נייעם.
איבער אַ גרויסער כוסע זון
מאַכט דער פּרדס אַ לחיים.

שטייט אין פּרדס אַ טראָן,
זעצט זיך דער בעל־קבין אויבנאָן,
עפנט קהלת
און זיינע לעפצן הויבן אָן:
הבל הבלים אמר קהלת,
הבל הבלים, הכל הבל.

און מחנות׳ווייז קומען בעלי־קבין אָן...
פון אַלדי פאַרשטעלטקייטן
קומען זיי אָן,
וואַרפן די קוליעס און טוען זיך איבער
אַלע אין העלקייטן,
זעצן זיך אויס צופוסנס דעם טראָן,
בויגן זיך, וויגן זיך, חזר׳ן איבער
דעמזעלביקן פּסוק אָן־אַ־שיעור מאָל:
הבל הבלים אמר קהלת,
הבל הבלים, הכל הבל.

און אויף די פינגער ציילן זיי... זיבן איז די צאָל!
הבל — איינס,
הבלים — צוויי,
צוזאַמען — דריי.
אַ צווייטמאָל הבל — פיר.
הבלים אויפסניי —
פינף מיט זעקס.
הכל הבל — זיבן.

און אַלטע פייגל קומען און פלאַטערן אַרום
ווי גאָלדיקע בלעטער, פון ווינטן געטריבן.
מיט די פליגלען פּאַטשן זיי

אָן־אַ־שיעור מאָל
און מיט די שנאָבלען קלאַפּן זיי:
זיבן איז די צאָל.
הבל — איינס,
הבלים — צוויי,
צוזאַמען — דריי.
אַ צווייטמאָל הבל — פיר.
הבלים אויפסניי —
פינף מיט זעקס.
הכל הבל — זיבן.

און דער עלטסטער בעל־קבין, דער האַר אויפ׳ן טראָן,
הויבט תמיד אָן,
און אַלע — נאָך אים, און איטלעך מאָל
ציילן זיי זיבן — זיבן איז די צאָל:
הבל הבלים — דריי;
און פון דאָסניי
הבל הבלים — זעקס;
הכל הבל — זיבן.

פרעגן די ישישים: אויסער אָט דעם פסוק
שטייט דען אין קהלת מער גאָרנישט געשריבן?
וואָס איז די שמחה ביי אייך אַזאַ גרויסע?
זיבן מאָל הבל! איז וואָס, אַז יאָ?
לשמחה מה זו עושה?

שטיל ווערט אין פרדס.
ס׳הויבן זיך אַלעמענס בליקן צו זיי,
ווי איינער זאָגט: אייך קומט מכות־מרדות.

און ס׳גיט זיך דער עלטסטער בעל־קבין אַ שטעל
און זאָגט: איר קלוגע אין אורייתא!
איר מיינט, אפנים, אַז איר ווייסט שוין אַלץ ...
איז אָבער נ י ש ט אַזוי די מעשה.

מיט אַ שמייכל
נעמט ער זיי אָן ביי די הענט,
פירט זיי צו צו׳ן אַ היכל.
שטייט אויפ׳ן היכל מיט לופט געשריבן:
ערשטער הבל פון די זיבן.
פאַרכאַפּט זיי דער אָטעם:
דער היכל איז הבל,

איז לויטער אָטעם.
און אינעווייניק איז פּראַכט שבפּראַכט,
נישט שייך אויסצודערציילן די פּרטים.
ס'איז אַלץ דאָרט געמאַכט
פון הבל — פון אָטעם.*)

און אָט — אַ היכל אַ צווייטער.
אויף אים שטייט געשריבן:
צווייטער הבל פון די זיבן.
און אינעווייניק — נאָך גרעסער די פּראַכט,
און ער איז פון אָטעם נאָך דינערן.

אַ היכל אַ דריטער, אַ היכל אַ פערטער,
אַ פינפטער, אַ זעקסטער...
פון היכל צו היכל
טוט דער אָטעם כסדר זיך מינערן.

אין היכל דעם זיבעטן
(אויף אים שטייט געשריבן:
הכל הבל — זיבן)
איז די פּראַכט
אַזוי גרויס, אַז לאו־די
וואָס זי קאָן נישט ווערן געשפּראַכט,
נאָר זי ווערט אויך אַנדערש געבליקט,
און דער אָטעם איז אָן אָטעם.
דער גאָרנישט פונעם הבל
איז דאָרט אין־לשער, אַזאַ אין־לשער,
אַז ס'איז שוין נישט גאָרנישט;
ס'איז שוין: הלב — דאָס האַרץ,
ס'איז שוין: להב — ס'פאַרבאָרגענע פייער.

אין אָט דעם הכל־הבל'דיקן היכל
ווייזט דער בעל־קבין זיי אַן אָדלער
וואָס האַלט אַ קרוין,
און אין דער קרוין — אַ טויב־געשטאַלט אַ קלאָרע,
און מיט איר און דער עטרה
איז דער אָדלער זיך מתעטר.
און שוואַרץ איז די עטרה פון גרויס העלקייט,

*) הבל האָט צוויי טייטשן: אָטעם — און גאָרנישט. עס איז צוגלייך אַנאַגראַם פון הלב — דאָס האַרץ, און פון: להב — פייער.

און עס שטייט די יונה פון גרויס פליעוודיקער שנעלקייט,
און עס שטאַרט דער נשר פון גרויס פלאַטער.

פאַלן אויפ'ן אָנגעזיכט די זקנים,
און דער האַר פון בעלי־קבין הייסט זיי אויפשטיין,
דער האַר פון בעלי־קבין זאָגט אַזוי:

„מיט'ן ערשטן פסוק פון קהלת
בויען מיר, בויען מיר
אייביקן בוי.
מיט'ן ערשטן פסוק פון קהלת
מאַכן מיר, מאַכן מיר
לויטערן אָטעם.
מיט אָט דעם אָטעם
שטעלן מיר צונויף,
מיט אָט דעם אָטעם
האַלטן מיר אויף
די היכלות פון אָטעם,
וואָס אין דעם זיבעטן פון זיי, דעם לעצטן,
ווערט שוין דער אָטעם —
פון פייערן ס'פייער, פון הערצער דאָס האַרץ.
ס'האַלט זיך גאָר דער באַשאַף אויף די זיבן בנינים!
פאַראַן אויך צווישן די ערדישע שבטים
אַזוינע, וואָס העלפן אונדז מאַכן דעם אָטעם,
וואָס נישטאָ קיין יצירה אָ ן ־ אים:
יש הבל אשר נעשה על הארץ —
פאַראַן אָטעם, געמאַכט אויף דער ערד,
אָטעם פון תפילות, אָטעם פון צדיקים.
דער הבל, ווידער, פון רשעים בויט נישט — ער צעשטערט.
אָטעמס פון שקר שטאַרקן די מזיקים.
פון יענע אָטעמס מאַכן מלאכי־חבלה
הימלען פון נאַכטיקייט, ערדן פון קללה,
לענדער פון עינויים,
וועלטן אָן טרייסטער.
אויף אַזעלכע אָטעמס ווערט געזאָגט:
הבל המה מעשי־תעתועים.
און איצט, ישישים, ווייסט איר:
אויף דינקייטן, דינער פון דעם דינסטן חלום,
זיינען געגרונדפעסטיקט אַלע געבייען,
האַלטן זיך אַלע משקלים.

אַז וואויל צו יענעם, וואָס זיין וואָרט איז לויטער
און מיט זיין אָטעם בויט ער".

זאָגט אַזוי דער האַר פון בעלי־קבין
און ס׳פּנים לייכט ספּיר׳דיק־העל אים.
דער היכל דער זיבעטער גיט זיך אַ הויב,
אַ כאַפּ גיט דער אָדלער די קרוין מיט דער טויב,
און אַלץ ווערט נעלם.

זעען די זקנים: די אייזעלעך וואַרטן,
זיינען זיי ממשיך דעם וועג בשלום.
און קיינער ווייסט נישט, אַז מיט זיי
רייט דער סוד פון די זיבן הבלים.

## אדם, דוד, משיח

## אָדער: דער סוד פון אוריה החתי און בת־שבע

אויף אַ מאָטיוו פון ספר־הגלגולים

און מלך דוד איז געווען אַן אַלטער מאַן,
און מלך דוד האָט געטראַכט פון זיינע יאָרן,
פון זיין פאַרברעך אַקעגן אוריה׳ן, פון בת־שבע׳ן,
פון נתנ׳ס שרעקלעכן און קלוגן משל
און פון אבשלומ׳ס בונט און טויט.

און ס׳איז געווען פאַרנאַכט, און פון פאַרנאַכט
איז שטיל צו דוד׳ן אַרויס דער שטן
און האָט געלאַכט: וואָס ווייסטו? גאָרנישט ווייסטו!
דו טרויערסט, נאָר דו וואָלטסט נאָך מער געטרויערט,
אָ מלך, ווען דו וואָלטסט געוואוסט...

און מלך דוד האָט געזאָגט: איך הער.
און ס׳האָט נצחונ׳דיק גערעדט דער שטן:
דו וואָלטסט געקאָנט דערלייזער ווערן, אָבער
כ׳האָב נישט דערלאָזט דערצו — און ס׳איז געקומען
נישט צו גאולה, נאָר צו מאָרד.

און דוד האָט געשווידערט — און גערעדט
האָט דער בעל־דבר ווייטער: מלך דוד,
ביסט אדמ׳ס גלגול. איז פאַר דיר בת־שבע,
דער גלגול פון דער אַלטער מוטער חוה,
געווען באַשטימט פון אייביק אָן.

און ווייסטו ווער עס איז געווען איר מאַן?
איר מאַן, דער חתי, איז געווען דער נחש,
אַ גלגול פון מיין קנעכט, וואָס האָט די חוה
פאַראומרייניקט נאָך איידער ס'האָט זי אדם
באַשלאָפן. האָסט באַדאַרפט צו געבן תיקון
סיי איר, סיי אים, סיי זיך...

דער נחש... ווייס: אַמאָל האָב איך אויף אים
געריטן דאָרט אין גאָרטן, — איך, דער שטן...
דער נחש איז דער דמיון. אויפ'ן דמיון,
דעם שלאַנגענעם, אויף אים האָב איך געריטן
ווי ס'רייט אַ הערשער — און עס האָט דער דמיון
פאַר'כישופ'ט חוה'ס בלוט.

די פּנימיות פון דעם נחש איז געווען
מגולגל אין בת־שבע'ס מאַן, דעם חתי...
ער האָט צום וויב נישט צוגערירט זיך קיינמאָל,
בעווייל ער איז געווען שוין ערב תיקון,
בעווייל ער איז געווען אין יענעם גלגול,
וואָס האָט געדאַרפט דער לעצטער זיין...

און ווייסן זאָלסטו — אדם איז טייטש דריי:
דער אלף — אדם, און דער דלת — דוד,
דער מם — משיח. אדם און משיח —
זיי זיינען אין דיר נכלל, מלך דוד!
וואָלטסטו אַליין, — זיי ווייסן, מלך דוד, —
אַליין געקאָנט משיח זיין.

נאָר דו האָסט וואַרטן נישט געטאָן...
אויף וואָס? —
האָט אומעטיק געפרעגט דער מלך דוד.
דו מיינסט: אויף וועמען, — האָט געזאָגט דער שטן. —
אויף גאָט! אָנשטאָט דעם חיתי געבן תיקון,
האָסטו צום טויט אַוועקגעשיקט אים אייליק...
בלויז גאָט מעג געבן טויט!

ווי נאָר דו האָסט געטאָן צו איר אַ צאַפּל,
האָב איך, דער שטן, דיך גענומען פירן,
כדי צום תיקון נישט דערלאָזן. תאווה
האָסטו געגעבן חוה'ן, טויט — דעם חיתי,
פאַרברעך און אומגליק — זיך אַליין.

האָסט וואַרטן נישט געקאָנט! וואָלטסטו געוואַרט —
וואָלטסטו געוועזן דער גואל, מלך דוד,
און אָך־און־בראָך וואָלט מ י ר געוועזן! אַצינדער
איז אָך־און־בראָך צו ד י ר, און איך, דער שטן,
איך זאָג דיר אויס דעם סוד — און טו דיין ווייטיק מערן.
איך לאַך פון מענטש, איך לאַך פון דיר!

ס'האָט ווייסע ציין געשטשירעט אין פאַרנאַכט
דער שטן. מלך דוד האָט געשוויגן.
און פּלוצלונג האָט זיין אויג גענומען לייכטן...
„די זינד פון אדם איז אַ זינד געבליבן;
נאָר מם — משיח — איז דאָך אויך געבליבן.
דער מם פון אדם דאַרף ערשט זיין!"

דער שטן האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ
ביי אָט די ווערטער דוד'ס, און אַ ציטער
איז דורכגעלאָפן דורך זיין חוט־השדרה,
אַריינגעשטעקט אַ שפּיז אין אים אַ קאַלטן.
ער איז געשטאַנען און מיט פאָרכט געמורמלט:
דער מם פון אדם דאַרף ערשט זיין...

## דאָס ליד פון די חשמלים

### א

הויך, הויך איבער אַלעם
פלאַקערן אָן־אויפהערדיק
חשמלים.
אָט שווייגן זיי און אָט צעריידן זיי זיך לויפעדיק.
זיי לויפן אַרום כסא־כבוד — אָט פון־אים,
אָט צו'ן־אים.
איינער פון אַנדערן העכער,
און אַלע צוזאַמען — אַ מבול
פון פייערן כל־הקאָליריקע.
יעדער איינער פון זיי איז מקבל,
לויט זיין השגה נאָך,
סודות פון כסא־הכבוד
און ענטפערט זיי איבער
מיט האַסטיקן דיבור

צום זעער: יענער נידערט און נביא'ט
אויף דעם עולם־התחתון
דאָס, וואָס דער חשמל
האָט פון כסא־הכבוד
געבראַכט'ן.

קומט אַ זעער אַרויף —
גיט אים דער חשמל אין מיטן געלויף
און געקאָך
אַ פרעג אַ האַסטיקן, וואָס זיין באַגער איז.
דער פרעג קומט פון פייערן ווייסע און שוואַרצע און רויזע
און ווער ווייס ס'אַראַ נאָך —
און מיט האַסטיקייט מוז ענטפערן דער חוזה.
און אויף דעם חשמל'ס תשובה ווערט געגעבן אַזוי שנעל,
אַז זי צו כאַפּן אויף דער שטעל
קען נאָר אַ גאַנצער און אַוואָרער.

טרעפט, אַז מעשה חוצפּה'דיקער שנאָרער
קומט איינער, וואָס אים פעלט דער עיקר,
אַ קונצנמאַכער, וואָס דער'גנב'עט זיך ביז די חשמלים,
אָן איינגערעדטער שליח אָן אַ שיקער.
סודות וויל ער אויסנאַרן, רעדט עזות'ן, רייסט שטיקער.
פאַרברענט אים מיט איין קוק
אַ שטום־געוואָרענער, אַ צאָרנדיקער חשמל!
פאַלט יענעמ'ס טויטער גוף און ס'גיבן קליפּות אַ באַפאַל אים:
אַ נאַכטמאָל איז ער זיי, אַ נאַש־מאָל.

ב

לויפן אַזוי אייביק, אייביק די חשמלים...
פון וואַנען זייער לויפן, זייער ברענען?
מחמת חשק, גאָט אַלץ מערער צו דערקענען,
לויפן זיי און ברענען זיי.
דערקענען אָבער קענען זיי
איטלעכער לויט זיין מדרגה, העכער נישט אַ האָר:
די גרענעץ פון זיין אויפהויב קאָן אַ חשמל נישט אַריבער!
בלויז פאַר יענעם נביא, וואָס זיין בחינה
איז צו זיינער נאָענט, זאָגט דער חשמל איבער
וואָס ער איז משיג אין דער שכינה,

און שוין — עד כאן... ביז דאַנען — און נישט ווייטער...
מיט די פייערן פון זיין פאַרלאַנג באַגערט ער
אַריבערשפּרינגען זיין השגה, נאָר ער קען נישט... ליידט ער...
רייד פון בענקשאַפט רעדט ער, ברויזנדיקע ווערטער,
און ס'ווערט זיין לויף נאָך האַסטיקער. די תשוקה טרייבט —
די גרענעץ אָבער בלייבט.

פאַראַן חשמלים גוואַלדיק גרויסע אין דערקענונג,
וואָס גיבן העכסטע תשובות צו די פרעגער.
בלויז די הייליקסטע באַנעמען אַזאַ חשמל'ס רייד.
אַזאַ מין חשמל'ס ברויזנדיקע ברענונג
ווערט פון בענקשאַפט צום נאָך־העכערן אַזוי באַוועגיק,
אַז עס קאָן זיך אויסדאַכטן: דער חשמל שטייט.

אייביק בענקען די חשמלים... רוען
אין גאָט איז קיין־שום חשמל נישט ביכולת...
וואויל איז
די פּנימיות'דיקע חיות־קודש, — יענע חיות,
וואָס זייער פאַרהויל איז
טיף אין הוויה'ס
לפני־ולפנים.
יענע דאַרפן נישט טראָגן זיך רצוא־ושוב,
אינגאַנצן תשוקה, אינגאַנצן געלויף,
אייביק געטריבן צו אים, צו א י ם...
נאָך העכערס, אַלץ העכערס, דאַרפן זיי נישט בענקען...
זיי גיבן קיין תשובות נישט קיינעם,
דאַרפן נישט נעמען און דאַרפן נישט שענקען.
אין רואיקסטער גלאַנציקייט,
אין פולסטער גאַנציקייט
פון דער איינציקייט,
איז זייער געלעגער.

אַנדערש די חשמלים,
די הין־און־צוריקיקע טרעגער
פון ענטפערס און פון פרעגונגען...

אָ, בענקשאַפט אייביקע פון די חשמלים!
אָ, ווירבל־לויף פון אייביקע באַוועגונגען!

## דער מצרי

(אויף אַ מאָטיוו פון ספר הגלגולים)

און ווען עס האָט משה'ן דערזען דער מצרי,
וואָס האָט געשלאָגן דעם ייד,
האָט ער מיט פייערדיקע בליקן
געבעטן ביי משה'ן תיקון.

און ווען עס האָט משה דערזען דעם מצרי,
וואָס האָט געשלאָגן דעם ייד,
האָט ער געוואוסט: ס'איז דער גלגול פון קין,
וואָס וויל מע זאָל אים באַפרייען.

האָט משה שלאָגן גענומען דעם מצרי
מיט דעם צוויי־און־פערציקער שם,
האָבן יענעמ'ס אויגן געטאָן אים דאַנקען
און האָבן גענומען צאַנקען.

און ס'איז אַ טויטער געפאַלן דער מצרי
און איז אַרויס פון זיין קלעם.
ווייל ס'האָט אים משה געשיקט אַרויפצו,
געשיקט פון זיין רע צו זיין טוב צו.

אָט דאָס איז געווען דער סוד פון דעם מצרי
וואָס האָט געשלאָגן דעם ייד.

## נעשה אדם

גאָט רעדט צו אַ יונג פּאָרפּאָלק.
נעשה אדם, — זאָגט גאָט, — לאָמיר גיין און געבוירן אַ מענטש.
דו, מאַן, גיב אים הימל־מיט־וואַסער צושטייער —
דו, ווייב, גיב אים ערד —
און מיט גייסט פון מיין גייסט, מיט אַ פונק פון מיין פייער,
וועט באַשענקען מיין גנאָד אים.

כ'שאַף אַלץ נאָך דאָסזעלבע — דעם מענטש.
איך נעם אייך פאַר שותפים און לערן אייך שאַפן.
זיין נשמה דאַרף בגדים.

לאָמיר בויען דעם מענטש!
נעשה אדם!

## דער מקובל רעדט צו די תלמידים

אין וויפלטן גלגול עס איז יעדער איינ̈ער פון אייך —
זע איך קלאָר, זע איך וואָר,

זע איך אָפן.
און איך ווייס, וויפל דור, וויפל יאָר,
ס'איז געגאַנגען צו מיר יעדער איינער פון אייך,
דער גרויסער פון אייך ווי דער קליינער פון אייך.
איצט האָ'מיר זיך אַלע געטראָפן.

נשמות אַלערליי,
איך דאַרף אייך דאָ מחמת אַן ענין אַ דק־מן־הדק'ן:
געבן אייך תיקון, כדי
צו זיין זיך גופא מתקן —
ווייל אוי, דאַרף איך תיקון! כאָטש לויפן אויף גאַסן און שרייען!
מער תיקון ווי ס'דאַרף יעדער איינער פון אייך,
דער גרויסער פון אייך ווי דער קליינער פון אייך:
וואָרום מיין בחינה איז — קין.

## בלעם

אין טעג פון זומער, ווען עס זינגט די לופט,
ליגט שטום אַ שטיין. עס קומט דיר פאָר: ער פּרוּווט
מיטצוזינגען, נאָר אומזיסט. ס'האָט אים געפאַנגען
אַ שטומעניש.

אין יאָרן לאַנג־פאַרגאַנגען
איז ער געווען אַ מענטש פון שטאָלצע ווערטער.
דאָס איז די שטראָף פון דעם, וואָס ווערטער מערט ער:
אויף דורי־דורות גיט מען אַ פאַרשטיל אים.
ווער שטיין — און שווייג!

אַ שטיין איז צווישן שטיינער
געוואָרן אויך דער צויבערער פון רייד, דער האַר פון שיינער
ווערטעריי, דער שאַלקהאַפטיקער בלעם.

## די טיר צום גאָרטן אין עדן

וואָלטן מיר אין זיך געגידערט טיף, גאָר טיף,
וואָלט זיך אונדז געעפנט די מערת־המכפלה.
פון זיך אַליין וואָלט זי געעפנט זיך, ממילא —
ווען מיר זאָלן נידערן אין זיך גאָר טיף.

ס'וואָלט יענע הייל אין אונדז געפירט אונדז אַלעמען העט ווייט,
געפירט צוריקצואוועג, צום אָנהויב, צום גן־עדן.

מיר דאַרפן זיך נאָר איין־פּאַר־אַלעמאָל אַנטשיידן,
צו נידערן גאָר טיף . . . וואָלט עס געפירט העט ווייט . . .

ווייל דורך אונדזער מערת־המכפלה (דאָרטן
וואו אַלע אבות רוען) גייט אַ וועג העט־העט,
אַ וועג צו זיי, צו אדם־חוה פאַר׳ן חטא.
דאָרט וואַרט דער אויסוועג צו דער העלקייט. דאָרט —
די טיר צום גאָרטן.

## תא חזי, אָדער: פון די האַלמאַי׳ען און די דערפאַר׳ן

היות
ווי יעדער הלמאי האָט זיין דערפאַר,
איז אין ערגעץ נישטאָ (זאָגט די נאַרן נישט אויס!)
קיין איינציקער נאַר.

אפילו משוגעת
איז לאָגיק בלויז, וואָס אַרבעט אַזוי האַסטיק,
מיט אַזאַ מין אַקראָבאַטישער גימנאַסטיק,
אַז זי ווערט — אַ דזשאָנגל פון דערפאַר׳ן.

נישטאָ קיין משוגעים ווי קיין נאַרן,
נישטאָ קיין אומפאַרענטפערטע למאי׳ען:
פאַראַנען בלויז פאַרפלאָנטערטע דערפאַר׳ן,
וואָס אין זיי איז אַזוי טיף מעיין
ער, דער אַין,
ביז ער טוט זיי פון דער פלאָנטערונג באַפרייען.

שקר וואָס איז?
אַ שאָטן, וואָס דער אמת וואַרפט צו זיינע פיס,
איז דער שקר.

הינטער׳ן ליגן איז אַ דערפאַר פאַראַן,
הינטער אים איז אַ צער פאַראַן —
ער איז בלויז אַ פאַרשטעלער, ער איז בלויז אַ פאַרדעקער.

און טויט?
אַ דין שפּאַניש ווענטל
צווישן די וועלטן,
צווישן אַ דאָ און אַ דאָרט,
וואָס זיינען נישט דאָ און נישט דאָרט,
נייערט אין דער איינציקייט איז זייער אָרט,
אין דער איינציקייט, וואו ס׳קומען זיך צוזאַמען

פון אַלע צער'ן און פון אַלע גזר'ן —
ווי קינדער פון איין מאַמען —
אַלע דערפאַר'ן.
און דערפאַר —
גם כי אלך — אפילו אַז איך גיי
בגיא,
אין טאָל,
צלמוות — פון צלמוות, —
איז אפילו דער צלמוות אַ קאַטאָוועס.
ס'איז פאַראַן אין אים אַ פרייד,
וואָס מאַכט צו־נישט געפאַרן:
איך גיי — און מיך באַגלייט
דער דערפאַר איבער דערפאַר'ן.

## דער אייזל-טרייבער

דער אייזל־טרייבער האָט געוואוסט אַזויפיל זאַכן,
אַז רב אלעזר און רב אבא האָבן אים פאַרגאַפט
געפרעגט: ווער ביסטו און פון וואַנען קומסטו?

— איך בין, — האָט ער געזאָגט, — אַן אייזל־טרייבער,
ווייל ס'האָט אַזוי געוואָלט מיין האַר דער קיניג.
באַלוינען וועט ער מיך מיט אותיות צוויי:
מיט יוד און שין; צוזאַמען מאַכט עס: יש —
דאָס אמת'ע פאַראַן־זיין.

און פון וואַנען
איך שטאַם — וועל איך אייך אויך זאָגן, רבותי.
אַ פליענדיקער טורעם איז פאַראַן —
פון דאָרטן שטאַם איך. ס'וואוינט אין יענעם טורעם
אַן אָרעמאַן.

— ווער איז דער אָרעמאַן?
— דער עני־ורוכב־על־חמור. מיין טאַטע —
אַ פיש איז ער געווען אין ים־הגדול.

— אַ פיש אין ים־הגדול?
— יאָ, אַן אַלטער,
אַלט ביז גאָר און גרויס ביז גאָר. פאַרשלונגען
האָט דער טאַטע מיינער אַלע פיש
און זיי צוריק אַרויסגעלאָזן גאַנץ און פריש,
ריין געבאָדן און געווייקט אין גנאָדן.

דאָ האָבן רב אלעזר און רב אבא,
נאָך מער געפלעפּטע און נאָך מער פאַרבליפטע,
געוואָלט אים פרעגן ווייטער, ערשט אַ קול
האָט זיך דערהערט: פון אונטן קערט זיך אום,
איר ליכטער פון דער אויבערשטער מתיבתא.
צוריק, איר האַמערס מאַכטפּולע! עס וואַרט
ביים הויכן שטול פון כבוד דער געוועב־מייסטער,
דער האַר פון די קאָלירן. קומט צוריק
פון אומעטום, וואו איר געפינט זיך אויף דער וועלט,
פון אומעטום, וואו איר גייט אום פאַרשטעלט — — —

און דער אייזל־טרייבער איז פאַרשוואונדן.

## ר׳ אהרן סטאַראָשעליער

בו, יתברך, השתיקה,
ומי ששותק,
ובפני מי שותק, —
הכל הוא!

(ר׳ אהרן סטאַראָשעליער אין זיין „עבודת הלוי״).

דער, וואָס שווייגט, די שתיקה וואָס ער שווייגט,
און דעו׳, אין וועמעס בייזיין ס׳ווערט געשוויגן —
באַזונדערע דריי זאַכן זיינען עס אין שווייגן
דעם אונטערשטן, דעם היגן.

נאָר ס׳ווערן איינס די אַלע בחינות אין גאָט׳ס שתיקה,
וואָס זי קאָן אַ האָר נישט ווערן דרויסיק:
זי איז סיי די שתיקה,
סיי דער, וואָס אין זיין בייזיין ווערט געשוויגן,
סיי דער שותק.

לויבט פון שרפים און אופנים די קאַפּעליע,
לויבט רב אהרן פון סטאַראָשעליע,
לויבן אונטערשטע און הויכע,
לויבט דער שטורעם, לויבט די רו:
מי כמוך
באלמים — ווער, אָ גאָט, איז שווייגעדיק ווי דו ?...

## פון דער פרייד, וואָס ווערט איינס מיט׳ן וויסן און וואָס אַנטפּלעקט זיך אַמאָל אין וואָלקנס

דורך פּיין פון געבורט
ווייס די מוטער איר קינד.

דורך פיין פון חרטה
ווייס מען די זינד.
ווען ווייסטו דיין האַנט?
ווען זי טוט דיר וויי.
וויפיל וויסן איז דאָ
אין איין געשריי!
ווען ווייסטו דיין גייסט?
ווען ער ווערט צעריסן
פון פיין, פון פיין . . .
די פיין איז דאָס וויסן.

נאָר ס׳טרעפט — אַמאָל טרעפט:
דו בלייבסט שטיין געפּלעפּט
פאַר דער פּראַכט פון פאַרנאַכט.
זעסט וואָלקנס ברענען
פון עפּעס אַ שמחה׳דיק,
לעצט דערקענען.
דער הימל יום־טוב׳ט
קאָליריק־הייס:
פרייד איז דאָס וויסן,
וואָס ער ווייס
וועגן טאָג און באַשאַף,
וועגן אָנהייב און ענד —
דאָס וויסן זיינ׳ס לאַכט
און זיין לאַכן דערקענט.

דורך הימל פאַרנאַכטיקן
לאָזט דיך גריסן
אַ וועלט, וואו די פרייד
ווערט איינס מיט׳ן וויסן.

## און ווען ס׳איז פון דער וועלט אַוועק רבי שמעון

און ווען ס׳איז פון דער וועלט אַוועק רבי שמעון,
איז צוגעפאַלן צו דער ערד רב חייא
און זי געקושט און זי צוגלייך געשאָלטן:

„דו וויסטע ערד, דו חוצפה׳דיקע בריאה,
דו טוסט זיך מיט דער רשעות דיינער רימען.
עס ווערן וועלט־זיילן אין דיר צעשפּאָלטן . . .

ווי זאָל איך דיך נישט קושן, אַז אין דיר איז
דאָס ליכט דער וועלט׳ס און גאָר דער וועלט׳ס עשירות?
און ווי זאָל איך נישט שעלטן דיך? ווי מעגן

די זאַמדן דיינע רויבן בר־יוחאי׳ן?
ווי קאָנסטו אין דיין גאווה זיך דערוועגן
אַוועקצונעמען ס׳טייערסטע פאַרמעגן,

דעם האַר, וואָס אין די זכותים זיינע נייערט*)
לעבן זיי, די יאָרן און די שעה׳ן?
גיב אָפּ צוריק דאָס ליכט, דו גרויע בליי־ערד!״

אַ רגע בלייבט רב חייא שטיל. און ראַפּטום
שטעלט ער זיך אויף. אַ כוואַליע פרייד פאַרכאַפּט אים
און ער רופט אויס: „נישט זיי ביי זיך פאַרריסן,

די שקר׳דיקע ערד! ס׳איז ליגן, ליגן!
עס קאָנען וועלט־זיילן אין דיר נישט ליגן.
עס קאָן נישט זאַמד רב שמעונ׳ען פאַרשליסן״.

## אַ טרער און נישט מער

אַ טרער און נישט מער,
אַן איינציקע טרער,
וואָס איז פּשוט און וואָר —
און איז גאָר־שבגאָר.

כ׳בין שטויב שבשטויב,
נאָר כ׳טו מיך אַ הויב
מיט׳ן כח פון דער
ריינער איינציקער טרער:
זי קאָן אויפהויבן תפילות
אַזוי וויט, אַזוי הויך
ווי ביז אצילות.

## דעב מלכ׳ס פורעם

ווייסט, וואָס דיין בלוט־און־פלייש איז?
געאָרדנט זיינען די גלידער
לויט די סדרי־בראשית.

---

*) נייערט (אין דעם פאַל) = בלויז.

אַז דו קרוינסט איבער זיי דעם הימל —
ביסטו מתקן די נידער.
און ס'ווערן דיינע גלידער
ווי פון פערל אַ געשלידער,
און אַז דו דאַוונסט — זיינען זיי דיין סידור...

פון וועגן
דיין קרוינען דעם הימל איבער די גלידער,
ווערסטו באַלוינט:
דיין נידער ווערט נאָכ'ן שטאַרבן געקרוינט.
ווי ברידער
איילן דיר כרובים אַנטקעגן,
צע'אש־להבה'ט
מאַכן שרפים אַ וואַרע און גיבן־אָפּ כבוד
דעם מלכ'ס פורעם, אין גאַנצקייט פּאַרהיט!

נאָר ווייַ, אויב אפילו אַן איינציק גליד
האָט שלעכט געדינט!
מע וועט דיך, פון וועגן זיין זינד,
אויף דר'ערד אַראָפּשיקן צוריק, ביז דו גיסט
יענעם אבר אַ תיקון.
מע וועט דיך צוריק'ן.

ביז וואַנען דו ביסט
איבער דעם גליד יענעם ממליך גאָט'ס רום...
מע לאָזט נישט צו קיין בעל־מום —
צוגעלאָזט ווערן נאָר גאַנצע!

## נשמות לינקס, נשמות רעכטס

נשמות הויבן זיך, באַגלייט פון פינצטערע קאָנוואָיען,
און וואָיען און וואָיען.
נשמות, באַגלייט פון פינצטערע קאָנוואָיען —
לינקס.

נשמות הויבן זיך, נשמות בלויען
ווי טויען.
נשמות בלויען —
רעכטס.

אַלע ציען זיך צום האַר —
און ער הויבט זיך איבער זיי ווי אַן אוראַלטער כוהן,

און ס׳בענטשט זיין האַנט די רעכטע
די גערעכטע,
וואָס בלויען,
און ס׳בענטשט זיין האַנט די לינקע
די שלעכטע,
וואָס וואָיען.

## דער אר״י

צוקומען פלעגט ביז ירושלים
דער אר״י,
און זען פלעגט ער אין זיך ירושלים.
מיט ציטער אין די קני
איז ער געשטאַנען און געמורמלט ווי אין חלום:
הר הזיתים... נחל קדרון... אָט איז יד אבשלום...
און אָט די הייליקע, די מערב׳דיקע וואַנט —
דער כותל... צו דערלאַנגען מיט דער האַנט...

אַ חלום!

ירושלים — זיין געבויר־שטאָט, נאָר זיין וואוין — מצרים,
און אַז ער איז צוריקגעקומען איז אין צפת געווען זיין וואוין.
אָט נאָר אַ לעצטער תיקון בלויז — און שוין!
אַ לעצטער תיקון בלויז — און ער לייזט אויס ירושלים!
איז ער געשטאַנען פאַר ירושלימ׳ס טיר,
נאָר נישט אַריבער איז זיין פוס
איר שוועל. אַריינצוגיין אין איר
האָט־ער נישט געקראָגן קיין רשות.

פון שורש פון בן־יוסף —
דעם, וואָס פאַלט אין שלאַכטן פון דעם קץ —
איז געווען דער אר״י:
פון די,
וואָס זיינען נישט מסיים.

און פון דער וועלט איז דער אר״י געגאַנגען פרי,
געגאַנגען פרי,
און נישט באַטראָטן האָט־ער — זינט זיין קומען פון מצרים —
זיין געבויר־שטאָט, זיין באַגער־שטאָט, זיין ירושלים.

## דער פּאָדעם

האָט געזאָגט רב שמעון בר יוחאי
צו אלעזר׳ן זיין זון:
מחשבה האָט דאָך אויך
דיבור, קול און קלאַנג,
טרייב זשע קול פון זיך און קלאַנג,
טרייב אפילו פון געדאַנק,
שווייג טיף, שווייג הויך, שווייג לאַנג,
שווייג.

געשוויגן האָט אלעזר,
געטריבן קול און קלאַנג.
געשוויגן האָט אלעזר,
געשוויגן טיף, געשוויגן הויך, געשוויגן לאַנג.
דערנאָך — געזאָגט אַזוי:

בינה די מאַמע — אין אויבערשטן מקדש,
מלכות די טאָכטער — אין אונטערשטן מקדש...
מלכות די טאָכטער, מלכות צו זיין,
מוז קליידער זיך באָרגן ביי בינה דער מאַמע׳ן.
ווען שיקט זי צו דער מאַמע׳ן? מיד.

וואָרום אויבן מיט אונטן בינד איך צוזאַמען,
איך, דער בן־אדם,
מיט אַן איינציקן פּאָדעם —
דעם פּאָדעם פון שווייגן.

## די דריטע מדרגה

זאָגט דער רבי רב בונם: אַ הויז —
די קלענסטע מדרגה איז הויז.
זונדערסט זיך אָפּ: עס איז בלויז
דו און ס׳בני־בית.
געטריי איז
די שטוב און דיין היטערין איז־זי,
באַוואַנט און באַפּענצטערט, באַטירט און באַשוועלט.
נאָר וואָס קומט אַרויס? זי נעמט צו די אחיזה
אין וועלט.

אַ מדרגה אַ העכערע — פעלד.
מיט זאַנגען צעוועלט,

מיט קרייטער באַגראָזט,
אַ ווינט אַ געווירציקער בלאָזט,
גייסט — און פריי איז דיין שפּאַן.
נאָר אַ צוים
שטעלט זיך און פסק׳נט: עד כאן.

די דריטע מדרגה — באַרג.
צום הימל גייט ער, צום אונטן רעדט ער:
נאַ דיר אַ האַנט — קום קלעטער.
כ׳באַגער זיך צו הויבן אָן אויפהער.
קום אַרויף —
וועט מען גיין אַלץ אַרויפער.

און איך בין אַ באַרג, — זאָגט דער רבי רב בונם, —
און כ׳פיר
צו תיקונים.

## ליד פון דער קרוין און דער נקודה

קיילעכיקע קרוין,
פון ליכטיקייטן זיבעציק די קרוין!
אין האַרץ פון דיין קרייז דעם צעשטראַלטן
איז אַ נקודה באַהאַלטן,
וואָס זי באַשפּייזט
דיין עיגול דעם גאָרן.
אין יענער נקודה, ווי אַ ווינטל וואָס דרעמלט אין קאָרן,
רוט פון גייסטער דער גייסט,
רוחא דכל רוחין,
וואָס אַלע דאַרפן אים און אַלע זוכן.

צומאָל גיט ער דער וועלט אַ מתנה
אַ נישט־פאַרדינטע.
ער גייט אַרויס פון יענער נקודה
און טרעפט זיך
און באַהעפט זיך
מיט דער שכינתא.
געגרייט איז דענסטמאָל אַ הימלשע סעודה
פאַר כל דכפין,
און כוואַליעס

---

*) באַמערקונג. — שכינתא — לייען: שכינטע; פמליא׳ס — לייען: פאַמאַליעס.

פון אייבערשטע וואַסערן
גיבן צו זויגן די אונטערשטע טייכן,
און ס׳זינגען פּמליא׳ס,
און ס׳ווייכן
די האַרן פון דין.

ביז רוחא דכל רוחין
קערט זיך אום אין זיין וואוין,
אין יענער נקודה,
וואָס אין קרייז פון דער קרוין,
פון ליכטיקייטן זיבעציק די קרוין.

# פינפטער אָפּטייל

## פון די אַראָפּן צו די אַרויפן

### סתירה און פאַרבינד

**(אָנשטאָט אַ פאָרוואָרט צום אָפּטייל: פון די אַראָפּן צו די אַרויפן)**

מיין נשמה'ס אַלע סתירות זיינען אָפן,
איך קאָן נישט און איך טאָר זיי נישט באַהאַלטן.
גאָט אַליין וואָלט דאָך אָן סתירות זיינע וועלטן נישט
געשטאַלטן,
וואָלט אָן זיי אין שטומער אייביקייט געשלאָפן.
נאָר א י י נ ע ר בלייבט ער אין די אַלע סתירות
(עס רופט צו דיר די גאָרע וועלט: דערשפּיר עס!).
פון סתירות שטעלט אויך אויף אַ דיכטער די בניינים,
וואָס זיינען זיינע און וואָס בויען זיך נישט אָ ן ־ אים:
צוערשט — די סתירות, נאָכדעם — דער פאַרבינד
ווי פון שלאַנג מיט מלאך, לייב מיט קינד.

סוב־אָפּטייל איינס:

### זיבן טאָלן פון טרויער

#### געשריבן אין 1913

און וואָס וועט זיין, ווען טרער און טויט פאַרשווינדן
און ס'ווערט די גאַנצע ערד באַדעקט מיט פרייד,
ווי ס'איז דער פליין פון ים באַדעקט מיט אינדן?
צי וועסטו, מענטש, נישט בענקען שטילערהייט
נאָך וואונד און וויי פון אַלטע בייזע צייטן?
אָן פיין איז פרייד אַ הימל אָן אַ גאָט
און קיין שום גליק קאָן טרערן נישט פאַרבייטן.

#### יוגנט-ליד

האַסן הייסט — פאַרמאָגן נעגל!
אינעם האַרץ פון דעם געהאַסטן,
ווי אין מיסט אַ פולן קאַסטן,
אייביק גראַבלען מיט די נעגל.
בעסער ליבן!

ליבן הייסט — פאַרמאָגן נעגל,
פּרעך אין פרעמדע בלוטן דרינגען,
זיי באַפאַלן און באַצווינגען.
האָס און ליבן דאַרפן נעגל, —
בעסער דיכטן!

דיכטן הייסט — פאַרמאָגן נעגל,
פאַנגען בילדער, רויבן קלאַנגען,
אייביק רויבן, אייביק פאַנגען.
אויך דאָס דיכטן פאָדערט נעגל, —
בעסער לעבן!

לעבן הייסט — פאַרמאָגן נעגל,
ווי אַ שפּיר־הונט אייביק שנאַפּן,
דאָס באַגראָבן, יענץ פאַרכאַפּן.
נעגל, נעגל, אייביק נעגל.
בעסער שטאַרבן!

## פריי פון באָדלער׳ן

עס טראָגט אַ שלאַנג אין זיך, בייז און געל,
איטלעך איינער: זיין האַרץ — איר טראָן.
ער זאָגט: איך וויל — זי׳ שרייט אויף אים אָן:
כ׳פאַרווער! מוזסטו פאָלגן מיין באַפעל!

ביסט פאַרליבט אין אַן אויג פול שוואַרצן גלאַנץ,
עס שרייט אין דיין בלוט דער באַגער דער ליאַרמער —
חוזק׳ט זי: אויך מיר אַ צעלייגער.

שלייף דיר פערזן און קריץ אין מאַרמאָר,
האָב דיר קינדער און בוימער פלאַנץ, —
זאָגט זי: ביסט אפשר נאָך היינט אַ פגר.

נאָך וואָס ס׳זאָל נישט זיין אַ מענטש׳ס פאַרלאַנג,
נאָך גאָט, נאָך ליבע, נאָך מזל־ברכה, —
אונטער איר אייביקער השגחה
האַלט אים די רשעות׳דיקע שלאַנג.

## אַ שטומפּ

פאַראַן אַ פיגור אין שאָטן: לעבן.
זי רויכערט אויס מיליאָנען ציגאַרן
און לאַכט און צינדט אָן מיליאָנען נייע.

וואוילעריש רויכערט זי, די גאַסן־פרוי,
די תאווה׳דיקע חיה.

כ׳בין אירער אַ פאַרלאָשענער ציגאַר,
אַ שטומפּ אַן אויסגערויכערטער — מיט פרעכע פיס
האָט זי מיך געגעבן אַ פאַרשאַר.

ליג איך פאַרריסט
אין מיסט.

## אדם-חוה דעם ים צוקאָפּנס

איך זע אַ מאָדנעם ים. בצורת שלאַנג
הויערט ער אין קאַלטע אויפדערנאַכטן.
און כ׳הער: עס פלאַטערט איבער אים און פאַלט
אַן אָפּקלאַנג פון דער וועלט־געשיכטע׳ס שלאַכטן,
אַן אָפּהילך פון אַ דורות־לאַנגן גוואַלד — — —

אים צוקאָפּנס זע איך אדם־חוה — צוויי פיגורן
ווי גרויע מאַסטן מיט אַרויפגעשטרעקטע הענט.
און ס׳רעדט צו זיי דער ים,
דער נחש קדמון, דער פאַרשטעלטער ס״ם:
,,וואָס ווײנט איר? נישט אין מיר איז עס געווענדט!
דער וועג צו גאָט — פאַרווישט איז ער, פאַרווישט די לעצטע
שפּורן!
איך —
דורות גאַנצע קריך איך אויף מיין גרינעם בויך און קריך —
צוריק צו גאָט׳ס גן עדן קאָן איך נישט דערקריכן...
און איר?
אַ סברא, אַז אויך איר וועט נישט דערקריכן אַזוי גיך,
אַ סברא, אַז נישט איצט און נישט אינגיכן.
וואָס קומט איר דאָ מיט טענות אייביקע צו מיר?!
אויך איך ליג אויסגעשטרעקט אין אַ געבעט, וואָס קיינער
הערט נישט,
פאַר גאָט׳ס פאַרשלאָסענער, גאָט׳ס שטומער טיר" — — —

## סטאַקאַטאָ

אויפ׳ן דאַך קריכט אַ טויטער הייַנטיקע נאַכט.
די לבנה שרייט רויטער הייַנטיקע נאַכט.
די לאַמטערן ווינקט געלער הייַנטיקע נאַכט.
עמעץ שטאַרבט אין אַ קעלער הייַנטיקע נאַכט.

אַלע מויערן וואַכן הייינטיקע נאַכט.
ס'וועלן פלעדערמייז לאַכן הייינטיקע נאַכט.

## נאַכט פון טבת

מיט גרינעם גאַזן־טוי
זאַלבט דיך, טבת־נאַכט, אַ לאַמטערן,
באַשיינט פאַרפרוירענע קליינע טרערן
אין אויג פון אַ גאַסן־פרוי.

וואוהין ווילן לויפן
דערשראָקענע קוימענעס?
אין שוואַרצע רוימען איז
פאַרפאָרן אַ קוימען אַ יוצא־דופן.

ווי מיט צעציטערטע ראשי־תיבות'לעך
— ראשי־תיבות אָן טעקסט, אָן לייענער —
וואַרפט גיך־שפּיזלדיק מיט שניי־פּיסלעך
אַ לץ אַ שנייענער.

די גאַס די פאַרלאָשענע, — מיטה־שמאָל, מיטה־שוואַרץ, —
בלאַנדזשעט אין שניי ווי צווישן מצבות.
צוגלעקלט זיך ווען־נישט־ווען אַ שליטן־האַרץ —
באַגראָבסטו די קלאַנגען, נאַכט פון טבת!

## דריי

אָט אַזוי פאַרשווינדט די אומשולד,
אָט אַזוי פאַרשווינדט זי.
עפּעס דאַרף זי, עפּעס זוכט זי —
אָבער וואָס געפינט זי?
ראַש און רוישיק קומט די ליבע
מיט איר פלאַם — און צינדט זי.
און אין רויך צערינט די אומשולד,
אָט אַזוי צערינט זי.

אָט אַזוי פאַרגייט די ליבע,
אָט אַזוי פאַרגייט זי.
עפּעס דאַרף זי, עפּעס זוכט זי —
אָבער ווער פאַרשטייט זי?
עפּעס דאַרף זי, עפּעס זוכט זי —
ס'לעבן פלייצט, פאַרפלייצט זי.

און אַזוי פֿאַרגייט די ליבע,
אָט אַזוי פֿאַרגייט זי.

אָט אַזוי פֿאַרגייט דאָס לעבן,
אָט אַזוי פֿאַרגייט עס.
עפּעס דאַרף עס, עפּעס זוכט עס,
אָבער ווער פֿאַרשטייט עס?
ס'זוכט אַ חבֿר — און דער טויט נאָר,
נאָר דער טויט באַגלייט עס.
און אַזוי פֿאַרגייט דאָס לעבן,
אָט אַזוי פֿאַרגייט עס.

## סמאל

עס קלאַפּט דאָס האַרץ פֿון גרויסע שטעט
פֿון פֿרי ביז שפּעט
און שמידט סמאַל'ן כּלי־זין.
אים זינגט די גאַס
אויף איר פֿאַרשייט־געדיכטן באַס,
און זיינע שדים — רק זיי שרייען.

ער לויערט לאַכעדיק (ס'געפֿעלט
דעם ס״ם זיין וועלט),
טוט הינטער ראָגעס זיך פֿאַרטאַיען,
און שטייט און האָרכט, ווי ווילד עס כּרכ'ט
דער כּרך און קראַכט,
ווי ס'הוילן קראַנקע קריגערייען,
ס'אַראַ אַקאָרד
עס נעמען הונגער, זנות און מאָרד,
און ווי עס וויינט: „לית דין ולית דיין״...

מיט הייסער פֿרייד
פֿאַרנעמט ער קללות, פּוסטע רייד,
דאָס גאַנצע בראַזגן, ברויזן, בריייען,
און לוסטיק זעט
זיין אויג, ווי ס'ציט זיך דורך די שטעט
זיין קייט פֿון אויטאָס און טראַמוואַיען.

## דולהויז

שגעון־הויז, דו זאַמל־הויז,
באַגעגן־הויז פֿון די אומגליקן!

ווילד שרייען זיי אַרויס
פון אַלע דיינע פענצטער.

איך הער זיי שרייען — און ס'וואונדערט מיך,
פאַרוואָס די ווענט דיינע ברענען נישט
און דו שטייסט איבער אונדז נישט אויף
ווי אַ ריזיק האַרץ אין פלאַמען.

נאָך האַלבער נאַכט באַפאַל די שטאָט,
כאַפּ אָן ביים גרגרת אירע קוימענס,
ווערג אויס אין שלאָף אַ וועלט אָן גאָט —
און שנייד אַלע זייגערס אויף די בייכער.

## שעה'ן

שטייען כנופיות שדים,
פינצטערע חבריא'ס,
שמעלצן בליי פון שעה'ן —
קיי איך ס'בליי און קיי עס.
קיי איך גרויע בלייען,
הער איך אייביק שרייען:
„בליי עס, בליי עס, בליי עס!"

שעה'ן, שעה'ן, שעה'ן,
זייגערשע מחשבות,
וואָס פון זייער בלייעכץ
טרייבט דער טויט קאַטאָוועס.
ס'לאַכט זיי אויס, די שעה'ן,
ער, דער שוואַרצער גאון,
דער מייסטער מלאך־המות.

## גרייטשאַפט

אַליין בין איך געבליבן,
מחוץ דעם קאַראַהאָד,
און הימלען ווייטע זיבן
פאַרשטעלן מיר מיין גאָט.

עס שטאַרבן די געפילן,
עס לעבט נאָר איין געפיל:
כ'האָב אויפגעהערט צו שפילן,
ס'איז אָפּגעשפּילט די שפּיל.

אין נאַכט אַריין וויל שפּרינגען
מיין גייסט ווי אַ מעטעאָר
און אַ באַפרייטער זינגען
מיט גייסטער אין איין כאָר.

## די מרה־שחורה

דו זעסט זי אויף בוידעמס, וואו ס׳וויגט זיך אום
דער גוף פון אַ זעלבסטמערדער אויף אַ שטריקל;
ביינאַכט — הינטער איינעם, וואָס בייגט זיך קרום
און וואַרפט־זיך אין וואַסער אַריין פון בריקל.

מיט פינגער, וואָס זיינען גרייט טאָן שלעכטס,
צעציט זי די רויבער־פיס ביי שפינען;
זי קויקלט די שטאָל־רעדער פון מאַשינען
און קאָכט דעם ים־שטורעמ׳ס ווייס געקעכץ.

אין האַרבסט זאָגט זי וידוי מיט׳ן גאָרטן,
צינדט אָן זיינע ביימער מיט איר שטורקאַץ.
זי זיצט צווישן יונגען און שפּילט אין קאָרטן

ערגעץ עק שטאָט, אין אַ פּריילעך הייזל,
און ברענט אין די אויגן פון אַ קאַץ,
וואָס געגעצט, נאָכיאָגנדיק אַ מייזל.

## קוואַדראַט אין אַ קוואַדראַט

מיין לעבן איז אַ חלום אין אַ חלום
און איז אַן אָנקלאַפּן פון טיר צו טיר;
עס איז אַ בוך פון אייביקע משלים,
וואָס חזר׳ן זיך איבער אָן אַ שיעור.

נישט איינמאָל, זאָגנדיק הבל־הבלים,
האָב איך געטראַכט: אַלץ ווייס אין מיר און וואַכט.
נאָר אויך דאָס וואַכן איז געווען אַ חלום
און ס׳איז ווי פריער נאַכט געוועזן, נאַכט.

ס׳איז נאַכט געווען אין נאַכט: עס האָט איין חלום
פאַרטאָפּלט זיך, פאַרדרייפאַכט און פאַרפירט.
איין נאַכט דער צווייטער האָט געגעבן שלום,
איין חלום האָט דעם אַנדערן געפירט.

---

הבל־הבלים — לייען: האַווייל׳ (נישט: העוועל) האַוואָ׳לים.

ביי יעדן נייעם טרוים, ביי יעדן חלום,
האָט מיר אַ קול געפּליסטערט אַלט און מאַט:
„דו קענסט דאָך אים, דו קענסט שוין פון אַמאָל אים״ — —
אָ לעבן מיינס, קוואַדראַט אין אַ קוואַדראַט!

## נאַכט פון קליפּות

גלעקלעך, לצים־גלעקלעך גלאָקלען:
דזין, דזין, דזין!
דזין, דזין, דזין!
גלאָקלען, שאָקלען זיך און שאָקלען
דאָ אַהער,
דאָ אַהין.

דאָ אַהינצו, דאָ אַהערצו — —
ס׳איז באַגין,
ס׳איז באַגין
פון אַ חגא־נאַכט אַ גרויסער.
דזין, דזין, דזין!
דזין, דזין, דזין!

זיינע קונדס׳דיקע קינדער,
זיינע זין,
זיינע זין,
לאָזט ס״ם וויסן, אַז ס׳איז צייט שוין.
דזין, דזין, דזין!
דזין, דזין, דזין!

שרעטלעך הערן — און פאַרפּלייצן
אַ רואין,
אַ רואין,
קלינגען, שפּרינגען, מאַכן יעלות.
דזין, דזין, דזין!
דזין, דזין, דזין!

איבער בלאָטעס פליען פלעמלעך,
טאַנצן רויט,
טאַנצן גרין,
גלויבן אויגן זייער כישוף —
דזין, דזין, דזין!
דזין, דזין, דזין!

ווערן וואַנדערער פֿאַרבלאָנדזשעט,
אדמ׳ס זין,
אדמ׳ס זין,
און זיי שטרויכלען און זיי פֿאַלן.
דזין, דזין, דזין!
דזין, דזין, דזין!

דער באַשאַפֿער הערט און ווייטיקט.
הילכיק־דין,
הילכיק־דין,
מאַכט סמאל פֿון אים חוזק.
דזין, דזין, דזין!
דזין, דזין, דזין!

ס״ם ווייזט גאָט אַן עולם־הפֿוך,
כאָטש אַנטרין,
כאָטש אַנטרין,
כאָטש אַנטלויף פֿון אַלע הימלען.
נאָר וואוהין?
דזין —

## אַ פֿערד אויפֿ׳ן רעגן

ווער עס האָט אַמאָל זיך צוגעקוקט
און געזען, ווי אין אַ רעגן־טאָג,
אונטער חשון־הימלען קריכנדיק,
שוואַרצע חשון־בלאָטע קנעטנדיק,
טראָגט דאָס מידע פֿערד אין אויג־אַפּל
טיפֿע ליידנדיקע מענטשלעכקייט;

ווער עס האָט זיך דענסטמאָל אָפּגעשטעלט,
און דעם אומעט דעם אָן סופֿ׳יקן,
די פֿאַר׳כישופֿ׳ט־שטומע קנעכטישקייט,
די מחשבה פֿון באַשערט־אַזוי
דורכגעלייענט אין די פֿערד־אויגן, —

יענער האָט ביז טיף אין אינגעווייד
איינגעזאַפּט אין זיך די שרעקלעכקייט
און דעם עלנט פֿון זיין־לעבעדיק;
ס׳האָט אַנטפּלעקט זיך אים די ריזן־האַנט,
וואָס אין גורל־קייטן אייזערנע
שמידט זי חיה איין און מענטשן־קינד.

אָפן ווערט אים דער גלגולים־סוד:
פערד צי מענטש — וואָס איז דער אונטערשייד?
ער, וואָס זעט דאָס פערד פאַרבייקריכן,
קאָן אַליין, נאָך יאָרן צענדליקער,
אין אַ פערד־געשטאַלט פאַרבייקריכן
פאַר די אויגן פון אַ פוסגייער.

## קוקו

עס פייפן די פייגל, עס זינגען די זאַנגען,
עס זידן אינזעקטן, עס דאַווענען ווינטן,
עס גיסן זיך קלאַנגען
פון וואַלד און פון סאָד און פון ראָוו דעם צעגרינטן,
נאָר צווישן די טויזנטער קלאַנגען, וואָס גריסן
די זון מיט אַ הייסן סימפאָנישן גרוס,
רייסט זיך אַריין, ווי דאָס קול פון אַ קראַנקן געוויסן,
אַ שאַרפער, אַן איינזאַמער כרוז:
קוקו!

צי רופט דאָס אַזוי אַ נשמה, וואָס האַלט איצט
אין וואָגלען — אָן ציל, אָן באַגער, אָן זכרון?
זי וואָגלט אין וואַלד איצט,
אַזוי ווי אַמאָל אין דעם וואַלד פון די יאָרן,
און ס'איז איר פון אַלע אַמאָליקע טענער
געבליבן נאָר איינער, וואָס טראָציקט און שפּעט,
אַזוי ווי אַ בייזער און בלויז פון דעם טייוול געזע'נער,
אין וואַלד טיף באַהאַלטענער שד:
קוקו!

צי קלאָגט דאָס אינמיטן דעם בליען און גרינען
דער גייסט פון אַ טויטן פאַרצייטישן זומער,
וואָס קאָן נישט פאַרגינען
דער זון, וואָס גיסט שטראַלן ווי יין־המשומר,
דעם הימל, וואָס בלענדט ווי אַ בלויער גן־עדן,
דעם פעלד, וואָס זיין קלייד האָט זיך גאָלדיק צעבליט?
ער קאָן נישט, דער טויטער, פאַרטראָגן קאָלירן
און פריידן —

און מישט זיך אַריין אינדערמיט:

קוקו!

## אַסטראַל

ביינאַכט האָב איך אַריינגעקוקט אין שפּיגל
און האָב דערזען אַ טויטן,
אַ טויטן מענטש מיט צוגעמאַכטע אויגן
אונטער אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר,
מיט ליכטלעך אין די ווערעם־גרינע הענט, —
ליכטלעך ווי קאָליריקע קאָליבריס.

ווי אַ באַן־וועכטער, וואָס שטייט און לייכט
דעם לויפנדיקן צוג,
האָט ער פון שפּיגל מיר אַרויסגעליכטלט.
ער אַליין באַדאַרף עס נישט, דאָס ליכט, —
זיין נאַכט איז גוט צו אים, —
בלויז מיר, דעם לעבעדיקן, איז ער עס אַרויס
אַ לייכט צו טאָן, אַ ליכטל־טאָן.

זיין שמייכל האָט מיך קלוגעריש באַנעבעכט.
ער מיט זיינע ליכטלעך
איז דערנאָך צוריק, אַ לאַכיקער,
אין שפּיגל אַריין.
דער צוג פון מיינע יאָרן איז געפלויגן
אַלץ קאַטאַסטראָפיקער, קראַכיקער,
אין חושך אַריין.

## נשמות

עס ווייגען ציגל אין די ווענט:
זע אונדזער קריוודע, אל נקמות!
פאַרמויערט האָבן אונדז אין ווענט
דעם מענטשנ׳ס רשעות׳דיקע הענט —
און וויי! מיר זיינען דאָך אַמאָל
געווען נ ש מ ו ת !

און אין אַ מענטשן שלוכצן אויף
פאַרנאַכט־צייט זיינע פיל נשמות:
מיר, אַלטע פייגל, זיינען קראַנק.
אָן וואַלד שוין לאַנג, שוין אַזוי לאַנג!
ברעך־אויף דעם גוף און לאָז אונדז פריי:
תיקונים וואַרטן און השלמות.

אַ פויגל הערט עס אויף אַ צווייג

און זינגט אַזוי צו די נשמות:
אויך איך בין אַלט שוין, אַלט אַ גוואַלד.
ווער ווייס, ביי וועלכן ספר ס׳האַלט
אַצינד דער בורא — און ווער קען
זיך איצט דערמאָנען די הקדמות?

## איך און עכאָ

כ׳וועל נישט הי־זיין... אויף מיין אָרט
וועט זיך ווייזן — כ׳ווייס נישט ווער,
און וועט נאָכמאַכן מיין וואָרט,
נאָכוויינען מיין טרער.

אַלץ אין אים וועט זיין ווי מיין,
זשעסט און נאָמען און געשטאַלט, —
נאָר אַן עכאָ וועט ער זיין
פון אַ ווייטן גוואַלד.

איך וועל ווייט זיין... מיינע ליכט
רייסט פון האַנט מיר בייזער ווינט,
רייסט און פּאַטשט מיר אין געזיכט:
שאָטן דו, פאַרשווינד!

און מיין גוואַלד צעטראָגט זיך ווייט
(איך אַליין וועל אויסגיין גיך)
און זיין עכאָ צווישן לייט
מיינט, אַז ער איז איך.

## די זון האָט געפּלאַצט

די זון האָט געפּלאַצט
ווי אַ האַרץ פול אַנטוישונג.
עס רוישן נאָך איר
שוואַרצעביימער אַ רוישונג.
די זון האָט געפּלאַצט.

אַ מענטש צינדט אַ לאָמפּ.
ער האָט מורא, האָט מורא:
אין ווינקל, אָט דאָרט,
זיצט די פרוי מרה שחורה — —
אַ מענטש צינדט אַ לאָמפּ.

ס'איז פינסטער דער גאַס —
צינדט די גאַס אַ לאַמטערן,
און גאָט איז פאַרזאָרגט —
זוכט ער טרייסט ביי די שטערן.
און גאָט איז פאַרזאָרגט — —

## פרעש

אַ פאַרנאַכטיקע שרעק
ווייַנט אַרויס פון די פרעש:
„באַלד טוט אַלץ זיך אַ לעש —
קוואַ־קוואַ!

„ס'איז די זון שוין אַוועק,
בלויז אין מערב אַ פלעק
ברענט נאָך, ברענט ווי אַ טרער —
קוואַ־קוואַ!

„באַלד פאַרלעשט זיך אויך ער,
און עס שרעקט אונדז, די פרעש,
אַ לבנה פון מעש — —
קוואַ־קוואַ. . . ״

## מיר בלינדע

מיר בלינדע, מיר בלינדע
וואָגלען אין טיפן וואַלד,
צווישן טויזנט געהיימנישן —
און שטרויכלען, און שטרויכלען.
מען זוכט ביז מען פאַלט
און פאַלנדיק שטאַרבט מען.

מיר בלינדע, מיר בלינדע
בויגן די מידע קני
פאַר די אייגענע שאָטנס
און בעטן זיך: פירט אונדז!
שטאַרבן מיר פרי —
און שטאַרבן פאַרפירטע.

אָפט, ווען אין חושך
טאַפּן מיר אַרום,
כאַפּן מיר די נאַכט אָן

און קושן דעם גאָרנישט.
פאַלן מיר אום —
און חושך בלייבט חושך.

אין אונדזער האַנט דער שטעקן
שטעלט אונדז אויס אַ צונג.
עס ביילן און פאַרוואונדן אונדז
די פינצטערע ביימער.
שטאַרבן מיר יונג,
מיר בלינדע, מיר בלינדע.

## שפּינוועבס פון סוף זומער

פעדעם פון סוף זומער, פעדעם דינע און לאַנגע,
לאַנגע און דינע,
צעצויגן אין דער לופטן און צעהאַנגען איבער צווייגן
האַלב געלע און האַלב נאָך גרינע, —
ווי פינגער, וואָס זוכן, און בלויליך ווייס
ווי די האָר פון אַן אַלטן,
גלאַנצט איר אויפ'ן ווינט און אייער דינקייט טאַנצט
אין זיין אָטעם דעם קאַלטן.

איר צאַפּלט אויף דער זון מיט דער שרעק פון אַ נשמה,
אַ לאַנג שוין גע'שמד'טער
ביים שטן אין קלויסטער, ווען זי קלאַפּט אין גאָט'ס טיר
מיט אַ פלאַטער.

די הויכע טיר — עס פאַריאָגט זי פון איר
אַ מלאך אַ פרומער,
און אייך וועט פאַריאָגן, צעטראָגן דער ווינט,
פעדעם פון סוף זומער!

## וועלף

און ווי דער זייגער וועט שלאָגן צוועלף
אַזוי וועלן קומען די טשאַטעס וועלף,
אַש־גרויע קומען צוגיין —
און פאַרפירן אַ ווילד געוויין.

פון זינט דער זייגער וועט שלאָגן צוועלף
וועלן זיי אָנהייבן קלאָגן, די וועלף,
און ס'איז אָפן אין דיר אַ טיר,
און זיי לויפן אַריין — אין דיר.

און די צווייטע נאַכט וועלן קומען די וועלף,
און דו רופסט צום אייגענעם שאָטן: העלף!
נאָר דיין שאָטן בלייבט שטייניק שטיין
אויף דער וואַנט — און דו ביזט אַליין.

וואָס קאָן דיר העלפן דיין רופן: העלף—?
צוועלף איז, צוועלף, און ס׳הוילן די וועלף.
פון דיר, פון דיר אַליין
קומען די וועלף צוגיין.

## מתים

איך שטיי און ציטער
צווישן מחנות מתים, וואָס רינגלען מיך אַרום.
איטלעכער מת — צום קבר זיינעם ציט ער:
ביי מיר איז די קרקע ווייכער,
דאָרט שלאָפט זיך בעסער — קום!

ס׳איז נאַכט. נאָר דער טויט,
ווי אַ האָן אויפ׳ן פּלויט,
שפּרינגט באַלד אַרויס און קרייט:
אַהיים, קינדער, גייט!
אין גריבער פאַרקריכן
די מתים אינגיכן.
כ׳גיי מיט
און דער טאָג ברענט־אויס די טריט.

## פאַר נישט-גלויבן

עס האָט מיר גע׳חלומ׳ט: אַ רויט שטיקל האַרץ
וואַרפט זיך אום אויף אַ תליה,
און ס׳פאַרנאַכטיקט, און ס׳ציטערט אַ שטערן
ווי אַ טרער אויף אַ וויע.

און ס׳גייט דורך אַ מאַטראָס און אים וואונדערט:
דאָס האַרץ איז אַ ברודער
געוועזן דעם ים — און איצט הענגט עס
גאָר אָן גערודער.

און אַ קצב־יונג קומט — און ער טוט
אַ צי פאַר׳ן שטריקל:
ס׳האָט די שמאַטע געמוזט אַמאָל זיין
אַ פריש שטיקל.

און אַ הפקר־פרוי נעמט עס מיט ווערטער
נישט־ריינע באַשמוצן:
פלייש צו פלייש איז נישט גלייך —
וואָס קאָן עס נוצן?

און אַ זילבערנעם פינגער ציט אויס
איינער פון אויבן,
ווייזט אויפ׳ן האַרץ און זאָגט שטרענג:
פאַר נישט גלויבן.

## אַ פויגל פרעגט

האָט פאַרנאַכטלעך
זיך אַ פויגל געשטעלט
אויף אַ טעלעגראַפישן דראָט. ער פאַרטראַכט זיך,
שטעלט אַ פראַגע דער וועלט.

אומזיסט שטעלט ער
די פראַגע. שטום־שווייגנדיק העלט ער,
דער מערב,
מיט זיינע וואָלקנס די רויזע.

אַ פויזע.

שטעלט דער פויגל
דעם פרעג זיינעם ווידער.

ווידער קיין ענטפער נישט. אַזוי
פרעגן הערצער, פרעגן לידער.

## שיף און פּאַסאַזשיר

האָב זיך דערזען אין פורעם פון אַ שיף אָן מאַטראָסן,
אַ דורכזעעוודיקע שיף, פון גלאָז אינגאַנצן
און פון גלאַנצן,
מיט זון מיט גלעזערנער באַגאָסן,
אַ הויכער, אַ לייכטנדיק־גלעזערנער קאַסטן
מיט גלעזערנע מאַסטן,
גרייט זיך צו לאָזן אין ים,
וואָס גלאַנצט ווי דער אייביקייט׳ס בלאָער פליך.
און דער ים איז אויך געווען איך.

ס׳האָט מיך פאַרבליפט.
אין אייגענע אַקסלען אַריינגערוקט —

גלייך צווישן בערג אַ שעמעוודיקער טאָל —
גענומען האָב איך גיין
אָן אַ זייט פון זיך אַליין,
ווי איינער גייט
אָן אַ זייט פון טראָטואַר.

טאָג און נאַכט און ווידער טאָג
האָט די שיף געהאַרט אַ געהאַר.
אַרום דער שיף און אונטער איר
האַט דער ים געהאַרט אַ געהאַר.
אויף מיר, דעם פּאַסאַזשיר,
האָט נכנע׳דיק געהאַרט ווי אויף אַ האַר
די לייכטענדיקע פּאָר:
קום, זעץ זיך און פאָר
צו זיך, מענטש, צו זיך!

האָב פאָרכט געהאַט אַלץ מער,
געווען ווי אַ שרעקיקער קלער,
וואָס ציטערט טאָמער ווערט ער טואונג אָדער וואָרט.
האָבן שיף און ים גערעדט אַלץ העלער:
טאָמער דאָך . . . טאָמער פאָרט . . .

שיף: שיק מיך!
ים: באַפּאָר!
שיף: שיק מיך, שיק מיך!
ים: באַפּאָר מיך, באַפּאָר!

זיי שטייען נאָך ביידע, זיי וואַרטן אויף מיר —
און אַזוי יאָר נאָך יאָר . . .
עד, יאָרן, יאָרן!
איך שלעכטער פּאַסאַזשיר
וויל אַלץ צו זיך נישט פאָרן.

## הענט אין דער פּינצטער

עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אין מיטן שלאָף אַ האַנט,
אַ האַנט אַ האַק.
זי האָט אַ שניט־געטאָן די לופט, זי האָט צעהאַקט
מיין חלום אויף דער העלפט — און איז אַוועק
מיט אַ גלאַנציק שטילשווייגן פון העק.

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, געפרעגט: ווער איז?

נאַכט, אַ שטומער ריז,
האָט מיך אָנגעקוקט און נישט דערקענט.

געוואַנדערט האָבן אין דער פינצטער
הענט.

## רעגנס

פאַראַן אַזעלכע חשוונ׳דיקע רעגנס,
וואָס פאַרקוילערן די זון, דעם דיסק דעם קליינעם,
דערשרעקן מויערן — די גרויע זקנים —
און ס׳פערד, וואָס קניט אין בלאָטע אונטערוועגנס.

דו הערסט אין זיי אַ רעטונג־רוף אַ וויטן,
געבעט און קרעכץ און הילפלאָזע בקשה,
ס׳געבייזער פון אַ פייניקער — אַ רשע,
און מיטאַמאָל — אַ שנעל משוגע רייטן.

דו הערסט אין זיי אַ שפּילן פון קלעזמאָרים
אויף חתונות פון תוהו־וועלט; האַרמידער
ווי מתים וואָלטן אויפגעפראַלט די קברים
(עס קלימפּערן, ווי שליסלען ווי פאַרזשאַווערטע, די גלידער),
און אָט — אַ שטילע צאַנקענדיקע תפילה
פון אַ נשמה, נאָענט צו נפילה,
פאַרלוירן, מיט זיך גופא קידער־ווידער.

## דעמאָנען

(פון די יוגנט־לידער)

פון האַרבסטיקע גייסטער
אַ חיה׳ש געוואָי.
דאָס קליינע קינד אירס
וויגט איין אַ פרוי.
די גייסטער וואָיען
אַ וואָי פון שיגעון.

### האַרבסט־גייסטער

ערגער ווי שלעכט
איז אדמ׳ס געשלעכט —
און שטייט נאָך אין גרויסן!
אין וואַרעמען הויז

באַהאַלט מען זיך אויס
און אונז לאָזט מען ציטערן
אין קאַלטן, אין ביטערן,
פאַרשאָלטענעם דרויסן.
עס מאַכט זיך טויב
דאָס מענטשישע דרויב!
איז ברעכט — וואו אַ טיר,
האַקט אויס — וואו אַ שויב!
ברידער, אויף רויב!

### די מאַמע

אַי־ליו־ליו!
מאַך צו, מאַך צו
די ליכטיקע אייגעלעך!
גילדענע פייגעלעך
ווילן מיט דיר שפּילן
אין חלום דעם שטילן — —

### האַרבסט־גייסטער

אייגעלעך — שמייגעלעך!
פייגעלעך — פגר׳לעך!
אויסהאַקן שויבן!
ס׳קינד ביי איר רויבן!

אַ רייס זיך אַריין און אַ כאַפּ דאָס קינד.
די גייסטער פאַרשווינדן. דאָס קינד פאַרשווינדט.
ס׳בלייבט שטעקן ס׳געשריי
אין קעל ביי דער מאַמען.

און איצט: פּונקט ווי זיי
איז דאָס קינד אַ גייסט.
עס וואָיעט און רייסט
מיט די רוחות צוזאַמען.

## דריי קאָרטן

זאָל דער האַר עפּעס נעמען אין זינען.
איצט זאָל ער אַרויסציען דריי קאָרטן.
די קאָרטן זענען פיין.
אַזעלכע דריי דאַרף מען קאָנען געפינען.
זיי זיינען ווי רייפע פּירות אין גאָרטן.

די ערשטע קאָרט זאָגט: דער האַר קלערט,
אַז ער וועט שטאַרבן יונגערהייט.
מאָדנע איז דעם האַר צו לעבן אויף דער ערד.
ער האָט דאָ צו ווייניק פרייד.

די אַנדערע זאָגט: מ׳טאָר פון טויט נישט קלערן.
זאָל דער האַר נישט קלערן אַזוי אָפט.
דער טויט — ער קאָן נאָך דערהערן.
וואויל צו דעם, וואָס האָפט.

די דריטע זאָגט: דער האַר וועט זיין אַ זקנ׳דל.
ער וועט זיין באַיאָרט.
גיין אָנגעלענט — אַזוי־אָ — אָן אַ שטעקנדל.
אַזוי זאָגט די דריטע קאָרט.

איצט נעמען די ערשטע קאָרט און די צווייטע
און זאָגן אַזוי צו דער דריטער:
„עס ווענדט זיך. אַז ער וועט קלערן ווייטער —
וועט זיין ביטער, וועט זיין ביטער.

אַז ער וועט נישט אויפהערן צו קלערן —
וועט דער טויט די געדאַנקען דערהערן,
און כאָטש דו זאָגסט אמת — וועט אַרויס אַ ליגן״.

האַר, זייערע ווערטער זענען קלוג.
און איצט זאָל דער האַר טאָן אַ קוק:
די דריטע קאָרט ווערט אַנטשוויגן.

## הינט און שטערן

שפּעט ביינאַכט אויפ׳ן לאַנד.
גאָרנישט זעסטו חוץ שטערן.
קענסט גאָרנישט הערן
אויסער הינט.

הינט מסר׳ן די ערד.
שטערן ענטפערן. וואָס ווערט
געפּלאַנט?
וואָס פאַרבינדט
הינט מיט שטערן,
שטערן מיט הינט?

אויבן און אונטן —
און וואו איז די מ י ט?
דער מענטש וואו איז?
שטום איז זיין ליד.

אַוועק איז ער העט,
אין וועלדער פון שלאָף,
צו קאָשמאַרן, צו רוחות
און זייער געזינד.

בלויז הינט און שטערן.
שטערן און הינט.

## גלות דרויסן

ס'איז נאַכט. אין פּאַרק, וואָס וואַכט מיין פענצטער קעגנאיבער,
זיינען ביימער אָנגעטאָן אין שוואַרצער דאגה'ניש
און קוקן קנאה'דיק צו מיר אַריבער
מיט שווערער שפּיאָנירנדיקער שווייגעניש.
די פאַלשע זון פאַרשטעלט אַ שוואַרצן אמת —
איצט אָבער ווייסן זיי: ס'איז זייער גורל
צו שטיין אין דרויסן פון דער וועלט, פאַרלוירן
אין קאַלטער יתומ'שאַפט פון רוים. באַקוועם איז
צו לעבן צווישן ווענט, און נאָכמער — הויזן
אַ זעל אין זיך, אַ ליכטיקע געהיימניש,
וואָס גיט אַ שוץ דעם קערפּער, איר באַדינער.
דאָך ווי צו זיי: קיין גואל נישט, קיין היים נישט...
קוקן זיי אַזוי פון גלות, וואָס הייסט דרויסן,
ביז — זיי דרימלען איין ווי שוואַרצע הינער.

## שנעלער, שנעלער

### ווערטער פאַר מוזיק

1

טאָג דו שטאַרקער, טאָג דו העלער,
קום, פראַל אויף דעם שוואַרצן קעלער,
טוכלען קעלער פון דער נאַכט.
שנעלער, שנעלער, —
בעטן בערג און בעטן טעלער, —
שנעלער, שנעלער
צי אַרויס אונז פון דער נאַכט.

2

טאָג דער שטאַרקער, טאָג דער העלער,
איז אַ רויבער, מערדער, קוועלער.
קער זיך אום צו אונז, אָ נאַכט!
שנעלער, שנעלער, —
ווײנען בערג און ווײנען טעלער, —
שנעלער, שנעלער,
קום, באַהאַלט אונז פון אים, נאַכט!

## אַ צוג אַנטלויפט פאַר לילית׳ן

ס׳האָט זיך אין נאָענטן דאָרף די שטאַל
לאַנג פאַרמאַכט נאָך דער לעצטער קו.
אַ קוימען־קאָפּ שטײט ווי אַ שוואַרצער חשד
און פאָרשט דער לבנה׳ס געהײמע רו.

לײכט, ווי אָן רעדער, פליט דורך אַ פור.
מעלאַנכאָליע, צום מידן טאַקט
פון דער פעלד־גריל׳ס האַמער, מאַכט שפּילן שטיל
די פאַר׳דאגה׳טע בײמער בײם עק פון טראַקט.

בליצן אָן דונערס לאָזט פאַלן די היץ
און אימה׳דיק שרײט ערגעץ אויף אַ צוג:
דאָס האָט אויפ׳ן צוג די לילית נ אַ כ ט
מיט משוגענע אויגן דערלאַנגט אַ קוק.

דער צוג איז אַנטלאָפן מיט אַ געוואַלד.
באַלד גיט ער אין הימל אַרײן אַ פּאָר,
צעשלײדערט די שטערן — און הויך פאַר גאָט
פּײפט ער אויס זײן פּחד ביז גאָר, ביז גאָר.

## שוואַרץ

לײדיק די קברים. ס׳בית־עולם איז פּוסט.
די מתים וואו זײנען? עס האָט זײ פאַרגלוסט
צו גײן אין דער נאַכט אַרײן, גײן אין דער שטאָט אַרײן.

גרעסער, אַלץ גרעסער אין שטאָט דאָס געדראַנג.
ס׳האָבן זיך וועלדער געלאָזן אין גאַנג.
פינסטערע וועלדער שפּאַצירן אויף גאַסן אום.

מע גייט און מע גייט און עס האָט נישט קיין שיעור.
עס שיט זיך פון טויער און טיר. דער שפּאַציר
וויל זיך נישט ענדיקן, וויל זיך נישט ענדיקן.

טויט איז די דאַמע, וואָס גייט מיט'ן הונט.
אַ הער הויבט דעם הוט (ער האָט האָר מיט אַ שרונט):
אַלץ איז צו זען אין דער שוואַרצעניש.

מע גייט און מע גייט און מע גייט דורך דער שטאָט.
שוואַרץ אַלע גאַסן. איר שימערדיק ראָד
האָט די לבנה פאַרקוילערט בית־עולם־צו.

עס מבול'ט און מבול'ט — פון דאַנען, פון דאָרט.
די שטאָט ווערט אַלץ שוואַרצער. דאָס הייליקע אָרט
ליגט ליידיק און ווייס אין לבנה־ליכט.

אויך איך בין אַרויס פון מיין הויז און איך גיי
מיט זיי, מיט די שוואַרצע, — צוזאַמען מיט זיי.
אויך איך בין פון שוואַרצן שפּאַצירער־פאָלק.

איך גיי און איך גיי און איך ווייס נישט וואוהין.
איך וועל אַזוי גיין ביז באַגין, ביז באַגין.
שוואַרצעניש, שוואַרצעניש, גייעניש.

## לאַכט די רויטע כוסע

אויפ'ן הימל אויבן
שטייט אַ כוס פון כוס'ן.
גאָט האָט אין דער כוסע
רויטן ווין געגאָסן,
רויטסטן פון די ווייַנען.

קריכן שאָטנס קליינע,
קריכן שאָטנס גרויסע
איבער שוואַרצע דעכער
צו דער רויטער כוסע.
אָ, ווי הייס, ווי דושנע!

דאָרשט־געפּלאָגטע שאָטנס
שטויסן זיך און שטויסן.
ס'וויל זיך יעדער איינער
צו דעם ווין דערגרויסן,
אָנקומען דער ערשטער.

נאָר אומזיסט איז יעדער
אויף דעם כוס אַ בעלן.
שאָטנס, אין חלשות
וועט איר אַלע פאַלן.
ס'לאַכט די רויטע כוסע.

## לידער פון נאַכטיקן פחד

### א) ס'קלויסטער יאָגט־נאָך די לבנה

די לבנה איז אַ שטילע
און וואָס ווייטער ווערט זי שטילער.
שטעלט די אויגן אָן דער חושך,
גלאָצט אויף איר. וואָס וויל ער?

זי דערשרעקט זיך און נעמט וואַרפן
שטיקער גאָלד אין שוואַרצע פעסער —
אָבער ס'העלפט נישט. פון די שטראַלן
ווערט דער חושך גרעסער.

איר אַנטקעגן לויפט אַ פורל,
רוישט פאַרביי און ווערט פאַרשלונגען.
זיינען שדים דאָרט געפאָרן,
אויסגעשטעלט איר צונגען?

שלאַבריק קריכט אַ רויך אַ זקן,
קריכט און זוכט עפּעס. ווער ווייס אים?
ס'איז זיין באָרד אַ טונקל־בלויע
און זי שרעקט ווי מתים.

לויפט אין אימה די לבנה
זיך באַהאַלטן הינטער בוימער.
ערשט עס יאָגט איר נאָך אַ כומר,
אַזאַ שוואַרצער, אַ צעגרויסטער:
ס'קלויסטער.

### ב) געלער גלי

פול מיט חושך שטייט דאָס דערפל.
עס פאַרוואַרפט נאָר וואו־ניט־וואו
די לבנה דינע נעצן
איבער שוואַרצע טייכן רו.

ברייטער שפּרייט זי אירע נעצן,
און איר פּנים — געלער גלי.
וואָס און וועמען וויל זי פֿאַנגען,
די לבנה אָט־אָ־די?

זעסט? איר גלי ווערט אַלץ געהיימער.
אונטערצינדערין איז זי.
קלאָגט אַ הונט. אים פּייניקט אימה
פֿאַר דעם שלייכיקן נישט־הי.

אַ מינוט — און די לבנה
גיט פֿלוצטאַלבן זיך אַ וואָרף
און ס'פֿאַרשווינדט אין אירע פֿלאַמען
ער צוזאַמען מיט'ן דאָרף.

**ג) ס'האָבן שדים געהאָנגען אַ מלאך**

שאָטנט אַ גרויסער הונט ביים פּלויט,
זעט מיט אַ גלעזערנעם אויג דעם טויט
און בילט אַ דערשראָקענעם גלאָקענעם ביל.
ער זעט: ס'האָבן שדים אַ מלאך געהאָנגען
אויף שוואַרצע פֿליגלען פֿון אַ מיל.

ער בילט.

גיט שלעכטע לבנה דעם הונט אַ מעסט־אָפּ
פֿון הויך ביז אַראָפּ,
און ווערט ווי אַ וואונד.
דער הונט ציטערט־אויף און ווערט אַנטשטילט,
און זי — זי בילט.
עס בילט די לבנה אויפֿ'ן הונט.

ביז אויך זי ווערט שטיל.
ס'האָט דערשראָקן זי איר ביל,
איר אייגענער ביל.

אַ וואונדיקע לבנה,
אַ שאָטנדיקער הונט —
צוויי שטיל־געוואָרענע בילער —
קוקן זיך אָן
און ביידע ווערן אַלץ שטילער.

## דער האַר שגעון

מיר האָט אַ ריז אַ שאָטן זיך באַוויזן,
אַ שאָטן מיר באַקאַנט און נישט באַקאַנט.
ער האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט זיין האַנט
און אָנגעשאַרפט די בליקן ווי די שפּיזן:

„האַ, שלעכטער קנעכט! דו האָסט אין יעדער וואַנט
פאַרמויערט מיינע קאָכיקע קאַפּריזן.
האָסט איינגעקאָוועט מיך, דעם ריז פון ריזן,
אין קייטן פון גרוי־ערדישן פאַרשטאַנד.

האָסט לערנען מיך געוואָלט, געמיינער קנעכט,
האָסט שווייגן מיך געצוואונגען, דעם צעקאָכטן,
מיין גאָרע גרויסקייט ווערעמדיק פאַרשוועכט.

וואָס ווייסטו, ס'אַראַ שטראָף דו האָסט פאַרדינט!
כ'האָב גרעסערע פאַר דיר געוואָרגן און געשאָכטן.
פאַל אויף די קני — גיב חשבון פאַר די זינד!"

## אָוונטיקער האַפן

פייערן פון האַפן! טרזיער פון יבשה!
אויף אַ שטאָט הענגט אָוונט ווי אַן אַלטער רשע.

שטערן מוטנע צינדט ער מיט אַ האַנט אַ קאַרגער.
וואָלקן־העלזער וואַרגט ער, דער געהיימער וואַרגער.

שטאָט מיט מאָדנעם נאָמען! וואַרפסט אַריבער תהומ'ען
פייערן, וואָס בלאָנדזשען פינצטער ווי פאַנטאָמען.

דיינע הייזער שטייען שאָטנדיק און אַשיק,
איבער זיי אַ הימל — אַ פאַרדרייטער דאַשעק.

קוימענס קרום־צעבויגן ליגן ווי געשאָסן.
אויסגעדאַרטע זונות וואַרטן אויף מאַטראָסן.

ערגעץ אין אַ פינצטער שענקל צווישן פעסער
לויערט מאָרד און צערטלט, ווי אַ טרוים, דאָס מעסער.

לאַנד ניט, שיף, פאָר ווייטער! וויסט איז די יבשה.
ס'הענגט אויף איר דער אָוונט ווי אַן אַלטער רשע.

1929

## צוועלף האַרבסט-שורות

מיט בלוט פון בלעטער שפייען רויטעביימער.
אויף שויבן ברודיקע קראַפּירן פליגן.

רייף פּאַלט מיין האַרץ פון וויסנ׳ס בוים אַרונטער.
עס איז מיט פוילער קלעפּיקייט באַשפּיגן.

קום, טרינק מיך אָן מיט שלאָפגעטראַנק פון קושן.
ווי פליגן טויטע וועל איך ליגן, ליגן . . .

און ביז אַ דונער וועט מיך קומען וועקן —
פאַרשפּינוועב מיט אַ האַרבסט־ניגון פון גריגן.

ביים שוואַרצן פּיאַנאָ שפּיל מיר, שוואַרצע שוועסטער.
שפּיל עטערדיקן קומער, קונסט און ליגן.

ביז שמעטערדיקער דונער עפנט קברים
און ס׳פּאַלט גאָט׳ס בליץ צו קינדער אין די וויגן.

## פון פרי באַגינען ביז שפּעט ביינאַכט

מבקר לערב יכתו (איוב)

פון פרי באַגינען ביז שפּעט ביינאַכט
ווערן זיי געשניטן, געשניטן, געשניטן.

עס שניידט זיי די שטאָט און שניידט און קראַכט.
ס׳באַפּאַלן זיי גאַסן ווי די באַנדיטן.

גאָט׳ס האַנט נישט געזען, זיין ווערק נישט באַדאַכט,
בלינד געקומען, אַוועק אינמיטן.

געוויינט, געלאַכט און גאָרנישט געמאַכט,
געוויינט, געלאַכט — און געוואָרן פאַרשניטן.

אומגליק ביי טאָג און זנות ביינאַכט.
געלט — אויף ווייב, ווייב אויף לועס געביטן.

פון פרי באַגינען ביז שפּעט ביינאַכט
ווערן זיי געשניטן, געשניטן, געשניטן.

---

לו׳עס (סיפיליס) — אַקצענט אויף דער ערשטער זילב.

## פון טאָגבוך

מקנא בין איך יעדן פּראָסטן פּייזול,
וואָס וויל און גלוסט און פּאָלגט זיין פּעניס, דעם אידיאָט.
פאַרשטיינערט בלייבט זי פּאַר מיין שוועל, די תאווה,
אַ זייל פון טרויער, ווי דאָס ווייב פון לוט.
ווי אויסערמענטשלעך מיין באַגער איז — ווייס איין טייוול,
און ס'אַראַ גאָט־ניצרך איך בין — דאָס ווייס איין גאָט.

## אָן גאָט

און קומט איר און רייסט פון חלומות מיך אָפּ,
נאָך בלייבן די טרערן מיין גוטס און מיין האָב.
און טריקענען אויס אויף דער ערד מיינע טרערן,
נאָך בלייבן מיר איבער אין הימל די שטערן.
און פאַלן די שטערן און ווערן פאַרשוואונדן,
פאַרבלייבט נאָך דער גאָט מיר, וואָס האָט זיי געצונדן.

נאָר קומט איר און נעמט איר מיין גאָט פון מיר אָפּ —
וואָס בלייבט פון מיין גוטס און וואָס בלייבט פון מיין האָב?
דאָ אונטן די טרערן, דאָרט אויבן די שטערן —
וואָס קען פון זיי ווערן, וואָס וועט פון זיי ווערן?
די טרערן — נאָר וואַסער, וואָס קען מער נישט וואַשן
דעם שמוץ פון דער וועלט, און די שטערן — נאָר אַשן,
און איבער די חורבות, און איבער די שפּליטער,
מיט קויטיקע פליגלען, צעבראָכן אויף העלפט,
וועט וויינען אָן טרערן דער מלאך מיין היטער,
נישט האָבן קיין הימלען צו בעטן זיי: העלפט!
און קומט איר און נעמט איר מיין גאָט פון מיר אָפּ —
וואָס בלייבט פון מיין גוטס מיר, וואָס בלייבט פון מיין האָב?

## ליד צו זיך

דער ווינט האָט צע'גנב'עט
מיין ביסל פאַרמעגן —
און וואָס וועל איך זאָגן
בשעת מע וועט פרעגן?

בשעת מע וועט הייסן,
בשעת מע וועט רופן,
בשעת מע וועט דאַרפן
מיין נפש אַנט'גופ'ן.

ס׳צעקריכן די טעג
און ס׳פֿאַרגייען די יאָרן.
מע בלייבט אָן אַ וועג
אין דערמיט פון דעם פאָרן.

און וואָס וועל איך מאַכן,
און וואָס וועל איך זאָגן,
בשעת מע וועט הייסן
אַראָפּגיין פון וואָגן?

מיט וואָס וועל איך קומען,
איך אהרן־אליעזר?
די ווייטקייטן שטומען,
ס׳בלאָזט טויט אין די גרעזער.

דער הימל נאָך קלאָר —
און שוין וועלקן די סעדער.
אַ פּאָר און אַ פּאָר
און באַלד שטייען די רעדער.

באַלד בויגט זיך דער קאָפּ —
און סטאָפּ.

## זינדיק גליק — און פֿאַרגעפּיל

די שטאָלצע ליניע פון אַ שטרענגן האָריזאָנט,
סך־הכל׳דיק געשלאָסן ווי אַ פאָרמול;
אַ וואָרט געפונען אין אַן אַלטן ספר,
אַ בליץ וואָס פאַלט פון שעקספּיר׳ס טיפע אויגן,
די קלאָרע טונקלקייט פון גוואַלדיקן רב נחמן
און די גרויסע רייד פון קליינע קינדער;
וואָלקן־צויטן רויטע אין עק מערב,
פול מיט אָונט־ווייַן, ווי אַ האַרץ — מיט חכמה;
אַ קורץ געשפרעך מיט א י ר , געשפּרעך פון צוויי־דריי זאַצן
(ווייל אַלץ איז קלאָר ממילא—און געהיים ווי אַלדאָס קלאָרע),
אַ שטילער יצר־טוב, געמישט מיט שיינעם יצר־הרע, —
דאָס זיינען מיינע וואונדערליכסטע וואונדערס,
דאָס איז מיין וועלט די צייטיקע, די וואָרע,
דער באַרגשפּיץ פון מיין וואויל, דער אַלץ פון מיין באַגעריקייט,

מער וואונדער און מער גליק ווי די מוזיק
פון אַן ערשטן קוש
פאַר'ן אויער פון דער פופצניעריקייט.

און דאָך —
אַ זינדיק גליק איז עס, אַ זינדיקס: ס'לויערט
אויף מיין גליק די בראָך.
ס'איז נאָר דערקענטעניש — און וואו איז אהבה? וואו איז
יראה?
וואויל צו דעם וואָס טוט.
דערקענטעניש מוז אויסקעמפן איר זינד מיט בלוט:
ס'איז אָט די וועלט באַשאַפן צוליב בחירה.
דאַרף גאָט דיין צייטיקייט? אַ צד באַדאַרף ער.
זיין גראַנגל מיט'ן שטן ווערט אַלץ שאַרפער,
און אַ ליאַדע פאַרכטיקע מינוט
קען אַ דונער מאַכן אַ סך־הכל
פון אַלע דיינע מענשליכע סך־הכל'ען
מיט'ן גאַנצן הכל־בכל.

1938-39

## ווערטער

ווי אַן אומעטיקער פאַרשטאָט־פריזירער,
וואָס מוז אַ גאַנץ לעבן ראַזירן דיזעלבע
דערווידערדיקע מאָרדעס פון שכורים;
ווי אַן אומעטיקער פאַרשטאָט־פריזירער,
וואָס אין חלום אפילו זאַלבט ער
זונטיקדיק־געפוצטע סטרוזשעס
מיט חזיר־שמאַלציקער פאָמאַדע, —
אַזוי גיי איך אום צווישן ווערטער, ווערטער,
לויף בייננאַכט צווישן שרענגעס פון ווערטער,
שטעל־צו בייטאָג פאַר זאַץ־קאַסטנס ווערטער,
און בעט ביי גאָט דאָס וואָרע וואָרט —
און שטאַרב אין מיין תפילה אַ נישט־דערהערטער.

ערגער: ווי אַ צעדרייטער תלין,
אַן אַלט־בחור'דיק־סיפיליטישער,
יאָ, ווי אַ תלין אַ פאַראַנאָאיקער,
וואָס, אַז ער וואַשט זיך צום פרעס און ווישט
די האַרטע פינגער אין דעם האַנטוך,

זעט ער בלוט אויפ'ן ווייסן האַנטוך,
און, אָנשטאָט אַ לאַבן ברויט,
דערפֿילט ער אין זיינע הענט אַ קאָפּ, —
אַזוי גיי איך אום צווישן קעפּ פֿון ווערטער,
אָפּגעשניטענע קעפּ פֿון ווערטער,
פֿיל אויף די הענט דאָס בלוט פֿון ווערטער,
ווערטער, ווערטער, ווערטער אויף ווערטער,
און בעטל ביי גאָט דאָס וואָרע וואָרט —
און שטאַרב אין מיין בעטלען אַ נישט־דערהערטער.

וואַרשע, 1930

## אַ לאַנד-הויז אין שטאַט ניו-דזשוירזי

ווי אומרעאַל איז דאָס רעאַלע,
אויב אין ניינצן הונדערט פֿערציק פֿיר,
ווען שרפֿה־אַש באַדעקט די וועלטן אַלע,
קען איך עפֿענען אַ טיר
און פֿון מיין אייגענעם בלוטיקן טויט
אַנטלויפֿן אין אַ הויז פֿון צייטן האַלב־פּאַטריאַרכאַלע
געבויט אין אַכצן הונדערט זעקס.
אַנטלויפֿן — און לאָזן זיך שפּאַנען דורך צימערן,
וואו דורות פֿאַר מיר האָבן מענטשן געשפּילט
די שפּילן דער תּאווה'ס, דער האָפֿנונג'ס, דער שרעק'ס.

אַ הויז צווישן ביימער און בלומען.
צום זעלביקן זומער
האָבן אויגן אַרויסגעקוקט דורות פֿאַר מיר.
אַוועק זיינען תּאווה און האָפֿנונג און שרעק,
נאָר דער זעלביקער זומער
פֿאַרבט דעם זעלביקן הימל מיט בלויען קאָליר.

באַלאַגערט פֿון בינען
וויגן זיך דרויסן געוויקסן,
און אינעווייניק, ביי שטילע קאַמינען,
דרימלען פֿאַרצייטישע ביקסן.
אַ שוואַרצער קדמון — אַ טאָפּ. אַ געשטעל
צום שפּינען פֿלאַקס — און נישטאָ מער די האַנט,
וואָס האָט געשפּונען.
וואָס נאָך? אַ האָלענדישער אויוון אין וואַנט.
אַ גרויסער ברייט־בייכיקער דעמי־דזשאַהן —

אַמאָל פלעגט מען זויפן פון אים ראָם —
שטייט גלאַנציק און פוסט.
דער פאַרגאַנגענהייט׳ס תהום
גלאָצט צום זומער אַרויס דעם באַזונטן.

אַ גרויסע קאַמער אונטן.
ווי אַ שפייכלער זעט זי אויס.
פאַרשפאַרן פלעגט מען דאָ אַמאָל
ווידערשפעניקע קנעכט.

בייטאָג איז נישט שלעכט:
כ׳הער זיך צו צו דעם הייסן קאָנצערט
פון דער ערד,
און צום וואַסער גיי איך,
ווען די זומער־זון קלאַפּט איבער׳ן קאָפּ צו שטאַרק
מיט איר שווערן גאָלדענעם האַמער.
נאָר אין די נעכט
הער איך: פון אונטן, פון דער קאַמער,
פון דאָרט, וואו הונדערט אַלטע זאַכן שטייען,
טראָגן זיך געשרייען
פון קנעכט, געפייניקטע קנעכט.

## געשריבן אין העמפּטאָן־טאַונשיפּ

איבער׳ן פענסטער, אין דער נאַכט פון אויגוסט,
איז געהאַנגען דער לבנה׳ס זילבערן בילד.
פאַר׳ן פענסטער, אין דער נאַכט פון אויגוסט,
האָט ס׳גרילוואַרג ווילד געשפּילט —
אַ קאָכיקע קאַפּעליע מוזיקאַנטן.

אַ גרילעכץ ווי דאָס פלינקע שאַרפן מעסערס אָן אַ שלייפשטיין;
אַ גרילעכץ ווי דאָס רייסן מעשה־כעסן אָן אַן אויפהער
אַ דינע, דינע, דינע סטרונע;
אַ גרילעכץ ווי דאָס זידעניש פון הייסע וואַסער,
אַ גרילעכץ ווי אַ שאָס פון ווייטן רעגן;
אַ גרילעכץ ווי אַ זינגענדיקע זעגעניש פון זעגן,
אַ גרילעכץ ווי דאָס מידע מאָלן פון אַ מיל,
אַ גרילעכץ ווי דאָס צימבלעניש פון צימבלען אַלערליי.

נאָר מיטאַמאָל, אין מיטן דעם געשפּיל און דעם געגריל,
צייטנווייז צעשניטן פון אַ פויגלשן געשריי,
האָב איך פאַרנומען זילבן האַרבע צוויי —

און דער בעל־דיבור איז געווען אַ פויגל.
ער האָט זיין וואָרט גע'חזר'ט נאָכאַנאַנד,
נישט קיין שרייער און נישט קיין מוזיקאַנט;
אַ שליח פון אַ וויי, וואָס שרייט נישט,
פון אַ וויי, וואָס זינגט נישט,
פון אַ וויי, וואָס רעדט —
אַ טראַגישער פּראָזאַאישער פּאָעט.

## קאַפּוויר

דיביימער אינעם וואַסער קוקן קרום
אויף די ביימער, וואָס באַפּעלקערן דעם ברעג:
אונדז, אמת'דיקע, מאַכן נאַריש נאָך
לצים קאַפּוויריקע אין גרינע רעק;
לצים קאַפּוויריקע און טרויריקע,
צעשויבערט מרה־שחור'יקע,
פול מיט שאָקל און מיט פלאַפּל און מיט שרעק
פאַר זעגן און פאַר העק.

אין וואַסער זיצט אַ זון און רעדט צו זיך
פון דער זון, וואָס הימלט אויבן־אָן:
האָט ליכט ביי מיר געבאָרגט — און איז דאָך נאָר
אַ נאַכט, וואָס טוט אין טאָגיקייט זיך אָן.
אַ נאַכט איז זי אַ טרויריקע,
אַ נאַכט אַ מרה־שחוריקע,
פול מיט פּחד טאָמער מאָן איך אויף דעם חוב,
טאָמער גייט זי אונטער —
און א י ך גיי אַרויף.

## אַ מעשה

אַמאָל איז געווען אַ מעשה,
האָט די מעשה גענומען פרעגן
אַ קשיא אויף אַ מעשה —
אויף זיך אַליין אַ קשיא.

האָט געזאָגט די מעשה:
וואָס איז עס פאַר אַ מעשה?
געפין איך נישט דעם תירוץ,
טו איך זיך אָן אַ מעשה.

און זי איז געגאַנגען זוכן
איבער דער ערד אַ רש״י,
ער זאָל איר באַשיידן די מעשה,
פאַרענטפערן די קשיא.

האָט זי געפונען רש״י׳ס,
האָבן געענטפערט די רש״י׳ס,
איז פון די אַלע ענטפערס
געוואָרן אַ ים מיט קשיות.

האָט זיך צעוויינט די מעשה:
איך האָב געפרעגט אַ קשיא,
זיינען געוואָרן קשיות —
וואָס איז עס פאַר אַ קאַשע?

בלאָנדזשעט ביז איצט די מעשה
און פרעגט: וואָס איז די מעשה?
וואָס אַ טאָג מער קשיות —
ס׳איז אָן אַן עק די מעשה.

און אַלע וועלטן וויינען
און אַלע דורות דערציילן
די מעשה מיט דער מעשה,
וואָס האָט געפרעגט אַ קשיא —
אַ קשיא אויף אַ מעשה,
אַ קשיא אויף אַ מעשה.

## דער שטומער פויגל

אני ביער הלכתי
וקול עופות שמעתי...

שפילט אַ פויגל: פּי, פּי, פּי!
אני לדודי ודודי לי.

אַ צווייטער פויגל גיט אַ צי:
תהילת השם ידבר פי.

אַ דריטער פויגל זינגט אַזוי:
ברכי נפשי את אדני.

מאַכט אַ פערטער ווי אַן עכאָ:
אני בצדק אחזה פניך.

שטייט אַ פֿינפֿטער אויפֿ'ן צווייג,
שטייט אויפֿ'ן צווייג און שווייגט אַ שווייג.

איז אים דער ניגון געוואָרן דערעסן?
האָט ער דעם פּסוק זיינעם פֿאַרגעסן?

די פֿייגל זינגען, אַרום איז זומער —
אויף וועמען וואַרט דער פֿויגל דער שטומער?

**נו?**

כ'האָב אַ צימער ביי יענעם. אַז איך גיי אַוועק
נעם איך מיט דעם שליסל. אין צימער בלייבט
די שטילקייט פֿאַרשלאָסן.

ביינאַכט, אַז איך קום, שפּרינגט זי אויף דערפֿרייט.
אפשר ברענג איך אַן ענטפֿער אויף אירע פֿאַרוואָסן.
זי שפּרינגט אויף און קוקט מיר אין די אויגן: נו?

עט! וואו! —
גיב איך אַ מאַך מיט דער האַנט.
אויפֿ'ן בעט
ליגט זי ווי אַ פֿויגל האַלב דערשאָסן.

(כ'האָב קיין טרייסט נישט פֿאַר איר... ווי זאָגט באָדלער?
פּאָעטן, לאָמיר אַלבאַטראָסן...)

## די געבורט פֿון מלחמות

### פֿון אָווידיוס'עס „מעטאַמאָרפֿאָזן"

פֿריי פֿון באַפֿעל און פֿון צוואַנג, האָט די גאָלדענע תקופה
די ערשטע[1]
אָפּגעהיט טריישאַפֿט און גוטס, פֿון זיך אַליין אַ גערעכטע.
שטראָף נישט געווען און נישט פֿאָרכט; נאָך האָט קיין אויג
נישט געלייענט
ווערטער פֿון בייזן געזעץ, געקריצט אויף אַ קופּערנעם טאָוול.[2]
ס'האָט נאָך דעם ריכטער'ס געשטאַלט קיין שרעק נישט
געוואָרפֿן אויף חוטאים:

1) אַ גאָלדענע — אין מעטאַפֿאָרישן זין; נישט דערפֿאַר, ווייל ס'זאָל דעמאָלט האָבן אַנטדעקט געוואָרן דאָס גאָלד (דאָס געשעט גראָד אין דער לעצטער תקופה — דער ערגסטער).

2) געזעצן פֿלעגן געקריצט ווערן אויף לוחות.

גריילעך באַגייט זיך די וועלט אָן אים און דעם משפּט'ן זיינעם.
נאָכנישט גענידערט אין טייך פון זייערע היים־בערג אַרונטער
האָבן דיביימער, גענויט דורך האַק און אייזן צום שווימען;
גאָרנישט געקענט האָט דער מענטש אַ חוץ די אייגענע ברעגן.
ס'האָט נאָך אַ שטערבלעכנ'ס האַנט נישט שווערד געשמידט
און נישט פּאַנצער,
גראָבנס זיינען נאָך נישט אַרום אַ פעסטונג געלאָפן.
גלייך ווי קינדער, באַגליקט דורך ליבשאַפט איינס צו אַנאַנדער,
האָבן אין נחת און רו געפּירט זייער לעבן די פעלקער.
אייביקער מאַי איז געווען; געוויקסן, אָן זוימען געבוירן,
האָבן געשפּראָצט אויף דער ערד און ס'האָט געגלעט זיי
זעפּירוס.3)
ערד, נישט געאַקערט נאָך, האָט קיין זכר פון פּרוכט נישט
געטראָגן,
ס'האָט זיך אַ פעלד נישט געטאָן מיט זאַנגען פּרוכפּערדיק
העלן.
טייכן פון נעקטאַר און מילך זיינען פּאַמעלעך געראונען;4)
שטיל האָט פון שטיינערנעם דעמב געגאָסן זיך גאָלדענער
האָניק.
שפּעטער, ווען ס'האָט אין די שאָטנס פון טאַ'רטאַר גענידערט
סאַטורנוס,5)
ווערט דער הערשער יופּיטער — און ס'קומט די צייט אָן פון
זילבער;
ס'האָט יופּיטער צעטיילט די אייביקע צייט אויף חלקים,
חלק צו חלק נישט גלייך, און צעברעקלט דעם אייביקן פרילינג.
ס'האָט שוין זינט דעמאָלט דאָס יאָר אי ווינטערס, אי זומערס,
אי האַרבסטן,
און — ווי אַ זכר פון פריער — אַ פרילינג קורץ און
פאַרשווינדיק.

---

3) זעפּירוס (אַקצענט אויף דער פּאַרלעצטער, צווייטער זילב) — לינדער ווינט (פּערזאָניפיקאַציע).

4) נעקטאַר (אַקצענט אויף דער ערשטער זילב) — געטלעך בשמים־געטראַנק.

5) טאַרטאַר (אַקצענט אויף דער ערשטער זילב) — אונטערוועלט. סאַטורנוס (אַקצענט אויף דער צווייטער זילב) דער גאָט פון דער אור־צייט (ביי די גריכן: כראָנאָס). דער זין פונעם זאַץ: נאָכדעם ווי דער טויט (די אונטערוועלט) האָט פאַר־שלונגען דעם אור־צייטיקן תוהו־ובוהו (סאַטורנוס) הייבט זיך אָן די הערשאַפט פון דעם היסטאָרישן וועלט־גאָט יופּיטער (אַקצענט אויף דער צווייטער זילב) און ס'קומט אויף, צוזאַמען מיט דער זילבער־תקופה, די גערעגלטע און געאָרדנטע צייט — די צעברעקלונג פון דער אייביקייט.

ס'האָט זיך ערשט דעמאָלט די לופט גענומען צינדן פון היצן,
ווייס זיך פאַרהאָנגען דערנאָך דאָס אייז, פון קעלטן געגליווערט.
דעמאָלט ערשט איז מען אַריין אין וואוינען, ערשט דעמאָלט געוויילט זיך
היילן צום רו־אָרט, פאַר'סככ'ט מיט בלעטערוואַרג גרינעם פון דרויסן.
זוימען — זיי זיינען צום מאָל צום ערשטן געפאַלן אין ערד־שויס;
ס'האָבן פון אונטער אַ יאָך גענומען קרעכצן די אָקסן.

דאַן איז געקומען דער דור — דער דריטער דור שוין — פון קופּער.
פלינקער אַ סך צום געווער, אין גייסט פיל שטאַרקער און בייזער,
אָבער אַלץ נישט ווי דער, וואָס נאָך־אים, באַפלעקט פון פאַרברעכנס —
נישט ווי דער, וואָס צו־לעצט: דער דור פון אייזן דעם האַרטן.
ס'רייסט מיט געוואַלד זיך אַריין אין דור פון מעטאַל דעם געמיינעם
אַלץ וואָס איז שלעכט און אַוועק גייען אמת, ליבשאַפט און בושה.
ס'זיינען געקומען שטאָט זיי ליגנעריי און גענאַרונג און פאַלשקייט,
קראַפט, וואָס קיילט מיט דער פויסט, און דער חשק אַלץ צו פאַרכאַפּן.
ס'ווערן דאַן זעגלען דעם ווינט געגעבן, ער זאָל זיי אַ פיר־טאָן
העט צו די ווייטסטע מדינות, אוןביימער, וואָס זיינען געשטאַנען
יאָרנלאַנג טיף אין אַ וואַלד צי גאָר אויף באַרגשפּיצן הויכע,
נעמט פלוצלינג וויגן דער ים — און ס'מערן זיך שיפן אויף שיפן.6)
זי, די ערד, וואָס געהערט האָט זי צו איטלעכן איינעם,
איז, ווי לופט און ווי ליכט, אַלעמענ'ס נחלה געווען,
ווערט דאַן געמאָסטן און ווערט לויט גרענעצן טויזנט באַצייכנט.
ס'ווערט שוין נישט מער פון דער ערד געפאָדערט שפּייז פאַר'ן הונגער

6) „און ביימער... נעמט פלוצלינג וויגן דער ים" — געמיינט מאַסטבוימער.

אָדער אַ שניט, וואָס באַלוינט: מען קריכט אין איר אינגעווייד
זוכן.
זי אָבער טוט זיך פון שרעק אַ רוק צו די סטיגישע שאָטנס;(7
אָט, ווי זי רוקט זיך צוריק, גראָבט מען דערווייל אין איר
האַרצן,
ביז מען גראָבט אוצרות אַרויס, אוצרות, וואָס רייצן צו
שלעכטס אָן.
שוין איז דאָס אייזן אַנטדעקט און ס'גאָלד ווערט געפונען
באַלד נאָכדעם:
גלייך האָט מיט זיי אויף דער וועלט זיך די מלחמה באַוויזן,
שלאָגט מיט דער הילף פון די צוויי, מיט דער הילף פון גאָלד
און פון אייזן.
טומלדיק קלינגט דאָס געווער אין אירע בלוטיקע פינגער.
לעבן לעבט מען פון רויב; נישט זיכער מער מיט זיין אורח
איז אַ הויזווירט, אַ שווער — מיט'ן אייגענעם איידעם נישט
זיכער.
שטיפמאַמעס מישן אַריין סם אין דעם שטיפקינד'ס
געטראַנקען.
פרוי קוקט־אויס טויט פון איר מאַן, אַ זון — דעם טויט פון
זיין פאָטער.
ערד איז פון מאָרד־פלעקן נאַס — און עס פאַרלאָזט זי
אַסטרעאַ,(8
טוט זיך אַ הויב און פאַרשווינדט, די לעצטע פון הימלישע
טעכטער.

1932

## גאָט, דו האָסט אויפגעהערט גלויבן אין מיר

גאָט, דו האָסט אויפגעהערט גלויבן אין מיר,
גאָט, דו ביסט כופר, ביסט כופר אין מיר —
קריך איך אין אָפּגרונט אויף אַלע פיר
און ווייס נישט, ווי קריכט מען פון אָפּגרונט אַפיר.
איך ווייס נישט, ווי קומט מען, ווי קומט מען צו דיר.
זינט דו האָסט אויפגעהערט גלויבן אין מיר,

(7 סטיגישע — פון: סטיקס, אונטערוועלט־טייך. סטיגישע שאָטנס — אונטער־וועלט.

(8 אַסטרעאַ — די גערעכטיקייט. „הימלישע טעכטער", וואָס האָבן נאָך פאַר איר, אין דער אייזן־תקופה, פאַרלאָזט די ערד, זיינען: אמת, ליבשאַפט און בושה (זע פריער).

איז אָפּן מיין תהום און פֿאַרשלאָסן דיין טיר,
פֿאַרשלאָסן דיין טיר.

וואָס טוט מען, זאָלסט אָנהויבן גלויבן אין מיר?

## שולד און אויסלייז

כל־זמן דאָס ליכטעלע ברענט,
קען מען נאָך אַלץ פֿאַרריכטן.
(ר׳ ישׂראל סאַלאַנטער)

ווי לאַנג סע ברענט דאָס ליכטל,
לאָזט זיך נאָך אַלץ פֿאַרריכטן.
נאָר ווער קאָן פֿאַרריכטן אַ לעבן,
וואָס ווערט פֿאַרשווענדט אויף דיכטן?

זינד פֿון ווערטער און בילדער,
נאַכט־זינד פֿון מיין נשמה!
אויף יענער וועלט וועל איך קומען
אַ ווערטערדיקער טמא.

באַגלייט פֿון מחנות ווערטער,
ווי מחנות ווילדע פֿליגן,
וועל איך בלאָנדזשען אויף יאַרידן,
וואו שדים פֿאַרקויפֿן ליגן.

פֿון שד צו שד וועל איך שלעפּן
מיין שטרויכל־פֿוס דעם מידן
איבער די קראָמען פֿון בלענדוואַרג,
איבער די פּוסטע יאַרידן.

ביז וואַנען צום טייוול, דעם בלענדער,
וועט זאָגן גאָט: באַפֿריי אים!
און פֿון דער דיכטונג׳ס מצרים
וועל איך קומען אין לאַנד פֿון לענדער,
וואו שטילקייט אָן ריר, אָן ענדער,
זיצט אין אייביק ווייסע געווענדער.

## רחמים

קעץ אויף דעכער, מייז אין לעכער,
און דער וויין, וואָס ווייגט אין בעכער,
און אַ הונגעריקער הונט,
און אַן איינזאַמע לבֿנה

ווי אַ בלוטנדיקע וואונד, —
ס׳איז דער זעלבער, זעלבער צער,
און די רחמים דיינע ווייז,
האַר, אָ האַר!

אויפ׳ן שוואַרצן ראָג די זונה,
וואָס וואַרט שעה׳ן אויף אַ קונה,
אַ נאָך־זומערדיקע פליג,
און אַ בלאַט פון ווינט געשליידערט,
און אַ האַרץ, וואָס שרייט נאָך גליק, —
ס׳איז דער זעלבער, זעלבער צער,
און די רחמים דיינע ווייז,
האַר, אָ האַר!

## אַ ליידיקע דירה

ס׳האָט מיך געצויגן זען אַ דירה,
וואו כ׳האָב אַמאָל געוואוינט.
זי איז געשטאַנען ליידיק
און ס׳האָט זיך איר גע׳חלומ׳ט דער פּאַרשוין,
וואָס האָט אַמאָל דאָרט געפּאַרשוינט.

שורות,
אין יענער דירה געשריבן,
האָבן זיך געקליבן
אַרום די פענצטער
קופּעסווייז, ווי פייגל פּאַר׳ן אָפּפלי.

ס׳איז געקראָכן
און געזאָטן
אַן אַסטראַל־גוף פון אַן אינזעקט,
וואָס כ׳האָב אַמאָל צעטראָטן.

קוימקוימיקייטן כל׳ערליי
האָבן געשטעקט
אין די ווינקלען, אין שאָטן,
ווי שטויב אונטער אַ באַרשט,
מיט מייזישער שרעק
געזוכט אַ שפּאַלט צום אַנטרינען.

אַ שרעטל
איז געלעגן נאַקעט ביי אַ וואַנט
און איז אויף מיר אַרויפגעשפּרונגען:
טאַטע, וואָס מאַכסטו?

אין מיטן צימער איז געשטאַנען אַ מחשבה.
געשטאַנען אַ פאַרלוירענע, געטראַכט
פון דעם, וואָס האָט אַמאָל זי געטראַכט
אָט־דאָ אין אַ פאַרנאַכט:
פון מיר.

אַז זי האָט מיך דערזען,
האָט זי זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט
און מיך גענומען זידלען.
ביסט, — האָט זי געזאָגט, — אַ פינצטערער פאַררעטער,
אַן אַנטלויפער, אַ פאַרשווינדער,
אַ געבוירער,
וואָס לאָזט אויף הפקר זיינע קינדער.

## צי ווייסן די טרערן

הידעו הדמעות מי שפכן
(ר׳ יהודה הלוי)

צי ווייסן די טרערן, פאַרוואָס און נאָך וועמען
עס האָבן זיי אויגן פאַרגאָסן,
און ווייס דען די ערד, ס׳אַראַ העלקייט זי האָט
אין פינצטערן בוזעם פאַרשלאָסן?

עס ווייס נישט די ערד, ס׳אַראַ העלקייט זי האָט
אין פינצטערן בוזעם פאַרשלאָסן,
און ס׳ווייסן נישט טרערן, פאַרוואָס און נאָך וועמען
עס האָבן זיי אויגן פאַרגאָסן.

און ס׳ווייסן נישט ווערעם אין חושך פון גרוב,
וועמען און וואָס זיי צעפרעסן.
דאָס ווייס נאָר מיין האַרץ, נאָר עס וועט אויך דאָס האַרץ
פאַרגעסן — —

## אני תפילה

**(געבויט אויף אַ זאָג פון ר׳ שמחה־בונם פון פשיסכע)**

דו ערסט מיין תפילה, דו זעסט זי,
ווען דו קוקסט אים בלויז אָן,
מיין גוף, דעם שטיק חושך־ואפלה.
וואָס איז מיין תפילה און ווער?
איך, דיין צעבראָכענע כלי.
אני תפילה —
איך גופא,
גאָר מיין הויט־און־געביין,
איך אַליין,
איך אַליין בין די תפילה.

מיין האַנט און מיין פוס,
מיין אויג און מיין אויער —
דאָס אַלץ איז אַ תפילה, מיין גאָט,
אַ תפילה פון טרויער.

## נאָך אונדז

ווער איז אונדז שולדיק, וואָס מיר קומען אום,
וואָס פון אונדזער לעבן לאָזט זיך גאָרנישט מאַכן?
אַן אויג וועט נאָך אין יאָרן הונדערטער אַרום
זיך אָנטרינקען מיט זון און קינדער וועלן לאַכן.

און ס׳וועלן זיך נאָך ווייזן הענט, וואָס שענקען,
אָנשטאָט די הענט, וואָס הויבן באַיאָנעטן,
און אויפשטיין וועלן — גרויס אין זייער גאָרנישט־מער־
געדענקען —
נישט־הײנטיקע, בוקאָלישע פּאָעטן.

דער, וואָס קומט אום, איז שולדיק. אונטערגאַנג איז שולד.
און שולד איז שטראָף. און שטראָף וועט אונדז נישט מיידן.
עס איז די מאָס פאַרפולט.
און וואָס אַ האַנט פאַרזייט — דאָס מוז זי שניידן.

אונדז וועלן באָמבעס אויפרייסן. מיר וועלן ליגן אונטער אַשן.
און ס׳גרינע דאָרף וועט ירשנ׳ען די טויטע כרכ׳ן.
אַ יונגער רעגן וועט די ערד די אַלטע וואַשן
און זאַכן וועלן רעדן נייע שפּראַכן —
און גאָט וועט נידערן און קינדער וועלן לאַכן.

1933

## סיגנאַלן

ווי ווייטע ביינאַכטיקע בליצן
בעת זומערדיקע היצן,
וואָס צינדן זיך אָן אויף אַ ווײַלע
(העלער ענטפֿער אויף אַ שוואַרצער שאלה)
און אַנטלויפֿן צוריק דורך דער שפּאַרע
פֿון אַ כמאַרע, —
אַזוי פֿאַלן
סיגנאַלן
איבער דעם ווייטן, נישט־קלאָרן
וועג פֿון די יאָרן,
איילן
אויף גיך צו באַשטראַלן
טונקעלע מײַלן,
פּנים׳ער שטרענגע פֿון שיקזאַלן,
דער פֿאַרגאַנגענהייט׳ס טויטע קאַנאַלן,
דער צוקונפֿט׳ס וואַקלדיקע שוועלן,
באַהעלן
דעם לויף פֿון שעה׳ן דעם פֿאַטאַלן,
זאָגן אָן,
זאָגן אויס —
און ווערן פֿאַרפֿאַלן.

## אין דולהויז, אָדער צווישן גאָט און גאָרנישט

הער דאָקטאָר, איך בין גאָט.
איר מעגט עס מיר פֿאַרגינען.
ווען כ׳האָב, נישט היינט געדאַכט, געמענטשט,
בין איך כמעט אַרונטער פֿונעם זינען.
נו, איז געשען אַ גליק און כ׳בין געוואָרן גאָט.

כ׳בין אַזוי מעכטיק, אַזוי גרויס און גליקלעך!
וויל איך — כאַפּ איך אָן די ערד
און צעטראַסקע זי אויף שטיקלעך.
זי איז עס ווערט — איר הערט?
זי איז עס ווערט,
דאָס שטיק נבלה!
נאָר מילא.
איך בין אַ גוטמוטיקער גאָט.

איך האָב רחמנות
אויף הינט אין גאַס —
און אפילו אויפ'ן ים־אוקינוס,
וואָס אים איז, נעבעך, אייביק נאַס.
איך, אַ גאָט מיט יושר,
זאָל נעמען און צעטראַסקען אַזאַ ערד?
זאָל זי קומען אויף אַנדערע הענט.
זאָל זי גיין אין דר'ערד.

איך בין אַ וואונדערלעכער גאָט, הער דאָקטאָר.
כ'האָב רחמנות אויף דער גראָער מאַסע.
ווער נאָך ווייס ווי איך, וואָס ס'הייסט זיין מענטש?
כ'בין אַליין געווען פון אייער ראַסע.
אַ מענטש צו זיין איז דאָך אַ בראָך אַזוינע,
אַז כ'ווינטש עס נישט דעם ערגסטן שונא.
כ'האָב פשוט מיטגעפיל מיט אייער פאַרכעוואַטן מין.
וואָס קענט איר ווייסן, ס'אַראַ גוטמוטיקער גאָט איך בין!
איך לאָז מיך אָנטאָן אַ משוגעים־העמד אפילו —
און שטיי אַזוי און האָרך ווי עס טוט צו מיר תפילה
דער גאָרנישט.

ווער דער גאָרנישט איז?
טאַקע ווידער איך, הער דאָקטאָר.
קעניג גאָרנישט דער דרייצנטער.
ניין, גאָרנישט דער אומענדלעכער.
איך בין אַזוי נישט־זייעוודיק,
אַז אָט־אָט — און כ'הער אפילו אויף צו גאָרנישטן.
כ'בין נישטאָ אין ערגעץ — כ'גאַראַנטיר! —
און קיין שום ערגעץ איז נישטאָ אין מיר.
דאָס איז דאָך אַזוי גוט, הער דאָקטאָר,
נאָך בעסער ווי צו זיין אַ גאָט.
שטעלט אייך פאָר: איך בין נישטאָ אויף קיין שום עולם.
מ'קען מיך נישט געפינען בשום אופן שבעולם,
ווייל כ'בין נישטאָ שבנישטאָ שבנישטאָ.
קאָנט איר עס באַגרייפן?
מיין גליק איז פשוט צום באַוואונדערן.
נאָר זייט מיך נישט מקנא, דאָקטאָר.
ס'האָט מיך גענוג געקאָסט.
כ'בין אַ געמאָזלטער און אַ געפּאָקטער.
ס'האָט אַרום מיר גענוג געדונערט און געבליצט.

אָ, ווען איך דערמאָן זיך אין די פּחדים פון מיין מענטשישאַפט,
שוידערט מיך, אומענדלעכן גאָרנישט, ביז איצט.
נו, ס'איז שפּעט. דער זייגער איז שוין איבערמאָרגן.

מיר'ן זיך טרעפן אַן אַנדערש מאָל, דאָקטאָר.
כ'וועל שיקן נאָך אייך דעם שמש.
כאָטש — ווי קאָנען מיר זיך טרעפן,
אַז כ'בין נישטאָ שבנישטאָ שבנישטאָ,
נישטאָ בפועל ממש — — ?

עפּעס קוקט איר מיך אָן אַזוי נאַרישעוואַטע,
ווי איר וואָלט נישט קיין אויגן געהאַט,
נאָר צוויי שטיקער וואַטע.
מ'טאָר אַזוי נישט קוקן. מ'טאָר נישט.
האָט נישט קיין פאַריבל. ס'שלעפּערט מיך.
כ'גיי מיך לייגן שלאָפן צווישן גאָט און גאָרנישט.

## מערדער און ווערטער

פון טאָג צו טאָג
קאָן איך זיי אַלץ ווינציקער פאַרטראָגן,
די ווערטער וואָס איך זאָג,
די ווערטער וואָס אַנדערע זאָגן.

איבערפול די וועלט מיט וואָרט.
איבערפול די ערד מיט מאָרד.
נישטאָ אַזעלכע ערטער,
זאָלסט קאָנען דאָרט אַוועק
פון מערדער און פון ווערטער.

## געוועזנקייטן

מיין חוב זייט איר דער נאַכט — און איך באַצאָל אים,
אָ חלומות, בילדער פון פאַרגאַנגענע
לעבנס און גורלות,
מכשפים פלינקע, אַקראָבאַטן שלאַנגענע!

ווען איר ווייזט מיר מיט דער לאָגיק פון אַ חלום
פּייערדיקע מייז, וואָס עסן אויף גיגאַנטן —
ווייס איך וואָס דאָס איז, דערקען איך וואָס דאָס איז:
ס'איז כראָניק טראַגישע פון אור־וועלטן.
כ'דערקען דעם טויט־געשריי פון יעדן ריז.

צום הימל אַרויף שמע־ישראל'ט אַ דאַך,
בלוט ברענט אויף אַ האַק:
אין צייטן פון גזירת־ת״ח
האָט מיך צעהאַקט אַ האַידאַמאַק.

הייזער הויבן פליגלען אויף און שרייען —
פּרויען מיט לאַנגע פלעכט
וואַרפן זיך ווי שלייען,
שטראָמען אַרויס פון זיך פורפורנע נעכט —
גייסטער אין העמדער וואַרטן
דרויסן ביים פענצטער אין נעפּל העל־צאַרטן,
ריידן מיט הענט אויף אַ שפּראַך מאָדנע פריש,
אַ שפּראַך מאָדנע קלאָר —
(כ'האָב זיי געזען צו פופצן יאָר,
ווען כ'בין כלאָראָפאָרמירט געלעגן אויף אַ טיש
און מ'האָט מיך געשניטן).

נאַכט, ווען דיינע אוראַלטע מיטן
הויבן אָן דערציילן
אין דער אומרו פון דיין רו
מעשיות פון הימלען און פון היילן,
ליגט מיין גוף און הערט זיך צו
צום חלומ'ס טיפן פלוידער.
אָ, שוידער
פון צוריקגעקומענע געוועזנקייטן.

כאָטש כ'וויס, אַז גנאָד איז דאָס העכסטע געזעץ
און אַז אַלע וועגן, אויך די שרעקלעכסטע,
וועלן ביים סוף זיין באַזוימט מיט מאַי־בלומען, —
פונדעסטוועגן קאָן איך מיין פחד נישט בייקומען,
ווען ס'קומט מיר אויפ'ן רעיון, אַז אין קומענדיקן גלגול
וועלן די חלומות מיינע אָפּשפּיגלען אַ לעבן,
וואָס איז צונויפגעשטעלט געווען פון טויזנט שטיקער,
אַ לעבן פון איינעם, וואָס האָט פאַרזוכט גאָט'ס וויין —
און נישט געוואָרן שכור.

יאַנואַר, 1933

## אומזיסט

אין חלום קוש איך פרום,
קוש פרום,

אַ מיידל, וואָס וועט בליען
אין הונדערט יאָר אַרום.

די מיידלעך פון מיין צייט —
שאַמפּאַניער שוימיקער אויף אייז.
יענע וועט אַ פרילינגדיקער סאָד זיין,
וואָס צוויטיקט ווייס.

אַרויס וועל איך צו איר פון צווישן אותיות —
געשטאַלט מיט שאָטנדיקע גלידער —
בעת זי וועט אויפמישן אַ לידער־בוך
(מע וועט דאַן ווידער ליב באַקומען לידער).

„לאָז מיך שטיין געפּאַנגען אין דעם ווייסן עיגול
פון דיין געזיכט.
פאַרטרייב מיך נישט פון אָט די אותיות.
יאָג מיך נישט פון מיין געדיכט.

מיט הונדערט יאָר צוריק האָט עס מיין האַנט געשריבן.
וואָס איך וויל? אָט גאָרנישט. כ׳זע: דו בליסט. — —
געווען אַמאָל אַ מעשה מיט אַ מענטשן.
ער האָט געלעבט אומזיסט״.

## חשכות׳ן טיפע

הייליקע קריגער!
פון לויטערע לופטן
נידערט צו העלפן
אַ גייסט אַ באַ׳גופ׳טן.
קריגער איר העלע,
טוט אויף זיי קריגן,
אויף די פאַרשייטע
מחנות פון ליגן,
אויף דער חבריא
פון סיטרא דשמאלא,
שוואַרץ ווי די סמאָלע,
קאָכיק ווי סמאָלע.
צוערשט, די פאַררעטער,
האַלדזן זיי, גלעטן זיי;
שפּעטער, אָ שפּעטער —
קיילן זיי, טרעטן זיי.
צוערשט קושט און לעקט

זייער הינטישער לעקער,
און אַז די נשמה
שטעקט שוין אין שקר —
טרעטן זיי, שלאָגן זי
מכות־רצח.
אין וואונדן בעט זי זיך,
חנפ'עט און בעט זיך,
נאָר ס'מאַכט זיי בלויז ווילדער
איר עלנטע חניפה — — —
אָ, דינא תקיפא!
חשכות'ן טיפע!

## צום לעצטן שאָטן

פון יעדער פרוכט
האָט מיין גומען שוין פאַרזוכט —
און ס'איז געבליבן
בלויז דאָס ליד,
וואָס ווערט פאַר קיינעם נישט געשריבן.

ס'ליד פאַרשליס איך
אין דער שטרענגקייט פון דער שיינקייט
און מיין גאַנג
צום לעצטן פאַנג
גיי איך אין אַליינקייט.

איך גיי אַליין,
מייד אויס אַ צווייטן:
קיינער קאָן מיך נישט באַגלייטן.

מען קאָן פון קיינעם
נישט זיין באַגלייט,
מע גייט נישט אינאיינעם
ווען מע גייט
דאָס שווערע גיין
צום לעצטן שאָטן,
וואָס ציט די דראָטן
פון יאָ און ניין.

וואַרשע, 1936

## שלאָפן

און אַמאָל טו איך תּפֿילה אַזוי:

דריי מיך אויס מיט'ן פּנים צום אייביקן צפֿון.
לעש מיך אויס מיט איין בלאָז
און לייג מיך אין טונקל־וועלט שלאָפן.

צעטראָג מיינע ווענט
מיט איין ווענד,
קער
מיט איין קער
מיך אום
צום
אור־געטונקל דעם דינעם
און אין־עם
לייג שלאָפן.

נישט וויין איבער מיר און נישט ווייטיק.
קלאָג איז נישט נייטיק.
לאָז שלאָפן.

קוק אָן: ווער בין־איך און וואָס?
קאָנסט מיך אפילו נישט שטראָפן.

פּרוּב מיך נישט אויס מער. נאָכוואָס?
כ'בין אָן שוץ און אָן וואָפן.

לעש מיך אויס מיט איין בלאָז —
און לייג מיך אין אור־טונקל שלאָפן.

וואַרשע, 1938

## נאָך הבדלה

...וכל אינון דבסטר שמאלא אזלין ושטין
בעלמא ובעאן לאתלבשא בגופא.
(זוהר בראשית)

ווען ס'ווערט פאַרלאָשן די הבדלה —
צינדט זיך אין גיהנום דאָס אַלטע פייער
אויף אַ פולער וואָך אַ נייער.
פון תהומ'ישע שפּאַלטן שוואַרצע און שמאָלע
שווימען די מחנות־פון־לינקס קאַפּויער,
און ווידער איז וואָך און ווידער איז גלות
און ווידער טרויער.

האָרך ווי עס רוישן די שוואַרצע חיילות!
זיי קאָכן ווי שטורעמס אויף אָקעאַנען.
און איז פון־גיהנם־אַרויס זיך מתחנן
עפּעס אַ קראַנקע נשמה אַ רשע׳ס —
פאַרטויבט דאָס קאָכעניש זיינע בקשות.
אין ריזיקע כוואַליעס גיסט זיך די טומאה,
פאָרכטיק פלייצן אל־אחר׳ס אַרמייען,
און ס׳איז אַ בהלה און ס׳איז אַ מהומה,
ווי שטעט זאָלן קראַכן,
און ס׳גייען געשרייען
עד לב השמים. אויף פינצטערע שפּראַכן,
וואָס נאָר די תהומות פון בייז פאַרשטייען,
רופן די קליפּות. ציטער, וועלט! וויי דיר!
דאָס ווילן זיי גופים,
דאָס זוכן זיי קליידער — — —

## כ׳וויס: קיינער דאַרף מיך נישט אויף אָט דעם עולם

כ׳וויס: קיינער דאַרף מיך נישט אויף אָט דעם עולם,
מיך, ווערטער־בעטלער אויף דעם יידישן בית־עולם.
ווער דאַרף אַ ליד — און נאָך דערצו אויף יידיש!

נאָר בלויז דאָס האָפענונגלאָזע אויף דער ערד איז שיין,
און געטלעך איז נאָר דאָס, וואָס מוז פאַרגיין,
און נאָר הכנעה איז מרידה׳ש.

## ביידע אַליין

נעכט קומען, נעכט,
ווען גאָט׳ס קול גייט דורך שטילקייטן וויסטע,
פרעגט שטרענג און גערעכט:
וואו ביסטו?

ענטפערט אַ מענטש אין דער נאַכט:
„דאָ בין־איך. פאַרשפּילט איז די שלאַכט.
איך, מענטש, בין דיין חרוב׳ע הייליקייט.

פאַר מיר, דיין כותל־מערבי,
שטעל דיך און וויין!
ביידע געבליבן אַליין,
ביידע אַליין...
איינער דעם צווייטן פאַרשווועכט —

און קיינער נישט שולדיק,
ביידע גערעכט" — —
נעכט קומען, נעכט,
ווען גאָט׳ס קול גייט דורך שטילקייטן וויסטע.

## די כוואַליעס אין זיינע אוקינוסן

די כוואַליעס אין זיינע אוקינוסן
גייען אין אייביקע רייען,
גייען און פאַרגייען נישט.

מיט די כוואַליעס שיקט ער מיר בריוו
פֿון דער טיף.
איך האָב קיין געדולד נישט — און איך לייען נישט.

גאָט׳ס נישט געלייענטע בריוו
קערן זיך אום צו דער טיף.

## מענטש און מויז

פֿאַרוואָס האָסטו, מויז, אַזוי מורא פֿאַר מיר?
וואָס ציטערסטו, מויז?
— געווען בין איך מענטש, און מיין חרפּה איז גרויס,
לויף איך פֿון דיר און באַהאַלט
מיין שאַנד אין אַ שפּאַלט.

און וואָס האָסטו, מענטש, אַזוי מורא פֿאַר מיר,
אַן עלנטער מויז?
— כ׳האָב מורא פֿאַר דיר, ווייל איך האָב אַ געשפּיר,
אַז אויב כ׳וועל צו גאָט און דער זון נישט אַרויס,
וועל איך ווערן מגולגל אין דיר,
וועל איך ווערן אַ מויז.

## פֿון שפּיטאָל

אויף זיין קראַנקן־בעטל זיצט ער,
דער משוגענער פּראַנצויז,
ליאַרעמט עפּעס אויף זיין לשון,
פּאָדערט עמיצן אַרויס.

שלאַכטן פירט ער — לאַנגע, לאַנגע,
לאַנגע שלאַכטן — און ער לאַכט.
פלוצלינג האַרט ער אַ פאַרשטאַרטער.
וועט אים ענטפערן די נאַכט?

יאָ, צי ניין?... אַרום זיין בעטל
שאַרכט די שטילקייט ווי אַ מויז,
שאַרכט און שאַרכט — און ס׳בלייבט אָן ענטפער
דער משוגענער פראַנצויז.

## אַ קאָפּ

ער האָט מיט בלוט געטריפט פאַמעלעך,
ווי ס׳טריפט אַן איבערפולער עמער,
און האָט אַריינגעברענט אַ בייזער
אין מידן אָוונטיקן דעמער.
געגלאָצט אויף שטולן, אויף טאַפּעטן,
געקוקט מיט בלוטנדיקן חוזק
אויף הויכע יוסט־געבעטע בעטן
און אויפגעלויכטן רויט און רויזיק.
און ווי אַ קינד אויף פיר געקראָכן,
מיט שנירלעך בלוט באַדעקט די דילן,
אין ווינקל לאַנג מיט בלוט געבראָכן,
געזעצט זיך צו דער פּיאַנאָ שפּילן.
מיט געלע צאָרנדיקע ציינער
געקלאַפּט אין פּיאַנאָ, געבעטהאָוונט,
געשפּילט אַ שטורעמדיקע מעשה,
אַדורכגעלעכערט וואַנט און אָוונט.
דערנאָך אַרויסגעשטעלט דעם שפּיגל
אַ צונג אַ ציטערדיקע, שמאָלע,
אַ וואָרף געטאָן צו די גאַרדינען
אַ בליק אַ האַרבן ווי אַ קללה;
נאָר פאַר אַ פּרוי־פּאָרטרעט געבליבן
פאַרגאַפט, ווי פאַר אַ הויכן גילוי,
געבענטשט די שטריכן פון איר פּנים,
געזופּט זיי לאַנגזאַם ווי נאַרגילע.
און תפילה טויאיקע געמורמלט,
געבעטן גנאָד און זיך פאַרגעסן

צוריק אין חלום פון די יאָרן,
צוריק אין טאַנץ פון די מעת־לעת׳ן.
און אָפּגעפּאָרן מיט די שאָטנס,
און אויסגעזעגן אויף זייער וואָגן
ווי אַ גע׳הרג׳עטע לבנה,
ווען ס׳הייבן הימלען אָן צו טאָגן.

## אויסטערליש

אַלץ אויסטערלישער ווערט
מיין גאַנג דאָ אויף דער ערד:
פון הימל ענגט אַ שווערד,
פון אָפּגרונט ווינקען בלומען.

רויט־בלומיק האָט געבליט
דער הימל איבער מיר
ווען ס׳פלעגט זיין זון אַראָפּ
און ווען זי פלעגט אַפיר.
דער אָפּגרונט האָט געהיט
אַ לויערדיקע שווערד.
און איצטער איז פאַרקערט,
און ס׳שטרויכלען מיינע טריט
און ס׳קלעפּט מיין וואָרט צום גומען.

איך ווייס נישט, וואָס באַטייט
דער אויסטערלישער בייט,
נאָר ס׳גייט די שפּיל פאַרקערט:
דער הימל האַלט אַ שווערד,
דער אָפּגרונט צערטלט בלומען.

אַלץ מורא׳דיקער ווערט
מיין גאַנג דאָ אויף דער ערד:
רויט רעדט דעם הימל׳ס שווערד
צום אָפּגרונט׳ס קלוגע בלומען.

---

גילוי — לייען: גילע (גראַם צו נאַרגילע); בעטהאָ׳ווען אַרויסגערעדט (ווי אין פּויליש און רוסיש) מיט׳ן אַקצענט אויף צווייטער זילב (אָ).

אַלץ מאָדנער, מאָדנער ווערט —
באַלד לאָזט זיך אויס די ערד,
און איך, פון שרעק באַנומען,
בלייב הענגען צווישן שווערד
און בלומען.

וואַרשע, 1938

## עלעגיע ביים ים

ביים ברעג פון ים, וואָס זיינע כוואַליעס גיסט ער
אין שיינקייט מדבר׳דיקער, מאַיעסטעטיש־וויסטער,
אָטעמט מיט׳ן ריח פון די ערשטע שטאָפן
און האַלט די אָרעמס אייביק אָפן, —

ביים ברעג פון ים איז ליבע ווייטע, ערשטע,
פון גליק און אַנגסט באַהערשטע,
מיר אויפגעגאַנגען פונדאָסניי, זיך אָנגעטאָן אין גראַם
און זיך אויסגעמישט מיט ים.

ס׳איז ערשטע ליבע מיר געקומען אויפ׳ן זינען,
ווען ס׳האָבן כוואַליעס מיר גענומען גרינען,
ווי גרינס, וואָס צירט רואינען.

גרין ווי אָט די וועלן
פלעגן מיר אַמאָל די אויגן אירע העלן,
און ווי דער ים־ווינט, וואָס וועקט אויף אַ זעקסטן חוש,
איז מיר געווען איר קוש.

אויף רוקנס פון די טעג איז זי פאַרשוואומען
און מער שוין נישט געקומען.
עס האָבן זי די טעג אַהין פאַרטראָגן,
וואו ס׳וויל שוין מער נישט טאָגן.
און איך — ביים ברעג — קוק צו, ווי אין אַ שוואַרצן ארון
שווימען מיינע יאָרן,
און זע דעם ים, ווי זיינע כוואַליעס גיסט ער
אין שיינקייט וויסטער.

## לאַנדשאַפט

די זון האָט פון מערב געשריגן.
ראַטעוועט, — האָט זי געשריגן.
דער וואַלד האָט געשוויגן.

ס'האָט בלויז אַ ווינט צווישן גראָזן גע'פיזמונ'ט אַ ניגון,
אַ סענטימענטאַלן פאַרנאַכטיקן ליגן.
נישט געווען וואו צו קריגן
קיין הילף — און דער וואַלד האָט אַלץ שוואַרצער געשוויגן,
וואָס רויטער די זון האָט געשריגן.

מע איז זי פון הינטן באַפאַלן,
און זי איז געפאַלן,
פאַרבלוטיקט אַלץ טיפער און טיפער געפאַלן,
ביז זי איז פאַרפאַלן,
פאַרפאַלן געוואָרן, — און שטאָלץ איז געשטיגן
איבער וואָלקנס ווי טונקעלע שטיגן
אַ פעטע לבנה מיט גלאַנץ פון מעטאַלן,
מיט פרייד פון רשעים, וואָס זיגן.
גאָרנישט. דער וואַלד האָט געשוויגן.

## ר' נחמן

מיט געזאַנגען
זייט איר צו נחמנ'ען געגאַנגען,
אָפּגעטראָטן אין רננו־צדיקים־קרעטשמעס,
געטאַנצט, געטרונקען שפירט און חסידות.

און איך? כ'בין געזעסן ביחידות.

איר זייט צו נחמנ'ען געגאַנגען
און איר זייט געקומען.
איר זינגט געזאַנגען,
נאָר איך — איך פאָר שטאַרבן קיין אומאַן.

איך, נחמן, בין אויך געגאַנגען
צו נחמנ'ען — און נישט געקאָנט דערלאַנגען.
געגאַנגען און נישט געקומען.

## סאָנעט צום צעבראָכענעם האָלץ־מאַסט

(אויף אַ מאָטיוו פון דעם שפּאַנישן פּאָעט אַנכעל דע־סאַאַוועדראַ,
(1791—1865

מאַסט איינזאַמער, פון דעם מאַטראָס פאַרלאָזט!
פאַרוואָרפן פוילסטו, ווי אַ טויטנ'ס קנאָכן,

אויפ'ן ברעג דעם זאַמדיקן, צעבראָכן
פון ווינטן און פון זייער ווילדן באָסט.*)

ווי בעסער איז געווען דיר, ווען דו האָסט
געבוימט אין וואַלד, געטאָן מיט בלעטער פּאָכן!
נאָך וואָס האָסטו זיך איינגעשפּאַנט אין יאָכן?
וואָס האָסטו אין מרחקים זיך געלאָזט?

האָסט זיך גענומען רייצן מיט די ווינטן
און ביסט אַריינגעפאַלן צום מאַטראָס,
דו מיט דיין שטילן וואַלד־גליק דעם צעגרינטן!

נאָך וואָס ביסטו פון וואַלד, דעם וואַלד פון אבות,
אַוועק אין וויטן ים אַריין? נאָך וואָס?
איצט פרעסט דיך פוילעניש, ס'טרייבט טויט מיט דיר
קאַטאָוועס.

## אַ ליד פון טאָגבוך

אַזוי, אַזוי, דו נאַר פון נאַרן,
אַזוי, אַזוי, דו נאַר, דו אהרן.
אלה תולדות קאַריקאַטור.
אין יאָרן, אין אומגליק, אין ליטעראַטור
אַריינגעוואָקסן ביסטו גאָרנישט אויף קאַטאָוועס,
און פאַרגעסן: אויף יענער זייט שוועל,
אויף יענער זייט שוועל,
וואַרטן די גוואַלדיקע ריכטער — די אבות.

ועסט אַרויסוואַקסן, אַרויסוואַקסן צוריק
פון דעם אַלעם —
אַרונטערקוילערן, אַרונטערקוילערן פון זיך
די וועלט ווי אַ באַלעם.
אויף יענער זייט שוועל,
אויף יענער זייט טאָג,
זיצן די היטער פון דער וואָג,
וואַרטן די ריכטער.
און דו —
וואָס וועסטו זיי ענטפערן, דיכטער?

---

*) בייזקייט, רציחה (אין פוילישן יידיש).

## אַ צווייט ליד פון טאָגבוך

איך ווייס דאָך, ווי ווערטער ווערן געמאַכט, —
ווערטער מאַך איך אַליין.

איך ווייס דאָך, ווי ווערטער ווערן געמאַכט
און וואָס מען קאָן פון זיי מאַכן.
מען מאַכט פון זיי בערג און מען מאַכט פון זיי טאָלן,
מען מאַכט פון זיי בלוט און מען מאַכט פון זיי זאַכן,
קאַלטע קרישטאָלן און זילבערנע שאָלן,
הינט וואָס הוילן און טונקעלע היילן —
מיר קאָנט איר מיט ווערטער נישט צאָלן!
מיך וועט איר מיט ווערטער נישט היילן!

נעמט אייך די ווערטער און גייט.
מאַגיקער, נעמט אייך די ווערטער און גייט.
כ'באַדאַרף נישט די רייד.
גיי אויף, גיי אויף, בילעריי
צו אלהים —
וואָיע, נשמה, צו אים
אַ ווילד וואָיעריי!

## אַ דריט ליד פון טאָגבוך

געפעלשט האָב איך, געשיקטער, אין מיין שיקער.
ווי קאָנען לידער אויסקויפן מיין חטא?
דעם ווייַן פאַרזוכט בלויז — נישט געוואָרן שכור.
נאָך אַלץ פּאָעט, נישט מער ווי אַ פּאָעט.

און ווייַ! זיך אויסגעמישט מיט זיי, מיט אַלע.
אָ שווערע שטראָף, דו קייטן־שווערע שטראָף!
מיט זיי צוזאַמען פרעפלען זייער אלף,
ווען דו אַליין ביסט ווייט נאָך תיו.

און שטיין אין קיך, וואו ס'פּרעגלען זיך די ווערטער,
אַליין זיין קאָך און פיינט־האָבן די קיך,
און שפּעט ביינאַכט ערשט בלייבן זיצן אַ פאַרקלערטער
אין שטומען דיאַלאָג מיט זיך.

און זען אין פענצטער אויסגעשטעלט די שטערן
און הערן, ווי זיי טרייבן פון דיר שפּאָט,
למאי דו מוזסט נאָך זיצן אַלץ און קלערן,
אָנשטאָט אָן פאָרכט אַרויסצוגיין צו גאָט.

# אור-פאַרברעכנס

## פון OWEN MEREDITH *

אָט איז דאָס אָרט. עס האָבן דאָ פאַרצייטנס,
אין אַ וועלט, באַגראָבן
נאָך פאַר אונזער וועלט'ס געבורט, געבליט
פאַרברעכנס — און פאַרגאַנגען.
דורך געגנטן פון לאַנג פאַרוויסטער פראַכט
האָבן, שטאָלץ באַוואָפנט, דאָ מאַרשירט
אַרמייענווייז עוונות, פשעים און חטאים.
זיי האָבן זיך באַזעצט דאָ, זיך געלאָזט דאָ וואוילגיין,
זיך דאָ געעלטערט, דאָ פאַרלוירן זייער קראַפט,
געשטאָרבן און קיין זכר נישט פאַרקריצט
פון די נעמען זייערע און מעשים
אין טאָוולען שטיינערנע פון פעלזן.
דאָס גאָרע רשעות'דיקע לעבן זייערס,
די געמיינקייטן פון פיינטשאַפטן און ליבעס,
אַלץ האָבן טויט און שלייכעדיקע צייט
פאַרוואַנדלט ביסלעכווייז אין אומלעבן אין גרויען,
בייזוויליק־שווייגיקן. דאָ לויערט פחד,
באַפאַלט אַ מענש, וואָס וואַנדערט דאָ נישט־וויסיק,
כאַפּט אים אָן מיט לאַנגע פינגער פאר'ן קאָפּ
און לאָזט נישט אָפּ, ביז וואַנען ס'גייט נישט יענער
אַראָפּ פון זינען.

אָט־אָ די גרויסע, די אָן־דאַכיקע רואין,
דער ווייט־צעשפרייטער עיגול מיט דעם לאָך אין הארצן,
דאָס איז אַמאָל געווען די שטאָלצע פעסטונג
פון זייער הויפּט־שטאָט.
אָט די ריפּן די צעבראָכענע פון שטיינער
רואיניקע, די כוואַליעדיקע בערגלעך
מיט גראָז — געווען זיינען זיי ווענט פאַרצייטנס.
די בויער זיינען אומגעבראַכט געוואָרן,
כדי עס זאָל נישט אויפגעזיגלט ווערן
דער סוד פון צימערן, געבויט פון וועגן

* Owen Meredith (נישט צונויפּמישן מיט דזשאָרדזש מערעדיט), אַ פאַרגעסענער ענגלישער פּאָעט, איז דער פּסעוודאָנים פון לאָרד באַלווער־ליטאָן, זון פון דעם ראָמאַניסט. ער האָט אין שלאָף, ווי ער דערציילט, מחבר געווען אַ לאַנגע פּאָעמע. אין זכרון איז אים געבליבן בלויז דער טייל, וואָס ווערט דאָ איבערגעזעצט.

בלוט־פּאַרגיס און אַלדי וויסטע זנות׳ן:
געבוירן זיינען דאָרט געוואָרן
די סאַמע עקלדיקסטע פּאַרגעניגנס.
איצט מאַכט די גראָזן מורמלען
בלויז די שיפּנדיקע פרייד
פון כל־המינים קריכוואַרג. אין אַ ברונעם
אַן אויסגעטריקנטן — געפינט זיך, ווער־קאָן־וויסן
ווי לאַנג,
אַ יאַשטשערקע אַ ווייסע ווי צרעת.
זי אַליין נאָר ווייס
די נעמען פון די פּורפּור־זאַטע פלאַנצן
אַרום דעם ברונעם,
וואָס זיינען ווער־ווייס־ווען געווען פאַרברעכנס.

## ראַטעווען די זון

די לבנה שמייכלט
מעשה דזשיאָקאָנד.
עס שפּילט זיך ביי איר זייט
אַ וואָלקנדל אַ קליינס,
אידיליש־בלאָנד.

אויפאַמאָל גיט אַ מיניע
קאָנוואולסיוו די ליניע
פון האָריזאָנט.
דאָס האַרץ פונעם אָוונט
האָט זיך דערמאָנט:
ראַטעווען די זון
האָט קיינער נישט געקאָנט.

## גראַמען וועגן אַ פויגל און אַ פּורפּורנער שטאָט

פרעמד און טונקל אַליינט
דאָס פאַרטראַכטע געשטאַלט
פון פאַרנאַכטיקן וואַלד.
סלופּ פון טעלעגראַף וויינט
ווינטיק־ווילד. אויפ׳ן דראָט
זיצט אַ פויגל און זעט:
ס׳לייכט אין פּורפּור אַ שטאָט,
הויבט די טורעמס און טראָנט

העטביים עק האָריזאָנט.
וויל ער פליען העט־העט
צו דער פורפורנער שטאָט,
אָבער שפּעט איז, צו שפּעט,
ווייל די נאַכט קומט אָט־אָט
און גיט אַלץ אַ פאַרריגל.

שטאַרט ביים פויגל דער פליגל
און ווייט איז די שטאָט.

## אין אַ קאַפּעטעריעלע אויף איסטסאַיד

אין אַ קאַפּעטעריעלע אויף איסטסאַיד
האָט זיך די לעצטקייט געטאָן אַ פּאַרטאַיע.
זי מאַכט ביי אַ קאַלט טעפּל קאַווע חשבונות
ווער עס וועט נאָכגיין נאָך וועמעס לוויה.

אין אַ קאַפּעטעריעלע אויף איסטסאַיד
האָב איך זי דערבליקט, די אלמנה די וויסטע.
זאָג מיר, דו לעצטקייט: וואו שטיי איך פאַרשריבן
ביי דיר אויף דער ליסטע?

## אויגן פון אַ קאַץ

אויגן פון אַ קאַץ, צוויי שוואַרצע שטיקער נאַכט,
האָבן מיך קראַנק געמאַכט. מיט בייזער מאַכט
האָבן זיי גע׳טענה׳ט: מענטש, דו זינדער,
ס׳האָט אַ געדאַנק דיינער אַ וויסטער אונז געבראַכט
אויף דער וועלט. מיר זיינע דיינע קינדער.

## איידער נאַכט פאַלט צו

די אָוונט־זון שרייט
ס׳געשריי פון פאַרגיי.
אַ פויגל, וואָס כ׳ווייס נישט זיין נאָמען,
וואַרפט צום געצאַנק
פון פאַרגאַנג
זיין געשריי.

כ׳גיי פֿאַרביי
און שריי אויך — — קיינער הערט נישט ווי כ׳שריי
נאָך גאָט. איידער נאַכט פֿאַלט צו
שרייען מיר דריי:
אַ מענטש און אַ זון און אַ פֿויגל, וואָס כ׳ווייס נישט זיין נאָמען.

## דונערן

ציטערדיקע, נאָך־געוויטערדיקע שטראַלן שיפּע
זיפּן זיך דורך וואָלקנס. ווי מע רוקט פֿונאַנדער שטולן
אין אַ זאַל נאָך אַן אסיפה —
אַזוי הערן זיך אין הימל לעצטע דונערן.
אָט וואָרטשען זיי נאָך בלויז ווי אַלטע הינט
און פֿאַרשטומען. קיינער וועט נאָך זיי נישט אומערן.

ווידער זומערן
די ווייטקייטן, פֿריש אָנגעטאָן אין גאָלד.
די שרייעדיקע דונערן — די דונערן —
וואָס האָט זיי ווי געטאָן? וואָס האָבן זיי געוואָלט?

## געבעט-ליד פֿון אַ זינדיקן

שיק צו, שיק צו
יעדן טויטן זיין רו,
יעדן טרינקער זיין וויין,
יעדן וועבער זיין ליין,
זיין האַמער דעם שמיד,
דעם דיכטער זיין ליד,
דער פֿרוי איר קינד
און דעם זינדער זיין זינד.

אָ, די זינד אַליין
איז דאָך נאָר אַ געוויין
פֿאַר דיין הויכער טיר
און אַ תּפֿילה צו דיר —
און ס׳איז איטלעכער חטא
נאָר אַ וועג צום על־חטא.

---

באַמערקונג: לייען נישט אַ ס י י פּ ע (אסיפה), נאָר: אַסיפּע.

## סוב-אָפּטייל צוויי

## אַנונג, דורכרייס און
## די פּאָעמע: אַ מענטש פאַרנאַכט

### אורחים

מיר אורחים — מיר וואָרצלען זיך קיינמאָל נישט איין
אין ערדישע זאַמדן, אין ד י י ן און אין מ י י ן.
און פרעמד איז אונדז אַלץ, וואָס געזעצט איז און פעסט,
אונדז, פייגל אָן נעסט, אונדז, די אייליקע געסט.
מיר זיינען אַ הויך נאָר, אַ ווינט, אַ מינוט,
אַ וואָלקן פאַרנאַכט־צו, האַלב שאָטן, האַלב בלוט,
אַ וואָלקן פאַרנאַכט־צו, וואָס האָט נישט קיין צייט
און איילט זיך און בייט זיך אַ בייט נאָך אַ בייט.
מיר האָבן קיין אָרט נישט — די וועלט איז אונדז קליין.
מיר האָבן קיין צייט נישט — מיר דאַרפן פאַרגיין.
מיר האָבן קיין צייט נישט — מען וואַרט אויף אונדז וואו.
גיך, גיך! טאָמער מאַכט מען די טויערן צו.

### פאַרביי

אייליק זינגען אונדזערע טריט,
זינגען גלוסטונג צו מרחקים,
און די גלוסטונג האָט קיין סוף נישט,
די מרחקים האָבן קיין שיעור נישט.
מיר דאַרפן אייער הויז נישט,
קלאַפּן אין אייער טיר נישט.
דער אָפּגלאַנץ פון דער שווערד,
וואָס היט די פריידן פון גן־עדן,
פאַלט אונדז צו די פיס.
אונדזער האַנט געדענקט עד־היום
יענע צייטן, ווען זי איז
געווען אַ צווייג פון עץ־החיים.
אַן ענטפער אַן אייביקן אַנטקעגן
לויפט אונדזער אייביקער ה ל מ א י.

אין דושנע ערד־נעכט זינגען פרויען:
אונדזער לייב איז קיל ווי טויען,
קום צו אונדז — מיר זיינען מאַי.
מיר האָרכן — און לויפן זיי פאַרביי,
לויפן פאַרביי.

## אַ תהלים-ליד

משומרים לבקר...

ווען גליט
אין מזרח אַ רויטער פּאַס?
מיד
איז דעם וועכטער׳ס טראָט
אויף דער פּוסטער גאַס,
אין דער שוואַרצער שטאָט.

מער ווי דער וועכטער אויף טאָג
וואַרט מיין נשמה אויף גאָט.

## אַ פרומע פאַרצייטישע נאַכט

די נאַכט —
דורך בלויע שפּאַקולן צאַנקען
אירע אויגן. זי טראַכט
אויסגעשטערנטע געדאַנקען.

אַ ווינט מישט אויף
דעם שאָטן־סידור אויף אירע קני.
זי שעפּטשעט תפילות ביז פאַרפרי.
זי בעט, אַז דער טאָג וואָס קומט זאָל געראָטן.
זי מורמלט: קרע שטן — — —

## געשריי אין דער נאַכט אַריין

ער האָט אַ בריוו צו מיר געשריבן,
געווען דאָרט אָט אַזעלכע שורות:
„עס האָט מיין יעדע וואָך צו זיבן
פאַרפלוכטע נעכט, ווי שוואַרצע קבורות.
דורך בייזע וואָך־נעכט וויל איך שרייען:
ווער וועט פון פרייהייט מיך באַפרייען?
שקלאַף וויל איך זיין צו אַ הויכן ווילן!
שלעפּט מיך אין שול און בינדט אין תפילין!

און אויב צו אַלט איז די שול די אַלטע —
גיט מיר אַ נייע, מיר, מענטש אויף ווינט!
אויב צו אַלט שוין די אַלטע תפילין —
גיט מיר נייע און נעמט און בינדט!

ווי שרעקלעך מיין הפקר וויל זיין געבונדן
צו הויכן געבאָט, צו שטרענגן לאַו!
גאָט, אַנטפּלעק זיך צו מיר דורך וואונדן!
טרעט אין מיין קעלטער, פּונסניי באַשאַף!
ווער רויט פון מיין בלוט! אין בלוט געגורט
גיי אין מיר אויף — און ווער געבורט!"

## אַרויס

פּאַלט איין אַ מענטשן מיטאַמאָל:
ער איז אַ קרוב פון די מייז אין מויזלאָך.
אַלץ ווערט נידעריק, שוואַרץ און שמאָל —
נישטאָ זיך וואו אַ קער־צו־טאָן.
עס העלפט נישט קיין שום תירוץ:
הענט ווילן פיס ווערן.
נישט פיס, נאָר פיסלעך פון אַ שרץ,
וואָס ווילן פאַרקריכן וואָס גיכער
אונטער אַ שאַנק מיט ביכער.

ביסט צווישן מייז אַ מויז.
און נאָך נידעריקער ציט,
צום שפּאַלט דעם ענגסטן,
שפּאַלט פון נישט.

דאָס שטערט דיר נישט למראית־עין
צו זיין אַ לייט מיט לייטן גלייך.
טאָמער פרעגט דיך מלאך־דומה —
וואָלסטו ענטפערן געוואוסט:
אַזוינער און אַזוינער,
באַוואוינער
פון דער און דער־אָ גאַס,
אַ שרייבער, אַ ייד — וכדומה.

---

מלאך דומה — „דומה" ווערט (אויף יידיש) אַרויסגערעדט: דוימע.

נאָר אַז דו ליגסט שוין טיף פאַרקנוילט
אין עכבר'דיקן לאָך,
און קיינער, קיינער אַרום דיר,
נישט ווייב, נישט קינד, נישט חבר,
קיינער ווייסט נישט פון דיין טראַף —
גיט עפּעס אַ פּאָך.
ס'קאָצל קומט — אַ גאַסט!
גאָרנישט דער לעצטער!

גאָרנישט זאָגט צו גאָרנישט: ניין.
ניין, געזאָגט צו ניין, ווערט יאָ.
דער שפּאַלט ווערט ברייט,
ער ווערט אַ טיר.
אויס
מויז.
קיינער ווייסט נישט, אַז דו ביסט אַרויס.

## ביימער ערב פרילינג

וועלכער ווילדער מאָלער האָט עס נישט דערמאָלט אייך,
אייך דעם גוף געלאָזן שטיין אַ נישט־באַקליידטן?
וועמעס מידער כישוף קייט עס אייך די גלידער?
ווער האָט עס, ווי פרעזן פון פאַרקלערטע לידער,
אויסגעשטעלט אייך — שטילער איינער פאַר'ן צווייטן?

טונקל ווי אַ נביא'ס חלום אין דער מדבר,
ווען די שטערן יורן און די זאַמדן טענה'ן,
שטעלט איר קעגן הימל צווייגן אויס ווי שאָלן,
און איר וואַרט, אַז זונען, זונען נייע, זאָלן
אייך די פּוסטע שאָלן אָנגיסן מיט וויינען.

אייער קאָפּ דער שוואַרצער וואַרט אויף גרינער הילונג,
ווי חלומות יונגע וואַרטן אויף דערפילונג.
און מיט אייך צוזאַמען שווייגט זיך מיר אַ תפילה,
און מיט אייך צוזאַמען קוק איך אויס אַ גילוי —
ביימער ערב יום־טוב, ביימער ערב פרילינג!

## פרוי נשמה

דורך אַ פענסטער אַ פינסטערלעך בלאָען,
אַ מיט בלינדלעכער בלאָקייט פאַרשטעלטן,
קוקט אַ שיינע משוגע'נע פרוי

אויף אַ פערל־געשלידער פון וועלטן,
וואָס דעמערן ריטמיש פאַרביי.

די דעמערונג ציט זיך און ציט,
דאָס פענסטער ווערט בלאָער און גרעסער
פון מינוט צו מינוט — און די פרוי זינגט אַ ליד,
וואָס בלאַנקט אין דער בלאָקייט אַריין ווי אַ מעסער,
די שיינע משוגע'נע פרוי.

דאָס פענסטער איז גרויס, גוואַלדיק גרויס און פאַרמאַכט.
ס'איז טאָג נישטאָ,
ס'וויל נישט ווערן נאַכט.
די דעמערונג ציט זיך און ציט — —
און די דולע, די הערלעכע פרוי
זינגט אייביק איר ליד,
זינגט אייביק דאָסזעלביקע ליד פונדאָסניי
צו די וועלטן, וואָס ציען פאַרביי.

## זאַכן

וואָלטן מיר זון אין די אויגן געהאַט,
וואָלטן מיר געזען —
וואָס וואָלטן מיר געזען?
די גייסטער פון די,
וואָס האָבן געלעבט
אַמאָל — ווערווייס ווען? —
ביי אונדז אין די הייזער.

וואָלטן מיר זון אין די אויגן געהאַט,
וואָלטן מיר געזען —
וואָס וואָלטן מיר געזען?
אַז ביי אונדז אין די צימערן
גייען זיי אַרום
מיט באָרוועס־שטילע טריט,
טיף־האָרכענדיקן אויער.

עס האַלט זיי דאָ געשמידט
די אייביקייט פון זאַכן,
זיי מוזן אַלץ נאָך לעבן
פון וועגן די זאַכן,
פון וועגן דער שווערער,
פון וועגן דער גאָלדענער
לאַסט פון די זאַכן.

## זון פון האַרבסט

דאָס איז די זון פון האַרבסט: אָט שפּילט זי אויף,
אָט טראָגן וואָלקנס וואָלקולאַקישע איר אָרון.
אָט ווערט זי — און אָט ווערט זי נישט. אָט פּילט זי
מיט וויין איר כוס — און גיט אונדז אַלע טרינקען.
און אָט פֿאַרזינקט זי — און מיר אַלע זינקען.

דאָס איז די זון פון האַרבסט: דער אַ ל ץ אין פאָרם פון אַ קרייז.
דאָס נישט־זיין — אין דעם זיין, דאָס זיין — אין נישט־זיין.
מוזיק פון יאָ און ניין, פון איין־און־אויס.

דאָס איז די זון פון האַרבסט: מוזיק, וואָס שטאַרבט
און טריאומפירט אויפסניי — און שטאַרבט צוריק —
דאָס איז די זון פון האַרבסט: מוזיק, מוזיק — —

דאָס איז די זון פון האַרבסט, די זון פון האַרבסט.
עס פלאַטערט איר אַנטקעגן, ווי אַ האַרץ,
דאָס בלאַט, וואָס געלט —

עס איז די זון. ס׳איז אַלץ. עס איז די וועלט.

## וועלט־פּרוי

ס׳טאָגט מיט שניי די נאַכט, האָט בלויליך זיך צעזונט.
דורך בלינדע גאַסן לויפט אַ טראַם אַ שפּעטער,
וויל אויסגיין אין דער רעמיזע ווי אַן אַלטער הונט.

עלעקטרע בלוטיקט נאַקעט אויף זיינע פּוסטע בענק.
אויסגעלאָפן איז ער אומעטום — אַ סוף!
אַ גאַס־לאַמטערן שטעקט פון שניי אַרויס איר האַלז,
אַ האַלז ווי פון אַ נישט־דערקוילעט עוף.
אַ לעצטער טראַם לויפט שטאַרבן...

און מיטאַמאָל —
איבער בלוילעכער, בלינדלעכער נאַכט־זון דעם שניי׳ס
הימלט די וועלט־פרוי אויף.
ס׳פּנים? ווער ווייס!
פאַרלוירן אין שניי!
נאָר הייס
און פול מיט רחמנות גיט זי אַ שימער

איבער דעם טראַם, וואָס שטאַרבן לויפט ער,
דער מויד אונטער'ן טוך, דער בלאַסער, נישט־געקויפטער,
און איבער מיר,
דעם לעצטן זון פון מקובלים.

ווינטער, 1926

## גלגולים

פערד מיט'ן בליק
פון אַ דולן פאַרגעסער,
ביסט מיט יאָרן צוריק
געווען אַ פּראָפעסאָר.
דיינע אויערן הענגען
ווי טויטע ציטאַטן...
אַמאָל דערמאָנסטו זיך
אין סאָקראַט'ן — —
עס גיט זיך צומאָל
אין זכרון אַ שאָקל
אַ וואָרט: מאָנאַדע —
עמפּעדאָקל — —
נאָר ווילסטו געדענקען
דעם פירוש המילות,
איז אַלץ אומזיסט —
כאָטש הונדערט מאָל וויל עס.
שאַ, אפשר ווייס
די פאַר'כישופ'טע קאַץ,
וואָס איז דאָס אַזוינס
דער סינטעטישער זאַץ?

פּירעקיקער בולדאָג,
געפירט אויף שפּאַציר, —
ביסט ערגעץ געווען
אַ פּעטער באַנקיר.
מיט אויגן קוקסטו
פאַרגליווערט פאַרראָסטע
אויף דער אַלטער מויד,
דיין באַלעבאָסטע,
און ווייסט נישט: אין אַכצן
הונדערט און צוויי,
אין טעג פון פרילינג,

ווען ס'שטאַרבט דער שניי,
(און אפשר אין זיבעצן
הונדערט און פיר?),
האָסטו, אַ מענטש נאָך,
געפירט אויף שפּאַציר
אַ הונט אַ סטאַטעטשנעם
אַזאַ ווי דו,
אַ הונט פול מיט ערנסטקייט
און מיט רו;
געפירט דורך אַ גאַס
פון אַ ווייטער שטאָט
פאַרביי קליינע קינדער
אין אַ סאָד.

## לערן פון אַ לאַמטערן

לערן פון אַ לאַמטערן,
ווי אַזוי צו ברענען אַ גאַנצע נאַכט.

געדולדיק זאָלסטו הערן:
ווי דער שכור שעלט, ווי די זונה לאַכט,
ווי דער וועכטער שטעלט זיין טראָט דעם שווערן,
ווי דער גנב שלייכט, ווי עס פאַלן שטערן,
ווי עס פאַרטרויט דער גאַס זיין טרויער
אַ פענסטער וואָס וואַכט,
ווי אַ פאַרשפּעטיקטער קלאַפּט אין טויער,
ווי ס'ווערט דאָס טויער נאָך אים פאַרמאַכט,
ווי שאָטנס, וואָס ליגן אויף דער לויער,
מורמלען: גיב אַכט, גיב אַכט, גיב אַכט,
און ווי עס בויערט פאַרטאָג דער בלויער
אין שאַכט פון דער נאַכט, דער טיפער שאַכט —

אַזוי זאָלסטו האָרכן אַ גאַנצע נאַכט.

## יענער-וועלט'ס יענע-וועלט איז די-וועלט

יענער־וועלט'ס יענע־וועלט איז די־וועלט,
די הי־וועלט.
די גייסטער פון יענער־וועלט'ס וועזנס
זיינען מיר, וואָס פילן אָן די הי־זייט,
די טואונג־זייט, די מי־זייט.

איך, אהרן פון דאַנען,
בין גייסט פון אַן אהרן פון דאָרטן,
און וואָס איך טו דאָ רופט זיך אָפּ אויף יענעם,
וואָס כ'קען אים נישט און קען אים:
ס'ווערט אָדער יענעם אהרנ'ס גן־עדן,
אָדער זיין גיהנם.

אהרן פון דאַנען,
דעם דאָרטיקן נישט פייניק — ער איז דו.
מעשים שטעל אים צו
העלע און דערהויבענע. באַשטראַל אים
פון דאַנען, פון דער ערד.
מבשרך לא תתעלם.

## די בעטונג פון מיינע לעפצן

שלאַנגען — שלאַנגען — שוואַרצע שלאַנגען —
שוואַרץ — שוואַרץ — אינגאַנצן שוואַרץ.
פאַנגען וויל מען מיך — פאַנגען — פאַנגען —
מאַכן מיין האַרץ אַ שוואַרצס — אַ האַרטס.
שוואַרץ — שוואַרץ — אינגאַנצן שוואַרץ.

אויגן — אויגן — דעם טייוול'ס אויגן —
זינד — זינד — אינגאַנצן זינד.
בויגן וויל מען מיך — בויגן — בויגן —
שאַ — אָט בינדט מען — מען בינדט — מען בינדט.
זינד — זינד — אינגאַנצן זינד.

כרובים — כרובים — איר הייליק העלע —
ווייס — ווייס — אינגאַנצן ווייס.
נעמט מיך אַרויס פון דעם טייוול'ס קעלער,
פון צווישן דער סיטרא־אחרא'ס מייז.
ווייס — ווייס — אינגאַנצן ווייס.

עולימתא — עולימתא — עולימתא שפירתא —
ריין — ריין — אינגאַנצן ריין...
טרערן, טרערן שענק די פאַרפירטע —
אָט־אָ וויין איך — איך וויין — איך וויין...
ריין — ריין — אינגאַנצן ריין...

---

עולימתא שפירתא — לייען: אולימטע שאַפירטע.

## דריטע אשמורה

וואָס איז עס? צאָן־ווייטיק? אפשר אַ מויז?
אָדער די פּיין פון אַ האַרץ, וואָס גייט אויס?
ס'נאָגט עפּעס.

טוען עס פרעגן די נעכט ביי די טעג?
טוען עס נעכטנס ביי מאָרגנס אַ פרעג?
ס'פרעגט עפּעס.

ווּעמעס געבעט איז עס, ווּעמעס געבעט?
ווערט עס אַ תפילה, דאָס קישן אין בעט?
ס'בעט עפּעס.

וואָס האָט דאָס פענסטער צום פאָרהאַנג גערעדט?
האָט זיך אַ ווינט מיט אַ שאָטן געוועט?
ס'ווינטלט מיט גאָט עפּעס.
ס'יאָ'ט עפּעס.

## און די אבות וואָס רופן

דאָס ניכטערע, שטאָל־גרויע וואַסער.
אויסלעש פון מערב'ס פאַנטאַסטיק,
אויסוועפּ פון זיין רויטן בגילופין.

אויפדערנאַכטיקעביימער.
די שוואַרץ־קלאָרע פּלאַסטיק
פון זייערע גופ'ן.

און איך אין דעם אויפדערנאַכט — מיט מיין לעבן,
וואָס טונקלט האַסטיק.
און די אבות, וואָס רופן.

## רמשים און אימפּעראַטאָרס

„... רמשים און אימפּעראַטאָרס
קערן זיך אום צו דעמזעלבן שטויב...״
כ'האָב אויך אין זיך אָט די ווערטער געפונען.
און דאָך —
ס'מינדסטע קערנדל שטויב —
איז עס נישט גוואַלדיק ווי זונען?

זינגט עס נישט לויב?
און אַפילו אַ וואַנץ, אַזוי שטיל, ברוין, גלאַנציק,
איז עס נישט — פאַרבאָרגענער מיין?
שטויביק — וואַנציק —
נו, ובכן?...

## ווייטע הענער פאַרטאָג

ערגעץ קרייען שוין הענער —
און איך ליג און איך וואַך.
ווייטע הענערשע טענער,
ווייט־באַגיניקע שפּראַך.

עפּעס זינגט האָן צו האָן —
עפּעס זאָגן זיי אויס,
עפּעס זאָגן זיי אָן.
און איך הער זייער טאָן
מיט דער שרעק פון אַ מויז
אין איר איינזאַמער לאָך —
און איך האָרך און איך האָרך.

אָ, ווער זאָגט מיר, וואָס טראַכט
גאָט, דער צינדער פון טעג,
ווען עס עקט זיך די נאַכט?

וואָס זאָגט אָן אייער זאָג,
ווייטע הענער פאַרטאָג?

## אַ נסיעה

ווייב, לאָמיר פּאַקן די טשעמאָדאַנעס
און לאָמיר אַוועקפאָרן פון דאַנען.

שוין לאַנג איז וואַרשע מיר דערעסן.
צום טייוול, מ׳ווערט דאָך דאָ פאַרזעסן.

וואוהין זשע זאָלן מיר זיך קערן?
וואַרט, אָט וועל איך די זאַך באַקלערן.

---

ובכן — לייען: אוּ־ווּעכיין.

פּאַריז איז מיר צו קלוג, צו טומאה׳דיק;
וואָס מער זי רוישט — מער איז זי אומעטיק.

בערלין איז רוצח׳יש, בערלין איז וועלפּיש.
לאָנדאָן — אַן אַלטער פוילער וואַלפיש.

קיין מאָסקווע וויל גאָט נאָך אַלץ נישט קומען.
ניו־יאָרק — פאַרנומען מיט מזומן.

ס׳פאַרפעסטן קלויסטערס און גלחים
די שטאָט פון מיין גאָט און פון מיינע מלכים.

איטאַליע: אָפּערע. ביליקע אַריע.
בעלגיע — אַ פאַבריק. אַ האָטעל — שווייצאַריע.

נאָר פאָרן מוז מען... איז לאָמיר פאָרן
און לאָמיר דעריאָגן די ערשטע יאָרן.

זיי מוזן נאָך ערגעץ אויף וועגן וואָגלען;
זיי טראָגן גליק אין לעדערנע לאָגלען.

זיי מוזן נאָך ערגעץ אויף וועגן וואַנדלען.
זיי זיינען געפאָרן מיט ווינטן האַנדלען,

מיט אַלטן גן־עדן פון אדם־חוה
און מיט׳ן עק פון דער גאָלדענער פאַווע.

לאָמיר פאָרן — געשווינד, געשווינדער!
לאָמיר דעריאָגן — און ווערן קינדער.

## פון דער וואָרונג, וואָס וואָרט ביינאַכט

די אייביקייט — זי רייסט זיך
אַרויס פון איר געשפּאַן,
און וואָס געווען איז צינדערט,
און וועט־זיין איז פאַראַן.

די נאַכט הויבט אָן צו ריידן —
צי ווייסטו וואָס זי וויל?
עס שמועסן גאַרדינען
מיט מייזלעך אין דער שטיל.

און ס'ריידן טויזנט זאַכן
און אַלץ איז בלויז איין זאַך.
עס ריידן זאַך מיט אומזאַך —
און גיי, דערגיי די שפּראַך.

קבלה־צייכנס ברענען
אין אויגן פון אַ קאַץ
און גאָפּל־מעסער טוליען
זיך נאָענט צו אַ טאַץ.

עס גייט אין וואַלד שפּאַצירן
פון קיך אַ דאַרער שפּאָן.
די לאָמפּ, וואָס בלייבט פאַרלאָשן,
צינדט אַנדערשוויז זיך אָן.

סטאַטעטשנע שטייט צומאָרגנס
אַלץ ווידער אויף אַן אָרט,
און ס'בלייבט אַ סוד די וואָרונג,
וואָס האָט ביינאַכט געוואָרט.

## תפילה, צו דיר קומט דער זון פון אסתר...

תפילה, צו דיר קומט דער זון פון אסתר!
נעם מיך ביים האַנט אָן און זיי מיין שוועסטער,
און פון דעם דמיון, וואָס זיינע קאָשמאַרן
פייניקן מיך, דעם פאַרלוירענעם אהרן,
און פון דער גלוסטונג, דער לוסטיקער דלילה,
פיר מיך אַוועק, אָ שוועסטער מיין, תפילה,
אַהין, וואו זיי קאָנען קיינמאָל נישט גרייכן —
אין דיינע שטילע, הייליקע הייכן.

## אַ געשטאַלט פון פאַרנאַכטלעך

איז פאַרביי אַ געשטאַלט,
צווישן ניין מיט אַ יאָ,
אָן אַ זייט, אין דעם קרים,
נישט פון דאָרט, נישט פון דאָ — —
אַ געשטאַלט — —

זיך אַ הויב געטאָן ווייך
דאָרט,ביים ברעג האָריזאָנט,
ווי אַ קאָפּ פון אַ קינד,
ווי אַ קעפּעלע בלאָנד — —
אַ געשטאַלט — —

און געטאָן מיט אַן אויג
אַ פאַר'חידוש'טן גאַף
אויפ'ן גאַנצן באַשאַף,
אויפ'ן גאַנצן באַשאַף — —
אַ געשטאַלט — —

און דערנאָך, ווי אַ בוים,
זיך צעצווייגט ערגעץ ווייט,
זיך צעדאַוונט, צעוויגט —
אין דער קרים, אָן אַ זייט — —
אַ געשטאַלט — —

און אין שאָטנס דערנאָך
זיך צעפּאַלן, צעטיילט,
און אַריין אין דער נאַכט,
וואָס און ווען — נישט דערציילט — —
אַ געשטאַלט — —

## אַ בשורה

איבערגעוועקט האָט עמעצער דעם וואַלד.
ער קוקט זיך אום, דער זיידע וואַלד.
נאָך טוליעט זיך דער נעפּל
אין אַ קאָלדרע אין אַ ווייסער.
שטיל איז נאָך און קאַלט.

געוועזן איז עס אַ בשורה.
געגאַנגען איז זי באָרוועס,
געטראַכט האָט זי פון אויפגאַנג,
אַ ווינט געטראָפן,
זיך מיט אים צעקושט,
אין גראָז געטאַנצט, פאַרבייגעטאַנצט —
און אויפגעוועקט דעם וואַלד.

## גאָט פון תהלים

דער טויטער גאָט פון פילאָזאָפן,
אַ גאָט גע׳מלאכה׳ט פון באַגריפן,
לאָזט אַלע וואונדן מיינע אָפן,
לאָזט אַלע טרערן מיינע טריפן.
ווער דאַרף אַ גאָט, וואָס האָט נישט ליב,
אַ גאָט — אַ ווייטע ערשטע סיבה,
צי סתם סימבאָל אָדער פּרינציפּ?
אָ גאָט פון ווייטיק און פון ליבע,
דו גאָט פון תהלים, דו אַליין
קאָנסט זיין מיין גאָט, קאָנסט זיין פאַרנעמער
סיי פון מיין איוב׳דיק געוויין,
סיי פון מיין לויבנדיקן זמר.

## מע לאָזט נישט

מ׳וואָלט געקאָנט שטאַרבן, נאָר מע לאָזט נישט.

ס׳קומט צוגיין רחמנות
מיט אַ לבנה׳ס
פרום געזיכט —
און לאָזט נישט.

די ליבע קומט אַנטקעגן;
ווי אַ זון מיט אַ רעגן
וויינט זי און לאַכט —
און לאָזט נישט.

אין אַ ווינקל שטייט די תפילה;
איר ברעם איז פייכט,
דאָס פנים לייכט,
די ליפּן שעפּטשען: גאָט פאַרלאָזט נישט.

מ׳וואָלט געקאָנט שטאַרבן, נאָר — מע לאָזט נישט.

## ליד אין עברי-טייטש

דער דו דעם בוים אין בליטן קליידסט!
דערמאַי מיין זעל, די דערנער טראָגט,

---

דערמאַי — דערפריי; שטעטיגליך — שטענדיק; דערוואָרטן — כדי, אַז; געמאַרק — גרענעץ, תחום.

און גורט מיין לייב מיט דיינער טרייסט.

די לעפצן טו איך אויף, דיין וואָרט
צו טרינקען שטעטיגליך באַרייט,
און זע דיין שאָטן אַלעראָרט.

אָ האַר, דיין אָנגעזיכט מיר נויג
און זעץ דיך נאַכטס ביי מיינעם בעט,
ווען איך דיך רוף מיט אַנגסט אין אויג.

דער דו הימלען האָסט געשפּאַנט,
דיין קלייד די ערדן איבערשטראַלט —
מיין לאַגער היט און האַלט מיין האַנט.

דערוואָרטן, אַז איך זאָל נישט איך
מער זיין; דערוואָרטן, אַז איך זאָל
אין דיין געמאַרק זיין שטעטיגליך.

און זאָל מיין טייל נישט זיין מיט די,
די זוכן דיך דורך בוך און שפּרוך,
דורך אייטל פאָרשן און פיל מי.

איך מעכט, מיין לייב זאָל זיין דיין לויב,
צום הימל זאָל מיין בלוט דיר זיין;
מעכט זאָגן: „ב י ן עס", נישט: „איך גלויב!"

1928

## איידער-וואָס-ווענ׳יק

עפּעס אַזוינס, וואָס איז איידער־וואָס־ווענ׳יק
און דאַרף זיך אָנהייבן
וואָס׳ן און ווענ׳ען —
און לאָזט זיך
צו דיר נישט דערקענען.

עפּעס אַזוינס, וואָס דאַרף ווערן געשטאַלט
און זיך טאָן אַ פאַרהאַלט
אין צייט,
נאָר עס קריגט חרטה —
און פאַרבאַי׳ט.

עפּעס אַזוינס, וואָס אַז עס וואָלט
געוואָרן —
וואָלט עס אַנדערש געוואָרט,

וואָלט עס געווען
אינעם דאָ — אַ דאָרט.
נאָר עס האָט נישט געוואָלט
(אָדער נישט געטאָרט) —
און איז ניטגעוואָרן.

## צו זוכן ס׳קינד

....אָט דאָ געשווינד
איז דורכגעפלויגן, ווי אַ פייל,
אַזוינס, וואָס האָט געשמעקט מיט קינד
און ליגט שוין ווייט פאַר טויזנט מייל.
(ביאַליק)

און איך — איך גיי פון אייך אַוועק,
פון אייך אַוועק אויף טויזנט מייל,
צו זוכן דאָס, וואָס גיט אַ פלי,
אַ בלענד אין גוואַלדיקן געאייל,
און בלאָנדזשע, פאַל און הויב מיך אויף,
און לאַך מיך אויס פון וואונד און בייל,
און קער מיך אום פון צייט צו צייט
און זיץ מיט אייך אַ קורצע וויַיל,
און נעם אַ גראַם און מאַך אַ ליד
און פלעכט צוזאַמען צייל מיט צייל,
און איידער וואָס בין איך אויפסניי
פאַרביי, אַוועק אויף טויזנט מייל,
צו זוכן דאָס, וואָס גיט אַ שווינד
אין גרויס געאייל —
און שמעקט מיט קינד.

## גייסטער

### (פון וויקטאָר הוגאָ)

געשטאַלט, איך וויס: כ׳האָב דיך געקענט.
איצט ביסטו שאָטנדיקייט, כמאַרעדיקייט, סאַמע
נישט־קלאָרקייט. — כ׳בין אַמאָל
געווען דיין מאַמע.

ניטגעוואָרן — פאַרגאַנגען, פאַרשוואונדן.

— און ד ו ווער ביסט, וואָס דײַנע פֿליגלען זײַנען
ציטערדיק־צעפּאַכטע?
— די שוועסטער דײַנע. — נו, און דו?
— געוועזן דײַן טאָכטער.

און דו? — האָסט ליבסטע מיך אַמאָל גערופֿן.
— און דו? — באַטראַכט מיך רעכט:
כ׳בין דו אַליין — כ׳בין דײַן אַסטראַל־גוף.

נעכט! באַהאַלט מיך, טיפֿע נעכט!

## פֿאַראַן אַ פּאַרלאַמענט

פֿאַראַן אַ פּאַרלאַמענט,
וואָס ברענט
אין קאָסמישע דעבאַטן.
ס׳דעבאַטירן וועלטן — און נישט זעלטן
צעשלאָגן זיך די וועלטן.
ס׳קומען פֿאָר סקאַנדאַלן און פֿאַרראַטן.

אַלץ גייט דאָרט קרום,
נאָר גראָד אַזוי־אַרום
ווערט דערקענט וואָס גלײַך איז.
פֿון האַס ווערט שייכות,
שלום — פֿון פֿאַרלענד.

און ס׳וואַרטן אַלע דורות אויפֿ׳ן דיכטער,
וואָס וועט קאָנען ווערן דער באַריכטער
פֿון יענעם פּאַרלאַמענט.

## אַסטראַל אין טאָגע

אין אַן אַקאַדעמישער פּראָצעסיע
האָב איך גיין געזען אַן איינזאַמען אַסטראַל.
ס׳איז נישט געוואָרן
ביי די פּראָפֿעסאָרן
קיין טרעוואָגע.
דעם אַסטראַל האָט קיינער נישט באַמערקט.
מ׳האָט בלויז געזען אַ טאָגע.

## נייע שפּראַך

גערקומען זיינען קלאַנגען
פון עפּעס אַ נייער שפּראַך,
זיך איבער דער וועלט צעגאַנגען
ווי יתומים אָן אַ דאַך,

אויף סלופּעס זיך צעהאַנגען,
געלאָפן מיט יעדן שליאַך.
פון כרובים שטאַמט די שפּראַך,
צי — פון אָראַנג־אוטאַנגען?

צי וועלן שטאַרבן שפּראַכן
און זי — מיט איר מאָדנער מוזיק —
וועט זייער קבר באַוואַכן?

און אפשר ווערט זי אַ בריק —
די דאָזיקע שפּראַך די נייע —
צווישן הימל און מענטש און חיה.

## אַ פויגל

אין אַ שטיבל אויפ'ן לאַנד בין איך געזעסן און געשריבן,
ווען דורך אַן אָפן פענצטער איז אַריינגעפלויגן ראַפּטום
אַ פויגל, הויך אַריינגעפּאַטשט מיט זיינע פליגלען און געבליבן
אַ רגע איבער מיר און מיין פּאַפּיר.
אַרויס איז ער פון צווייטן פענצטער קעגנאיבער
און ס'האָט אים נאָכגעיאָגט אַ ווינט — און נישט דערכאַפּט
אים.

כ'האָב אויפגעצאַפּלט. ס'האָט געטאָן דער פויגל אָט־אָ־דער
דאָס, וואָס אַ נשמה טוט: אַ פלי אַריין און אָט
אַ פלי־אַרויס צוריק — אַ פלי פון סוד צו סוד.

## יאָ-נייניקייטן

איר טוט פאַר מיר אַ צאַפּל
ווי כוואַליעדיקער קאָרן.
אַ מיניע פאַר די אויגן —
און אויס און ניטגעוואָרן.

איר גיט צו מאָל אַ פלאַטער
אין ווייטעניש אין שטומער,

ווי בליצן אָן אַ דונער
אין אָוונטן פון זומער.

יאַ־ניינינקייטן, קוימיק,
מיר ניכר און ניט ניכר,
פון אייך בין איך געקומען,
צו אייך איז מיין צוריקקער.

צו אייך איז מיין צוריקקער
ווען ס׳גייט די צייט צוריקוועגס
און נעמט פּאַר מיר זיך שפּרייטן
ווי גלאַטער, ווייטער שליטוועגס.

מיר גליטשן זיך צוזאַמען,
מיר צאַפּלען אָן אַ פורעם,
מיר מיניען דורך די פריידן
און צווישן די יסורים.

ביז איך פאַרלאָז אייך ווידער...
צו פורעם טו איך גאַרן,
צו ערד — און כ׳ווער אַ גלגול,
דער המשך פון אַן אהרן.

## אַ שרייב־טיש

איך זיץ און שרייב — ערשט ס׳רופט זיך אָן דער שרייב־טיש:
איך מוז דיר אויסזאָגן אַ סוד. פאַרנעם אים.
פאַראַן אַ וועלט, וואו ס׳איז דער אות אַליין דער שרייבער,
געשריבן ווערט ער נישט פון יענעם.
דאָרט זיינען שטראַל־טישן, נישט שרייב־טישן פאַראַן.
אין יענער וועלט, אין גאָר אַ ווייטער תקופה,
בין איך געווען אַ שטראַל־טיש, דו — אַן אות;
געשריבן האָסטו דאַן אויף מיר זיך גופא.
ביזט נישט געווען קיין אותיות־שטעלער ווי אַצינד.
איך האָב דיך פיינט. דיין שרייבן איז אַ זינד.
איך האָב דיך פיינט. איך האָב דיך פיינט.
און אַ פאַרפיינטער
האָב איך געזאָגט: אַזוי? טאָ זיי־זשע וויסן,
אַז זיך אַליין האָב איך נאָך פיינטער.

## שפּאַציר אין דער הויך

און ס'טרעפט: איך פלי, איך פלי בפועל ממש.
עס איז אַ ממש'קייט ביז גאָר, ביז סאַמע גאָר.
איך הייב מיך אויף פון זיך אַליין. איך הייב זיך
אַלץ גיכער, העכער — און ס'איז וואָר, ס'איז וואָר.

און אָט־אָ גיי איך. ס'ווערט די הויכעניש אַ פלאַך,
און איך שפּאַציר אויף איר, און איך שפּאַציר.
און כ'וואַרף שפּאַצירנדיק צו לייט אַרונטער
אַ בשורה: ס'קאָן דאָסזעלבע וואָס מיט מיר
מיט אייך פּאַסירן. אדרבא, פּרוּווט —
ווּעט איר ווי איך שפּאַצירן אין דער לופט
און שפּירן אַזאַ יונגשאַפט. קוקט און זעט.
ס'קאָן פּשוט'ער נישט זיין...
פון אונטן הער איך אַ געשפּעט:
„קוק אים נאָר אָן, דעם חכם דעם צע'כרוב'טן!
פליט אַרויף ווי קיינמאָל גאָרנישט, מאַכט זיך אין דער לופטן
אַ פּראָמענאַד... דו עפּן נאָר די אויגן — לאַכסטו אויך!"

איך כאַפּ זיך אויף. אַ חלום! יאָ, און פּאָרט בין איך געגאַנגען
שפּאַצירן אין דער הויך.

## פון וואָס די שטערן שרייבן

דער קליינער רויטער קאָפּ, די שקיעה'דיקע זון,
שלאָפט איין, שרומפּט איין און פאַלט אַריין
אין קילן טיפן גאָרנישט.

און טאַקע דערפון
שרייבן די שטערן מיט היעראָגליפן.
איך לייען, איך ווייס וואָס זיי שרייבן דערפון:
„עס שלאָפט אַ זון אין גאָרנישט דעם טיפן;
עס שלאָפט אין דעם גאָרנישט אַ זון".

## אַ צווייטער וואַלד

ווען הינטער'ן וואַלד פאַרשטראַלט
די זון און פאַרנאַכטיק־פרי ווערט
אַלץ —
גליווערט
אונטן אין וואַסער דעם וואַלד'ס

צווייטער איך. יענער וואַלד,
דער צווייטער, רעאַלט
מער ווי דער ערשטער.

## אַנאַלאָגיע

דרויסן שרייט גוואַלד אַ משוגענע היץ.
אויפֿ׳ן דיל, אין דער קיל, שלאָפֿט אַ קעצל אַ מידס.
די קאַץ די פֿאַרשמאַכטע — בשעת זי וואַכט
ווייַנען די וואַלד־גרינע אַפּלען אירע,
איך זאָל זי נעמען צו זיך אין דער בחירה.
וואָס חלומ׳ט איר איצט? אַ גאַנג אויף צוויי?
צוויי־פּיסיק גייט זי אויף אַ שפּאַציר...
אַ גלייכער, פֿון אויבן־אַראָפּיקער גיי...
אָ, לאַנגווייל פֿון קעצישן קריך אויף פֿיר!
פֿאַר דיר, פֿיר־פּיסיקע, בין־איך דער בחיר,
נאָר נאָכ׳ן לעבן, איז ערגעץ אַ וועלט,
וועל איך זיין ווי דו לגבי מיר —
און וועל שטיין פֿאַר אַ העכערן יש געקוועלט
ווי דו — און מיט דעמזעלבן ווייַ...
אָ, טרויער פֿון אייביקן גאַנג אויף צוויי!

טרויער אָן אַ זייט. עס זייַנען געוויס
באַהאַלטן פֿליגל אין אַ מענטשנ׳ס פּיס,
און וואָלט איך זיי אויפֿגעוועקט און מיט זיי
באַנייט, באַפֿרייט, באַהימלט מיין גיי —
וואָלט אויך דייַן חלום געוואָרן וואָר
(אַלץ הענגט אָן מיין בחירה, דער דינער האָר).
וואָלסט אויפֿגעשטאַנען מיניה וביה
און מענטשיש וואָלסטו אַוועק אויף צוויי.

## צוגן בייַנאַכט

ווי אַ געוויין,
אַ געוויין, וואָס עס וויינען נשמות פֿון זינדיקע —
ס׳קול פֿון צוגן בייַנאַכט.
ווי אַ געשריי,
דעם מענטשנ׳ס געשריי: כאַפּט מיין גליק דאָס פֿאַרשווינדיקע —
ס׳קול פֿון צוגן בייַנאַכט.

און ווי אַ גרוס,
אַ גרוס פון אַ לאַנד פון אַ ווייטן, באַגייניקן —
ס׳קול פון צוגן ביינאַכט.
ווי אַ כרוז,
אַ כרוז פון די וועלטן, וואו העלקייטן קיניגן —
ס׳קול פון צוגן ביינאַכט.

## אורפונקט

מיין גוף אונטער׳ן מעסער פון כירורג
איז געלעגן אויפגעשניטן ווי אַ פיש.

ס׳איז אַלץ אין מיר געלאָפן
אַ געלאַף פון מייז אויף זינקענדיקער שיף.

ערגעץ נאָר
האָט אינזלדיק גערוט אַ פינטל,
געשוויגן און געבליבן איינס מיט זיך,
אַן איינציקייט אַ שטומע
אָן אַ זייט פון דער מהומה.

איך ווייס פון דעמאָלט אָן:
ס׳איז אינעם מענטש פאַראַן אַזוינס,
וואָס איז אין אים און אויסער אים צוגלייך —
אַזוינס, וואָס האָט נישט מורא פאַר קיין מעסער.
עס רוט אין זיך ווי כתר —
און בלייבט.

## און קום איך אויף יענער-זייט אָן...

און קום איך אויף יענער זייט אָן און שטרענג וועט מען דאָרטן
מיר ווייזן
די פרוכטן די בייזע פון דעם, וואָס כ׳האָב אָ־דאָ אונטן פאַרזייט,
דעם שפּראָץ פון טואונגען קרומע, פון שלעכטע מחשבות און
רייד,
פון אַלץ, וואָס איך האָב אויף דער ערד געטאָן מחמת
נישטיקייט גרייזן,

און זע איך, ווי פינצטערע זינד האָט געטאָן איטלעך קערנדל
שפּייזן,
ביז וואַנען עס זיינען אַרויס, ווי רוצח׳ישע שווערדן פון שייד,

וועלדער מיט חיות פֿאַרפֿולט (אַז ווי צו דעם וויסטן באַשייד),
וועט מיך באַוועלטיקן שאַנד, מיך ברענען ווי אָנגעגליט אייזן.

פּאָרכטיקע בראַנד פֿון דער שאַנד! כ׳וועל זוכן אַן אָרט צום אַנטרינען
אַבי נישט צו זען וואָס מע ווייזט, אַבי זיך ערגעץ פֿאַרהוילן.
נאָר יענע־וועלט וויים נאָר דער אמת. כ׳וועל אַזאַ אָרט נישט געפֿינען.

אַריינשפּרינגען וועל־איך צום סוף אין גלגול אַריין, כדי ווידער
צו זיין אויף דער ערד און נישט זען דעם גרויליקן אמת דעם הוילן...
און אָנהויבן וועט זיך פֿונסניי מיין וואָגלעניש דאָ אין דער נידער.

## תּפֿילה־גאַנג

אַ האַרץ איז פּלוצים געוואָרן צעבראָכן —
צעבראָכן ווי אַ שפּילגעצייג אַ קינד׳ס.

פֿון צעבראָכענעם האַרץ איז אַרויס —
און דורך פֿינצטערע שטויבן דערשראָקן געקראָכן —
אַ תּפֿילה:
אַ ווערעמל אַ שטומס, אַ ווערעמל אַ בלינדס.

ס׳בלינדע ווערעמל האָבן דערבליקט
די האַרן פֿון די אויגן
און אָנגעזאָגט האָבן זיי
די האַרן פֿון די אויערן:
האַרן פֿון די אויערן,
הערט!

און ס׳האָבן די האַרן פֿון די אויערן
דאָס שטומע ווערעמל דערהערט
און אָנגעזאָגט האָבן זיי
די האַרן פֿון די פֿליגלען:
האַרן פֿון די פֿליגלען,
טוט!

און געשיקט האָבן די האַרן פֿון די פֿליגלען
איינעם פֿון די זייערע, אַ גיך־שבגיכן,
צום ווערעמל, וואָס טוט
אין די שטויבן קריכן.

האָט ער עס געבראַכט צו די אויבערשטע טויערן.

און די האַרן פון די אויגן
און די האַרן פון די אויערן
און די האַרן פון די פליגלען —
זיינען מיט באַגעגן־געזאַנגען
יענעם ווערעמל, יענער תפילה,
אַנטקעגנגעגאַנגען,
און האָבן אין דער תפילה געטאָן זיך שפּיגלען
און געקושט זי מיט ליבשאַפט,
און זי איבערגעענטפערט צו נאָך העכערע ממונים.
וועלט האָט זי איבערגעענטפערט צו וועלט,
מיט אהבה, מיט ניגונים,
ביז זי איז אָנגעקומען פאַר'ן האַר.

אלה תולדות תפילה . . . און איך גאַר
נאָך אַ תפילה אַזאַ, אַ דערשראָקענער תפילה,
אַ שטומער, אַ בלינדער, וואָס ציטערט אפילו
צו גלויבן.

אַ תפילה אַזאַ ווערט דערהויבן
פון אונטערשטע שטויבן.
אייבערשטע באַגערן זי.

נאָר קאָן דען דערהערט ווערן אויבן
אַ תפילה אַ געשריבענע, וואָס מענטשן הערן זי?
און ס'בעסטע שרייבן איז דאָך נאָר אַ תפילה,
וואָס מענטשן הערן זי.
זיי הערן ווען־נישט־ווען,
און אַז ס'געפעלט זיי — זאָגן זיי: ער קען.

## פון אַ חלום, וואָס איז מענטש געוואָרן

אַ חלום האָט דערפילט, אַז ער איז פוסט,
האָט זיך אים פאַרגלוסט
צו ווערן פול. האָט ער זיך אויסגעזוכט אַ מענטש
און אים גע'חלומ'ט. און דער מענטש האָט נישט געוואוסט.

דער מענטש איז עס דערגאַנגען
ערשט נאָך זיבעציק יאָר.
אים האָט עס אויסגעזאָגט דער טויט:
דו ווערסט גע'חלומ'ט. ס'וואַרט די וואָר.

איז צו דער וואָר אַרויס דער מענטש
און ס׳איז דער חלום געבליבן פּוסט,
פֿאַרנולט, פֿאַרניינט,
בלינד ווי אַ פֿענצטער אַ פֿאַרקלאַפּטס מיט ברעטער.
אין נעכט אָן לבֿנה האָט דער חלום אָן אַ מענטש
נאָכאַנאַנד געוויינט,
געוואַרט אויף אַ רעטער.

ער האָט נאָכ׳ן מענטש געבענקט אַזוי לאַנג,
ביז איינמאָל, אין אַ נאַכט אַ שפּעטער,
איז ער אַליין אַ מענטש געוואָרן. טאָמער ווערט־איר
אָנטרעפֿן אַמאָל אים —
שרעקט אייך נישט: ס׳קאָן גריילעך זיין געמאָלט,
אַז פֿריער זייט איר אויך געווען אַ חלום.

## פֿאַר אַמאָליקסטע אַמאָלן

אור־חשבונות פּירט מען שטילע,
מען פֿאַרשרייבט געהיימע צאָלן,
און פֿאַראַן אַזעלכע שאָלן,
וואָס מען וועגט אויף זיי אפֿילו
דינסטן שטויב, אויף ווינט צעמאָלן.
ווייטסטע צוקונפֿט מוז באַצאָלן
פֿאַר אַמאָליקסטע אַמאָלן.

## דער חלום פֿון אוהעלער רבי׳ן

און לאַנג האָט דער רבי תעניתים געפֿאַסט,
געבעטן, אַז גאָט זאָל־אים
כאָטש אין חלום
ווייזן דעם גן־עדן, וואו עס זיצן
אין שכינה־קרוינען, וואָס בליצן
אויף הייליקע קעפּ, די תנאים.

און ס׳האָט אים אין חלום אַ מלאך געזאָגט:
דערהערט איז די תפֿילה.
אָט איז מרימ׳ס ברונעם —
גיי טבֿילה.
זיי גרייט.

און אין מרימ׳ס ברונעם איז ער טבילה געגאַנגען
און אין ריינקייט דערנאָך אויפ׳ן וואונדער געוואַרט
ווי אויף דעם אויפגיי פון אַ זון.
און נון,
די תנאים זיצן אין גערוימע חדרים
איבער גרויסע גמרות.

ניכטער־קלאָר איז
די לופט אַרום זיי און מע זעט נישט
אויף די קעפּ קיין עטרות,
און נישט מע זעט מלאכי השרת —
גאָרנישט.

איינער — מיט׳ן אָנבליק פון אַ מרא־דאתרא —
זיצט איבער אַ בבא־בתרא.
אַ צווייטער איז אין גיטין מיישב אַ קשיא.
אַ דריטער (אין מוקדם ומאוחר בתורה)
קוקט אַריין אין רש״י.
אַ פערטער
האָט פון אַ תוספות אַ שאַרפע הנאה.
די חדרים, כאָטש גערוימע,
זיינען אָרעמלעך־גראָע.
הילצערנע בענק און שטענדערס.
אַ ווייסער זקן זיצט און לערנט
מיט אַ ניגון: אמר אביי.

און ס׳רוימט דער מלאך אים איין אַ סוד:
„ווייסט ווער דאָס איז? ער גופא! אַביי!
היות ס׳איז אין מוקדם ומאוחר בתורה,
זיצט צווישן תנאים אַן אמורא.
און אַז ער הויבט אַן אויג אויף — וועמען זוכט ער?
דעם תנא דמסייעא״.

און אַז דער מלאך דערהערט דעם רבינ׳ס מחשבה:
וואו זעט מען דאָ דעם גן־עדן? —
גיט ער מיט די פליגלען אַ זילבערנעם לאַך
און טוט אים די זאַך באַשיידן:
פאַרשטיי!
נישט די תנאים זיינען אין גן־עדן —
דער גן־עדן איז אין זיי.

## גאַנג דורך פּאָרמען

אין פּאָרמען פּאַרטיף דיין אויג.

קעגנאיבער אַ בוים אויף אַ באַנק
זעץ דיך — און קוק אַזוי לאַנג,
ביז דו דערבליקסט
די פּיס דעם בוימ׳ס און זיינע הענט.

(כ׳האָב אָפּט אַזוי געטאָן — און איצט דערקענט
מיין אויג
די אויסגעדרייטע פּיספּינגער פון וואָרצלען).

אין פּאָרמען פּאַרטיף דיין אויג,
מיט פּאָרמען מאַך דיך פול.
לערן דיין אויג צו פּאַרשטיין
אַ שטיין
אויפ׳ן מיטן מידן וועג:
דער שטיין איז שוואַרצער לייב,
וואָס וואַרט אויף גייסט.

און זאָג: ווי אָט דער שטיין
זעט אויס אַ לאַבן ברויט —
אויך דער לאַבן ברויט איז לייב
און וויל אַריין אין מענטשן־לייב
דאָרט צו ווערן בלוט און גייסט.

אַזוי זאָל יעדע פּאָרם דיר זיין
אַ טיר צו אַ פּאָרם אַ צווייטער.

פון טיר צו טיר קלאַפּ־אָן און גיי
צו אַ טיר אַ לעצטער,
וואָס איז פון טירן אַלע שמעלער,
פון טירן אַלע ברייטער.

## נישטאָ קיין סוף

ס׳רויבט די בלי־צייט ביי דער בליט
יעדע רגע וואָס זי בליט,
און די מאַיאונג טויט דעם מאַי,
און דאָס זינגען טויט דאָס ליד.

לעבן פרעגט דאָס לעבן אָפּ,
טאַנצט ביז ס׳עקן זיך די טענץ,

און דער טויט פרעגט אָפּ דעם טויט —
און ווערט ווידער עקזיסטענץ.

לעש און פלאַם און ווידער לעש,
שטאָף ווערט גייסט און גייסט ווערט שטאָף.
ס'ווערט דער אַין אייביק יש,
יש ווערט אַין — און דער סוף?

נישטאָ קיין סוף.

## הויך און איינזאַם און דער ערד פאַרדעכטיק

טונקל־גאָלדענער סערפּ
איבער פעלדער שוין לאַנג נאָכ'ן שניט!
פאַרדעכטיק ביסטו דער ערד.

זי זעט נישט די האַנט וואָס האַלט דיך.
וואָס פאַר אַ פעלד קומסטו שניידן?
אַ הונט אַ דערשראָקענער קאָן דיך ניט ליידן,
באַפאַלט דיך
מיט בייזן ערדישן ביל.
איר שניט האָט די ערד שוין געשניטן —
וואָס וויל
שניידן דער הימל?

טונקל־גאָלדענער סערפּ
איבער פעלדער שוין לאַנג נאָכ'ן שניט!
הויך און איינזאַם און דער ערד פאַרדעכטיק
אַזוי ווי דער ייד —
הויך און איינזאַם און דער ערד פאַרדעכטיק
ווי ישראל איבער די פעלקער —
די פּוסטע פעלדער פון די פעלקער.

## הינטערשטאָטישער פאַרנאַכט

אין מערב פאַרבלאַסן
אָראַנזשענע פאַסן.
דער אָוונט איז ווי
אַ קילער פאַרפרי.
שטיל דעמערט אויף די
הינטערשטאָטישע גאַסן.

און פענסטער און גזימסן —
פֿאַרוועבט אין געשפּינסן
פֿון בלוילעכן גרינס.
ווי צאַרט דאָס געשפּינס
פֿון בלוילעכע גרינסן!

פֿאַרנאַכט־שאָטנס שפּינען
אַ גרינעם באַגינען.

און צווישן די שאָטנס,
אין טיפֿסטן פֿון טראַנסן,
טאַנצט ווינט אַ קאַדריל
פֿאַרצייטישדיק־שטיל —
אַ טאַנץ פֿון ניואַנסן.

ס׳פֿאַרטאָגט מיט פֿאַרנאַכט און
ס׳פֿאַרנאַכטיקט מיט צאַרטן
פֿאַרטאָג, און ס׳איז צאַרט דער
קוש דער געגאַרטער,
ווען ס׳טוט זיך פֿאַר׳קנס׳ן
די שפּעט מיט׳ן פֿרי — —

גאָט שפּאַנט איבער די
הינטערשטאָטישע גאַסן.

## שלאָף

נאַכטצייט אויף מיין געלעגער
קלער איך: ביסט ווידער א י י נ ע ר.
ס׳האָט ווידער געטאָן פֿאַרקריכן
אין אַן איינציק זעקל ביינער
דיין מאָדנע געזינדל איכן.

איין איך — אין קאַפּע געזעסן
צווישן פּראָזער און ריימער
פֿון מלך־אביונ׳ס גיטער,
אַ צווייטער — פֿאַרפּאַסט אַ מאמר,
תפילה געטאָן — אַ דריטער.

אין יאוש איז דער פערטער
שטאַרבן געווען אַ בעלן,
דער פֿינפֿטער — געשפּילט מיט ווערטער,

און טיף איז ערגעץ געפאַלן
דער זעקסטער, אַ פאַרקלערטער.

ווער האָט די אַלע איכן
געכאַפּט ווי אַ פלינקער טרעגער,
פאַרוואָרפן איבער דער פּלייצע,
געוואָרפן אויף איין געלעגער?

איך ליג אַזוי און איך פרעג עס —
ערשט זע: זיי נעמען זיך שטויסן.
איין איך דעם צווייטן נעמט שטופּן
אין שלאָף־טייך אַריין דעם גרויסן,
וואָס גלאַנצט מיט טונקעלע שופּן.

זיי פאַלן אַריין... זיי שווימען...
וואוהין, וואוהין, איר איכן?
ליידיק און שוואַרץ באַוואונדערט
דעם שווים זייערן דעם גיכן
דאָס זעקל ביים ברעג פון שלאָף־טייך.

## סעקרעט פון אַ זקן

ס'איז פאַלש, אַז אַלטע האָבן מורא פאַר'ן טויט:
זיי האָבן מורא פאַר אַ ניי געבוירן.

איך, עטלעכע־און־דרייסיק־יעריקער,
האָב אומגערן אונטערגעהערט די רייד
פון איינעם אַ זקן צו זיך אַליין:
עד, צוריק אין טראַכט אַריין ווילט זיך נישט גיין!
צוריק ווילט זיך נישט גיין!
און נאָך דערצו די שפּיל מיט לויה און ארון — —

ס'האָט בלינד געדעמערט — און זיין פּנים, ווי אַ שטיין,
האָט זיך האַרב געצייכנט אין חלל דעם נישט־קלאָרן.

שווער האָט דער זקן געקרעכצט צו זיך אַליין
דעם מידן שקלאַפן־קרעכץ פון זיינע יאָרן.

## פאָרויסגעשיקטער גייסט

אין ליגשטול איבער אַ בוך מיט לידער.
קעגנאיבער — אַ בוים אַ צעבליטער.
די ווילע וויגט זיך אין זון.

מיטאַמאָל ווערט מיר ענג און איך ציטער.
עס שווימען אַרום מיין האַלדז
כמאַרעס פון אַ נאָענט געוויטער.
וואָס? ווער?
דאָס גרין טונקלט פלעקיק און שווער.

פון וואַנען גייט
דאָס קלעפּיקע, דאָס נישט־געריכטע?
וואָס שטראָמען בלינדערהייט
ווען נידעריקע, שלעפּיקע, געדיכטע?
וואָס ווערט געגרייט?
און דאָס בוך — אויף דר'ערד!

כ'שפּרינג אויף, דריי אויס דעם קאָפּ.
די משוגענע, וואָס זיצט אַ גאַנצן טאָג פאַרשפּאַרט!
זי האָט זיך געגעבן אַ ריס
אויף שמאָלע משוגענע פיס,
און לויפט צו מיר, לויפט,
און רעדט צו מיר, רעדט —
וואָס וויל זי?

איר קראַנקן גייסט האָט זי געשיקט פּ אָ ר ו י ס.
און שוין שטייט פאַר מיר איר אויסגעלאָשן לייב,
אַ רואין פון אַ פאַרשאָלטן הויז.
משוגענערהייט
שפּינט זי אַ שפּינוועבס פון גיכע רייד,
די שפּין.
ערגעץ זינקט מיין זין,
זינקט מיין זין —

און ווי אַ פאַווע־עק מיט אויגיקע פלעקן
טונקלט דאָס גרין אַרום מיר,
טונקלט דאָס גרין — —

## ערגעץ מוז זיך אַלץ מיט אַלעם טרעפן

ערגעץ מוז זיך אַלץ מיט אַלעם טרעפן.
ערגעץ מוז אַ צייט זיין און אַ לאַנד,
וואו עס טוען זיך די ווענט אַן עפן,
וואו עס גיבן וועלטן זיך די האַנט
און ס'ווערט איין גורל מיט'ן אַנדערן באַקאַנט.

ערגעץ מוז זיך ווידער אַלץ צעברענען
וואָס דער ווינט דער אונטערשטער פאַרלעשט.
ערגעץ מוז זיך אַלץ מיט אַלעמען באַקענען.
ס'מוז זיך דאָסטאָיעווסקי טרעפן מיט'ן בע״שט.

כ'וואָלט געוואָלט פאַרבלאָנדזשען דאָרט, אין דער אכסניא
פון דעם גרויסן סוף־כל־סוף,
וואו טאָלסטאָי און וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו
וועלן אָנטרעפן דעם בעל־התניא.

אויף זיין וועג צו זאַראַטוסטראַ'ן וועט זיך ניטשע
פאַרהאַלטן פאַר אַ טלית'דיקן ייד:
לוי־יצחק פון באַרדיטשעוו.
און דער ייד וועט זינגען אים אַ ליד
און וועט מעלה־זיין זיין ניצוץ.

ס'קאָן אפילו טרעפן,
אַז דער געשטופלטער ישיבה־בחור שמר'ס
זאָל באַקומען הויט־און־פלייש
און לאָזן זיך שפּאַצירן מיט דער גרעפין.

ערגעץ מוז זיך אַלץ מיט אַלעם טרעפן.

## אַ הונט

דער גרויסער כלב האָט מיך אָנגעקוקט אַ רגע,
דערמאָנט זיך, אַז אַמאָל, אין די אין־סופ'ן,
איז עפּעס צווישן אונז פאַרלאָפן,
און ער האָט נקמה'דיק אַרויפגעטאַנצט אויף מיר,
מיך צו באַשטראָפן.

נאָר ער האָט, אפנים, נישט געקראָגן קיין רשות.
אַ כוח, וואָס איך קען נישט, האָט אים אָנגעכאַפּט ביים פוס:
לאָז אים אָפּ! איך הייס נישט!

האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם עק און איז אַוועק.
ווי אַ פאַרלוירן קינד
האָב איך אים נאָכגעקוקט: אפילו הינט
ווייסן וועגן מיר
ווייטע זאַכן, וואָס איך ווייס נישט.

1962

## באַריכט

כ'האָב דעמאָלט געקאָנט אַלט זיין אַ יאָר זיבן.
און כ'הער ביז איצט דאָס מורא'דיקע קול.
כ'געדענק ביז איצט די דירה. ס'איז געווען אין ווילנע.
ס'האָט ווי אַ ברונעם אויסגעזען דער הויף.

באַשטימטע נעכט אין וואָך און אין באַשטימטע שעה'ן
פֿלעגט אויפֿהוילן דאָס קול, דאָס מורא'דיקע קול.
געווען אין אים דאָס קראַקעניש פֿון קראָען,
דער קראַנקסטער קרעכץ פֿון אונטער שווערסטן עול,
די פּיין פֿון אַ דערשטיקטן, וואָס איז זיין אייגענער דערשטיקער,
ס'גיהנם פֿון אַ לייב, וואָס ווערט צעהאַקט אויף שטיקער,
דער גרויל פֿון לעבעדיקן פֿלייש, וואָס ווערט צעריבן —
און עפּעס נאָך, וואָס וואָגלט מיר אַרום אין אויער
און קאָן נישט זיין באַשריבן.

כ'האָב דעמאָלט געקאָנט אַלט זיין אַ יאָר זיבן,
ווען אין דער וואַנט פֿון שלאָפֿצימער פֿלעגט אויפֿהוילן דאָס קול
באַשטימטע נעכט אין וואָך און אין באַשטימטע שעה'ן.
און ס'הוילט אין מיר ביז איצט, ווי נאָר איך גיב זיך אַ דערמאָן,
און ס'ווערט מיר קאַלט אַצינד, ווען כ'וואַרף די שורות אָן
אין שרעק פֿאַר זיך אַליין און נאָענט צו שגעון.

מע האָט דערציילט: עס איז אין שלאָפֿצימער געשטאָרבן
אַמאָל אַ מאָכיקער, אַ קאַרגער זקן,
וואָס האָט אין די חדרים דאָ געפֿלעדערמויזט פֿאַרבאָרגן.
געשטאָרבן? אָדער האָט מען אים דערוואָרגן?
ס'האָט קיינער נישט געוואוסט — — — וואָס קאָן מען וויסן?
מ'האָט אין דער וואַנט געפּרואווט נישט איינמאָל שיסן —
נאָר ווידער האָט גע'קול'ט דאָס מורא'דיקע קול.
איצט קאָן איך אַלץ פֿאַרשטיין (כ'האָב דאָך געלייענט ביכער):
עס האָט אין יענעם הויז געקאָנט אַ מעדיום זיך געפֿינען.

אָט לאָמיר זאָגן: ס'דינסטמיידל. וואָס, ניין?
מיין שרעק, מיין בייזע שרעק — זי וויל אַנטגיין,
אין לאָך פֿון ווערטער ווי אַ מויז אַנטרינען.
נאָר ס'העלפֿט נישט. כ'האָב דאָך פֿאָרט יענץ קול געהערט
אין נעכט אויף אָט דער וועלט, אויף אָט דער ערד,
און אין אַ שטאָט, וואָס איז אויף דר'ערד פֿאַראַן,
און ווען איך בלייב מיט זיך — לעבט ס'קול ווי דאַן,
אין יענע ווייטע נעכט. וואו כ'זאָל נישט גיין

און וואָס איך זאָל נישט טאָן — איז גרייט צו קומען
יענץ קול צו מיר, וואָס כ׳האָב עס קלאָר פאַרנומען,
און גלויבן מוז איך — צי איך וויל, צי ניין.
און כ׳ווייס, ווען ס׳קומט דאָס קול, אַז ס׳איז פאַראַנען
אַ זינד אַזאַ, אַ שטראָף אַזאַ, אַזאַ חרטה,
וואָס קענען זיי באַשטייען נישט טיטאַנען.

איך ווייס: דער פינסטערער בלייבט שטעקן אין דער וואַנט,
וואָס אויפגעמויערט האָט זיין אייגענע האַנט,
און דורות, דורות צאָרניקע נאָך דורות,
איז ער, דער קרבן, זיך אַליין דאָרט דורס,
אַרומגעשטעלט פון בלינדע מרה־שחורה׳ס.

## ווי דער משוגענער און ווי די זונה

איך בין געגאַנגען.
ס׳איז געווען נאָך אַ רעגן.
די גאַס איז געלעגן
ביים הימל געפאַנגען.
פון אַ ראָג
איז געקומען צולויפן אַ מויד,
צעהיצט און צעיוירן.
איר קאָפּ האָט זיך געשאָקלט, ווי אַ קליינער מעשענער גלאָק.
לויפנדיק האָט זי פאַרלוירן
אַן אויסגעקרימטן שוך.
זי האָט געזונגען
פון אונטער׳ן טוך,
געזונגען מיט אַ לעצט ביסל לונגען.
אַ גאַסן־ליד געזונגען, און מיט געמיינסטע רייד,
און מיט אַ פרייד אַזאַ, און מיט דער ריינסטער פרייד,
די ליפּן אָפן —
און געלאָפן, געלאָפן . . .

כ׳בין ווייטער געגאַנגען.
מיט אַ שמייכל, ווי ס׳וואָלט זיי באַגילדן
אַ נאָכנישט־געבוירענע זון, זענען אויבן געהאַנגען
שילדן.

אַ צעשויבערטער ייִד,
אַ דאַרער צווייפּיסיקער שאָטן,
מיט אַ באָרד ווייס־בלוילעך, ווי אַ צווייג פול בליט,
מיט אַן אַרויסגעשטעקטען טלית־קטן,
איז געלאָפן, פון ייִנגלעך געיאָגט,
און האָט פּסוקים פון תהלים אויפגעזונגען מיט אַ באַס.

ס'האָט די גאַס
זיך אויפגעשטעלט הערן,
וואָס עס זינגט אַ ייִד אַ מטורף,
צוגעטראָגן אַ פינגער צום שטיינערנעם שטערן.

כ'בין ווייטער געגאַנגען.
די גאַס איז געלעגן
נאָכ'ן רעגן
ביים הימל געפאַנגען.
מיט קלאַנג און געבלאַנק פון שווערדישע קלינגען
האָט אַ קלאָרקייט אין מיר גענומען קלינגען,
אַ קלאָרקייט אַזוינע,
וואָס טוט זיך אין טיפסטן בלוט פאַרשרויפן:
ווי דער משוגענער און ווי די זונה
אין די אויסגעקרימטע שיך
זאָלסטו ס'ביסל יאָרן דורכלויפן אויף גיך —
און זינגען בעת'ן לויפן.

1928

## טראַנס

טאַפּעטן גענעצן. עלעקטרע קוקט צעטראָגן.
שפּעט שוין אין דער נאַכט . . . איך בין געבליבן זיצן.
אַוועק זענען די געסט און ווייט מיט זיך פאַרטראָגן
רייד וועגן ליטעראַטור, רכילות'ן און וויצן.

צוערשט—איך איינער. אַ מענטש אין לאַק־שיך און אין פראַק.
דאָס איז געווען מיין הויז. דערנעבן אין דער קאַמער
איז געשלאָפן מיין פרוי. דעם זייגער'ס טיק־און־טאַק
האָט אויסגעקלאַפּט די צייט ווי מיט אַ קליינעם האַמער.

דערנאָך — אַריין דער צ ו ו י י ט ע ר. געזעצט זיך קעגנאיבער.
אויגן — אַ געמיש פון ים־גרין און פון שוועבל.
ווי אַ ווייטע ים־בוכט האָט צעגלאַנצט זיך ס'מעבל.
„רוק זיך, מעבל, רוק," — האָט אויפגעהילכט זיין דיבור.

„רוקט זיך, כלים! העי! צערוקט זיך ווייטער, ברייטער!
מיר איז ענג... ס'איז ענג... ס'איז שווידערלעך און שמאָל...
בליי די לופט... איך קאָן נישט אָטעמען צומאָל...
איך קאָן נישט, קאָן נישט זען... מ'זאָגט: גאָט גייט,
— וואו גייט ער?

„וואָס קלערן איצט אין צעלן שוואַרצע די פאַרברעכער? —
האָט ער געפרעגט. — וואָס ווייזט מען קראַנקע אין
שפּיטעלער?...
אַ מאַמע אפשר וואַרגט דאָס קינד איר'ס אין אַ קעלער...
נשמות וואַנדלען אום מיט קלאָג־קאָטערס אויף דעכער...

„און איר? און איר אַליין? וואָס טוט איר דאָ, הער צייטלין?
אַה, גאָט? נישטאָ, נישטאָ! זאָלסט זאָגן: אויף אַ תרופה" —
דער ערשטער, וואָס אין פראַק, האָט אָנגעקוקט דעם צווייטן
און מיטאַמאָל — דערקענט: דערקענט אין אים זיך גופא.

און ווי ער האָט דערקענט—איז געזעסן שוין דער דריטער.
ער האָט געמישט אַ בוך, אַריינגעלאַכט אין שפּיגל.

מיט העלע, שנעלע פינגער אויסגעקלאַפּט אַ ניגון
ביים טיש, וואו ס'האָבן צוויי די קעפּ געשאָקלט ביטער.

געבענטשט מיטביידע אויגן און געפרייט זיך זייער,
פון טיר אַוועק צו טיר מיט זינגענדיקן שפּאַן,
מיט גלאַטע הענט געגלעט דעם הונט פון פאָרצעלאַן
און אויסגעשמייכלט שמייכלען פון אַן אַלץ־פאַרשטייער.

אַרויסגעבליקט פון פענצטער צו דער גאַס דער שטומער,
פאַרוואָרפן איבער קוימענס אויגן ווי לאַמטערנס,
און מיטאַמאָל געזאָגט: „אַ גוטע נאַכט, באַלד קום איך" —
און ערגעץ ווייט אַוועק מיט שאָטנס און מיט שטערנס.

געוואַרט האָבן די צוויי. דער דריטער איז פאַרשוואונדן,
אַוועק צום דרויסן, העט, צו אַלדי ווייטע זאַכן...
און מיטאַמאָל — אַ קלאַפּ. דער דריטער איז געקומען,
האָט אָנגעקוקט די צוויי און שטיל גענומען לאַכן.

דערנאָך געזאָגט: „מלאכים וואַכן אויף די דעכער.
אין אַלע קעלערס — ליכט. די מערדער אין דער תפיסה —
זיי זעען גאָט. דעם קראַנקן קושט די מטרוניתא.
וואָס נידעריק איז הויך, און אַלץ וואָס הויך — נאָך העכער!

כאַ, כאַ! אַרויף די קעפּ, איר, אָרעמע צוויי נאַרן!
כ'בין ערשט געווען אין גאַס . . . איר וועט דאָ ביידע אויסגיין!
דיין אויער נויג צו מיר, דעם דריטן אין דיר, אַהרן:
ס'איז ליכטיק דרויסן, מענטש, מ'דאַרף נאָר איינס —
אַ ר ו י ס ג י י ן!"

1928

## פאַרבייפלי

האָט מיך אָנגערירט, האָט מיך אָנגערירט,
ווען כ'בין אָפּהענדיק געבליבן זיצן,
וואָרטלאָז וואַרטנדיק אין מיין ליידיקייט,
ווי אַ פעלד אין גרויסע היצן.

צו דער טיפעניש פון מיין ליידיקייט
האָט קיין עמער נישט גענידערט.
יאָ־און־ניין־געפעכט האָט זיך איינגעשטילט,
ס'האָט נישט מער געקידער־ווידערט.

ס'ליכט נישט אויפגעדרייט, ס'טראַכטן אָפּגעשטעלט,
ווי אַ וואָגן: ווייטער פאָר נישט!
האָט מיך אָנגערירט, האָט מיך אָנגערירט,
בלויז אַן אָנריר — און מער גאָרנישט.

ס'איז אַ בליץ געווען, ס'איז אַ פלי געווען —
כאָטש ס'איז אַלץ אין מיר געשטאַנען.
דאָס איז זי געווען, דאָס איז זי געווען —
אָבער ו ו ע ר איז זי? פון וואַנען?

האָט מיך אָנגערירט, האָט מיך אָנגערירט,
ווען כ'בין אָפּהענדיק געבליבן זיצן.
איז אַדורך דורך מיר, איז אַדורך דורך מיר,
ווי אַן אָוונט־ווינט דורך שוואַרצע שפּיצן.

## אַ כרוב

ווען דער פאַרנאַכט־ווינט קומט און קינסטלערט
און שטעלט אין הימל אויף פּאַלאַצן
און פלוצים ווערט דאָס אַלץ פאַרלאָשן
און רויטער זון־באַלאָן טוט פּלאַצן;
ווען ס'עפנט אויערן צו הערן
ווי מידע גאָרטן־ריחות זיפצן
דעם טאָג'ס געפאַנגענע, די שטילקייט,

און לייענט שאָטענס ווי געשריפטסן;
ווען ס׳נעמען גיין צוריק צום מקור
דער וועלט׳ס צעוואָרפענע ניגונים
און אַ פאַרהערטע ציט דעם האַלדז אויס
די שטאַנג, וואָס שטאַרט איבער׳ן ברונעם; —
הויבט אָן צום גייסט דעם מענטשנ׳ס ריידן
אַ כרוב אַ שטילער, אַ באַהעלטער,
אַ כרוב פון וואונדער־קלוגער קלוגשאַפט,
און טיפע רעטענישן שטעלט ער.
און ס׳הערט דער מענטשן־גייסט פאַר׳חידוש׳ט,
ער הערט און ווייס נישט די באַשיידן,
נאָר בליציק צינדט זיך אין אים ווידער
זיין לאַנג אַנטרונענער גן־עדן.

## פון דער ריגוועדאַ

נאָך איז דאָס אומזיין נישט געווען און נישט דאָס זיין,
נישט לופט־שפרייטונג, נישט הימל־שפרייטונג אויבן.
ווער האָט די וועלט באַוואַכט און ווער איר גרענעץ
געצייכנט? וואו איז ים געווען, וואו ים־גרונט?

ס׳איז טויט נאָך נישט געווען און אויך נישט אומטויט,
ס׳איז נאַכט נאָך נישט פאַראַן־געווען, בלויז אָטעם,
אור־ערשטיקס נאָר — און גאָרנישט מער.

בלינדע בלאָנדזשעניש האָט וועגן נאָך געטאַפּט,
איינס איז נאָך געווען דאָס הויכע און דאָס טאָליקע.
מיטאַמאָל האָט דרוק פון ווייטיק ברעניקן
אויפגעבראָכן דאָס פאַרזיגלטע,
אַ שפאַלט־געטאָן דאָס שאָליקע.

די ערשטע פון די ווערנדיקע איז אַרויס די ליבע,
אור־שפּראָץ אויס די קערנער פון דעם וויסן.
אין די געדאַנקען פון אַ מענטשנ׳ס האַרץ
האָבן שפּעטער אויפגעדעקט די ווייסער
וואָרצלען פונעם אומזיין,
וואָס פירן צו דער ליבע.

די ווייסער —
וואָס האָבן זיי געפונען אויבן און וואָס אונטן?
שפּראָצונגען קוים־קוימיקע, דאָך שוין פאַראַניקע,

דראַנגען שוין אַפּערגעדרונגענע,
אין דער הויך — די צווייגיקייט,
אין דער נידער — זעלבסטיקייט.

ווער אָבער האָט אָנהייב׳ס אָנהייבונג באַנומען?
אַליין די געטער
זענען שפּעטער ערשט געקומען.
ווער האָט אָנהייב׳ס אָנהייבונג באַנומען?
ווער האָט אור־אורעניש דערקענט?
ער, וואָס האָט אַפּערגערופן די יצירה,
ער, וואָס האָט מיט העלקייטן פון העכסטן הימל
זיך געשפּיגלט אין די שפּיגלען אירע,
ער, וואָס האָט די וועלט פון זיך אַרויסגעדאַכט —
ער ווייס!
ער ווייס — און אפשר נישט.
ווייל ער, וואָס איז פון יענער־זייט פון יענע־זייטן אַלע,
איז אויך מחוץ פון וויסן.
ווי קאָן ער אינעם וויסן זיך פאַרשליסן?

1936

## אַ מענטש פאַרנאַכט

### א

איך בין נאָך צו יונג, אַז עס זאָל מיין קאָפּ
צום לעצטן שלאָף זיך נייגן,
נאָר ס׳קומט אַ לידל אַ סענטימענטאַלס,
ווי אַן אַלטער וואַלס,
און טוט זיך אויף מיר פאַרלייגן:
„קינדער מוזן שלאָפן גיין
ווען די זון טוט אונטערגיין״.

ווען מיין ייִנגעלע, קליין און בלאָנד,
וויינט אין דערבייאיקן צימער,
וואָרים די מאַמע צווינגט אים צום שלאָף
(ער זעט: די שוואַרצע שווימער,
די שאָטנס, רודערן שנעל צום ברעג) —
ווייס איך: זיין שרעק איז מיין אייגענע שרעק,
און קעגן פאַרנאַכטיקן הימל
ברום איך מיר פון מחשבות אַרויס,
וואָסווימלען אַ מיד געווימל:

„קינדער מוזן שלאָפן גיין,
ווען די זון טוט אונטערגיין".

אַ קינד האָט מורא פאַר דער נאַכט,
ס'וויל האַלטן די אויגן אָפן.
קינדער ווילן נישט שלאָפן גיין,
און ס'זינגען די פילאָזאָפן
דאָס אייביקע ליד, אַז באשר־בכן —
דאָ וועט נישט העלפן קיין געוויין:
ס'איז אַלץ געזעץ און מע דאַרף פאַרשטיין.
שלאָפט איין דאָס קינד — און דער זעלבער סוף
קומט אויך אויף אים, דעם פילאָזאָף.

נאָר ס'טרעפט: כ'הויב דאָס אויג צו די שטערן אַרויף
אין מיטן מיין שרעק און מיין טראַכטן —
דערהערט זיך מיר אַן אַנדער ליד,
אַן אַנדער ליד,
אַ טרייסט פאַר דעם עולם־תחתון:

„קינדער מוזן שלאָפן גיין —
נאָר זיי שטייען ווידער אויף;
זונען מוזן אונטערגיין,
נאָר זיי גייען ווידער אויף.
זאָלן זיך קינדער און זונען נישט שרעקן:
דאָס לעבן קאָן זיך נישט עקן".

ב

אַ חשבון־הנפש מאַך איך פאַרנאַכט,
איידער די ווייטקייטן ווערן פאַרמאַכט.

דאָס וואַסער, וואָס האָט צו דער זון געזונגען,
האָט זיך ביים מילנער צום קנעכט פאַרדונגען.

צו חברה קלעזמער אַוועק איז דער ווינט,
און נישט אומזיסט האָט דער קאָרן געגרינט:
ברויט איז געוואָרן פון דעם קאָרן.

און ס'איז בעאַטריטשע אַ ווייבל געוואָרן,
און ס'איז בעאַטריטשע געגאַנגען צו קינד, —
און נאָר פון איינס איז גאָרנישט געוואָרן,
גאָרנישט, חוץ טינט:
פון מיין ביסל לעבן איז גאָרנישט געוואָרן.

ג

פון מ י י ן ביסל לעבן איז גאָרנישט געוואָרן, —
רייד איך צו זיך פאַרנאַכט־צו.
קומט אָן פרוי נ ש מ ה און זאָגט אַזוי
(האַלב וויינט זי און האַלב לאַכט זי):

ווערן ג אָ ר נ י ש ט, מיין ליבער פריינד,
איז נישט פון די קליינע זאַכן.
עס ווענדט זיך נאָר, וואָס מען מאַכט דערפון —
אוי, לאָזט זיך פון גאָרנישט מאַכן!

דער האַר האָט פון גאָרנישט אַ וועלט געמאַכט
אין טעג סך־הכל זיבן,
פון זיבן מאָל גאָרנישט אַ וועלט געמאַכט —
און דער גאָרנישט איז געבליבן.

עס שטערט דיר בלויז דאָס ביסל טינט
צום גאָרנישט צו דעם פולן, —
נו, גיסט מען עס אויס און מען גיסט זיך אַריין
אין נול פון אַלע נולן.

פאַרנעם דאָס וואָרט פון דעם ווינט פאַרנאַכט —
ער זאָגט עס און ער ווייס עס:
ס׳איז אַלץ נאָך אַינ׳דיק די וועלט,
ס׳איז איצט ווי דענסטמאָל — בראשית.

ד

צום מערב קוק, פון מערב לערן,
און ווער נישט פאַר זיך אַליין דערשראָקן:
נאָך פייערן קומען שטערן.

און שטערן זיינען לעצטע שטילקייט,
און רו פון טיפסטער איינציקייט
זאָגט אָן דיר זייער פילקייט.

ווי גאָט איז איינער אין צען ספירות,
אַזוי איז איינציקייט פאַראַן
אין אַלע דיינע סתירות.

דאָס אור־לעצט־איינציקע — דערשפּיר עס,
דאָס פלעמלדיק־גלאַנציקע — פאַרליר עס,
אָט ווי דער מערב טוט פאַרלירן
קאָלירן נאָך קאָלירן.

ה

איך הער —
אַ שטיין האָט זיך צערעדט:
„איך ליג
ביים שליאַך
אַליין,
האַלב שלאָפיק און האַלב וואַך,
פאַרשוואַרצט, פאַרגרינט,
און ווינט
לאָזט גריסן מיך
פון איר,
דער ווייטער,
דער רויז
פון באַרג.
איר שויס
רופט שפעט, רופט פרי.
כ'וויל גיין —
נאָר ווי?
איך בין אַ שטיין...
פאַרנאַכט־צו טרעפט'ס:
איך מורמל
מיט שוואַרצער לעפץ
צו איר,
דער ווייטער.
נאָר אַרום מיר —
אָוונט געשלאָסענער,
אָן אַ ריר,
ס'ברענט בלויז דעם מערב'ס
רויטער שייטער.
ווער וועט
פאַרשטיין
די תפילה פון אַ שטיין?"

ו

אין מיטן ברוינעם אָוונט אויף דער לאָנקע
הויבט דעם קאָפּ אַפער פון גראָז
אַ געפּענטעט פערד
און קלערט —
פון וואָס?

עפּעס האָט זיך אים דערמאָנט.
אַ לעבן אַ ווייטס?
אַ טויט אַ ווייטער?
אַ רגע ווערט עס ווידער נאָנט.

אפשר אַ שטאָט?
אפשר טירן, שטיגן, ווענט?
און אָנשטאָט
די פֿאָדערשטע צוויי פֿיס —
צוויי הענט? — — —

אַ רגע זיך פֿאַרקלערט —
און ווידער קאָפּ צום גראָז,
און ווידער פֿערד.

און וואו, אין וועלכן דור, אויף וועלכער ערד,
אין וואָס פֿאַר אַ געשטאַלט און אָנטאָן,
וועט דאָס, וואָס איצטער איז עס פֿערד,
זיך ווידער אַ דערמאָן־טאָן?

ז

איך בין אַ חלום
און ס׳קומט מיר צו־חלום
אַ חלום אַ צווייטער —
און גיט מיר אָפּ שלום.

איך בין אַ טיר
און גרויס אָן אַ שיעור
איז די טיר די צווייטע,
צו וועלכער איך פֿיר.

ח

אָן אָטעם וואַרטן נידעריקע קרייטער,
אָן אָטעם וואַרטן זיי אויף נאַכט׳ס באַריר.
דער טאָג האָט זיך געטראָגן ווי אַ דולער רייטער —
געפֿאַלן איז ער פֿאַר זיין שיקער׳ס טיר.
ער ליגט אין שווערן פֿיבער און די אַנגסטן רינען —
אַ פֿייערדיקע באָד;
און אַרום אים דער מערב, ווי רואינען
פֿון אַ פֿאַרברענטער שטאָט.

באַלד וועט דער האַר מיט ליכט־געטראַנק אין קילע שאָלן
אַרויס צום קנעכט, וואָס איז געוואָרן שלאַף,
און וועט מיט העלסטן שטערן־גאָלד באַצאָלן
זיין מידן שקלאַף.

ט

מערב־צו קוק איך און טראַכט
פון יענער נאַכט,
וואָס קינדער געבוירט זי און נעמט זיי צוריק
אין איר פורפורנער וויג.

פורפורנע פינסטערניש, טיף אין דיר זיצן
געשטאָרבענע קינדער, ווי לידער,
וואָס וואַרטן אויף זייער פּאָעט.

זיי וואַרטן אויף מאַמעס,
וואָס וועלן אויפסניי זיי געבערן,
און זענען ווי בליצן,
וואָס ליגן נאָך שטיל ביי דער כמאַרע אין בעט.

י

מוזיק פון אַ פליג.
סטאַדעס קערן זיך אום.
אויך איך גיי צוריק
צו דער נאַכט, פון וואַנען איך קום.

דער טייוול, דער פּאָליגלאָט,
שווייגט; דער מערב פאַרבלאַסט.
דער גוטער גאָט
האָט שוין צוגעגרייט נאַכטמאָל פאַר מיר, זיין גאַסט.

זומער, 1936

## סוב-אָפּטייל דריי

## בלומען פון גנאָד און די פּאָעמע: טיף איז דער טאָג

### די זון הינטער'ן רעגן

דער טאָג כאַפּט זיך אויף אויף דער לינקער זייט,
אויף אַ געלעגער נאַס פון רעגן.
אים באַגעגנט אַ בלאָטע, וואָס קרעכצט און שפּייט,
אַ האַרטער גענעץ פון אַלטע לייט,
אַ ווינט וואָס שרייט און אויגן וואָס פרעגן.

אַרומגעגאַרטלט מיט גראָבע שטריק,
שטעלט זיך אַנידער ביים ראָג אַ טרעגער.
אַ מענטש אין שמאַטעס מאַכט פרי מוזיק
אויף אַ פינסטערן הויף. ווי אַ האַרטער גרעגער
קלימפּערט זיין שפּיל־קאַסטן און גרעגערט.

ער גייט אַוועק, די מוזיק פאַרשווינדט
אין רעגן, וואָס רינט,
און דער טרעגער שטייט, פון רעגן באַלעגערט.

אַ זאַק אויפ'ן קאָפּ — אַזוי וואַרט ער ביים ראָג.
ערשט עמיצער דינגט אים און הייסט אים טראָגן
אַ גרויסן וואַנט־שפּיגל. נעמט דער טאָג
קוקן צעטראָגן
אויף דעם טרעגער און זיין געטראָג:
אונטער דער לאַסט טוט דער מענטש זיך רוקן —
און אין דעם שפּיגל, וואָס אויף זיין רוקן,
שפּיגלט זיך אָפּ אַ מאַי מיט אַ זון,
כאָטש ס'איז אָקטאָבער און אַ רעגן.

ס'האָט הויך זיך גע'חדוש'ט אַ נאַסע קראָ
און האָט געפּרעגט אַזוי צו פרעגן:
פון וואַנען נעמט זיך אַ זון אין שפּיגל,
ווען אויפ'ן הימל איז זי נישטאָ,
ווען ס'איז אָקטאָבער און אַ רעגן?

און ס'האָט די בלאָטע צום שפּיגל געשפּיגן
און האָט געשריגן, אַז ס'איז אַ ליגן.
אָבער דער שפּיגל האָט אמת געזאָגט:

ס'איז אים אַ מאַי־זון געהאַנגען אַנטקעגן.
וואָרים דער גרויסטער פון האַרבסטן פאַרמאָגט
אַ זון, וואָס מאַיט הינטער נעצן פון רעגן,
און אַלע וואונדערס קומען דערפון,
וואָס הינטער דעם רעגן איז דאָ אַ זון.

## צוזאַמענזיין אין דער מינוט

מיין צימער קוקט מיך אָן: כ'שטעל אָפּ אינמיטן
דאָס שפּאַנען, וואָס איך האָב נערוועז געשפּאַנט,
און שטיי געפּלעפּט. עס בלענדט מיך די אַנטדעקונג
פון עפּעס, וואָס איז מיר אַזוי באַקאַנט,
אַז כ'האָב עס פונדאָסניי געמוזט אַנטדעקן.

שאַ, — רוף איך אויס. — כ'בין דאָ. איך בין פּאַראַניק!
געכאַפּט האָב איך ס'פּאַראַן־זיין ביי דער האַנט!
מיין לעבן רגע'ט, איינגעוועבט אין אַלעם,
וואָס רגע'ט איצט — אַ צ י נ ד ע ר — און פּאַראַנט
סיי אונטן, סיי אין אויבערשטע גלגלים.

מיר טרעפן זיך אין שויס פון אָט דער רגע,
מיר טרעפן זיך אין האַרץ פון אָט דעם „אָט" —
און מיר צוזאַמענען אין איין פּאַראַן־זיין:
איינשטיין אין פּרינסטאָן, אין וואָלקן — דער פּילאָט,
דאָס קינד אין פּאַרק — און גאָט.

1943

## רייד צו דער קראָ

דער סוף פון טעג: נאָר חושך, פינסטערנישן נייערט, —
אמת, קראָ, ס'איז אמת!
נאָר אַז נאָך יעדער נאַכט גייט זונליכט אויף און פייערט —
איז עס מינדער אמת?
איז עס מינדער אמת, קראַנקע קראָ?

די מאַיען טראָגן מאַי־קלייד אַזוי לאַנג ביז זיי פאַרגייען, —
אמת, קראָ, ס'איז אמת!
נאָר אַז די שנייען שנייען אַזוי לאַנג ביז זיי צעגייען —
איז עס מינדער אמת?
איז עס מינדער אמת, קלוגע קראָ?

עס קומט אַ צייט, ווען ביימער שטייען נאַקעטע און לאָמע, —
אמת, קראָ, ס'איז אמת!

נאָר אַז מען וויל — איז ווינטער נאָר צו פֿרילינג אַ הקדמה.
איז עס מינדער אמת?
וואָס־זשע קראַקעסטו מיט זיכערקייט אַזוינער,
ווי איין־אויגיק וואָלט געווען דער אמת,
ווי ס'וואָלט נישט אויגן צ ו ו י י געהאַט דער אמת —
צוויי טיפֿע, טיפֿע אויגן?

## פון קעגנאיבער קלינגט מען אַריבער

פון קעגנאיבער
קלינגט מען אַריבער
צו אונדז אין די שטיבער,
צו אונדז אין די שטיבער.

צום קעגנאיבער
קוקן אַריבער
די פענצטער אַלע
פון אונדזערע שטיבער.

אונדזערע ריגלען
שרייען נאָך פליגלען,
אונדזערע טירן
ווילן דעזערטירן,
ווילן זיך פאַרלירן,
ווילן זיך פאַרלירן.

די ווענט אונדזערע לויפן
צו טעג, ווען זיי וועלן
אויפהערן פאַרשטעלן,
אויפהערן פאַרשטעלן.

אונדזערע שוועלן
זיינען רעבעלן,
ווילן ווערן וועלן,
ווילן זיך צעגיסן.

אונדזערע שלעסער
לאָזן אונדז וויסן:
מ'קאָן גאָרנישט פאַרשליסן,
גאָרנישט פאַרשליסן.

## אַ למד-וואָווניק

מיר חלומ'ט זיך אַ ייד אַ למד־וואָווניק,
אַ נסתר אין אַ וואַלד־שטיבל. זיין באָרד
איז גרינער וואַלד־מאָך. מאָדנע גלאַנצט די זעג
אין זיינע שטילע הענט די סענקעוואַטע:
אָט־אָט און זי דערלאַנגט אַ פלי אַרויף,
אָט־אָט און זי ווערט אויבן אַ לבנה.

דער נסתר האָט קיין חבר נישט, חוץ אים,
דעם גרויסן ע פ ע ס , וואָס באַשאַפט דעם ג אָ ר נ י ש ט .
זיין וואַלד־שטיבל, באַהאַלטן צווישן ביימער,
איז אַ געהיימער יחוד אינעם האַרץ
פון דער יצירה: טרוימען, וואָס זי זעט
בשעת זי שלאָפט אין טוי־העמד אין דעם קילן,
מחשבות, וואָס באַלאָדן אירע וואָלקנס,
באַגערונגען, וואָס שרייען אין איר ווינט, —
אַלץ זוכט ביים שוועל פון שטיבל זיך אַ תיקון.

זע, ס'בויגט זיך חשבון־נפש'דיק און פרום
דאָס שטיבל, ווי אַ ייד אונטער'ן טלית.
פאַרטאָג קלאַפּט אָן אַ ווינט אין זיינע לאָדנס —
ניין, נישט קיין ווינט: עס איז אַ שטילער שמש
פון בית־דין פון דעם אויבערשטן. נשמות,
וואָס דאַרפן אַ ישועה, זיצן, וואַרטן
ווי שוואַרצע טשאַטעס פייגל אויפ'ן דאַך.
די פענסטער זיינען נידעריק און שטיל,
ווי נידעריק און שטיל עס איז דער אמת.
עס גרינט אין זיי אַ גלאַנץ, וואָס איז נישט אָפּשיין
פון דרויסן: ס'איז דער שימער, וואָס שלאָגט־אָפּ
פון אינעווייניק, פון דעם שטיבל'ס האַרצן.
אַ וואַנדערער בלייבט שטיין ווען ער דערזעט זיי:
עס טראַכט זיך אים פון קינדהייט, פון דער מאַמען,
פון תפילות און פון אַלץ, וואָס איז נישטאָ מער.
כאָטש זיינע תפילות זיינען אויפ'ן וועג
צום שר סנדלפון, האַר פון די געבעטן,
געבליבן הענגען מיט די קעפּ אַרונטער,
ווייל ס'האָט זיי אָפּגעשטעלט אין מיטן פליען
דעם שטן'ס האַנט, — באַגערט ער פון דאָס ניי
צו שיקן זיינע תפילות צו כביכול.

## אַ תפילה

דער נשמה'ס תיבה נישט לאָז פאַרלירן
וועגן, וואָס פירן
צו דיר אין מיטן דעם לעבנ'ס מבול.
דיין ליכט זאָל דרינגען צו איר אין צוהר,
ווען ס'ליגט אויף דער לויער
און וואַרט אויף איר אונטערגאַנג דער מחבל.

פאַריאָג דעם שטן, אַז נישט געראָטן
זאָל אים, דעם שטן,
די תיבה צו עפענען פאַר'ן געוויסער!
די שליסלען גיב נישט אַוועק דעם שענדער,
דעם בייזן פאַרלענדער:
זיי דו איר אויפשליסער, דו — איר פאַרשליסער.

פאַרשליס זי פאַר אינדן, וואָס וואַקסן אַלץ גרעסער,
און עפן די שלעסער
ערשט ווען זי גרייכט דיין אַררט דעם שטילן.
און טו מיט איר דאָרטן — נאָך אַלע ליידן —
אַ בונד פאַרשניידן,
און טו דיין ליכט־בויגן אָן ווי תפילין.

טו תפילה צו זיך אין די העלע תפילין,
אַז זיין זאָל דיין ווילן
צו היטן דעם בונד ווי אַמאָל מיט נח'ן.
און איר פאַרשלאָסנס באַפריי — און זאָל עס
אַרויס פון גלות
און טאַנצן אין גראָז אויף אַררט'ס הויכן.

## אַפּאָטעאָז

נשמות מיט אויסגאַנג צום ים,
נשמות — פאָרט־שטעט! אייער יעדע גאַס
האָט דעם שימערירנדיקן פּאַס
פון ים פאַר אַ מיטלויפער.

די ליניע די ים'יק־ווייטע
נעמט אייך אַרום ווי אַ קרוין.

פון אייך גייען שיפן צו לענדער,
וואָס דאַרפן ערשט ווערן אַנטדעקט.

פון אינדזלען, וואָס זיינען נישטאָ אויף דער לאַנדקאַרט,
קומען אורחים צו אייך,
ברענגען מיט זיך אינדזלדיקע ווינטן,
און יענע ווינטן די מרחקים׳דיקע טרעפן זיך אין אייך
מיט ווינטן פון פאַרלאָשענע יבשות.

קעגן־ווינטן קומען זיך צונויף
און לויפן זיך פונאַנדער מיט אַ ווידערפראַל.
שטורעמס ברעכן אויס,
שטורעמס, וואָס נאָר פאָרט־שטעט קענען.

נשמות, צום ים אייביק אָפן!
אין אייך האָבן זיך נאָנטקייטן מיט ווייטקייטן צעקריגט,
אין אייך זיך געטראָפן.

נשמות פאַרמויערטע — די וועגן זייערע לויפן
קרום און קרימער.
איר אָבער — גלייך און אָן־סוף׳יק
לויפט אין אייך יעדע גאַס.
וואו מען זאָל נישט ערגעץ טרעפן אייער וואָרט,
גיט אַ שלאָג דערפון דער שימער
פון דעם ים׳יקן פאַס.

## עולם-הבא׳דיקע גאַסן

עס ציען זיך עק שטאָט פאַרטראַכטע גאַסן,
וואו ס׳גיסט זיך רו ווי וויינען פון גאָט׳ס פאַסן,
וואו שלאַנקע קוימענס, איינגעקוקט אין בלאַסן
פאַרמיטאָג־הימל, רויכערן געלאַסן,

און ס׳וויגן זיך פון דאָרטן און פון דאַנען
די הויכע רויכן, ווייסע ווי די שוואַנען.
עס איז ווי אַ מזבח וואָלט געשטאַנען
און ס׳גייט אָן אויפהער קטורת פון די פאַנען.

ס׳איז אַלץ פאַרטראַכט. בלויז קערנער זעסטו פיקן
אַ סטאַיע טויבן, ווי עס וואָלט דעם בורא׳ס
באַפעל געשיקט נשמות דאָ נאָך תיקון.

דאָ קומט דער ווינט צוגיין פון עולם־הבא׳ס,
וואָס דרעמלען לייטזעליק, — און פון דעם שבת,
וואָס האָט קיין סוף נישט, ברענגט ער אַהער אורות.

## ברונעם-שטאַנגען אָוונט-צייט

ברונעם־שטאַנגען אָוונט־צייט,
דאַרע מקובלים,
האָרכן ווי דער ברונעם שווייגט,
האָרכן ווי אין חלום.

ברונעם־שטאַנגען אָוונט־צייט —
טונקעלע פּרצופֿים;
קוקן איבער וועלט אַוועק,
מאַכן שטיל צירופֿים.

זע, ווי שטום זיי הויבן זיך
און ווי שטאַר זיי שטאַרצן,
און ווי שוואַרץ זיי שניידן זיך
אין דעם אָוונט׳ס האַרצן.

זאַכן ווייטע זעען זיי,
זעען ווי אין חלום.
ברונעם־שטאַנגען אָוונט־צייט,
דאַרע מקובלים.

## התגלות

האָסטו געזען פֿאַרנאַכט־צייט, ווי עס שווימען
די לייכטע לייכטנדיקע שוואַנען,
איז ווען געשוואומען מיט זיי דיין אויג
צו עפּעס אַ הייליקן נישט־פֿאַראַנען?

מערב־צו פֿאָרן בלוטנדיקע פֿענצטער,
נידעריק, נידעריק זעצט די זון זיך,
און אַלץ שווימט מיט, און נישטאָ קיין סוף,
עס שווימט אַלץ, שווימט און באַוועגט־זיך פֿון־זיך.

די שוואַנען פֿאָרן שטיל בראש פֿון אַלע,
די לייכטע לייכטנדיקע שווימער.
דעם הימל וועגן זיי, וואָגשאָלן זיי —
אויף פֿליגלען פֿול מיט ווייסן שימער.

זיי פֿאָרן, זיי פֿירן שטיל די וועלט,
פֿירן, באַרירן קוים די כוואַליעס.
פֿאַר טונקעלע אויגן פֿון דער ערד
גייען זיי אויף ווי אַ התגלות.

## אומבאַקאַנטער בעטלער

געשטאַנען ביי דער וואַנט,
די האָר — ווי ביי אליהו'ן בעת'ן שטורעם,
נישט אויסגעשטרעקט די האַנט,
אַ תפילה בלויז געוואויגן
אויף די שאָלן פון די ליפּן —
און טויבן זיינען אים געפלויגן
דורך די אויגן.

פּאַר סדום אפשר געבעטן,
ווי אַמאָל אברהם.

צומאָרגנס — ווידער געגאַנגען אים זען.
כ'האָב אים שוין מער ביי דער וואַנט נישט געטראָפן.
ווער איז ער געווען?
זיין שאָטן פאַלט ביז איצט אויף מיינע סטראָפן.

## שאַנסאָן

דיין שוואַרצן וויי
באַהאַלט, פאַרזיי,
און זאָל אויף אים
זיך קלייבן שניי.

זיך קלייבן שניי
אַ ווינטער לאַנג
און אים, דעם וויי,
פאַרדעקן בלאַנק.

און גיט אַ בלאָז
גאָט'ס יונגער ווינט,
אייז פלאַצט ווי גלאָז
און שניי צערינט,

און אַלץ וויל זיין
און שפּאַרט אַפער —
וועט אויף דער שיין
אַרויס אויך ער.

און וואָס ער האָט
אין שניי געהיט —
זיין נאַכט, זיין סוד,
וועט ווערן בליט.

ווען ווערן בליט,
ווען ווערן פרייד,
צו ליכט, צו ליד,
צו ליבשאַפט גרייט.

## נאָך אַלע אויבערשפּיצלעך פון דער טומאה

נאָך אַלע אויבערשפּיצלעך פון דער טומאה
לייכט אַלץ נאָך יונג ווי טוי און ניי
מיין אומה'ס פריידיק־פרומע
פרימאָרגן־תפילה: אלקי,
נשמה שנתת בי — אַ ריינע און אַ צאַרטע
איז מיין זעל, כי אתה — וואָרום דו,
האָסט — יצרתה — זי באַשאַפן. זי איז לויטער,
ווייל זי איז דיינע, ווייל זי איז דיין האָב.
און כ'ווייס: עס קומט אַ טאָג — דו גיסט זי מיר נישט אָפּ
ביז צו דעם אויפלעב פון די טויטע.
נאָר אַזוי לאַנג ווי זי פאַרבלייבט אין מיר, אָ האַר
פון אַלע מעשים, טו איך קומען פאַר
דיין כסא־כבוד מיט דער לויבונג פון מיין לעפץ.
געלויבט ביסטו, וואָס דו קערסט אום נשמות
צו לייבער און באַגייסט פון זעל און קערפער דאָס באַהעפטס
גלייך ווי פון מאַן און ווייב, כדי פון ביידן זיי
זאָל אויפשפּראָצן דיין געטלעכער פאַרזיי.

## דער יהי

**וואָס־זשע האָסטו, לעבן, נאָך,**
**אויסער זיבן טעג אין וואָך,**
**אויסער אונזער שווערן יאָך —**
**און דעם טויט, דעם טויט דערנאָך?**
(אברהם רייזען)

חוץ דעם מענטשנ'ס רשעות און זיין בראָך,
חוץ זיין בלוטיקער, זיין בייזער וואָך,
חוץ די אומגליקן און חוץ דער יאָך —
איז פאַראַן, פאַראַנען עפּעס נאָך.

ווען די מרה־שחורה, וואָס באַוואוינט
מיין נשמה, ווערט מיט ליכט באַלוינט
פאַר די פיינען אירע; ווען אַ בלאַט
„תניא" ווייט אויף מיר מיט אַראָמאַט

פון ירושה, דער ירושה פון חב״ד, —
עפנט אויגן די התבוננות — און שטוינט:
טויט? נישטאָ! איבער דעם אָפּגרונט פון דאָ־הי, —
זע נאַר, זע, — פליט אַלץ נאָך דער י ה י
פון דעם בראשית׳דיקן געטלעכן פאַרפרי.

## אַ זון אַ צווייטע

די אַרויפגעהויבענע ברעם
פון אַ וואָלקן, וואָס גליט אין־דער־קרים,
ציטערט איבער׳ן אויג פון דער אָוונטיקער זון.
אין אָנבליק פון דעם מערב׳ס גרים
האָט ס׳אויג זיך פאַרטראַכט. וואָס טראַכט עס?
דעם מערב׳ס צאָרנדיקער שאול־תחתית
פלאַצט מיט אַלע פייערן דער סיטרא־אחרא׳ס.
נאָר איבער׳ן וואַלד
שטראָמט אַ גרינער פאַס,
דעקט אויף דעם זוים
פון אַ יענע־זייטיקער גאַס,
וואו אַ זון אַ צווייטע דאַוונט שחרית.

## גאָטגעפיל

איך האָב מיך סענטימענטאַל פאַרטראַכט
אין אָט דעם בלויען באַנאַלן פאַרנאַכט
און ווידער הויבט זיך מיר אָן צו דאַכטן,
ווי געוויינלעך אין אַזוינע פאַרנאַכטן,
אַז דאָס באַנאַלע איז אָפּגרונטמאָל טיפער
ווי אַלע אָריגינעלע שטותים
פון יענעם קאָסמישן בערנאַרד שאָ,
וואָס מאַכט נאָך גאָט און רופט זיך לוציפער.

דער פאַרנאַכט איז אַ מחשבה נישט צו באַגרייפן;
עס צייטיקן שטערן אין הימל דעם רייפן,
אַ באָרוועס פויערל פירט אַ פערד
(אַ פערדקאָפּ אין שאָטן איז ווי די ערד,
וואָס האָט זיך אין ספערן־מוזיק פאַרהערט),
עס פידלען אַרום אַ לאָמפּ צוויי פליגן,
אַ מיידעל האָט שטיל צו אַ יינג געלאַכט,
געלאַכט, געלאַכט און געוואָרן אַנטשוויגן —
אַ שטיק קבלה איז דער פאַרנאַכט.

## דאָס בילד פונעם אַנאַנים

איבער'ן האָדסאָן — וואָלקנס: ווייסע ברעגעס
פון אַן אומבאַקאַנט לאַנד.
האַרבסט־פייגל זעגלען
צו דער זון, דעם קליינעם בריליאַנט
מיט'ן קאַלטן שליף.
פּאַמעלעך שפּאַצירט אַ שיף.
עס טראַכט צוביסלעך און פּיקט צוביסלעך
אַ טויב; די פּורפּורנע פּיסלעך
זיינען אי הרהור'דיק, אי טאַנציק.
בלעטער ווערן פליגלדיק; פלאַנציק
ווערן פליגן:
בלעטער פליען, פליגן בלייבן שטיין
ווי פאַרגליווערטע פלאַנצן, מיט פאַרהאַלטענעם ניגון.
אַ בוים אַ שוואַרצער און אַ שמאָלער
קוקט ווי זיין שאָטן קלעטערט אויף אַ שטיין.

פאַרגאַפט שטייט אַ מאָלער.
ווי זאָל־ער
קאָנקורירן מיט אים, דעם אַנאָנים,
וואָס דאָס אַלץ איז זיין בילד?
דער אַנאָנים — ער איז אין זיין בילד
און זיין בילד איז אין אים:
פאָרם באַהאָפטן מיט תוך.
ווי מאָלט מען אים נאָך?

## דער פּותר

אַ וואָרצל גראָבט די ערד און וויינט.
אַרום איז נאַכט און ער איז בלינד.
וואָס האָט דאָס גראָבן פאַר אַ מיין?
דער וואָרצל וויינט. די ערד פאַרשפּינט
מיט דעמפּער חשכות זיין געיאָמער.

דער וואָרצל ווייס נישט אין דער ערד,
אַז ער, דער בלינדער, קרומער, לאָמער,
האָט איבער זיך אַ שלאַנקן בוים,
וואָס הויבט דעם קאָפּ צו העלקייט גרויסער —
אַ שטאָלצער בוים, וואָס איז דער פּותר.

## געשריבן אין אַ ווינטער־טאָג

דער שניי — אַ זילבערנער בעכער,
זון, פאַר דיין גילדענעם וויין!
אַ טאָג אַזאַ איז אַן ענטפער
דעם קאָפּ, וואָס לייקנט פון גאווה,
דעם האַרץ, וואָס לייקנט פון פיין.
אין זוניקע טעג אַזוינע
קאָן קיינער קיין כופר נישט זיין.

## הילולא אין מערב

אין מערב צינדט מען אַ הדלקה,
דאָרט פּראַוועז שרפים אַ הילולא.
די פרייד, וואָס ברענט דאָרט, איז אַ פּאָר־שפּיר
פון עולם־הבא און גאולה.

די שרפים לאָזן דאָרט זיך וואוילגיין
אין אָט דעם אָוונט פון סוף זומער,
דערפרייען הערצער פון צדיקים,
וואָס טרינקען יין־המשומר.

עס וואַרפט אַ שרף יעדע רגע
די שרפים צו אַ האַרבע שאלה,
און ס׳פּלאַצן פּורפּורנע געלעכטערס,
חידושים פליען יעדע ווײַלע.

אָט איז אַ פריילעכע מכילתא,
אַן אש־להבה׳דיקע ברייתא.
עס לאַכן רויטע בעלי־תוספות:
דו הער, דו הער אָקאָרשט אַ מעשה!

צדיקים טרינקען וויין און קוועלן,
עס וואַרטן תיקוס, פאַקלען פינקלען.
עס וואַלגערן זיך די־לחכימא׳ס,
ודוק׳ן ווינקען פון די ווינקלען.

און סע דערטליען לעצטע סברות,
פאַרענטפערט ווערט אַן עולם־מלא,
און ס׳לעשט זיך ביסלעכווייז דער מערב,
ווי יידנ׳ס הערצער נאָך הבדלה.

## פשוט

אָט די גאַנצע געשיכטע,
וואָס מיר רופן וועלט,
וואָס מיר רופן מענטש,
וואָס מיר רופן געשיכטע,
איז אפשר אין תוך
אַזוי מורא'דיק פשוט,
אַז ווען מיר וועלן
הויבן דעם שלייער —
וועלן מיר לאַכן זייער
און פֿאַלן גאָט צו די פיס:
זע נאָר, זע,
ווי פשוט דאָס איז!

## ווי אַ נאַכט-שומר פייפט...

רייף זיין איז אַלץ
(עדגאַר אין „קעניג ליר")

ווי אַ נאַכט־שומר פייפט
אַ גריל. עס רייפט
ווי אַ פרוכט די לבנה.
די נאַכט שלייפט
שטערן וואָס גרינען.

אין חושך פאַרשטייפט
ליגט די ערד און רייפט.
די גריל — זי פייפט,
פייפט ביז באַגינען.

דאָס האַרץ באַגרייפט
(הערצער באַגרייפן):
אַלץ וואַקסט, אַלץ רייפט,
וויל רייפן און רייפן
ביז צו געפינען
דעם לעצטן זינען.

דאָס האַרץ באַגרייפט,
די לבנה רייפט,
די נאַכט שלייפט
שטערן וואָס גרינען.

## אַ דערציילונג

אויף דער גאַס אין אַ ווינקל האָט אַ מענטש געזען שטיין
אַ פרוי אַן עלטערע, דאַר באַ'גופ'ט:
זי האָט געפּרואווט
אָנסטראָיען אַ פידל
צו שפּילן פאַר דורכגייער זונטיקדיק זאַטע.
ס'האָט קיינער זיך נישט אומגעקוקט. אין אים בלויז האָט
געוויינט.
ער האָט געזען: די פרוי איז נישט געווינט
נישט צו דער פידל און נישט צו נדבות.
ס'האָט די פרוי
אים דערמאָנט אַ בלימל אַ צעקנייטשטס
צווישן בלעטער פון אַ בוך מיט לידער.

מיט טרויער אין די גלידער
איז דער מענטש געקומען אין זיין איינזאַם חדר.
ביי זיין זייט, ווי תמיד,
איז געזעסן די אשה־רעה:
די דין־לעפּציקע מרה שחורה.
ער האָט אויף איר געקוקט מיט מורא
און מיט הכנעה.
זי האָט געשעפּטשעט: „פאַלש איז יעדער י אָ —
וירא אלהים, כי רע.״

פאַר זיין אויג האָט זיך געשטעלט
די פרוי מיט דער פידל.
פאַרוואָס האָט זיין רחמנות אים נישט אָפּגעשטעלט?
רחמנות — היפּאָקריטיש לידל,
קוואַטשעריי סענטימענטאַלע!
אָט איז ער פאַרביי פאַר איר ווי אַלע.
איז די מרה־שחורה נישט גערעכט?
שלעכט
איז דער באַשאַפונג'ס סאַמע שורש.

דאָ האָט זיך צערעדט אין אים אַ קול:
זאָל זיין, איך בין דעם נחש'ס יורש.
נאָר אויב פיינט האָב איך מיין שורש,
פאַרוואָס נישט אויסרייסן אים, נישט איבערראַשן
זיך אַליין?
מיד? ס'ווילט זיך נישט גיין?

לאַך איך פון דיר, טבע!
כ׳גיי צוריק און זוך זי אויס — —

שנעל איז געווען זיין שפּאַנען:
ער האָט פאַרכט געהאַט טאָמער געפינט ער זי נישט
אויף דעם זעלבן אָרט וואו זי איז געשטאַנען.
ער האָט זי געפונען,
איז האַסטיק צו און אויף איר האַנט דער שמאָלער
אַרויפגעלייגט זיין לעצטן טאָלער.
פון איר אויג האָט אַ געדאַנק
אַרויסגעפלעמלט אַ דאַנק:
מענטש,
האָסט מיר צוריקגעגעבן גלויבן אין דעם מענטש.

אין זיין חדר
איז ער געזעסן און ביי זיין זייט די אשה־רעה:
די דין־לעפציקע מרה־שחורה.
ער האָט געקוקט אויף איר אָן מורא
און אָן הכנעה :
הער! מער בין איך נישט דיין שקלאַף.
כ׳האָב געבראָכן ס׳בייז פון דעם באַשאַף.
איינעם אַ מענטש
האָט מיין טואונג באַשטעטיקט דעם מענטש
און מיר האָט מיין טואונג באַשטעטיקט גאָט:
די עקזיסטענץ
פון אַ מאַכט, וואָס שאַפט דאָס נישט־געריכטע.

## אין אַ האָטעל-צימער

אַ פרעמדע שטאָט. אַ פרעמדע נאַכט. שוין לאַנג זיך צייט צו לייגן,
נאָר ס׳נעמט קיין שלאָף נישט. כ׳צינד נישט קיין עלעקטרע.
צום הימל בליק איך: בלויז דער הימל איז מיר אייגן.

פריש צאַפּלען זיינע נעצן פול מיט שטערן.
היימיש פאַלט זיין ליכט אויף די באַצעטלטע וואַליזן.
וואָס וואָלט געווען ווען ס׳וואָלט אונדז גאָט די שטערן נישט געוויזן?

פאַרמויערט אין אַ וועלט, וואָס וואָלט אונדז אויסגעזען ווי אַלץ־מיט־אַלעם,

וואָלטן מיר נישט חושד־זיין, אַז אונדזער ערדל
איז צווישן וועלטן אָן אַ צאָל אַ נישטיק־קלענער באַלעם.

ווען ס'וואָלט אונדז גאָט די שטערן נישט געוויזן, — ווי פאַרלוירן
וואָלטן מיר געוועזן אין אָט דעם הינער־שטייג פון אַ פּלאַנעטל,
וואו ס'וואַרגן אונדז שיקזאַלן, עיפּוש'דיקע טכוירן!

## עס דאַרפן לידער ווי אליהו'ס...

עס דאַרפן לידער ווי אליהו'ס
אַריין אין שטיבער פון בידנע ברידער.
איך וואַרט אויף לידער, וואָס ווערן דיכטער,
און וואַרט אויף דיכטער, וואָס ווערן לידער.

אָ, טאָג, וואָס וועט אַלע טעג באַליכטן,
ווען ס'ווערן דיכטער דאָס, וואָס זיי דיכטן,
ווען ס'קריגן לידער בלוט און געזיכטער,
גייען צו מענטשן — און ווערן דיכטער.

נייער אָטעם פאַר אַלטע הערצער!
גאַלוואַניזירן קאַלטע זשאַבעס!
מיט בליעכץ באַ'יומטוב'ן דאַרע העלצער!
אין אַלע וועלטן אויסרופן שבת!

1929

## רעאַל

ביי עפּילעפּטיקער און קינדער —
גיי, פאָרש דעם סוד פון זעען ק ל אָ ר!
די וואָרע וואָר דערבליקט, אין בלינדער
אַל־זעאיקייט, אַ סגי־נהור.

די בליקן שאַרף, זיי זאָלן קלאָר זיין!
חלפים זאָלן זיי דיר זיין
צו שעכטן אָפּדוכט, כלומרשט, שיין —
און מאַך אַ ברכה אויף דעם וואָר־זיין.

די וועלט פון נס, די וועלט פון וואונדער —
ווי לאַנג זי וואַרט אויף דיר אומזיסט!

---

באַמערקונג: סגי נהור — לייען: סאַגענאָר.

נישט ווייט איז זי און נישט באַזונדער:
זי נסימ׳ט דאָרטן וואו דו ביסט.

און אויב דו שפּילסט, אָ מענטש, טעאַטער
אין דעמפּן חושך פון אַ שטאַל,
דערזע זי, שאָטן־שפּילער מאַטער,
דערזע — און ווער, ווי זי, ר ע אַ ל !

## קאָסמישער ניין

כ׳האָב געפרעגט זיך אַליין: זאָל איך זעלבסטמאָרד באַגיין?
און אַ קול איז געווען צו מיר: ניין!

און געווען איז דאָס קול אויסער מיר און צוגלייך
טיף אין מיר ווי אַ שטערן אין טייך.

און געווען איז דער נ י י ן אַזוי טיף ווי דער דנאָ
פון אַ טיפן און ליכטיקן י אָ .

און געווען איז דאָס קול — פרישער אָטעם פון שניי
און דער ריח פון טייך און פון היי,

און דער טעם פון אַן ערשטן דערשראָקענעם קוש,
און דער נאַקעטער נערוו פון אַ חוש,

און די טרערן פון חטא אין דעם אָפּגרונט פון שטעט —
און די פליגלען פון ריינסטן געבעט.

ס׳האָבן רוימען העט־ווייטע געציטערט קוים־קוים
ווי אַ בלוילעכער הויך אויף אַ פלוים.

און אַ שטייגן פון צווייגן, אַ פליען, אַ גיין —
און דאָס אַלץ איז איין וואָרט געווען: נ י י ן . . .

## דאָס פענסטער

דער שטיין ביים וועג, אָט דער אַלטער תם —
זיין יחוס ווייס איך, איך קען זיין שטאַם:
זון איז זיין מאַמע, זיין ברודער — דער פלאַם.

אָט דער איינזאַמער בוים, דער פאַרשטומטער רוף,
דער פאַרגליווערטער פלי — ער איז אַ פּרואוו
צו פאַרוואַנדלען גאָט׳ס וואָרט אין אַ גרינעם גוף.

און איך, ווען איך שטיי און טו קוקן אויף זיי —
בין ס׳פענסטער, דורך וואַנען גאָט קוקט אויף די צוויי.
איך בין נאָך גרעסער, געהיימער ווי זיי.

## אָבער אויבן : פּאַראַבל פון אַ זומער-אָוונט

גרילצן גרילן,
גרילן גרילצן,
מעשה זעגן
אין געהילצן,
און ווי ספקות,
ווען זיי זעגן
ס׳האַרץ און פרעגן,
פרעגן, פרעגן.

גרילצן גרילן,
גרילן, גרילן,
גרילן בייזע,
מאָנאָטאָנע.
אָבער אויבן,
אָבער אויבן
לייכט אמונה — די לבנה.

## שפּיגלונגען

I

איר ווידערשיינען פון דעם נישט־פאַרגאַנג,
ווי אָפּט איר זייט דער רגע משיג־גבול!
איך קען אייך שוין, איר שפּיגלונגען, פון לאַנג:
עס זיינען אַלע לופטן מיט אייך פול.
הגם איר ווייזט זיך אַ מינוט בלויז — זייט־איר
נישט עדות פון נישטאָ־מער און פון אויס,
נאָר עדות פון אַן אייביקייט אַ נאָענט־ווייטער,
וואָס שפּיגלט אָפּ אין מיניאַטור איר גרויס.

II

איך שרייב די ווערטער אויפ׳ן דאָרף, אין אַ פאַרנאַכט פון זומער.

ס׳ווערט מידער דער קאָנצערט פון זינגער, גרילצער, זשומער,
וואָלקנס דערברענען, ביימער־שפּיצן גליווערן
און גאָלד־לאַמטערלעך צינדן אָן די גלי־ווערעם.

איך טראַכט, אַז עס וועט ווען־עס־איז, אין מידן שימער
פון אַ פאַרנאַכט אַזאַ, אַ שטילן און אַ הייסן,
דאָ עמעצער פאַרבייגיין. ס׳וועט שוין הייסן
אַנדערש דאָס אָרט, און איך וועל זיין נישט־הי מער:
שוין לאַנג אין נישט־פאַרגאַנג. פאַר׳חידוש׳ט ווערט ער
און שטייט געפּלעפּט: אַ מענטש־פיגור דערזעט ער שרייבן
עפּעס אויסטערלישע אומבאַקאַנטע ווערטער —
און אָט די ווערטער, וואָס זייער מיין וועט ער נישט קענען,
וועלן זיין מכוח שפּיגלונג, וואָס זאָגט עדות וועגן בלייבן,
אַמאָל געשריבן אין אַ דאָרף ביוקענען.

ביוקענען, נ. י.

## נאָך וועגן שפּיגלונגען

סצענעס, וואָס קיין שום פּינזל, קיין שום פּען
האָט קיינמאָל נישט געמאָלט און נישט באַשריבן —
אין האַוואַנע האָב איך זיי געזען
פאַרנאַכט איבער׳ן ים פון די קאַריבן.

ס׳איז צופאַל־שפּיל פון ליכט, — האָב איך געוואוסט,
נאָר כ׳האָב מיין וויסן נישט געטרויט. איך האָב געמוזט
גלויבן אַ געשפּיר, וואָס האָט פאַרזיכערט,
בשעת איך האָב מיט וואונדערונג געזען עס,
אַז נישט קיין צופאַל האָט זיך עס צעוויכערט
פאַר מיר אין אָט די גליענדיקע סצענעס.
די בילדער אָט־אָ־די איבער׳ן ים —
זיי זיינען שפּיגלונגען פון ווייטן פאַקט,
וואָס לעבט אין נישט־פאַרגאַנג. אָ מענטש, דערקען עס:
דאָס פּראַוועט מאָלצייטן און גייט אויף יאַגד
קובאַ׳ס פאַר־קאָלומבוסדיקער שטאַם,
און וואָס ער זאָגט ווערט איבערגעזעצט אין פלאַם,
און די געלעכטערס זיינע האַלטן אין איין פּלאַצן —
און ביים ווירבלדיקן קלאַנג פון טאַצן,
פאַרוואַנדלטע אין פייער, טאַנצט ער אויס אַ פרייד,
וואָס האָט קיין גלייכן און קיין גראַם נישט.

## צוג אין טונעל

דער טונעל איז
לאַנג, לאַנג, לאַנג. נאָר פריידיק־שנעל,
פריידיק־שנעל,
פליט דער צוג. אָ, העל איז, העל איז
דאָרט, אויף יענער זייט טונעל.

רוישיק, רוישיק
פליען רעדער, ראָד נאָך ראָד,
ראָד נאָך ראָד,
יאָגן, טראָגן זיך פון חושך
צו דעם דרויסן, צו דער גנאָד.

ס'וואָלטן רעדער, ס'וואָלטן יאָרן
נישט געפלויגן אַזוי שנעל,
אַזוי שנעל,
ווען ס'זאָל ז ו ן אויף זיי נישט האַרן
דאָרט, פון יענער זייט טונעל.

ווען ס'וואָלט נישט געזונט דאָרט דרויסן —
וואָלט נישט זיין אַזאַ־מין פלי,
אַזאַ פלי,
אַזאַ רוישן!
(נאַכט־צייט פאָרן מיר אַרויס און —
קומען מאָרגן אין־דער־פרי).

## דער נישט

די צאָל איז פריער ווי דאָס וואָרט.
איך בין געגאַנגען נאָך דער צאָל —
און האָב דערזען אַ וועג, וואָס איז
אָן־סופ'יק ברייט, אָן־סופ'יק שמאָל.

און האָב דערזען, אַז טאָל איז באַרג.
און האָב דערזען, אַז באַרג איז טאָל.
געגאַנגען בין איך ווי אַ קינד
נאָך איר, נאָך איר, נאָך מאַמע צ אָ ל.

און ס'האָט מיך מאַמע צאָל געפירט
צו קליינס, וואָס איז פון קליין־זיין גרויס,
און מיך געבראַכט צו זיך אין לאַנד,
און מיך געלייגט צו זיך אין שויס.

און מיך געבראַכט האָט זי צום נול,
און מיך דערפירט האָט זי צום גבול.
און כ׳ווייס: דער נישט, דער הוילער נישט,
קאָן יעדע רגע ווערן פול.

און כ׳האָב אַריינגעקוקט אין קוואַל,
און ס׳האָט מיך כוואַליע־שפיל דערפרישט:
דער נ י ש ט ווערט יעדע רגע — אַלץ,
דער אַלץ ווערט יעדע רגע — נישט.

## אין הימלען דיין בעט

ווען דו זאָלסט קאָנען הערן!
עס לאַכן שטערן
אַ פייערדיק געלעכטער,
ווען ס׳היטן ווענט דיין נאַכט־שלאָף,
די טונקעלע וועכטער.

דיר דאַכט זיך: דו שלאָפסט.
ווענט מיינען: זיי היטן.
אין קאָסמישן דרויסן,
דעם שטערנדיק צעגליטן,
זעט מען: דו קרייזסט
ווי עס קרייזט דיין פּלאַנעט.
צווישן וועלטן דיין היים און אין הימלען דיין בעט.

## ווייל ס׳איז דאָ אַן ענטפער

אַלץ פרעגט אויף אָט דער ערד. עס פרעגן
וואַנדערער און וועגן.
אויב ס׳טוט דיר ווי אַ האַנט, אַ פוס, אַ צאָן —
הער דיך איין: זייער פיין
איז אַ פרעגן.

פאַרטאָג נאָכ׳ן באַל
פרעגט דער זאַל
ביי פאַרוואונדערטע טירן.

ס׳איז אַ גאָלדענער אינזעקט אַרויס שפּאַצירן —
האָט אים באַגאָסן די־די־טי.
ליגט און פרעגט
אַזוינס, וואָס איז געווען אינזעקט.

דעם קאָפּ צו די קני
זיצט מידע מי —
און פרעגט.

ס׳פרעגט ביי גרעזער אַ קו.
שויבן פרעגן ביי אַ רעגן.
ווען ס׳זאָל ניט זיין קיין ענטפער ערגעץ־וואו —
וואָלט ניט געווען קיין פרעגן.

אַלץ פרעגט דערפאַר,
ווייל אויף אינזעקט און פילאָזאָף
וואַרט ביים סוף
דער ענטפער.

## אשרי האיש

נאָך אַלע ביטערנישן, אַלע טענות, אַלע דיאַטריבן,
נאָך אַלע קונצן פון דער כפירה, נאָך דעם טייוולס שפּאָט און ביטול,
איז דער סך־הכל דער, וואָס שטייט מיט אמת־רייד געשריבן
אין תהלים, אין זיין ערשטן, גוואַלדיקן קאַפּיטל:

אַז וואויל צו דעם, וואָס איז אין ראָט פון בייזע נישט געגאַנגען,
אויפ׳ן וועג פון זינד־לייט נישט געשטאַנען און אין זיץ פון לצים נישט געזעסן,
נייערט צו גאָט׳ס אמת איז געווען זיין האַרצ׳ס פאַרלאַנגען,
האָט טאָג־ווי־נאַכט געדאַכט, גאָט׳ס וואָרט נישט צו פאַרגעסן.

ער איז געגליכן צו׳ן אַ בוים, געפלאַנצט אויף קוואַלנדיקע בעכן,
אַ בוים, וואָס זיינע בלעטער וויסן נישט פון וויאַנען
און צייטיק גיט ער פרוכט. גאָר אַנדערש די, וואָס שפּאַנען
אויף וועג פון אומרעכט, אָפּנאַר און פאַרברעכן.

זיי זיינען ווי דער שפּריי, וואָס ווינט וואַרפט הין־און־קריק אים.
פאַרשטעלן מעג די וועלט דעם וועג פון די צדיקים —
דער הימל זעט דעם וועג. ס׳גערעכטע האָט ממשות.
פאַרלוירן אָבער גייט דער וועג דעם רשע׳ס.

## פּאָרשפּיר

אין מיטן אַ צעגליטן טאָג פון תמוז
גיי זוך דיר אויס אַ גרינעם דלת אמות
און לייג דיך אויפ׳ן גראָז און הער דיך צו

דורך האַלבן מאַרך צום גוסס'דיקן רוישן
פון זשומענדיקן תמוז'דיקן דרויסן —
און ליג אַזוי צעווישן רויש און רו.

פון ווייטן וועט דיר שפּילן אַלץ, פון ווייטן,
גלייך נישט פון דיינע ערטער, דיינע צייטן...
אויב גליק איז דאָ — וועט אויפגיין אין דיר גליק.
די רויטע יאַגד פון זיין, דעם לעבנס גרויל איז —
ווען ס'גיסן זיך צוזאַמען אַלע קולות —
נישט גרויל, נאָר דינסטע ווינטיקסטע מוזיק.

און ווייסן וועסטו: אָט אַזוי פון ווייטן
קלינגט אַלץ, וואָס טראָגט די קייטן פון די צייטן,
קלינגט אַלץ, וואָס איז צו אָרטיקייט געשמידט,
דעם גייסט, וואָס גייט אַוועק און הויבט זיך העכער.
עס זינגט צו אים דער פלוך פון אַ פאַרברעכער
און מאַרך־געשרייען טראָגן אים אַ ליד.

## הויכער שם-הוויה

דער מילכוועג לויפט פון זיך צו זיך דערשראָקן.
ס'הענגט זיך אויף אַ בוים אויף זיך אַליין
ווי אויף אַ האָקן.
שאָטנס, ווי געדאַנקען אין משוגענע געהירן,
גאַלאָפּירן, גאַלאָפּירן, גאַלאָפּירן,
און ווייסן נישט אַליין, אַז ס'איז אַ שטיין
אויף איין אָרט. אַן אַלטער שטיין
חלומ'ט שפּיל פון דורות, קאַטאַסטראָפעס פון אַמאָל־צייט.
הינטער צווייגן, שוואַרצע שטייגן, טוט דער ווינט זיך אַ
פאַרטאַיע —
אַ שפּרונג־באַרייטע חיה,
וואָס האָט דערשנאַפּט אַ הייסן מאָלצייט.
פעלדער גייען בלייך — אבלים נאָך אַן אומגעזעענער לויה.
און איבער אָט דעם גאַנצן קנויל
פון דאַכטעניש און גרויל
הויבט זיך רואיק דער לבנה'ס קויל —
אַ הויכער שם־הויה.

---

*) שם הויה = לייען: שעם האַוואַיע.

## דערזעאונגען

איך האָב געזען אַ הונט: געהאַט האָט ער אַ פּנים
פון אַן אַלטן חשוב'ן באַנקיר.
אים האָט אַ דאַמע אין מיטן גאַס
געפירט אויף אַ שפּאַציר —
און ס'האָט נישט געזען נישט זי, נישט קיינער,
אַז ס'איז אַ גלגול פון אַ באַנקיר.

געזען האָב איך אַ יידן מיט אַ גרינער באָרד —
און גראָד נישט אויף שאַגאַל'ס אַ בילד.
דער אַלטער שניידער מיט דער גרינער באָרד
איז געגאַנגען פון קלויז און געשמייכלט מילד
אַ שמייכל פון טיפע זקנים.
אַ באָרד קאָן ווערן פון טאַבאַק באַגרינט —
נאָר איך האָב באַקומען דאָס אויג פון אַ קינד
און האָב מיך געוואונדערט,
הלמאי עס וואונדערט נישט קיינעם:
דאָס שפּראָצט דאָך ביים אים אויפ'ן פּנים —
איצט, ווען ער לעבט נאָך און וואַנדלט —
אַן אָנהויב פון יענעם געוויקס,
וואָס אין אים וועט ער ווערן
נאָכ'ן טויט פאַרוואַנדלט.

אין אַ חולי־נופל'דיקן אָוונט
האָב איך דורך בלאָטיקן וואַרשעווער שניי
געשלענדערט אַהיים,
אַ באַלאָדענער מיט וויי.
לויפט אַ בעטלער מיר פאַרביי — אַ שאָטן
אויף בושל־פיס צוויי,
און, איידער כ'באַווייז
דעם אָטעם צו כאַפּן, דערהער איך
אַ געשריי:

„אשרי תמימי דרך!
מיינט נישט, אַז ס'איז שוין עק וועלט, יונגערמאַן!
איר פרעגט, צי ע ר איז פאַראַן?
פאַראַן!"

און ער איז פאַרשוואונדן אין בלאָטיקן חושך,
דער הויכער אָרעמאַן.

## לאַנדשאַפט פון גנאָד און קינדהייט

קוק — און די אויגן לייטער!
ווי יאָרן פון קינדהייט ווייטער
פורפורט זיך אַ סאָד
אין אָוונט־הימל אויבן,
באַשאָטנט מיט גאָלד אַ שטאָט.

אַ מנין בליציקע טויבן
דרייט זיך אין אַ ראָד.

אַ הונט האָט פרום פאַרהויבן
דעם קאָפּ צום מנין טויבן —
אַ זעל, וואָס וואַרט אויף גנאָד.

מערב־צו פאָרן שויבן
פון דער גאַנצער שטאָט.

עפּל פאָרן זיי קלויבן,
עפּל פון הויכן סאָד.

## נול, איינס, צען

דער טאָג האָט געשריגן לאַנג, לאַנג און דול,
געטראָטן, גע׳דורס׳ט, דער רשע מרושע!
דער שטילקייט׳ס אויער איז אַלץ נאָך פול
מיט זיינע געשרייען — און זע: די ירושה,
וואָס ער לאָזט איבער דער נאַכט, זיין אלמנה,
איז נול, איז נול —
דער קיילעכיקער נול פון אַ לבנה.

רייד איך צו דעם נול: ס׳איז דאָ אַן איינס —
וואויל איז צו דיר, אויב דו קאָנסט אים דערזען!
באַגער צו אים, נול, און ווער איינס מיט׳ן איינס,
ווערט דערפון צ ע ן,
די ספירות די צען — —
נול, דאַרפסט נאָר קאָנען דערזען!

דערזעסטו — ווערט ווידער געבוירן אַ טאָג,
שוין נישט קיין משוגענער שרייער,
אַ טאָג אַן אמת׳דיק נייער,
דער טאָג, וואָס וועט וועלטן באַנייען — —
נול, ווער אַן אַין!

## אותיות

ס׳האָט גאָט מיט די אותיות די צוויי און צוואַנציק
באַשאַפן די תורה, דערנאָך די וועלט.
די הימלען האָט ער מיט זיי געפורעמט,
דאָס הויז פון דער ערד מיט זיי געשטעלט.

און ער האָט די תיו באַהעפט מיט דער אלף,
ער האָט זיי באַהעפט דורך דער מיט — דער מם,
און אַזוי איז געשאַפן געוואָרן אמת,
דער חותם דער גליאיקער פון זיין שם.

נאָר ס׳דאַרפן צוויי אותיות נאָך ווערן נתגלה;
זיי פעלן, די צוויי, צו די צוואַנציק און צוויי.
דאָס אות נאָך דער תיו און דאָס אות פאַר דער אלף —
נשמות און דורות וואַרטן אויף זיי.

ס׳באַגערן מעשים — אויף זייער וואַנדער
הין און צוריק צווישן זינד און שטראָף —
צום נישט־אַנטפּלעקטן אות פאַר דער אלף,
צום נישט־אַנטפּלעקטן אות נאָך דער תיו.

עס ברומען צו זיי די באַגערן אַלע
ווי ס׳ברומט צום קוואַלוואַסער דאָרשטיקע שאָף.
עס גלוסט צום אות, וואָס פאַר איר, די אלף,
און ס׳וויל צום אות, וואָס נאָך איר, די תיו.

## אחד

אַלץ איז יאָ און אַלץ איז ניין,
פון צעברויזטן ים־אוקינוס
ביז צום שתיקה׳פולן שטיין,
און פון ווערעם ביז נשמות.

אַלץ איז יאָ און אַלץ איז ניין,
אַלץ איז אָפּדוכט און איז וואָר.
אַלץ באַשטייט און טוט פאַרגיין,
אַלץ איז גאָרנישט, אַלץ איז גאָר.

לייב פון וואָרעם שיידט די גרויס,
בלוט פון וואַסער — דער קאָליר;
אין אַ דאָרן בליט אַ רויז,

אין אַ קללה קלינגט אַ שיר.
און נאָר איינע איז די לייטער:
גרייכט צום הימל, גרייכט צום תהום.
פון איין כלי צו דער צווייטער
גיסט־זיך אַלץ דערזעלבער שטראָם —
אַלץ איז קערפּער, אַלץ פאַנטאָם.

וואָלט די וועלט זיין פּוסט און טויט
און פון גאָרנישט נישט באַשטיין,
חוץ פון עפּעס דאָרט אַ שטיין
ביי אַ וואַקלדיקן פּלויט, —
וואָלט פון פּלויט און שטיין אַליין
אַלץ אויפסניי געקאָנט אַנטשטיין.
ווייל אין אַלץ, וואָס האָט געשטאַלט,
שלאָפט אַ וועלט, ווי אין אַ וויג,
און עס ברומט אַ גאַנצער וואַלד
אין דעם זשומען פון אַ פליג.
מיט דעם שעפער׳ס ערשטער פרייד
לעבט אָן־אויפהער די יצירה,
און אַ זאַך איז גאָט׳ס אַ קלייד,
איטלעך וועזן איז אַ ספירה.

## צו גאָט געהערט די נאַכט

גיי צייכן אויף, דו וויַיסער,
גיי צייכן אויף צוויי שורות,
און זאָלן זיי אַ קלינג־טאָן
און אָנזאָגן גאָט׳ס בשורות:

צו גאָט געהערט די נאַכט,
צו גאָט געהערט דער שטן!

נישט בלויז די זיסע כרובים,
וואָס ברומען לויב ווי בינען,
נישט בלויז דער טאָג געהערט אים
און זונען ווי רובינען, —

צו גאָט געהערט די נאַכט,
צו גאָט געהערט דער שטן!

געשריבן שטייט אין הימל
מיט שטערן־כתב פון פלאַמען,

געשריבן אין די גרונטן,
אין תהומ׳ען פון די ימ׳ען:

צו גאָט געהערט די נאַכט,
צו גאָט געהערט דער שטן!

אין אחרית־טעג, ווען ס׳פאַלן
דעם שטנ׳ס אַלע מאַסקן,
באַקומט דער מענטש פון שטן
זיין גליק צוריק, זיין משכון.

צו גאָט געהערט די נאַכט,
צו גאָט געהערט דער שטן!

1923

## זעאונג

עס צעפאַלט זיך די שטאָט,
עס צעפליען זיך גאַסן.
צו אַ ים אין דער טיף
לויפט אַ שלל מיט טעראַסן.

און דער ים לויפט און שרייט,
עפּעס לויפט ער און שרייט ער,
און פון יענער זייט ים
ווינקט אַ ווייסער, אַ ווייטער.

די נשמה אין גוף
ווערט אַלץ לייכטער, אַלץ לייכטער...
ס׳פליט און פלאַקערט די ליכט,
ס׳ליגט צעבראָכן איר לייכטער.

## טעג

### א

געקענט האָב איך טעג — אַזוי בלוי, אַזוי העל,
ווי אין אָקעאַן די פונאַנדערגעזונגענע וועל.
עס האָט זייער ווייטקייט מיט זוניקע בליקן
געוואונקען צו ערד און צו לייט,
זיי צוגעזאָגט גאָלדענע גליקן.
נאָר אָט ווערט אַ וואָלקנדל, גרויס ווי אַ פויסט,

אַ וואַלפיש — און ס׳האָט זיך אַ שטורעם צעברויזט,
געיאָגט זיי מיט דונערס, מיט בייטשן פון בליץ
געגעבן זיי שמיץ,
אין חושך פאַרשלעפּט זיי, אין נאַכט אָן אַ פורעם.
די טעג האָט געפאַנגען דער שטורעם!

ב

געקענט האָב איך טעג — אַזוי בלייך, אַזוי מאַט,
ווי קינדער, וואָס ס׳האָט זיי אַ מאַמע אַ קראַנקע געהאַט.
דאָס קול האָט געקרעכצט און דאָס אויג האָט גערעגנט.
זיי זיינען געגאַנגען צום טויט —
און האָבן דעם טויט נישט באַגעגנט.
אַ פּלוצלינגע זון איז באַפאַלן מיט גאָלד
די טעג, וואָס סע האָט זיך זיי חושך געוואָלט,
מיט ליכט זיי באַלאַגערט, מיט פריידן באַשטראַלט
אויפסגעוואַלד.
אומזיסט איז צום טויט געווען זייער פאַרלאַנגען —
עס האָט זיי דאָס לעבן געפאַנגען.

1919

## נקודה פון פאַר בראשית, אָדער אַ קליינע פּאָעמע וועגן וואָלקנס

מיך אַרט נישט אויסצוזאָגן — ווער עס וויל מעג לאַכן:
כ׳בין מיך נוהג
צו אָבסערווירן וואָלקנס (כ׳בין כמעט
ווי באָדלער׳ס בר־נש,
וואָס איז געווען משוגע אויף nuages).

כ׳בין וואוילקענעוודיק אין וואָלקנעריי.
אויך איצטער, ווען כ׳פאַרצייכן אָט די ווערטער,
קוק איך דורכ׳ן פענצטער און זע הימלישע מחשבות:
אין אַ תכלית׳דיקן ריזן־מוח פלאַטערן זיי אום
בצורת וואָלקנס.

ווי רויזן־גערטנער צינדן זיך די וואָלקנס
איבער׳ן האָדסאָן פאַזע ברעגעס פון ניו־דזשוירזי,

*nuages = וואָלקנס. ס׳ווערט געמיינט באָדלער׳ס ליד אין פּראָזע.

בעת עס צילעוועט די פייערנע שמאַראַגדן אָן
די בריק, וואָס טראָגט דעם נאָמען פון דזשאָרדזש וואַשינגטאָן.

און אין דער שטאָט, וואָס הייבט זיך הינטער מיר
ווי סוד פון גורל בלוטיקן, אין וואַרשע,
האָב איך ייִנגלווייז געזען זיי פאָרן
איבער די מויערן די טונקעלע ווי מחנות
פון נשמות צו אַ וועלט אַ ווייטער.

און אין ירושלים עיר הקודש
האָב איך געזען, ווי איבער גאָר דעם הימל
האָט אָוונט־צייט געפלאַקערט זייער שטראָף־וואָרט,
ביז ס'איז אַריין, ווי אין אַ קילן ברונעם,
אין דעם האַרץ פון ברושים.
און הויך אַרויפצו זיינען זיי אַן אַנדערשמאָל געשטיגן,
ווי אין זיין רייטוואָגן פון פייער — אליהו.

געצנדינעריש און וואַקכאַנאַליש
האָב איך זיי געקענט איבער דעם ים פון די קאַריבן.
זיי האָבן פלאַמיקע הוליאַנקעס דאָרט געפראַוועט בעת שקיעה.
ווי אַ דונער
האָט פון צייט צו צייט אַרויסגעפלאַצט אַ חכמה
פון אַ לץ אַ שכור'ן, אַ וואָלקן־יונג אַ רויטן,
און נישט געווען קיין סוף
צו אייבערשטע געלעכטערס.

אַרויס פלעגט דענסטמאָל אויפ'ן דאַך
די טונקל־ליכטיקע דאָלאָ'רעס.
געגאַנגען בין־איך אונטן אויפ'ן גאַס
און געזען, ווי איינער פון די וואָלקנס
כאַפּט זי ביי דער טאַליע,
און חברה טראַסק־און־בליאַסק, די וואָלקנס וואָס אַרום,
ליאַרעמט פריילעכע הוראַ'ס.

יאָ, אין ערטער אין פאַרשיידענע האָב איך געפאָרשט
דאָס וואָלקן־פאָלק. וואו ס'טרעפט זיך באַרג מיט וואַסער
דאָרט מאַכן וואָלקנס נאָך סיי באַרג, סיי וואַסער.
פון וואַסער האָבן זיי די פרייד
פון אַ מרחקימ'שן צעשפרייט,
פון באַרג — אַ בלויליכקייט, וואָס ווינקט און איז מבשר.

און ווען אין הימל׳ס סאַמע אויבנאָן
בלייבט אַ שטיין אַ וואָלקנדל אַ מירמלדיקס, אַ דינס,
טוט זיך אַ וויג דאָס האַרץ מיר ווי בשעת
ס׳האָט אויף אַ סעקונדע זיך געהאַט אַ גליטש־געטאָן מיין בעט
(אַן אויפטרייסל אַ בלויז סעקונדיקער
האָט יענע נאַכט אַ וויג־געטאָן ניו־יאָרק).
דאָס וואָלקנדל דאָס מירמלנע, דאָס דינע,
קומט מיר ווי די אור־נקודה פאָר,
די נקודה פון פאַר בראשית.

## בעטלער

עס שטייען בעטלער אַלטע, בלייכע, הייליקע,
אויף פאָרשטעט־גאַסן ברייטע, ווייטע, ליידיקע,
און שאָקלען קוים מיט לעפצן מיט אָנריידיקע
און מורמלען תפלות סוד׳יקע, אָנצייליקע.

די נסתר־אויגן זייערע — וואו בלאָנקען זיי?
דאָס קאַלטע פּנים שיינט זיי אור־הגנוז׳דיק,
גלייך ספירות וואָלטן מאַמעדיק־רחמנות׳דיק
מיט ליכט, לעתיד־לבוא־ליכט באַשאָנקען זיי.

זיי דאַנקען נישט: זיי נעמען די נדבות אָן,
ווי ס׳וואָלטן די מטבעות שטיקער זינד געווען
און קדושה אָרעמע דאַרף געבן תיקון זיי.

עס קוקט זיי פון דער זייט דער מלאך־המות אָן
און ליכטיק ווערט אים ווי ער וואָלט אַ קינד געווען.
זיין פינצטערניש די איינזאַמע דערקוויקן זיי.

## די הייליקע

(אָריענטאַלישער סיוזשעט)

און נאַכט ביי נאַכט איז זי געווזן וואַך.
זי פלעגט זיך שטעלן דרויסן אויפ׳ן דאַך,
פון אַלדאָס פינצטער־ערדישע זיך אויסטאָן,
אַרויף די שלאַנקע אָרעמס אַ שפרייט־אויס טאָן,
און זאָגן: „דיך באַגריסן טו איך איצט,
מיין איינציקער באַגערטער, וואָס דו זיצסט
און קעניגסט צווישן שטערן! ס׳ווערט דיין הויך
אויף שטראַלן מיר געטראָגן פון דער הויך,

און כ׳שפיר דיין קוש אין אָטעם פון דעם ווינט,
אין יעדן שאָרך, וואָס פלאַטערט און אַנטרינט,
און ס׳קלאַפּט מיין האַרץ און וויל דיך און באַגערט.
עס ליגן איצט די פרויען פון דער ערד
אויף תאוה׳דיקן דעמפּיקן געלעגער.
זיי פאַלן פאַר׳ן מאַן, דעם ווילדן יעגער,
ווי חיות אָרעמע. נאָר מיר איז פרעמד
די תאוה, וואָס צערייסט אויף זיך דאָס העמד.
אויף מיינע ליפּן ציטערט אַ געלעכטער:
איך לאַך פון חוה׳ס לייכטזיניקע טעכטער,
וואָס האָבן נאָך דיין ליבשאַפט נישט דערקענט;
דאָס בלוט דערקוויקט זיי — און דאָס בלוט פאַרברענט.
זיי קענען נישט דיין ליבשאַפט, וואו פאַראייניקט
איז רואיקייט מיט גליק; דיין קוש, וואָס רייניקט,
דיין גנאָד־בליק, דו מיין שטערן־רייכער קייסער!
אָ, קוש מיך מיט די ווינטן דיינע הייסער
און רעד צו מיר אַלץ שטילער אויף דיין שפּראַך״ —

אַ גאַנצע נאַכט איז זי געוועזן וואַך.

## די מאַכט וואָס איז מענטש

יונג זיין הייסט קראַנק זיין.
וואָס ווייסן דערוואַקסענע
פון אַלע דיינע מחלות,
שטורעם־שווערע יוגנט?

זי איז געווען מיין ערשטע תאוה
און כ׳האָב זי פיינט געהאַט אַזוי
ווי נאָר פאַרליבטע ייִנגלעך האָבן פיינט.
יונג זיין הייסט קראַנק זיין.

ביז איינמאָל אין אַ טאָג
האָט זי אַהיימגעפירט צו זיך אין שטעטל
אַן איינזאַם האַרץ און אַ דאַרן טשעמאָדאַן.
ס׳האָט קיינער נישט געבראַכט
קיין בלומען צו דער באַן.
זינט דאַן
האָב איך נישט געהערט פון איר.
איז זי ערגעץ נאָך פאַראַן?

אַ דאַרער טשעמאָדאַן.
ס'האָט קיינער נישט באַגלייט זי צו דער באַן.
אָבער דאַן, ערשט דאַן
האָב איך דערפֿילט,
ווי גרויס ס'איז געווען און ווילד
די לאָדונג פֿון איר מאַכט.
ס'איז מיטאַמאָל די וועלט
געוואָרן פּוסטער און גערוימער,
אַנדערש האָט אויסגעזען די זון,
אַנדערש האָבן גערוישט די בוימער.
דעם טאָג האָט זיך געאָטעמט גרינגער.

הייסע נאַכט איז אויף שפּיץ פֿינגער
נישט געגאַנגען פֿון איצט אָן.
עפּעס איז אַ סוד געוואָרן
אַרויסגעריסן ווי אַ צאָן.
מ'האָט פֿון די פֿענצטער פֿון דער וועלט
אַרונטערגענומען די גאַרדינען,
שטייען נאַקעט שויב און וואַנט,
נישט איין שאָטן צו געפֿינען.
אַן אַנדער קאָליר האָט פֿרייד,
אַן אַנדער געשמאַק האָט צער.
און אַלץ דערפֿאַר,
ווייל י ע נ ע איז נישטאָ שוין מער.

כ'געדענק ביז איצט די ענדערונג,
דאָס געפֿיל, אַז מענטש איז מאַכט,
און אַז אַ מאַכט
האָט פֿון מיין גורל זיך אָפּגעטאָן.
זי מיט די דינע ליפּן,
מיט די באַגערונגען און טרויערן
אין אירע בריענדיקע אויגן,
וואָס האָבן נישט אויפֿגעהערט צו לויערן, —
געווען איז זי — געוויטער;
האָט זי דער ווינט אַוועקגעווייט,
זי זאָל פֿון איר בליץ דעם ציטער
אויסציטערן ערגעץ אַנדערשוואו
און פֿון אירע דונערן
אויסלאָדן די טענה
אין הימלען אַנדערע, נישט מיינע.

מיר עלנטע מענטשן אַלע,
ס'איז אויך דער שוואַכסטער צווישן אונדז
אַ קראַפט אַן אייביק רעאַלע.
און אַז אַ מענטש פאַרשווינדט,
האָט עס נאָר דער ווינט
אַוועקגעטראָגן אים
צו אַנדערע ווייטע זומערן,
ער זאָל אין הימלען אַנדערע
אָנצינדן זיינע בליצן,
קוילערן זיינע דונערן.

און בין איך אין אַמעריקע
דעראינערונג בלויז און וואָגל־גייסט,
פון פוילן אַ פאַרוויייטער שפליטער,
דונער איך מסתמא ערגעץ אַנדערשוואו —
מענטש איז אַ געוויטער.

## דער צווייטער — דער באַגלייטער

דאָ אַנומלט,
ווען כ'בין פון אַ טעלעפאָן־ביידל אַרויס
(נאָך אַ שמועס, וואָס האָט מיך אַביסל צעטומלט),
האָט פון אַ שפיגל קעגנאיבער
צו מיר אַ שפרייז געטאָן אַ הער
אין אַ גרויען הוט.

כ'האָב אַ מינוט
געטאָן אַ קלער:
עפּעס קענטיק — אָבער ווער?

האָט דער הער
אַ שמייכל געטאָן אין דער קרים
און מיט דער שטילסטער שטים
אַ פרעג געטאָן: מעג איך אייך באַגלייטן?
אהרן צייטלין הייס איך.

— איך אויך, — האָב איך געזאָגט.

— דאָס ווייס איך.
פון צוויי באַשטייט איר,
און איך —
איך בין דער צווייטער.

די עובדא פון דעם צווייטן
איז צו באַגלייטן.
צום סאָבוויי גייט איר?
זייער גוט.
וועט איר טאַקע האָבן אַ באַגלייטער.

און ס'איז אַוועק מיט מיר דער צווייטער.

## נאָענט

איז אַ העלע נאַכט אַראָפּ אויף רייסן.
זיצט אַזוי די שטילע באָבע מיינע,
אַ טויב אין דעם לבנה־ליכט דעם ווייסן,
און הערט מיין קינדיש־וויינענדיקע טענה:

באָבע, זיי אַ גוטע. פּאָלג מיך, באָבע.
נעם דעם נייעם לייטער, וואָס דער זיידע
האָט געקויפט — און לאָמיר אַזוי ביידע
גיין אַרויפצו, אויפ'ן ווייסן בוידעם.

אויפ'ן הימל? מ'דאַרף זיין אַ מלאך קודם, —
זאָגט די באָבע און זי גלעט מיין קעפּל.
אויפ'ן הימל? ס'איז דיר נישט קיין עפּל
אויף אַ בוים. מ'קאָן עס נישט דערלאַנגען.
ס'איז דער הימל ווייט, מיין קינד, — אַ מורא!

גיט אויף מיר אַ יאָג מיט מרה שחורה.
ס'לעשט זיך די לבנה פון איר וואָרט.
נאָר איך מאַך מיר האַרץ. איך זע דאָך פּאָרט,
אַז ס'איז נאָענט. פּלוצלונג גיט אַ צוק
אין אַ כליפּ עקשנות'דיק מיין ליפּ:
ס'איז דאָך נאָענט — זעסט נישט? גיב אַ קוק!
מע קאָן, מע קאָן דערלאַנגען!

איז וועלט נאָך וועלט פאַרגאַנגען
זינט יענער ווייטער נאַכט אויף רייסנ'ס ערד,
וואָס האָט געהערט
מיין כליפּען און מיין טענה.
נישטאָ שוין לאַנג די באָבע פייגע־טריינע.
און נעכט האָב איך געזען, אַזויפיל נעכט.
און כ'האָב פאַרלוירן אויפ'ן וועג די יאָרן מיינע.
נאָר איצטער ווייס איך: כ'בין געווען גערעכט.

מיך האָבן נעכט פון תפילות און געוויינען,
ווען ס׳האָט דאָס האַרץ מיט בלוט אין מיר געטרערט,
געלערנט: נאָענט איז דער הימל צו דער ערד —
נענטער אָן אַ שיעור ווי מענטשן מיינען.

## געשריבן אויף דער שיף „אָריענטע"

אין הימל דריי פלאַמיקע פּאַסן
נאָך טאָג, נאָך זון, נאָך אַזויפיל האַרמידער —
אויך נאָך מיר ווען בלייבן, ווי דריי רויטע פּאַסן, דריי לידער,
און אפשר דאָס אויך נישט.

פון ווייטע פאַנגען
קערט זיך אום דער ווינט. אַ תשבורת פון קלאַנגען
ברענגט ער דעם אָוונט.

אַלע שיפן און אַלע קאַפּיטאַנען
פירן פון דאַנען
צום דאָרט.
שיף, ביי דיין באָרט
שטיי איך און ווייס: איך שווים
נישט צו קיין האַפן —
צו א ל ה י ם.

## דער באַשאַף: אַן עקספּראָמט, כמעט אַ הומאָריסטישער, פאַר יודעי־חן

אַז אַלע מענטשן האָבן פּליכעס —
ד אָ ס, זאָגן לצים, איז דאָך קלאָר,
נישט מער: פאַראַן אַזעלכע פליכעס,
וואָס זיינען צוגעדעקט מיט האָר.

איז אויב ס׳געפעלט אייך נישט די חכמה,
אויב ווערדליג אייך איז זי צו פלאַך,
וועל איך אייך זאָגן, אַז איך ברענג זי
אַקעגן גאָר אַן אַנדער זאַך.

ווען כ׳האָב געפרעגט וואָס דער באַשאַף איז,
האָט מיר מיין זעל געזאָגט בסוד:
אַזאַ מין פּליך אַ קאָלאָסאַלער,
וואָס גאָט האָט צוגעדעקט — מיט גאָט.

## אַן ענטפֿער דער ערד

**(אויף אַ מאָטיוו פֿון אבן גבירול)**

וואָס טויגן דיר די טראַכטענישן אַלע? —
מאַכט צו מיר די ערד. —
אַ קאַרגע איז די צייט, טאָ נעם ביי איר וואָס ס'לאָזט זיך —
חוץ דעם איז גאָרנישט ווערט.

דו ערד! איך לאַך פֿון טעג, איך לאָז זיי לויפֿן —
ס'איז העכערס מיר באַשערט.

ווי די נשמה טוט דעם גוף באַוועגן
אַזוי באַוועגט דעם מענטש מיין שיר.
עס פֿאָרט דער מענטש דורך מיר
זיין גאָט אַנטקעגן.

## צייכן מיט מענטשן-כתב

צייכן מיט מענטשן־כתב
ווערטער אַזוינע אויף:
אַלע פֿאַרקערטקייטן
זיינען פֿאַרשטעלטקייטן;
זאַך וויל דערפֿרעגן זיך
נאָר צו איר קעגנזאַך.

אַלע פֿאַרקערטקייטן
ווילן זיך אויפֿדעקן:
רייניקונג, אייניקונג,
אייביקונג ווילן זיי.

אַלץ, וואָס טוט פֿאָרקומען,
דינט דעם באַגער מיינעם:
ס'זאָל זיך באַגעגענען
זאַך מיט איר קעגנזאַך.

ס'נעמט פֿון דער טונקלעניש
פֿורפֿור זיך אויספּיקן,
ווען די פֿאַרקערטקייטן
טוען זיך אָנקוקן.

יאָג פון זיך טרויערס אָפּ,
דעק בלינדע שלייערס אָפּ!
הינטער די דוכטונגען
איינציקט מיין איינס.

1925

## ליד פון דער גוטער טואונג

וואָס איז מיינונג? ס'איז אַ מיינונג
גאָרנישט ווערט.
היינט אַזוי, און אויף צומאָרגנס —
פּונקט פאַרקערט.
וואָס איז ליבע? איז דען ליבע
עפּעס ווערט?
זי איז ליבע ה י י נ ט, און מאָרגן —
פּונקט פאַרקערט.
וואָס איז פרוי? זי איז פאַרקערטקייט.
היינט אַזוי,
מאָרגן — היפּוך, פולער היפּוך.
דאָס איז פרוי.
וואָס איז דיכטונג? ווער ס'געטרויט איר —
דער פאַרשפּילט.
וואָרט פאַרפירט דיך. עס גענאַרט דיך
ס'בילד.
גוטע טואונג — זי בלויז דויערט,
און פון איר
גייען שטראַלן אָן אַן אויפהער,
אָן אַ שיעור.
גוטע טואונג, ווי אין שפּיגלען
אָן אַ צאָל,
שפּיגלט זיך אין אַלע וועלטן
אויפאַמאָל.
און זי טראָגט אויף זיך דיין חותם —
און ער שטראַלט,
און זי שפּיגלט־אָפּ אין וועלטן
דיין געשטאַלט.

## אַ מקובל'ס ליד

אונטן וויינען וואָכן־טעג,
ס'געוועלטיקט קליפּת פּרעה.

האָב איך מיך פאַרקליבן
אין אַ הויכער כמאַרע.

עפנט אויף אַ שפּאַרע,
אַ שפּאַרע מיר די כמאַרע,
און אַנטפּלעקט אַ מראה מיר,
אַ פלא׳דיקע מראה.

בן־דוד דער געפאַנגענער
הויבט זיך פון דער נאַרע.
ברעכט די קייט, טוט אָן די קרוין
אין קדושה און אין טהרה.

זינגט לכו נרננה!
ציטער, קליפּת פּרעה!
וואַכנטעג, איר וואָכטעג,
דעם שבת מאַכט אַ וואַרע!

## דעם מקובל׳ס שלאָף־געזאַנג

ווי רואיקע עמערס
אין אַ ברונעם
שלאָפן תּיקונים.

מיט אָפענע אויגן
חלומ׳ען אורות.
ס׳דרעמלען צינורות.

ווי קליינע קינדער
מיט׳ן קאָפּ אויפ׳ן אָרים
שלאָפן איין כּתרים.

קליפּות רוען
און זעען אין חלום
מלאכי־השלום.

עס האָבן דינים
אויפגעהערט שטראָפן:
ווי שטיל זיי שלאָפן.

ס׳פליט אַראָפּ און אַרויף
און באַוואַכט זיי אַלע
אַ העלער כּי־טוב.

## טיף איז דער טאָג

### א

נישט חיילות ציען זינגענדיק,
נישט חיילות פאַר אַ שלאַכט —
וואָלקנס גיסן קוואַלן זילבערנע,
ס'פּלאַצט אַ רעגן אין דער נאַכט.

קראַנקע ביימער, נעמט־איין שלאָף־געטראַנק,
שלאָפט און ווערט אין שלאָף געזונט!
ראָוועס טיפע, ראָוועס שמאַכטיקע,
ס'היילט דער רעגן אייער וואונד.

טרינקט זיך אָן מיט קוואַלן נאַכטיקע,
טרינקט דעם רעגנ'ס שוימיק ביר,
ראָוועס טיפע, ראָוועס שמאַכטיקע,
ראָוועס וואַרטנדיקע איר!

### ב

דער רעגן הערט אויף
און די נאַכט ווערט שטיל.
אַ מויז אַ דולע
זיצט אויפ'ן דיל,
האָט מורא צו געבן אַ פּייף.

שטיל איז די נאַכט
און ס'קומט נישט דער שלאָף.
פינסטערע פענסטער,
שוואַרץ ווי גאָט'ס שטראָף.
עס גרייט זיך עפּעס — ווער ווייס?

פינסטערע פענסטער
האָבן פאַרשטעלט
פאַר גאָט — דעם מענטשן,
פאַר מענטש — די וועלט.
וואָס איז די נאַכט אַזוי הייס?

וואָס איז די נאַכט
אַזוי שוואַרץ געפּעכט?
אָ, קלעפּיקע שוואַרצקייט
פון דושנע נעכט,
ווען וויעס בענקען נאָך שלאָף!

וואָס איז דיר, נאַכט?
קראַנק ביזטו, נאַכט?
האָט דיך דער רעגן
געזונט נישט געמאַכט? —
די מויז שטאַרט דול אויפ׳ן דיל.

ג

דושנע נעכט,
שוואַרץ און שלעכט,
סמאָלעדיקע נעכט!
נעכט אָן גאָט,
שכור־לוט,
אויפשטאַנדיקע קנעכט!

וואַלדיק ווילד
וויינט און בילט
אשמדאי׳ס געזינד.
שלאָף פאַרגייט —
און עס גייט
ס׳הוילן פון די הינט.

ס׳לאָקט דער ביל
ווי אַ שפּיל,
לאָקט און רופט צום חטא.
ווילסט אַרויס
פון דיין הויז,
שפּרינגען פון דיין בעט.

נאָר די ווענט
קריגן הענט,
האַלטן פעסט דיך צו.
ווענט איר פיר,
פאַנגער איר!
און די טיר איז צו.

צאַרט ווערט, צאַרט —
אומדערוואַרט —
ס׳וויינען פון די הינט,
און דיר דאַכט:
אין דער נאַכט
יאָמערט דאָס אַ קינד.

און אין אַנגסט
ליגסטו, צאַנקסט,
ביז דער טאָג באַגינט.
ליגסט געשמידט —
און דיך ציט
צו די ווילדע הינט.

ד

ערשט פלוצלינג — אויס!
און שטילקייטן — זיי ווישן
ביל נאָך ביל אַראָפּ,
ווי ברעקלעך פון די טישן.

און שטיל.
און שטיל.
דין אָטעמט־אויף דאָס קישן.
ווער האָט
געבילט?
דורך טויען־נעפּל פרישן
קומט ליכט,
באַרירט
די הענט דיר ווי קלאַווישן,
און לייכט
קלינגט־אויף
אַ צוויי־שפּיל אַזאַ צווישן
דיין בלוט
און גאָט —
ווער וואַגט זיך דאָ צו מישן?

ווער האָט געבילט?
ס׳האָט קיינער נישט געבילט.
באַגינען־טויען רינען.
ער שפּילט —
גאָט שפּילט
די טענער פון באַגינען.
זיין טאָן
איז טוי.
ער לייטזעליקט רואיִנען.

קיל שפּראָצט
פּאַרטאָג —
און פענסטער־שויבן גרינען.
און זע:
גרינס ווערט
פאַרוואַנדלט אין רובינען.

עס גליט!
עס גליט!
די פענסטער בענטש, וואָס דינען
דעם ליכט
און דיר
און העלפן דיר געפינען
די זון,
דעם זין,
דעם זין פון אַלע זינען.

ה

ווער האָט געבילט?
הינט — ס׳אַראַ הינט?
און וואו? אין דרויסן?
וואָס פאַר אַ דרויסן?

געווען ביסטו דאָך
אינגאַנצן אַליין,
מיט דעם ביסל נשמה
צווישן די ציין —
ווי קומען דאָ הינט מיט אַ דרויסן?

דאָס זײַנען הינט
פון דעם גאָרנישט געווען,
הינט פון דעם גאָרנישט דעם גרויסן.

אַ פאַלשער דרויסן
איז דאָס געווען,
עפּעס, וואָס גאָט איז נישט אויסן.

אַפּנים, דער טייוול
איז תמיד אַזוי:
ער איז — דער פאַלשער דרויסן.

ו

איך קוק דורך די פענסטער
צום יונגן טאָג אַרויס.
די ראָוועס גרינען,
די ראָוועס גראָזן —
דער נאַכט־רעגן האָט
זיין שליחות געטאָן.

געבענטשט זייט, פענסטער,
שטראַליקע הערצער,
אָפענע הערצער פון הויז.

קוואַדראַטן זילבערנע,
ס׳דערזעט דורך אייך
דער איך — דעם אויסער־זיך,
מיין אויג — דאָס קעגען־אויג
פון דער וועלט.

תהום ווערט דער איך,
ווען ער בלייבט מיט זיך:
געפייניקט וואָיען
זיינע טיפקייטן, ווי פרויען
אויפ׳ן בראָכשטול.
איר אָבער, פענסטער,
איר גוטע פירער
צום קעגנאיבער —
דורך אייך דרינגט אַריין
דער טאָג אין מיין אָפגרונט.

לויב איך אייך, פענסטער,
שטראַליקע הערצער,
אָפענע הערצער פון הויז.

ז

ווער האָט געבילט?
ס׳האָט קיינער נישט געבילט.
דער טאָג איז דאָ.
ער טראָגט דער זונ׳ס בילד
דורך גאַסן, וואָס וואַכן.

און אינעווייניק, אין שטיבער,
אַנטפּלעקט זיך גאָט
דורך פאַרמען פון זאַכן.

ליכט־שטראָמיקע פענסטער,
איצט, ווען דורך אייך
גייט מיין אויג צו דער זון,
גייט די זון צו מיין אויג —
קוק איך אַ מילדער
דער וועלט אין פּנים.
געשטאָרבן אין מיר
דעם איכ׳ס פאַלש געפילדער,
דער נאַכט׳ס געפילדער.
כ׳בין פאַרקניפּט מיט דער וועלט׳ס
טיפזיניקע בילדער.

ח

אין ליכט פון די פענסטער
קוק איך און זע:
אַ טיש איז הכנעה
אויף פיר פיס,
גרייט אַלץ צו טראָגן,
אַלץ צו דערלאַנגען
מיט שטומער הנאה.
אַ טיש איז הכנעה,
אַ טיש איז עבודה.

אַ זוניקער גלגול —
דאָס ברויט אויפ׳ן טיש:
די זון איז געוואָרן
אַ זאַנג פון קאָרן.

ווי בליצט די שאַרף
פון אַ חריף אַ מעסער!
ווי לייטזעליק איז
אַ שטול׳ס געדולד!
און איז אַ טעלער
נישט קיין פעלער,
וואָס וויל ווערן פאַרפולט?

און די טאַפּעטן די העלע,
וואָס לויפן
פון דיל ביז דער סטעליע,
איז עס נישט אַ קאַפּעליע,
וואָס פאָרט צוריק
פון אַ גרויסער חתונה
און איז נאָך אינגאַנצן מוזיק?

טיף איז דער טאָג,
און טיפער אַ סך,
ווי ס'האָט זיך דער נאַכט
געדאַכט.

נאַכט־הינט בילן אָפּ,
דער טאָג איז אייביק,
ווערט אייביק נתגלה.

און הער: די זאַכן אַלע
באַדאַנקען מיט פרומע ווערטער,
באַדאַנקען די פענסטער,
די לייכטנדיקע וועכטער,
די גוטע פאַרמיטלער
צווישן דרויסנס און שטיבער,
די הייליקע פירער
צום קעגנאיבער,
די אַנטפּלעקער פון אַלעם,
וואָס נאַכט באַהאַלט'ס,
די, וואָס פאַרבינדן
איינס מיט אַלץ.

1934

זעקסטער אָפּטייל

# אין גלות־קובאַ

פאָרבאַמערקונג: אַ פּאָר אַנדערע לידער, געשריבענע אין קובאַ (למשל: קאַרמענסיטאַ), זיינען אַריין אין באַנד איינס.

## קאָנטעמפּלאַציע ביים קאַריבישן ים

מעשה תם
האָט זיך אויסגעשטרעקט אין מיטאָג־זון דער ים.
אַזש ביז בלויקייט האָט זיך זון אויף אים צעזונט —
וואו אַ כוואַליע דאָרט אַ פּלעמל.
דרעמלט ער דעם דרעמל
פון אַן אַלטן הונט
און ס'קומט צו חלום דער אַמאָל אים:
געשרייען פון פאַרצייטישע פּיראַטן
(געהיימע, רויט־געזיכטיקע דערשרעקער),
שיסערייען פון פאַרצייטישע האַרמאַטן,
אַלאַרם־קלאַנג פון לאַנג אַנטשטומטע גלעקער.

קוים־קוימיק צאַפּלען אינדן.
און גאָרנישט. רו איז. חלום. בלויער שטאָל.
ס'איז שרעק געווען אַמאָל —
איצט איז נאָר טרוים. אויך מ י י ן שרעק וועט פאַרשווינדן
און ווערן חלום פון אַ מיטאָג־זון, וואָס האָט זיך הייס צעזונט,
און ווערן דרעמל פון אַן אַלטן הונט.

## שוואַרצער קאַרנאַוואַל אין קובא

מיט פּויק און נעגער־דבקות שטורעמט די ק אָ מ פּ אַ ר ס ע *).
טאָטעם און דזשאָנגל־וואַלד אויף גאַסן אויף האַוואַנער.
צו זען אור־אַפריקע אויף ערד לאַטיין־אַמעריקאַנער
בין איך געקומען — אַזש פון וואַרשע.

אדם־הראשונ'דיקער נעגער־שטאַם! כ'בין גרייט צו הערן שעה'ן
די פּויק־סימפּאָניעס דיינע, זען ס'טעאַטער פון סימבאָלן,

*) קאַרנאַוואַל פון די שוואַרצע.

זען דעם באַהעפט פון אַלע דאָען און נישט־דאָען
און די צעשמעטערונג פון אַלע עול׳ן.
דיין קאַרנאַוואַל—אַן אָקעאַן, וואָס הערט נישט אויף צו קאָכן,
אַ פרייד פון קדמונ׳יקע מאַלפּעס, אַ דערמאָנען
פון נצחונות ווער־ווייס־וועניקע און בראָכן,
מלחמות צווישן מענטשן און דעמאָנען —
און אַ טאַנץ־אַרויף אַהין, וואו שטערן טראָנען.

## פאַרנאַכט אויפ׳ן מאַלעקאָן*)

נאָך האָט דער לייכט־טורעם פון מאָראָ־קאַסל
זיין פייער נישט געצונדן,
און שוין האָט אַרויסגעשיקט דער מאַלעקאָן
מחנות יונג־לאַמטערנדיקע אויגן
נאָך דער זון, וואָס איז פאַרשוואונדן.

פון אַ נעלם־געוואָרענעם מאמר־המוסגר
איז אויפ׳ן הימל דעם הויכן געבליבן,
זילבערדיק געשריבן,
איין קלאַמער בלויז — און אַ פונקט.
דער קלאַמער:
דאָס אוירינגל פון אַ לבנה.
דער פונקט —
אַן איינציקער שטערן, בלוי צעפונקט.
וואָס איז דאָרט געשטאַנען,
אין דער פאַרענטעזע דער פאַרשוואונדענער?

אַ שוואַכער ים־ווינט פרואווט עס אַנען.

דעם מערב׳ס קאָלירטע קאָנטינענטן —
צוריק־געפונענע אַטלאַנטידעס —
לעשן זיך, אַשן זיך.
אַ ווינט פון אָפּגרונט
שלעפּט זיי אַרונטער.
ס׳דערברענט נאָר ביחידות
אַן איינצלנער וואָלקן פון צאַרטסטן צונטער —
אַ קעמל מיט אַ גאָלדענעם האַלדז.

אויך ער ווערט צעשאָטן אויף אַש־און־שאָטן.
ס׳ציטערט ים מיט דריבנעם שרויט.

---

*) די גאַס לענג־אויס דעם ים־ברעג פון האַוואַנע.

ווי אַ בלייכער פויגל שוועבט פאַרביי אַ האַנט —
די האַנט, וואָס ציט די דראָטן
פון לעבן און פון טויט.

## דאָס גוטע לאַנד

איך זיץ דאָ איינער אויף דער באַנק
ביים ברעג און האָרך דעם ים־קלאַנג לאַנג,
וויל טאָן מיט ים־ווינט אַ דערלאַנג
צום לאַנד פון מיין פאַרלאַנג.

נעמט פלעמלען מיר ווי אַ בריליאַנט
פון הינטערן מערב'ס רויטן ראַנד,
פון הינטערן האָריזאָנט פון ים,
דאָס לאַנד, דאָס גוטע לאַנד.

כ'שפיר כוואַליע־ריחות פון אַ פרוי,
וואָס דופטיקט ניי און נישט־באַקאַנט,
פון שטאָלצן נייעם מאַן באַמאַנט,
דעם מאַן פון יענעם לאַנד.

עס פלעמלט ווייט, עס פלעמלט פריש
דאָס גוטע לאַנד, און איך — אַ וואונד,
אַ לעבעדיקע וואונד, אַ ייד
אָן דאַך, אַ וואַגאַבונד.

מיר דאַכט זיך, ס'גייט צו מיר פון דאָרט
אַ רוף . . . ניין, ס'איז דעם ווינט'ס אַ שטיף.
דאָס האָט ער ס'אויער מיר גענאַרט.
נישטאָ אַהין קיין שיף.

## ניו־יאָרקער עלעגיע, געשריבן אין האַוואַנע*)

שטיל בלאָנדזשען מעלאַנכאָלישע אַקאָרדן
אויף גאַסן, וואו אַמאָל האָט יעקב גאָרדין
פאַראַדירט מיט באָרד־און־שטעקן.

*) נאָך עטלעכע גאַסט־חדשים אין ניו־יאָרק איז מיר אויסגעקומען צו פאַרברענגען אַן ערך צען חדשים אין קובאַ. מיין סטאַטוס איז געווען ווי פון אַ פליט. וואַרשע איז געווען אונטער היטלערן, און וואָס איך האָב געפילט פריער, בעת'ן גאַסטן אין ניו־יאָרק, האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט מיין מעלאַנכאָליע.

אויף איסט, אויף וויסט בראָדוויי טוט קיינעם גאָרנישט ווי
און ס'וועט שוין קיין שום שטעקן גאָרנישט וועקן.

נישטאָ אויך אויף דער וועלט די גראַמאָפאָנען,
וואָס פֿלעגן אויס'השתפכות'ן די גראַמען
פון „אַ בריוועלע דער מאַמע'ן״.
אָ, די מאַמע איז צו מיסטער קאָהנ'ען
געקומען אַלט און קראַנק
און ליגט שוין אויף דער סעמעטערי לאַנג
מיט דער מאַמע־שפּראַך צוזאַמען.

## דער גאַיעגאָ*)

פרעגט דער אַלטער גאַיעגאָ: איר זייט אַ כודי'אָ?
— געוויס.
— אויב אַזוי — אפשר ווייסט איר ווער א י ך בין?
אַ ייד צי אַ גוי? דאָס קאַטוילישע ווייב מיינס
פֿאַרשעלט מיר די יאָרן, ווייל כ'שטאַם פון מאַראַנאָס.
כ'גיי זעלטן אין קלויסטער. איז זאָגט זי: דערפֿאַר,
צוליב דיינע זינד, דו פֿאַרשאָלטענער אומקריסט,
פֿאַרזיצט אונדזער טאָכטער. זי מאַכט מיר דעם טויט,
דאָס ווייב מיינס, און קניט רק פֿאַר געצן און קושט
די הענט פון גלחים. נו, כאַפּט זי דער טייוול.
אַ ייד בין איך אויך נישט. עס ברענט נאָר אין מיר
אַ פּחד אַן אַלטער, און כ'קאָן נישט פֿאַרשטיין
אייער כל־נדרי אָט דאָ, אין האַוואַנע.
נישטאָ דאָ, אין אייער יום־כּיפּור, קיין טרערן.
נישטאָ דאָ די מורא פֿאַר אינקוויזיטאָרן.
דער עיקר: נישטאָ דאָ די מורא פֿאַר גאָט.
ווי נאָר איר האָט צייט — אַזוי שפּילט איר אין קאָרטן,
און דאָרטן,
דאָרט אויבן, זיצט גאָט און ער צאָרנט. און גאָרנישט.

אָ, וואָס איז געוואָרן, זאָגט, וואָס איז געוואָרן
מיט אייך, איר כודיאָס? קיין שפּור נישט פון שרעק.

---

*) גאַיעגאָ — אַקצענט אויף דער צווייטער זילב — אַ שפּאַניער; כודיאָ — דרייזילביק — אַקצענט אויף דער צווייטער זילב (י') — אַ ייד.

מע האָט גאָר אינגאַנצן פאַר גאָט נישט קיין מורא
און אויך נישט, להבדיל, פאַר אינקוויזיטאָרן,
וואָס קאָנען זיך פּלוצלינג באַווייזן אין קעלער.
וואו קעלער, ווען קעלער? דער טאָג איז אַ העלער
און די סינאַגאָגע ביי אייך אַ געראַמע.
איך איינער האָב מורא נאָך אַלץ. אין חלומות
ביינאַכט זע איך שייטערס: מע פירט מיך צום פייער.

## ס׳אויסערמענטשלעכע

דער באַרג אָט דער, די שטיינער אויפ׳ן באַרג —
זיי זענען מענטש געווען. נאָר איצטער טוען זיי
בלויז איינס: זיי רוען טיף און שווייגן שטאַרק.
מיט בלוט און טרערן האָט פון זיי געגאָסן,
דערנאָך האָט זיך דער פיין־עיגול געשלאָסן —
און איצטער רוען זיי.

רואיק אָטעמט אויפ׳ן סאַמע דנאָ פון מנוחה
אַלדאָס אויסערמענטשלעכע. איך איינער בין צעמישט.
זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן אַלע.
איך — נאָך נישט.

די מענטש־געפורעמטע, די אויפגעשטורעמטע —
אָט מאָרדן זיי און אָט נבואה׳ן זיי.
געטאָן האָבן דאָסזעלביקע די אויסערמענטשלעכע
אין צייטן ווייטע, צייטן מענטשלעכע —
איצט רוען זיי, איצט רוען זיי.
זיי זענען שוין אַרויס. זיי זענען לויטער און דערפרישט.
זיי האָבן זיך אַרויסגעריסן אַלע.
איך — נאָך נישט, נאָך נישט.

סוף 1939

## האַוואַנער עלעגיע

דער טאָג פאַרקלינגט. דאָס וואַסער אָטעמט.
ס׳דערטרינקט די ווייט דער שטאָט׳ס גערודערס.
דורך פעלזן־ווענט פון ביידע זייטן
גייט שטיל די ל אַ נ ט ש אַ — ווי אָן רודערס.
לענג־אויס דעם ברעג, אין תהום פון שטרויכן —
אַ גריל־אָרקעסטער. דורך דעם הויכן,
צעפראַלטן הימל פליט אַ גרויסער,

אַ ווייסער קאָפּ אַ סאָמנאַמבולער
פון אַ לבנה פון אַ פּולער:
אים יאָגט אַ חלום אָן אַ פּותר.

דאָס וואַסער אָטעמט פריש און פרישער.
זיין אָרעם הויבט דער אַלטער פישער
און זאָגט: סעניאָר! דאָרט אויבן, זעסטו,
אין יענע פעלזן־שפּאַלטן נעסטן
די גרויסע רויב־פייגל.

ער זאָגט עס —
ערשט ס׳פאַלט אַ שאָטן אויף האַוואַנע.
אַ שאָטן שווימט! אַ פויגל טראָגט עס
אַהיים, צו פעלזיקער נירוואַנע,
זיין ווילדן טאָג.

פאַר מ י י נ ע אימות
וואו איז אַ נעסט? אויך מיר נעמט נאַכטן —
ווי פינצטערט אָט דער עולם־תחתון!
נאָר ווער קאָן זאָגן, וואו מיין היים איז?
איך האָב גע׳חלומ׳ט וואָרט און ריים,
איך האָב גע׳חלומ׳ט בילד און טענער,
און נישט אויף דער־וועלט, נישט אויף יענער
האָב איך באַזאָרגט זיך מיט אַ היים.

## צווייטע מעדיטאַציע ביים ים פון די קאַריבן

ס׳איז יאַגד אין מערב׳ס ברענענדיקן וואַלד.
איין געשטאַלט באַפאַלט, די צווייטע פאַלט.
קאָלירן קולי־קולות׳דיקע שאַלן.
בילד טויט בילד, געשטאַלט פאַרברענט געשטאַלט.

צום ווילדן בילדער־שטורעם קוקט אַריבער רואיק
דער קאַריבער ים. ער קנייטשט זיך וואו־נישט־וואואיק
און האָרכט צו זיינע תהומות.
צייט איז בייט, פאַרשווינדיק און פאַרלענדיק,
רוים איז בייט, פאַרפירעריש און בלענדיק —
ווי פאַלש די צייט איז, ווי פאַלש דער רוים איז.

ים, איך האָרך, ווי דו, צום קאַלטן קול פון דנאָען,
און ווייס: ווי ס׳טויטן זיך דעם מערב׳ס בילדער —
וועלן אָפּפרעגן איינס ס׳צווייטע די ניינען און די יאָען.

ווי אָט די וואָלקנס אין קאָליר־יאַגד ווילדער
וועט לעשן זיך מיין וועלט, צו אַש ווערן און אויסגיין.
און נאַכט וועט פון מיין וועלט, ווי פון דעם מערב׳ס אַש,
אַרויסגיין,
און וועט — נאָך שפּיל פון אייביקן צעשטערן —
אָנצינדן אַ נייע וועלט, וואָס האָט קיין סוף נישט,
די הויכע וועלט פון שטערן.

כ׳וועל וואַרטן ביז עס וועט די שפּיל אַריבער,
וואָס איז זינדיק־פאַרשווינדיק, בלענדיק־פאַרלענדיק.
ווי דו וואַרטסט אויף נאַכט איצט, ים קאַריבער,
וועל איך וואַרטן אויף מיין נאַכט מיט אירע שטערן,
וואָס לייכטן שטענדיק.

## אויפ׳ן טויט פון אַן אַכציגעריקער אין האַוואַנע

מיר האָבן באַלד געזאָלט זיך אומקערן,
נאָר מיר האָבן פאַרגעסן.
מיר זענען אויסגעבליבן,
דרויסן געבליבן —
ווער אויף אַכצן יאָר, ווער אויף אַכציק.
מיר האָבן פאַרגעסן,
אַריין אין שטראָם פון די מעת־לעת׳ן,
און וואַרטן זיי געלאָזט אויף יענער־זייט.

ווער עס שפּילט אַ שקלאַף און ווער אַ האַר,
ווער אַ חכם און ווער אַ נאַר.
אויף חכם און נאַר, אויף שקלאַף און האַר,
אויף אַלעמען האַרן זיי אַ שטיל געהאַר,
די געדולדיקע, די רואיקע, די נישט אָט־באַלדיקע,
די אייביק זיכערע, די גוואַלדיקע —
אויף יענער־זייט.

זיי ווייסן, אַז זיי וועלן זיך דערוואַרטן.
זיי ווייסן, אַז מיר וועלן זיך דערמאָנען.
מיר האָבן פאַרגעסן,
אַריין אין שטראָם פון די מעת־לעת׳ן,
זיך פאַרשפּילט.
ווער עס שפּילט אַכציק יאָר, ווער אַכצן,
ווער עס שפּילט מילד, ווער ווילד —
נאָר אַלע, מיר אַלע,

די פּאַמעלעכע, ווי די גיכערע,
קומען צוריק צו זיי,
די געדולדיקע, די רואיקע, די זיכערע —
אויף יענער־זייט.

## וויזע צום אָפּגרונט: אַ פּליטים־ליד פון אינדזל קובאַ

אויף די פּאַרק־בענק פּאַרנאַכט, ווען די היץ גייט אַריבער
און אַ ווינטל לויפט אָן פון דעם ים קעגנאיבער,
זיצן איינזאַמע פרויען און איינזאַמע מענער —
צווישן דער־וועלט און יענער־וועלט, דער־וועלט און יענער.

צווישן דער־וועלט און יענער־וועלט — פרויען און מענער.
רופט אַן אַלטער זיך אָן: „ס׳ווערט די האָפענונג קלענער,
און וואָס שטאַרקער די צרות — אַלץ קאַרגער די וויזעס.
האָסט אַ לעבן געלעבט — און וואו איז־עס, וואו איז־עס?״

און אַ יונגער דערציילט: „עס האָט גאָלדשטיין געקראָגן
פּאַראַכטאָגן זיין וויזע, — יאָ, ערשט פּאַראַכטאָגן.
זיך אין וועג שוין געפּאַקט — האָט אים עפּעס געטריבן
גיין זיך באָדן . . . נו, איז־ער אין וואַסער געבליבן.

אַ געלאַף איבער לענדער . . . פינאַל אין האַוואַנע . . .
ס׳וועט אים קיל זיין און שטיל זיין... איך בין־אים מקנא...״
ער רייסט איבער. פון ים שווימט אַ וואַסער־גרין פּנים,
שווימט אַהער, צו די בענק. ס׳מוז זיין גאָלדשטיין, אַפּנים.

טאַקע גאָלדשטיין. ער שמייכלט: „וואָס הערט מען?
וואָס מאַכט איר? . . .
מיר גייט גוט . . . מע קאָן זאָגן: אַ מענטש אַ געמאַכטער . . .
כ׳האָב דאָרט אונטן אַ היים . . . אויס האָטעלן, וואַליזעס . . .
ס׳איז די וויזע צום אָפּגרונט די בעסטע פון וויזעס.״

## הספד אויף אַ סינסאָנטע

אַ סינסאָנטע איז אַ פויגל, וואָס קאָן זינגען אַ־לאַ מענטש.
געוויס פאַרמאָגט ער נישט די נויטיקע קאָלאָראַטור,
וואָרום סוף־כל־סוף איז ער אַ פויגל און נישט מער.
רוי איז זיין געזאַנג און האַמעטנע,
נאָר אַז דו ברומסט אים עפּעס פאָר ביינאַכט
(מוזסט זיין שטייגל קודם צודעקן מיט שוואַרצס —
גיי טרעף ווי ס׳האָבן די קובאַנער זיך דערצו דערטראַכט),

יאָ, אַז דו ברומסט אים עפּעס פּאַר בײַנאַכט —
מעגסטו זיכער זײַן: צומאָרגנס
זינגט ער איבער די מעלאָדיע,
ווײַל דאָס איז אַ פֿויגל, וואָס קאָן זינגען אַ־לאַ מענטש.

נו, האָט אײנער אַ מענטש אין אַ נאַכט
פֿאָרגעזונגען עפּעס פּאַר אַזאַ מין פֿויגל
און דערנאָך
אים מיט׳ן שטײַג אַרויסגעהאַנגען דרויסן,
איבער׳ן באַלקאָן, אונטער די גרויסע שטערן,
און איז שלאָפֿן אַוועק, און איז זיכער געווען,
אַז ס׳לידל וועט אים ווערן צוריקגעזונגען מאָרגן.

ס׳האָט קײנער נישט צוריקגעזונגען מער.
בײַנאַכט, ווען דער מענטש האָט זיך רואיק געוויגט
אויף אַ בלוילעך צווײַגל
פֿון אַ מוזיקאַלישן חלום,
האָט אַ רויבפֿויגל דורכ׳ן שטײַגל
צעפּיקט דעם סינסאָנטע אויף טויט.

האָט דער מענטש געוויינט.
נישט אַזוי פֿאַר טרויער, ווי פֿאַר שרעק.
אַ סינסאָנטע זינגט אַ־לאַ מענטש,
אַ סינסאָנטע איז אפשר אַ גלגול.

הער פּראָפֿעסאָר לײַבניץ,
אָט די געשיכטע פֿון אַ סינסאָנטע,
וואָס אַ רויבפֿויגל האָט דיר־נישט, מיר־נישט, אים צעפּיקט,
אײידער יענער האָט באַוויזן זינגען מעשה מענטש
פֿאַר אײנעם אַ מענטש, —
וואו וועט איר אַרײַנשטעלן די געשיכטע, זאָגט מיר,
אין אײַער טעאָדיציי?

זיכער האָט איר אײַער ענטפֿער,
נאָר דעם אמת׳ן ענטפֿער ווײס נישט קײנער,
נישט איר, געהײמראַט,
און נישט אײַער קאָנקורענט, דער ייד ספּינאָזאַ.

איך מײן, אַז דער בורא אַלײן
וועט נישט גײן פֿאַרענטפֿערן זײַן ווערק מיט אַ סאָפֿיזם,
ווי דאָס טוען זײַנע פֿרײַנט, די פֿילאָזאָפֿן.
אוודאי ווײס ער דעם אמת.

נאָר וואָס דען? ער זאָגט אים נישט אָפן,
און דער עיקר: ער איילט זיך נישט.
ער וועט דאָך דעם אמת נישט וואַרפן אין דער בלאָטע
און אים נישט אויסזאָגן אַ ליאַדע ייד אָדער אַ ליאַדע גוי.
ווי הייסט יענער סיפּור פון גראַף טאָלסטאָי?
באָך פּראַוודו ווידיט, דאַ ניעסקאָראָ סקאַזשעט.

אָבער דער סינסאָנטע איז צעפּיקט אויף טויט —
אַזוי צי אַזוי.

## ליד וועגן קאָפּ פון אַ בוים

איינזאַמער קאָפּ פון אַ בוים,
מיט טראָפּישע שטערן באַשאָטן,
אַרומגעפלאַטערט פון וועלטן!
ווי פליגלען אין שטורעם
ציטערן זיי אַרום דיר,
אַרום דיין פאַרטראַכטקייט.

טונקעלע, פּוסטע,
נישט־געוואוסטע
זענען זיי אָן דיר.
צו דיר
קומען זיי אַלע,
דורך דיר
צו ווערן נתגלה,
איינזאַמער קאָפּ,
איינציקער קאָפּ צווישן וועלטן.

## GRAN CIRCO

אַן אויטאָ־וואָגן בלייבט שטיין.
די וואונדער פון אַ צירק רופט אויס
אַ מולאַט אין אַ הויכן צילינדער,
און אַרום אים וואַקסן אויס
יונגע זקנים, אַלטע קינדער,
שולדלאָזע זינדער,
חברה שטאַרבער, פאַרשווינדער—:
פ אָ ל ק .

אַ צירק איז געקומען —
אַ גרויסער, אַ וואונדערלעכער.

אַ צירק איז געקומען —
גראַן סירקאָ, גראַן סירקאָ.

פון אינעווייניק, פון אויטאָ,
שאַלט מוזיק,
ווי ס'וואָלטן דאָרט טויטע
אַ הספד געמאַכט
אויף די, וואָס לעבן.

טויטע שפּילן. איך, דער לעבעדיקער, הער:
„פאַר יעדן אַריינגאַנג מוז מען צאָלן —
דער סוד דער גאַנצער שטעקט אין פּרייז.
מיר האָבן מיט לעבן באַצאָלט פאַר טויט —
און מיר זעען דעם צירק,
זעען דאָס גרויסע וואונדער."

אַזוי מוזיצירן
די טויטע אין אויטאָ.

## עלעגיע אויף אַ יידישן דיכטער

זיין לעבן פאַרגייט — און אויף זייער יאַריד
שטייט ער, אין קייטן פון ווערטער געשמידט,
הערט זיי שרייען, זעט לויפן —
אים, דעם קונסט־קנעכט, וויל קיינער נישט קויפן.

## האַוואַנער פאַרנאַכט

דער פאַרנאַכט —
אַ נאַרקאָטיזירטער, אַ צו־פרייַלעכער מולאַט —
בליצט איבער האַוואַנע
מיט טונקלקייט פון שאָקאָלאַד.

ער טאַנצט, ער ליאַרעמט,
ער אָטעמט אַזוי וואַרעם,
און איך, אַ ייד,
אַליין די ווינטמיל און דער דאָן־קיכאָט,
וויל אינמיטן פון זיין ליאַרעם
דערהערן גאָט.

## פאַרנאַכט אין ווערדאַדאָ

ווערדאַדאָ שלאָפט,
פאַר׳שכור׳ט פון רויזן.
דער פאַרנאַכט באַשטייט
פון אַ קלאַנג אַ בלויזן:
דעם איינציקן קלאַנג,
אומענדלעך לאַנג,
וואָס בלייבט דעם ים
פון זיין גאַנצן ברויזן.

אַזוי מוז אויך זיין,
ווען ס׳הערט אויף צו הויזן
די נשמה אין גוף.
זי בלייבט ביי אַ בלויזן,
אַן איינציקן קלאַנג,
וואָס טוט אַזוי לאַנג
וויברירן און ברויזן,
ביז אויף זיין רוף
אין דער וועלט פון אַסטראַלן
ענטפערט אַ בעלן:
אַ נייער גוף.

## דער אַלטער הער גינטער

דער אַלטער הער גינטער אויס ווין
האָט אויף אַ וויזע געוואַרט אין האַוואַנע.
געשפייזט מיט באַנאַנעס דעם מידן גוף
און אַליין שוין אויסגעזען ווי אַ צעקנייטשטע באַנאַנע
פון אייביקן לויפן אין קאָנסולאַט.
אַן אַלטן ווערטערבוך האָט ער געהאַט,
אַזאַ צעפּליקטן ווי ער גופא —
האָט ער פון אים ענגליש געלערנט. די וויזע, —
זיין איינציקע תרופה,
זיין לעצטע אחיזה, —
פלעגט אים קומען צו חלום און שטראַלנדיק זאָגן:
היר בין איך —
נון זינד זי, מיין קליינער הער גינטער, איין ריזע!

אָ, ווי גרויס פלעגט ער ווערן אין חלום,
ווען ס׳פלעגט אַזוי ריידן די וויזע.

און גאָט האָט געהאָלפן. ער האָט זי. אָט איז־זי.
נאָך אַלעמען: דער גינטער איז אַ בריה.
מען האָט אים גראַטולירט פון אַלע זייטן
אין דער שמוציק־קליינער קאַפעטעריע.
גריס גאָט, הער גינטער. פיל גליק, הער גינטער!
הער גינטער אָבער האָט, אַן אומעטיק פאַרגרינטער,
אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ: וואָס טויגן מיר דען דיזע
פאַפּירע? איך האָב אַנגסט. אָ, גאָט, ווי זעט דען אויס
דיזעס אַמעריקאַ? ווי שטעלט מען דאָרט אַ פוס?
ווי עפנט מען אַ טיר? אַראָפּ פון שיף —
און שוין אַמעריקע? מיין גאָט, נישט צו באַגרייפן.
מיר דאַכט, ס׳וועט זיין אַ פאָרזעצונג פון ים,
נאָר אָן אַ שיף — און איך וועל דאַרפן גיין
איבער׳ן ים צופוס, איך אַלטער מאַן.
וואָס זאָל איך טאָן, הער ווערנער? איר זייט, זאָגט מען,
דאָרט איינמאָל שוין געווען. ווי זעט עס אויס?
אָ, ליבער וואָלט דאָך מיר געווען ווען כ׳בין צו הויז —
נאָר וואו איז דען מיין הויז?

זאָ איזט דאַס גאַנצע לעבן, —
האָט גינטער צוגעגעבן טיף באַ׳צער׳ט. —
אימער וואַרט מען און מען וואַרט, און ווען מען קריגט —
פרעגט מען: אויף וואָס האָב איך געוואַרט?

## שורות געשריבן אין קובאַ

דער ים איז פול מיט אומרו אויך אין זון־רו.
אפילו אַז ער רוט אין שטילן בלאַנק,
יאָגט ער זיך מיט דאָרשטיקן פאַרלאַנג
נאָך דעם כוואַליעדיקן עק פון אַ געדאַנק,
וואָס איז אי יאָ, אי ניין,
און האַלט אין איין פאַרגיין —
און ווייס נישט פון פאַרגאַנג.
פאָלג מיך אַ גאַנג — און פאַנג!

## די שרים פון די שטאַמען

די קאַרנאַוואַל־פּאַראַדן פון קובאַנער נעגערס
ציען זיך וואָכן־לאַנג דורך קלינגענדיקע נעכט.
זיי זיינען דער באַלעט פון דזשאָנגל, דאָס טעאַטער

פון עלעמענטן אַנגעטאָן אין מאַסקעס;
אור־וואַלד, וואָס פויקט אויס די סודות און פאַרלאַנגען
פון געצן און פון שלאַנגען;
די טונקלסטע עקסטאַזן אַפריקע׳ס; גלגולים
פון ווער ווייס ווען, אין בילד פאַרשטעלט;
דער טאַנץ פון אדם־הראשונ׳ס וועלט;
די דעפילאַדע
פון נשמות פון פאַרצייטישע מכשפים,
וואָס זינגען, וויינען און זיינען זיך מתוודה.

ווען איך, אַ ייד פון וואַרשע, בין געבליבן הענגען
צווישן האַוואַנאַ און ניו־יאָרק,
האָבן מיך די צוויי און צוואַנציק אותיות
אַראָפּגענומען פון דער תליה און געהאַלטן
אין זייער היים דער הייליקער. און ווען איך פלעג
מיין אותיות־היים פאַרלאָזן און גיין אָנקוקן
די נעגערשע פּאַראַדן אויף האַוואַנער גאַסן,
האָב איך געוואוסט, אַז פונקט ווי איך, אַ ייד,
בין אַלץ נאָך ערגעץ אין דער מדבר פון יהודה
צווישן פעלזן און נביאים,
אַזוי איז אייביק וואַך די טיף סימבאָליקע
אור־אַפריקע אין אירע קינדער,
אין זייער אויג און בויג און טאַנץ און פויק,
און גאָרנישט איז געמינערט פון דעם קדמונ׳דיקן כישוף —
און רוישיק טאַנצן די פאַרצייטיקייטן.

און וואָס ווילדער און וואָס מער ער האָט געביטן זיך,
דער דזשאָנגל־קאַרנאַוואַל, אין זיינע פורעמס,
אַלץ קלאָרער האָבן פאַר מיין אויג געשניטן זיך
נישט־פאַרענדערלעכע אייביקע געשטאַלטן:
די שרים פון דעם מענטשנ׳ס שטאַמען,
וואָס הויבן זיך ווי ריזן הינטער אָרט און צייטן —
און קאָנען זיך נישט בייטן.

זיבעטער אַפּטייל

# פ י ג ו ר ן

## דריי גלגולים

ט׳־אַ־דאָ איז עס די רעדאַקציע?
א י ר זייט דאָס דער שרייבער?
האָט נישט קיין מורא: כ׳וועל אייך גאָרנישט טאָן.
כ׳בין נישט קיין סובסקרייבער.
כ׳בין נאָר געקומען דערציילן אַ פּאַסירונג,
וואָס די וועלט האָט נישט געהאַט.
שטעלט דאָס אַרויף אויפ׳ן בלאַט.
ס׳איז אַ פּאַסירונג, וואָס ווייזט,
אַז ס׳האָט קיינמאָל גאָרנישט פּאַסירט.

מ׳זאָגט, אַז כ׳בין ג ע ר י ר ט.
נישט וויכטיק.
ס׳איז געווען, אויב כ׳דערמאָן מיך ריכטיק,
אים יאַרע... אים יאַרע...
(צי כ׳בין אַ גאַליציאַנער? אַי, זייט איר אַ שפּאַסער.
כ׳קאָן רעדן ווי אַ ליטוואַק אויך.
און ענגליש — ווי וואַסער).
הכלל: ס׳אי׳ געווען מיט דריי טויזנט יאָר נאַזאַד.
צי כ׳בין געווען דערביי? פאַרשטייט זיך.
דריי טויזנט יאָר — אָט, ווי נעכטן אויף דער נאַכט.
וואָס ווייסט איר, ווי דאָס רעדל דרייט זיך.
די דאַמאָלסטיקע יידן, ווייסן זי,
פלעגן ברענגען קרבנות.
איז דאָרט געווען אַ יידעלע,
האָט מען אים גערופן מאַטעסל.
אַז ער האָט געברענגט אַ קרבן־חטאת,
איז עס געווען אַ קרבן־חטאת׳ל.
ער שטייט מיר פאַר די אויגן:
הענטלעך — שפּענדלעך, פיסעלעך — קריגעלעך.
עבירה׳לעך — גרויס ווי די פליגעלעך.

אַז מאַטעסל האָט געבראַכט ס׳קרבן־חטאת׳ל,
האָב איך מיך גרויסאַרטיק אונטערהאַלטן,
זאָ וואַר איך לעבע.

(אַט שוין, שוין — כ׳ווער אויס גאַליציאַנער).
ביי די זייטן האָב איך מיך געהאַלטן.
מאַטעסל, אַ געזונט דיר אין קעפּעלע,
שוין ווידער אַן עבירה׳לע גרויס ווי אַ קנעפּעלע?
ווידער אַ קרבן־חטאת׳ל?
ווילאַנג וועסטו שטאָפּן דעם כהן מיט שמאַטעס?
ווילאַנג וועסטו זיין אַ מאַטעסל?
ווער שוין אַ מאַטעס
און דערלאַנג די ריכטיקע וואַרע,
ס׳זאָל, פאַרשטייסטו מיך, געבן אַ ברי.
אויף ענגליש וואָלט דאָס געווען:
סאַמטינג סאָבסטענשל, — ס י?

אַ יידעלע קליין ווי אַ יינגעלע.
וואָס האָט אַזוינס געקאָנט זינדיקן?
אַ שפּרינגע־דעגינגעלע.
אַ גאַרניכטס. אַ לעקעש־בערעלע.
ביי אים אין בערדעלע
האָט געציטערט איטלעך הערעלע.
אַ שמעגעגעלע. אַן עופה׳לע.
ס׳האָט נעבעך געוויינט ווי אַ קינדעלע,
וואָס איך מאַך אים אויסצודרייען
מיט זיין חטא׳ל, מיט זיין פּיצל זינדעלע.
ס׳האָט געפּאָכעט מיט אַ פויסטל אַ קליינס און אַ דאַרס.
ס׳האָט זיך נעבעך גע׳כעס׳ט.
וואָס ווייסט איר, ווי כ׳האָב פון דעם מאַטעס געשפּאַסט?
צער בעלי־חיים.
דאָס פויסטל דאָס דאַרע,
די פאַרוויינטע מראה,
זע איך עד־היום.

ווּעמען וואָלט איינגעפאַלן בשעת מעשה,
אַז די מעשה —
וועל, אַז די מעשה פּ אַ ס י ר ט נ י ש ט?
פאַרלירט נישט,
אַי בעג יור פאַרדן, דעם פאָדעם.

אין צווייטן גלגול האָב איך אים געטראָפן
אים יאַרע... אים יאַרע...
כ׳געדענק שוין נישט אַקוראַט.

מאַטעסל, דו?
אַצינד בין איך מאַטעס.
ביסט דאָך גאָרנישט דערזעלבער! אַ יונג אַ כוואַט!
ס'אַראַ הענט! ס'אַראַ פיס!
אַ ריז!
וואָס־זשע טוסטו אין געפענגעניש?
דער'הרג'עט אַ מענטש.
ווער? דו?
איך.
ס'טייטש, פאַרוואָס?
ווייל דו האָסט געלאַכט פון מיר אין ערשטן גלגול,
באשר, כ'בין אַ שמעגעגעלע,
אַ נישטל, אַ פגע'לע,
און כ'טו דראָבנע עבירה'לעך;
כ'בין נישט קיין מאַטעס, נאָר אַ מאַטעסל,
און כ'ברענג נישט קיין קרבן־חטאת,
נאָר אַ קרבן־חטאת'ל.
בין איך אין צווייטן גלגול
אויסגעוואַקסן אַ גרויסער, אַ גרויסער,
געזינדיקט די־והותר,
און צום סוף געוואָרן אַ קין אויך.
הלוואי וואָלט איך אויסגערונען אין דער מאַמע'ס בויך.
און דו אויך.

אַז דו וואָלסט נישט געלאַכט פון מיר אין ערשטן גלגול,
וואָלט איך דאָך קיינעם נישט טייטן
אין צווייטן.

סי? ר'האָט אין צווייטן גלגול
דערלאַנגט די ריכטיקע וואַרע.
אין דריטן גלגול האָב איך אים געטראָפן
אים יאַרע... אים יאַרע...
ועל, נישט וויכטיק.
אָבער די מעשה איז ריכטיק,
כאָטש זי פאַסירט נישט.
מאַטעסל, דו?
יאָ, איך.
וואָס־זשע ביסטו ווידער אַזוי קליין?
ווי איז מיר, ביסט דאָך קליין ווי אַ יודעלע,
ווי אַ נקודה'לע,

נאָך קלענער.
עפּעס זעסטו אויס — ווי אַ געדאַנק!
זיצסט שוין דאָ לאַנג?
וואָס טוסטו אויף דער קופּע שטיינער?
איך טו נישט.
וואָס־זשע דען?
איך ווייס.
וואָס ווייסטו?
ס׳האָט מיר געזאָגט אַ בת־קול,
אַז אַלץ, וואָס טוט מכלומפּערשט פּאַסירן,
איז אין דער אמת׳ן נאָר אַ מוסר־השכל.
אַלץ איז אַ געדאַנק, אַ משל.
דו האָסט פון מיר נישט געלאַכט
און איך האָב קיינעם נישט דער׳הרג׳עט.
צוליב דעם מוסר־השכל האָט זיך אונדז אַזוי געדאַכט.
איך מיט דיר
זיינען מיר אויך נישט מער ווי משלים.
ועל, כ׳האָב געפּינישט.
אַז איך מיט אייך, מיסטער,
זיינען נאָר משלים,
געדאַנקען אין גאָט׳ס ביכער,
בין איך זיכער.
אויב איר קאָנט, פאַרשרייבט דאָס אין אַ קאָלום.
דריי גלגולים. פאַרגעסט נישט, מיסטער: דריי.
און איצט גיי איך מיר צוריק אַוועק אין חלום.
גוד ביי!

## סעם דער אַטעאיסט

מיט וואוילינגישער געניטשאָפט פון אַ טעקסי־דרייווער,
וואָס איז שוין, יו נאָו, געווען אין די שטאַטן
און איצט באַדינט ער אין האַוואַנע אַמעריקאַנער געסט,
איז ער געשטאַנען, אַ יאַט פון יאַטן,
אין זעקס־פוסיקייט פעסטער,
און מיט אַ ברייט־אוניווערסאַלן זשעסט
דערלאַנגט אַ פּאַך מיט אַ סך־הכל׳דיקער האַנט
איבער פייגל, פּאַלמענביימער, זון, מולאַטקעס,
איבער ים און מאָראָ קאַסל:
שור איז ער נישטאָ —
מ ע  ז ע ט  ד א ָ ך !

ס׳איז געווען אַקעגן דעם, וואָס עמיצער אַ פּליט
האָט צום בורא שווערע טענות אַדרעסירט
(שוין־זשע האָלט עס ביי מאַט?)
און אַ צווייטער האָט אים אויפגעוויזן אפּיקורסיש,
אַז ס׳איז נישטאָ קיין אַדרעסאַט.

סעם האָט אַ תוקף געגעבן דעם צווייטן.
ער האָט זיך געהויבן, דער יאַט,
אין רויט־קאַרקיקער, ברייט־פּלייצעדיקער אומשולד.
שור, — האָט ער באַפּעסטיקט, —
מע זעט דאָך: נישטאָ!
וואו?
שאָו מי!
אַלבעטשיו, איר קאָנט מיר נישט צייגן.

אויפ׳ן ים וויזאַווי
האָט גאָט מיט זון־שפּיגלען געבלענדט,
געהייסן די כוואַליעס שווייגן.

## פּיט

אָרט: צווייטע עוועניו — אין יאַנקל׳ס לאָנטשאָנעטל.
צייט: אַ מיטן־ווינטערדיקער אָוונט
אין אַ יאָר פון צווייטן וועלטקריג. מידער שניי
ישוב׳ט זיך, צי זאָל ער פאַלן נאָך אַביסל
אָדער נישט: זיין־אָדער־נישט־זיין פון אַ שניי.

פּיט, אַן אַלטער באָם אין אַ צעוואַלגערטן צילינדער,
איז אַהער פאַרקראָכן פון דער באַוערי.
ער איז געוואָרן פילאָזאָפיש יענעם אָוונט
און איז צוגעשטאַנען מיט אַ האַרבער קשיא:
ווי קומט עס, וואָס עס פאַלן אויף די שלאַכטפעלדער די בעסטע,
די שענסטע און די שטאַרקסטע יונגעלייט,
בעת איך, אַן אַלטער קאַקראָוטש, קריך אַרום—און גאָרנישט?
זאָל מען זאָגן, אַז דער טויט איז אַ מין אויסצייכנונג אַזאַ,
און אַז לעבן איז אַ לייזיקער, אַן עיפּוש׳דיקער ענין, —
לאַוזי, יעס סער, ענד סטינקי, —
גוט נאָר פאַר אַ גאָט־פאַרדאַמטן באָם?

וועל, וואָס זאָגסטו, מאַדהער? — ווענדט זיך פּיט צו איר,
צו דער זשוואַווער קליינער באַלעבאָסטע,
דער יאַנקעליכע. אָבער ווער האָט קאָפּ
צום געפּרעפּל פון אַן אַלטן שכור?

קיין ענטפער נישט געקראָגן פון דער באַלעבאָסטע,
האָט פּיט געווענדט זיך צו אַ גאַסט — אַ ברייטער מיסיס,
וואָס האָט געשטופּט אין מויל אַ לעפל נאָך אַ לעפל.
זאָגט מיר, פיינע לעידי, גיט מיר צו פאַרשטיין:
ווי קומט עס, וואָס עס פאַלן אויף די שלאַכטפעלדער
די בעסטע,
בעת איך, אַן אַלטער קאַקראָוטש, קריך אַרום—און גאָרנישט?
זאָל מען זאָגן, אַז דער טויט איז אַ מין אויסצייכנונג אַזאַ
און אַז לעבן איז אַ שטינקעדיקער ענין, עה?
איר, אַ פיינע לעידי, מוזט דאָך זיכער
באַנעמען די פילאָסאָפי אָוו לאַיף
(אַ בפירוש'ע ציטאַט; אַזוי האָט פּיט געזאָגט:
פילאָסאָפי אָוו לאַיף — די פילאָזאָפיע פונעם לעבן) —
מוזט איר דאָך געוויס דעם ענטפער וויסן,
עה? ...

אומבאַקוועם האָט זיך דערפילט דאָס לעפל
אויפ'ן וועג צום מויל פון יענער ברייטער מיסיס.
און אַז פּיט איז צוגעשטאַנען מיט זיין קשיא
צו אַ צווייטן גאַסט און צו אַ דריטן —
האָט די האַנט פון באַלעבאָס, פון יאַנקל'ען,
אים אָנגעכאַפּט ביים קאָלנער און דערלאַנגט
ווי אַ פּעקל אים אַ וואָרף אַרויס דער נאַכט אין פּנים,
ווי איינער זאָגט: גיי פּרעג ביים ווינטער!

## אַן אויסגעדינטער הומאָריסט

לעצטע נאַכט האָב איך געהאַט אַ חלום,
איז נאָכגעגאַנגען מיר זיין פּאַראַדאָקס
ביז טיף אין טאָג אַריין: עס איז אַ פּרוי געגאַנגען
שפּאַצירן מיט אַן אָקס.

דער אָקס — האָב איך געוואוסט — איז מיינער אַ באַקאַנטער,
אַ ייד אַ הומאָריסט. ער איז אויף צרות,
אַן עובר־בטל, טויב און בלינדעוואַטע,

מיט אַ פּנים פון אַן אַלטן סריס.
פון זיינע וויצן לאַכט מען נישט. ער שמעקט מיט קבר.

איצט איז ער, דער אָקס דער גרויסער, רויטער, פעטער,
געגאַנגען שטאָלץ — און ס'האָט די פרוי באַגלייט אים
מיט אַ מינע אַ קאָקעטער,
ביז ער האָט געלאָזט זי הינטער זיך
און האָט מיט גבורה
אַוועקגעשפּאַנט אַנטקעגן עפּעס
אַ שור־המועד'יקער אַוואַנטורע.
פריילעך און פרעך האָט ער געשפּאַנט,
נאָר איך האָב גוט געוואוסט, אַז דאָס איז ער —
דער אויסגעדינטער הומאָריסט, דער עקס־טאַלאַנט,
וואָס איז אַלט און אומעטיק־צעקנוידערט,
און פון דעם נייעם וויץ זיינעם האָט מיר אין שלאָף
געשווידערט.

## מיט'ן פּאָפּוגיי אויפ'ן אַקסל

דער איינזאַמער, וואָס גייט פאַרנאַכט שפּאַצירן,
אויפ'ן אַקסל טראָגנדיק זיין פּאָפּוגיי,
געווען איז ער אַן איסט־סיידער אָראַטאָר
אין יאָרן לאַנג פאָריבער און פאַרביי.
מיט ווערטער אויסגעלערנטע צו פּראַלן
איז ער געוואוינט געווען דעם ערשטן מאַי
(ער פוצט זיך נאָך ביז איצט מיט רויטע שניפּסן) —
באַגערט ער פילן וויכטיקייט אויפסניי.
צו צווינגען מענטשנ'ס אויגן צו דערזען אים —
פּאַראַדירט ער מיט אַ פּאָפּוגיי.

איראָניע נישט געוואָלטע: גרינער פלוידער
אויפ'ן אַקסל פון פאַרוויאַנעטער אָראַטאָריי.

דער פּאָפּוגיי איז אומעטיק ווי דער, וואָס טראָגט אים.
עס שטראָמט די גאַס, אַ מענטשן־טייך, פאַרביי,
און אָוונט איז, און נאַכטן וועט איינגיכן,
און ס'קוקט אויף זיי נישט קיינער סיי־ווי־סיי.

## זומער־נאַכט 1954, אָדער מיסיס קליינפינקל

דושנע זומערנאַכט אין די בערג.
פייערפליגן צינדן זיך אָן

ווי מיניאַטור־עראָפּלאַנדלעך. גרילן
גרילעוועו, דרילעוועו מאָנאָטאָן.
פֿאַר זיין קאַטעדזש זיצט אַ מידער
מיסטער קליינפינקל. קעגנאיבער
דרימלט זיין קאַר: נאָך אַזויפיל האַמידער
איז איר פּלוצלינגע שטילקייט
געהיים ווי דער טויט.
דער מידער ביזנעסמאַן, מיסטער קליינפינקל,
שמירט זיך מיט עפּעס די הויט
און שעלט די מאָסקיטאָס.
נאָך וואָס בייסט דאָס, נאָך וואָס פליט דאָס?
אויף וואָס דאַרף גאָט
אַזויפיל מאָסקיטאָס?

מיסטער קליינפינקל לאָזט הערן
אַ גענעץ. ער איז מיד. ער הערט אויף צו קלערן.
אָבער מיסיס קליינפינקל, דערשראָקן פון צופיל שטערן,
טוליעט זיך צו אים מיט פּחד אַנימאַלישן,
בויגט איין דעם קאָפּ
ווי אויסצומיידן אַ קלאַפּ
און רעדט אַרויס ווי אַ מינוט פֿאַר׳ן חלש׳ן:
ס ע ם — —

די ביאָלאָגישע שרעק אירע
גייט אַריבער אין עפּעס ווי קאָסמישע קלעם,
ווען זי זעט, ווי סעם
פֿאַרשטייט נישט וואָס דאָ קומט פֿאָר.
ס׳טייטש, די וועלט הענגט אויף אַ האָר:
די בלעטער זיינען פול מיט באַשרייבונגען פון אַטאָמען,
מיט באָמבעס, וואָס רייסן אויף
אין געשטאַלט פון קאָלאָסאַלע שוואָמען —
איינס־צוויי און דו ווערסט פֿאַרוואַנדלט אין פּאַרע —
איז דאָס ווייניק,
לויפן שטערן אַרום הפקר אין די נעכט
ווי אַרעסטאַנטן, וואָס האָבן אויפגעריסן תּפיסות.
ביי וועמען
זאָל זי זוכן שוץ, אַז נישט ביים מאַנסביל, ביי איר סעמ׳ען?
סעם — — סעם — —
נאָר יענער כראָפּעט שוין. זיס איז
שלאָף נאָך אַ טאָג האָרעוואַניע אין ניו־יאָרק.

ער זעט נישט ווי די שטערן לויפֿן,
קומען צו אַלץ נענטער
צו זיין מיסיס.

און די גרילן
דרילעווען מאָנאָטאָן, מאָנאָטאָן,
פֿאַררוישן מיט אַ כּיוון,
מ׳זאָל גאָרנישט קאָנען טאָן
בעת ס׳וועלן די ערד צעשטערן
די שטערן.

## אַן אַלטער דיכטער

אין די מינוטן, ווען ער איז ניכטער,
קומט דער אַלטער דיכטער
אין דער שטאָט־ביבליאָטעק
און הייסט זיך געבן אַ באַנד פֿון זיינע אַמאָליקע לידער.
דער געל־פּנימ׳דיקער גרייז
מיט אויגן־טאָרבעלעך, וואָס ווערן אַלץ מידער,
מיט וואָנסן ווי עקלעך פֿון טויטע מייז,
קוקט שטאַר אויף זיין אייגענער פֿאָטאָגראַפֿיע
(אַ יונגערמאַן, וואָס האָט ליב געהאַט
ווערטער, וויין און פּאָרנאָגראַפֿיע),
לייענט און ווערט בלייך, ווי פֿון אַ שלעכטער בשׂורה,
ווען ער טרעפֿט אַ שורה,
וואָס פּייקלט אין אַ פּייקל פֿון בלעך,
טאַפּט ס׳פּאַפּיר מיט קנויליק צונויפֿגעדרייטע פֿינגער,
און זעט מיטאַמאָל, ווי ווערטער ווערן פֿרעך.
ווערטער — קאַטערינקע־דרייער, קונצנמאַכער, שפּרינגער.
שוואַרצע צינגער
שטעלן זיי אַרויס
און לאַכן שד׳עוואַטע: טאַטע־שמאַטע,
אַזוי זעט דיין אייביקייט אויס.

## ווען דזשים איז פֿון שענק אַרויס

ווען פֿון שענק האָט זיך אַרויסגעוואַקלט דזשים,
האָט ער מיט אַ שכּור־פֿייכטער שטים
גערעדט צו זיך אַזוי: „דו ביסט נאָ גוד.
לייזיקער פֿאַרשוין דו איינער, דזשים,
אין ניינצן הונדערט פֿערציק, נישט פֿאַרגעס,

האָסטו געטאָן דו ווייסט דאָך־וואָס. איז טאָמער
מיינסטו, אַז אין ניינצן הונדערט פּערציק,
ווען ס׳איז די וועלט באַדעקט געוווען מיט בלוט,
האָט אין דער סומאַטאָכע נישט באַמערקט דאָס
גאָט דער לאָרד,
גיב איך דיר מיין וואָרט, אַז אויף זיין אָרט
וואָלט איך ווי אַ וואַנץ, דו גאָרנישט, דזשים,
צעקוועטשט דיך. נו, אָט גיב זיך נאָר אַ קרים —
קאָן איך דיך צעבלוטיקן פאַר יענער
מעשה דער געמיינער,
אַז ווי שפּענער
זאָלן זיך צעפליען דיינע ביינער.״

דאָ האָט מיך דזשים באַמערקט. האָט זיך נאָך מער צעברויזט
זיין צאָרן. דו! דו מיינסט, אַז דו ביסט בעסער?
ביזט דערזעלבער סקאָנק, דערזעלבער דזשים!
ענד אַי׳ל שאָו איט טו־יו — כ׳על עס דיר באַווייזן.

און ער האָט אויפגעהויבן קעגן מיר אַ פויסט —
אייזן!

## די צווייטע שורה

דאָבקין דער זעצער, אַן אַלטער אלמן,
וויל נישט גיין אויף עמעריטור.
טאָמער — מאַכט ער — ווער איך אַ יחסן
און לייג אין קימפּעט די ידים,
איז דער נאָמען מיינער נישט קלמן,
אויב ס׳מאַכט מיך נישט באַלד צורעכט די הור,
וואָס די פּאַרפּאַסער רופן זי אָן:
מאַמע־נאַטור.
וואָלט איך געגלויבט אין אַ יענער־וועלט,
איז — אדרבא, פּאָדאַוואַי!
נאָר אַזוי ווי ס׳איז קאַי־און־שפּאַי,
טאָ וואָס איז דאָס איילעניש צו פגר׳ן?

דאָ אַנומלט
זיצט אַזוי דאָבקין ביי דער מאַשין.
סע רוישט, סע טומלט —
ס׳איז דאָך עפּעס אַ דרוקעריי —
ערשט פּלוצים

הערט ער אַ קול אַ משונה־שטילס,
און ס'קול איז עפּעס פון־אים
און אויך מחוץ־אים:
מע מוז דיך, דאָבקין, אַריבערטראָגן!
ס'וועלן נישט העלפן קיין תירוצים.

מאַכט דאָבקין: אַ זעצער האָט אַ צונג,
און אַז אַ זעצער מאַכט אַ כוס'ע —
איז ער קאַפּאַבל
צו נעמען די צונג און ריידן צו אותיות.
פון ווען אָבער, למשל,
האָבן עס אותיות, וואָס שטומען ווי קלעצער,
אַ מענטשנ'ס צונג —
און טענה'ן זיך אויס מיט אַ זעצער?

שטיל האָט דאָס קול אים איבערגעשלאָגן:
דיין לעבן בין איך — און אַ לעבן
איז אַ וואָרט, וואָס ווערט
אַריבערגעטראָגן.

— כ'האָב דיך אין דר'ערד, —
פּרוּאווט שפּאַסן דאָבקין (אַן אַלטער שפּאַסער). —
פלוידערסט ווי אַ מאָדערנער פּאַרפאַסער.
בייס דיר אָפּ די צונג.

נאָר דאָ גיט דאָס האַרץ אים דיבאָם אַ שפּרונג
ווי אַ משוגע־געוואָרן פערד
און אַ לייצע גיט עס אַ צי אויף צוריק
מיט גוואַלדיקער גבורה:
טפּר—רו! געגוג געשטיפּט!
ער פאַלט. ס'האַרץ שטייט. אַריבערגעטראָגן ווערט
זיין לעבן אין אַ צווייטער שורה —
און ניי איז די שריפט.

אַכטער אָפּטייל

# ל אַ נ ד  י ש ר א ל

**(נאָך ארץ־ישראל־לידער און „ציון הלא תשאלי" פון יהודה הלוי)**

## ר' יהודה הלוי: ציון הלא תשאלי

### אַ פאָרוואָרט

פאַראַן גע ג ר אַ מ ט ע יידיש־איבערזעצונגען פון „ציון הלא תשאלי", נאָר זיי געפעלן מיר נישט. „ציון הלא תשאלי" איז אויף יידיש פאַראַפראַזירט געוואָרן דורך ביאַליק'ן. ס'האָט אַ פאָלקישן — אויך אַ ריין־ביאַליק'שן — אַראָמאַט. ס'איז אָבער נישט מער, הגם אויך נישט ווייניגער, ווי אַ (ביאַליקשע!) פאַראַפראַזע. ביי מיר ווערט „ציון הלא תשאלי" נישט פאַראַפראַזירט, נאָר — אויף וויפל איבערזעצונג איז מעגלעך אין דעם פאַל — איבערגעזעצט. איבערזעצן גרויסע פאָעזיע איז פון די האַרבסטע ענינים; ווען ס'גייט אָבער אין אַ נאַציאָנאַלן הימן ווי ר' יהודה הלוי'ס „ציון הלא תשאלי", איז עס ווערט די מי און — די ריזיקע.

נאָך אַ באַמערקונג — אַ ריין טעכנישע. „ציון הלא תשאלי" איז געגראַמט; ביאַליק'ס פאַראַפראַזע איז אין ווייסן פערז. איך האַלט אָבער, אַז דער גראַם (...ריך), וואָס חזר'ט זיך איבער אין מקור איטלעכע צווייטע שורה, גיט צו דעם געזאַנג אַ געהויבנקייט, וואָס גייט אין ווייסן פערז פאַרלוירן. בין איך געשטאַנען פאַר אַ פראַגע: ווי געפינט מען אַ שטיקל עקוויוואַלענט אויף יידיש? געפונען האָב איך אים אין אַן איינציק וואָרט: דיינע. אַן איינציק וואָרט, אויב עס חזר'ט זיך איבער ריטמיש רעגולער, האָט דעם עפעקט פון אַ גראַם. די מאָנאָטאָנקייט גופא פון אַזאַ סאָרט גראַמונג — אַ גראַמען־זיך מיט זיך אַליין — קאָן ווערן דערהויבן צו פייערלעכקייט.

* * *

ציון, ווילסט דאָך וויסן וואָס מאַכן די געפֿאַנגענע דיינע,
די רעשט פֿון די צעזייטע און צעשפּרייטע סטאַדעס דיינע.
פֿון מערב און פֿון מזרח, פֿון דרום און פֿון צפֿון נעם דעם גרוס אָן,
וואָס גייט פֿון נאָענט און פֿון ווייט צו אַלע ווינקלען דיינע,
און אויך דעם גרוס פֿון דיין באַגער־קנעכט, וואָס ווי טוי פֿון חרמון
טריפֿן די טרערן זיינע, ווילן פֿאַלן אויף די בערג אויף דיינע.
דיין ווײ באַוויינען בין איך אַ שאַקאַלן־סטאַיע, און אַז טרוימען
טו איך
פֿון דיין געפֿאַנגענשאַפֿט'ס צוריקקער — בין איך פֿידל צו די פֿרייד־
געזאַנגען דיינע.
שטאַרק ברומט מיין האַרץ צו בית־אל, פּניאל, צו מחניים, —
אַלע ערטער,
וואו מלאכים האָבן זיך געטראָפֿן מיט די לויטערסטע מיט דיינע.
די שכינה איז דיין שכנה; דיין באַשאַפֿער האַלט געעפֿנט
די הימל־טויערן זיינע קעגן טיר־און־טויער דיינע.
ס'איז פֿון אייביק אָן גאָט'ס כבוד בלויז — דיין ליכט, און נישט
זון, לבנה, שטערן זיינען די באַשיינער דיינע.
מיין האַרץ באַגער איך אויסצוגיסן דאָרטן, וואו גאָט'ס גייסט
האָט זיך אויסגעגאָסן איבער אַלדי אויסדערוויילטע דיינע.
ביסט דאָס מלוכה־הויז און ביסט גאָט'ס טראָן אויך איצטער,
ווען קנעכט האָבן באַזעצט די טראָן־שטולן פֿון הערשער דיינע.
אָ, ווען כ'קאָן וואַנדערן וואו ס'האָט זיך גאָט אַנטפּלעקט די זעערס
דיינע!
ווער גיט מיר פֿליגלען זיך אַרויסצולאָזן אין דער ווייט און צו
באַקלאָגן
דאָס בראָכוואַרג פֿון מיין האַרץ צווישן די בראָך־רואינען דיינע.
געקניט וואָלט איך און צוגעפֿאַלן צו דיין ערד און וואָלט באַגערט
די שטיינער דיינע און באַווילקט אַלע וויסטענישן דיינע;
כ'וואָלט געוויינט, ווען איך קאָן שטיין איבער די קברים פֿון די אָבות
און אויף חברונ'ס קברים זיצן אין די טרויערונגען מיינע.
באַגערט וואָלט איך צו וואָגלען אויף דעם כרמל דיינעם,
וואָלט געטראָטן דורך דיין גלעד און אויף אַלע בערג אויף דיינע.
מיט ווײ וואָלט איך געגאַפֿט צום הר־עברים און צום הר־ההר,
וואָס דאָרט זיינען צוויי גרויסע ליכטער, די באַהעלער און באַלערער
דיינע.
ס'לעבן פֿון נשמות איז די לופֿט דיינע; ווי ריינסטע מירע
טוט דופֿטיקן דיין שטויב און ס'האָניקן די וואַסערן מיר דיינע.
ס'וואָלט מיר לייטזעליק געווען צו וואַנדלען באָרוועס־נאַקעט
איבער חורבות, וואָס געווען אַמאָל גאָט'ס פּראַכטיקייטן דיינע,

דאָרט, וואו מיין אָרון איז דער הייליקער באַהאַלטען און די
כרובים
געווען אין דער הייליקייט פון אַלע הייליקייטן דיינע.
כ׳וואָלט אַ קרוין געשליידערט פון מיין קאָפּ און וואָלט די צייט
פאַרשאָלטן,
וואָס האָט טומאה׳דיק פאַרשוועכט די גאָט־געקרוינטע דיינע.
ווי קאָן אייגגיין מיר מיין עסן און מיין טרינקען, ווען איך זע
ווי ראָבן שלעפּן אום די לייבער פון די לייבן דיינע?
און ווי קאָן זיס זיין צו מיין אויג דאָס זון־ליכט, ווען איך זע
אין קראָען־פּיסק די אָדלערס די געשלאַכטע דיינע?
כוס פון טרויערנישן, לאָז נאָר אָפּ אַ ווייל, גענוג! פאַרפולט
זיינען מיינע נירן מיט די גאַליקייטן דיינע.
טראַכט איך פון אהלה — טרינק איך סם, און אַז כ׳געדענק
אהליבה — זופּ איך ביז׳ן דנאָ די ביטערנישן דיינע.
שיינקייט קניפּסטו, ציון פּראַכטיקע, צונויף מיט ליבשאַפט
און אָנגעקניפּט אָן דיר זיינען די גינער אַלע דיינע,
וואָס דיין וואויל פאַרשאַפט זיי פרייד און וואָס באַוויטיקן דיין
וויסט
און וואָס באַיאָמערן די בראָכן דיינע.
דיינע סטאַדעס זיינען דאָס, וואָס ווען געיאָגט פון באַרג צו באַרג
האָבן זיי נישט די וואוינשאַפטן פאַרגעסן דיינע,
האַלטן זיך אָן דיינע פאָלעס, ווילן אַלע מאָל
זיך הויבן צו די צווייגן פון די פאַלמענביימער דיינע.
די בבל׳ס און מצרים׳ס — ווי קומען זיי צו דיר? צי קאָן זיך גלייכן
זייער אומזין צו די אורים און די תומים דיינע?
צו וועמען פון די זייעריקע קאָנען זיי פאַרגלייכן
די נביאים, די לוויים און די זינגער דיינע?
ס׳פאַרוועלקן גלאַנץ און קראַנץ פון געץ־מדינות, אָבער —
אייביק דיין מאַכט, אויף דורות — אַלע קרוינען דיינע.
דיך האָט באַוויליקט דער באַשאַפער זיין וואוין צו זיין, און וואויל
צו דעם,
וואָס קלייבט אויס דיין נאָענטשאַפט און הויערט אין די הויפן דיינע!
וואויל צו דעם, וואָס וועט דערוואַרטן זיך צו זען דיין אויפקום
און ס׳וועלן אויפגיין איבער אים די מאָרגנשטערנס דיינע.
ער זעט די גנאָד צו דיינע אויסדערוויילטע און ער פרייט זיך מיט
דיין פרייד,
ווען ס׳קערן לייכטנדיק זיך אום די יוגנט־יאָרן דיינע.

## פאָרט אַ ייד קיין ארץ-ישראל

אויפ'ן וועג שטייט אַ בוים,
שטייט דער בוים אַ קרומער.
שטייט אַ קרומער און אַ לאָמער,
פול מיט שטומען שוואַרצן יאָמער
סאַמע מיטן זומער.

פאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל,
טוט ער זיך דערמאָנען.
„ווייַ צו וואָס דו האָסט דערלעבט!
ווער האָט דיך אַהער פאַרשלעפּט,
צעדער פון לבנון?..."

## צווייטער נוסח: שטייט אַ בוים אַן אָרעמאַן

שטייט אַ בוים אַן אָרעמאַן,
בויגט ער זיך און האָרבעט.
אוי, אַ בוים אַן אָרעמאַן,
ס'פעלט אים נאָר אַ טאָרבע.

זיינע בלעטער האָט דער ווינט
מיט זיין בייטש געשמיסן,
און דערנאָך — איינס ביי איינס,
איינס ביי איינס געריסן.

פאָרט אַ ייד קיין ארץ־ישראל
מיט פאַרוויינטע אויגן.
„אָך און ווייַ ווי דו זעסט אויס —
נאַקעט און געבויגן.

אַז איך קוק אויף דיר, דו בוים,
טו איך מיך דערמאָנען.
ווער האָט דיך אַהער פאַרשלעפּט,
צעדער פון לבנון?"

# דריי ארץ־ישראל־לידער פון צוריק מיט יאָרן*)

## א) אויפ'ן דאַך

אין הויכע עדה'ס, פורפורנע געזעמלען,
זאַמלען זיך שטערן און פלעמלען.
פון זאַמדן שטייען אויף און שפּאַנען
קאַראַוואַנען
קעמלען:
די האָרבן וויגן אַ שטיינערנעם תנ"ך.
אין שאָטן גריזשעט נאָך אַ הונט איזבל'ס ביינער.
פון צווישן שטיינער
האָגלט נאָך דעם נביא'ס שפּראַך.

פון וועלכע וועלטן בין איך דאָ געפאַלן אויפ'ן דאַך?
אויך איך בין איבער'חזר'ונג פון גאָר אַן אַלטער זאַך.
עס קען מיך די לבנה.
ס'פירן מיר די קעמלען אַ מתנה
דעם שטיינערנעם תנ"ך.

## ב) אַ גלגול

גאָט־לאַנד! נישט אַנדערש: איך בין אַ גלגול
פון דיינעם אַ פּאַרצייטישן זינדיקן שר.
כ'האָב ווייבער געקויפט און האָב געזויפט,
געלאַכט פון נביאים און זייער צער.

דערפאַר איז געגאַנגען מיר קאָפּ־אַראָפּ...
כ'בין געוואָרן אַ נישט־פאַרגאָסענע טרער.
דורך הערצער פון קינדער בין איך געגאַנגען
ווי אַ בייזע מעשה וועגן אַ בער.

כ'האָב זיך געוואַלגערט אין פרעמדע תפילות.
אין ווייטע לענדער געטאַנצט אויף אַ שטריק.
נאָך אַ גלאָבאַלן גלגול־מחילות
קום איך צוריק.
שאַקאַלן ווייִנען דאָ אָפּ גאַנצע נעכט,
דערנאָך קומען זונען אָן און לאַכן.

---

*) פרגל. — „אַ בינטל ארץ־ישראל־לידער", באַנד איינס.

ווייטע קרובים זוך איך אין אויג
פון אַלטע פעלאַכן.

טיף זיינען די נעכט דאָ, ווי די שפּיגלען טיף,
וואו מע דערזעט אַ מתביים חצות־שיין פון אַ ליכט,
און בייטאָג בין איך אַ גרייז אין דיין ספר־תורה, לאַנד:
ווער קומט און פאַרריכט?

## ג) פון הימלען און היילן קומען כרוזים

ס'איז אין די הימלען שוין לאַנג פאַרפלויגן
דער דינער רוף פונעם מועדזין,
און שטילקייט זיצט אויף די בערג פאַרשלייערט
און ס'ברומט אַ ווינט ווי אַ מידע בין.

עס גיסט די נאַכט איר בוימל דעם גרינעם,
גיסט אָן פאַמעלעך מיט אים די לופט.
דער פויגל דער אויבערשטער, די לבנה,
שוועבט אור־הגנוז'דיק צע'כרוב'ט.

פון הימלען און היילן קומען כרוזים.
ווי אַ קאָפּ פון אַ נביא הויבט זיך אַ שטיין.
צווישן פעלזן — ליכטיקע שאָטנס:
אַלטע נשמות פון בעלי־ח"ן.

געשרייען ווייטע פון יענער זייט צייטן.
כמאַרעלעך קושן אַן אייקאַליפּט.
ס'איז דאָ געפאַלן אַמאָל בר־כוכבא.
ס'האָט דאָ שולמית אַמאָל געליבט.

## בית־לחם

אויף זאַמדן ווייסע פאַלט אַ שאָטן אַ בלוי־דינער
פון קעמלען, שטאָלץ באַצירט מיט מעש־גלעקלעך, וואָס ציטערן.
די פעלדער דאָ, די בערג — ס'איז שטילקייט זייער היטערין;
זי וויגט און שלעפערט איין דעם ווינט דעם בעדואינער.

געטראָטן האָט דאָ רות, די שעמעוודיקע שניטערין:
שטיל קלינגט פון איר די זון, דער גאָלד־צעברענטער דינר
אין טעלער פון די הימלען; זיתים גרינען גרינער
און אויבן טוען וואָלקנס לוסטיקער זיך פיטערן.

די שענסטע טאָכטער מואב׳ס איז אַמאָל געגאַנגען דאָ,
און ס׳האָבן אויפ׳ן וועג, פון אונטער די טליתים,
אָן ווערטער זייער ברכה איר געגעבן זיתים.

די גערשטן־פעלדער לייכטן האָרכעדיק. אַזוי איז
פאַרהאָרכט געווען די וועלט, ווען צווישן זון און זאַנגען דאָ
האָבן זיך באַגעגנט רות און בועז.

## מירון

אַ כמאַריקער טאָג אין מירון.
ס׳האָרכן באַרג־קייטן — פאַרטראַכטע קעפּ.
צו בר־יוחאי׳ס קבר
גייט צו, צינדט אָן
אַ ליכט
איינע — הויך, שטיל, גרוי.

פון מיר איז אַרויס,
אָט די פרוי.
ס׳איז מיין נשמה. אַ תפילה
שווייגט זי
ווי פאַרצייטנס חנה אין שילה.

## צפת

אַ שטעקן פירט אַ זקנה ביי דער האַנט.
דאָס פנים אירס איז העל
ווי אַן איינפאַל. שבעה
זיצט אַ שוואַרצע שוועל.
אַ וואָלקן — אַן אַלטער ראש־ישיבה
איבער אַ בלאַט גמרא. פּאַראַלעל
לויפן הימלען צוויי:
אַ הימל רעכטס, אַ הימל לינקס,
אַ גאַס אינמיטן.
צו אַ הויכן משפט, אַ שקיעה׳דיק צעגליטן,
פירן זיי די גאַס.
ווען איך בין מאָלער, זאָג איך:
גאָט׳ס געמעל
מאַכט דאָס מאָלעכץ מיינס צו שפּאַס.
און כ׳וואָלט אַנטלאָפן
פון צפת.

## און די זכרונות ווײנען

ס'וועט שוין זײַן אין דעם אַ קנאַפּע פּופּציק יאָר.
זכרון יעקב. אויפ'ן גאַנעק זיץ איך און איך בלעטער הײנע'ן.
פֿאַרוואָס גראָד הײנע'ן? איך געדענק נישט. קנאַפּע פּופּציק
יאָר —
און די זכרונות ווײנען.

דער לערער פון דער יק"א־שול גייט דורך און שטעלט זיך אָפּ:
„געזען דײַן לעצטן שיר. דײַן לשון־קודש — טויזנט חנ'ען!
בלײַב אין לאַנד — און ווער מײַן אײדעם, יונגערמאַן."
און די זכרונות ווײנען.

## אַן אַלטער פֿאַסטעך פּיטערט שוואַרצע ציגן

אַן אַלטער פֿאַסטעך אַן אַראַבער פּיטערט שוואַרצע ציגן.
אַ בילד פון צײַטן פון די אָבות.
גאָט, ווען איך זאָל קאָנען פּשוט זײַן ווי זײַנע ציגן
און ווי זײַנע פֿאַסטעכשע מחשבות.

קעמלען גײען. גרינג איז זײער טראָט,
דער האַלז איז הויך און גלעקלדיק.
און איך גײ שטאָלפּערדיק מײַן גאַנג. כ'בין יונג,
נאָר ס'לעבן איז מיר עקלדיק.

חלוצים האַקן שטײנער. קומט די נאַכט
און די חלוצים טאַנצן. פֿײַערדיק און שאַרף איז
זײער טאַנץ. און איך האַק אויך — אין פעלזן פון דעם וואָרט.
נאָר ווער באַדאַרף עס, ווער באַדאַרף עס?

## אין פּאַרק אויף כּכּר דיזענגאָף, אין מיטן העלן טאָג

אין פּאַרק אויף כּכּר דיזענגאָף, אין מיטן העלן טאָג,
שאָטנט אויף אַ באַנק אַ שטילער קדמונ'דיקער מאַן.
דער שאָטן־מענטש אין פּאַרק, אין מיטן העלן טאָג,
גאַפֿט אויף קינדער, מאַמעס, אויף דעם טאַנציקן פֿאָנטאַן.
דער שאָטנדיקער קוקט און בשעת מעשה איז ער שטאַרק
פֿאַרטיפֿט אין עפּעס, וואָס בלויז אים איז עס באַקאַנט.
זײַן אויג איז יונג, כאָטש אַלט־געבויגן איז זײַן קאַרק.
אָ, זון־ליכט — קינדער, מאַמעס — ייִדיש לאַנד!
עס איז די באַנק באַזעצט און פֿרײדיק איז דער טאָג.
ער זעט — אים זעט מען נישט. ער איז אָן וואָג
און פֿאַרנעמט קײן אָרט נישט — ווי אַ חלום. לאַנג

זיצט ער, קוקט זיך איין, דער אורח אויף דער באַנק,
און שאַטנט, כאַטש די זון די תל־אביב׳ער בלענדיקט.
עס טאַנצט אַלץ העלער, שנעל און שנעלער דער פאַנטאַן.
ס׳רוישט קינדער־פרייד אַלץ העכער. נאָר דער אַלטער מאַן
ווערט פלוצלינג אויס — ווי אָפּגעווישט. צי איז אויף אייביק
שוין געענדיקט
דער וואַנדער־וועג, וואָס פון זיין מיט, ווי פון אַ שפּאַרע
אין אַ געוויטערדיקער כמאַרע,
איז ער אַרויסגעשוואומען זיך צו זעטיקן פאַר זיין פאַרשווינדן
מיט׳ן גליק
פון אַ יידיש לאַנד? און אפשר האָט־ער זיך געהאַט
בלויז צוגעזעצט — און איז אַוועק צוריק
צום וייטען וואַנדער דורך די צייטן? . . .

## רוף צו ירושלים

פון דאַנען, פון אַ גאַס ביים האָדסאָן, אין מאַנהעטן,
אַ רוף צו דיר, צו דיר, ירושלים!
ס׳וואַרט אויך אויף מיר דיין כותל דער באַפרייטער.
וואָס־זשע זיץ איך דאָ עד־היום?
וואָס פויל איך נאָך אין גלות ווייטער?

איז עס דערפאַר, ווייל איך באַגער, ירושלים,
צו גנאָדן נייע, נישט געוועזענע, מן־השמים,
נאָך גרעסערע ווי גרויסע?
איז עס דערפאַר, ווייל כ׳וואַרט, ירושלים,
ווי אבות־אבותי,
און וואַרטן איז ביי מיר אַ טויזנטיעריקע רגילות?
אפשר דערפאַר,
וואָס כ׳האָב אַזוי מיך צוגעוואוינט צום גלות׳דיקן צער,
אַז כ׳וועל קיין ישראלי נישט, כאָטש כ׳וויל עס?
און אפשר ווייל איך וויס, אַז אויך גאולה פולע
איז נישט בכוח צו פאַרענטפערן
מיין פאָלק׳ס פאַרברענט ווערן? . . .

פון דאַנען, פון דערוויטנס, פון מאַנהעטן,
וואו איך זיץ אין איינזאַמקייט עד־היום,
צי הערסטו מיין געוויין
און ס׳פרעגן, ס׳פרעגן מיינס ביי זיך אַליין,
ירושלים ?!

1968

נײַנטער אָפּטײל

# אדם־חוה

## אור־אַמאָליקע באַקאַנטשאַפט

יענער פֿאַרנאַכט בײַ דער ווײַסל'ס וואַסער
איז פֿאַר מיר געוועזן
אַ גלגולים־פֿאַרנאַכט אַ פֿאַרצײַטישדיק־צפֿת'ער.
בײַ איר אין די אויגן האָב איך געזען
זיך שפּיגלען אַ ווײַטע לאַנדשאַפֿט.
אָ, אור־אַמאָליקע באַקאַנטשאַפֿט!

## רות און בועז

**(עברי־טײַטשיק)**

דער בועז איז נישט שטאַרק צו דיר און פֿאָרכצום,
נײַערט ווי טוי. אין גנאָד פֿון זײַנע שײַנען
וואַנדל, אָ, רות, און קומט דער אָוונט — האָרך צום
געזאַנג פֿון שטילן קוואַלנברונעם זײַנעם.

די בליאונג דײַן באַגערט צו ווערן פּרוכט,
און דאָרט, וואו גלוסטיקע געווירצן הויזן,
דאָרט, וואו זיי טוען געבן זײער שמוכט,
דאָרט וועט דײַן האַר, דער בועז, דיך אַנטשפּויזן.

און שטערן וועלן וואַד־האַלטן בײַם שײַער,
און בענעדײַען, פֿרומע בענעדײַער,
די גאָט־באַוויליקטע באַהעפֿטונג אײַער
מיט אַלדי בענטשונגען פֿון זײער פֿײַער.

## וויזאַווי

זון. פֿאַרק.
דו. איך.
שווײַגונג.

פֿון דער צוקונפֿט
וויזאַווי

*) בענעדײַען — בענטשן; פֿאָרכום — פֿאָרכטיק; געבן שמוכט — דופטיקן.

קוקט אַ צימער.
דאָרטן — דריי.
איך, דו,
אַ קינד אינמיטן.

צוקונפט־צו,
אַהינצוצו,
קוקן צוויי —
מיר ביידע.

פון וויזאַווי,
אַהערצוצו,
עבר־צו,
קוקן דריי.
איך, דו,
דאָס קינד אינמיטן.

## ריחות

דער טראַ'מוואַי לויפט אַריין
חדווה'דיק־נערוועז
אין אַ בלויער פאַרשטאָט,
וואָס שימערט מיט בעז.
פאַרשוואונדן די שטאָט
מיט די מויערן די ברוינע.

אַ מיידל שטייגט איין —
לויטער דופט און קאָליר.
לעבעדיקער בעז
דופטיקט קעגן מיר.
איז ווען־עס־איז געווען
אַ דופטיקייט אַזוינע?

ריחות, פאַרהוילן
ביז איצט און שטום,
שווימען פון ערגעץ
אַ העלן תחום.
געשטאָרבן דער עסיקער,
קראַנקער פאַרפום
פון דער שטאָט דער זונה.

און ס׳פליט דער טראַמוואַי
חדווה׳דיק נערוועז,
אַריינצופאַלן גרייט
אין אָרעמס פון אַ נס.
און עס קומט מיר פאָר,
אַז איך ווער אַנט׳גופ׳ט,
און איך דערשפיר אַזוינס
ווי דעם ווייטן דופט
פון דער אשה העליונה.*)

## באַגעגענונג*)

זומערנאַכט. די שטערן גליען.
ס׳רירט זיך קוים אין שלאָף אַ צווייג.
ביידע זע׳מיר איין געשוויג.
פלוצלינג צאַפּלען דיינע קניען.
ס׳האָט זיך אויפגעכאַפּט אַ ווינט,
האַלט די ווייטקייט ביי אַ פּאָלע
ביי אַ שוואַרצער — און ער טענה׳ט:
לאָז אַריין די צוויי! אַ קינד
וואַרט אויף זיי, אַן עולם מלא.

עפּנט ווייטקייט אויף אַ טיר.
ביידע גייען מיר אַריינעט.
ס׳איז די צוקונפט. דיר און מיר
העלט דאָס קינד ווי הונדערט גליקן.
האַלטסט עס אין די אָרעמס דיינע.
דו און איך און ס׳קינד — מיר בליקן
פון דעם דאָרטן דאָ אַהערצו,
בעת פון דאַנען,
פון דעם נאַכט־איצט, וואָס באַגערט צו
דעם נישט־איצטיקען פאַראַנען,
בליקן ביידע מיר אַ ה י נ צ ו :
צו אונז ביידן — און צום קינד צו.

---

*) אשה העליונה — לייען: אישע האָעליוינע.

*) וואַריאַנט פון פריערדיקן ליד.

## שאָפּענישע מעלאָדיע

אַמאָל איז מאַי געווען, און איך בין ניי געווען,
און אַלץ איז ניי געווען, און זי איז בייגעווען —
זי איז דערביי געווען.

און עס איז ווייט געווען, און עס איז הויך געווען,
און עס איז ווייס געווען, און זי איז אויך געווען —
און זי איז אויך געווען.

און ווער בין איך געווען? און וואָס איז זי געווען?
איך ווייס נישט. כ'ווייס נאָר, אַז דאָס אַלץ איז הי געווען,
געווען דאָ־הי.

די אויגן ווילן זיך אַ רגע צומאַכן:
עס וועט זיך אפשר זיי אַ רגע רו מאַכן,
אַ רגע רו מאַכן.
אין חלום ווילט זיך זיי אַ רגע גליווערן —
וועט ווידער ווייס ווערן, וועט ווידער פרי ווערן,
און מאַי, נישט היגער שוין, וועט ווידער הי ווערן,
און ווייס און לעבעדיק וועט זי, אויך זי ווערן —
אויך זי.

אַמאָל איז ווייט געווען, אַמאָל אין הויך געווען,
און עס איז ווייס געווען, און זי איז אויך געווען,
און זי איז אויך געווען —
אויף מיינע קני.

## איר חלום וועגן דעם הויז פון שטומע

כ'בין געשטאַנען ביי אַ טיר
און פאַרשעמט געטאָן אַ פרעג,
צי איך מעג
גיין מיט אַן אַנדערן — מיט דיר.
מיין ערשטער האָט מיך אָנגעקוקט און שטום
געשאָקלט מיט'ן קאָפּ אויף ניין.
אַרום
האָבן אַלע מיט'ן קאָפּ געשאָקלט שטום
אויף ניין:
נישט גיין מיט אים, נישט גיין.

— וואָס־זשע? זאָל איך בלייבן מיט אייך דאָ?

ס'האָט דער ע ר ש ט ע ר מיינער שטום
געשאָקלט מיט'ן קאָפּ אויף יאָ.

אַרום
האָבן אַלע מיט'ן קאָפּ געשאָקלט שטום
אויף יאָ:
יאָ, אוודאי, בלייבן דאָ.

פון שרעק
האָב איך גענומען ריידן הויך:
כ'וועל ווי איר זיין שטום?
איך אויך?
איך וויל נישט!

האָט מיין ערשטער אומעטיק מיך אָנגעקוקט
און שטום.
אַרום
האָבן אַלע בייז מיך אָנגעקוקט
און שטום.

(כ'האָב געהערט זייער טראַכטונג:
די צויג!
וויל נישט די חכמה פון שטומקייט,
די טרייסט פונעם טויט.
יאָגט זיך נאָך דער גלוסטונג פון איר אויג...)

כ'בין אַרויסגעלאָפן. זייער שטומקייט
איז מיר נאָכגעלאָפן: כאַפּט!
זי האָט געטראָגן זיך גאַלאָפּ,
מיט דונערדיקע פּאָדקעוועס געקלאַפּט —
מיך נישט געכאַפּט.
מיט שפּרינגענדיקע פיס בין איך אַריין
אין דער סאַמע מיט
פון זון־מיט־רעגן.
ס'האָט געזונט, גערעגנט און געבליט,
און די מאַמע איז געגאַנגען מיר אַנטקעגן.

— פון וואַנען גייסטו, מאַמע?

— פון דער געגנט
פון דער זון און פון אַרום
דעם רעגן.

— זע נאַר! ביסט נישט שטום...
ווי עס זונט און ווי עס רעגנט...
כ׳וויל דיך, מאַמע, עפּעס פרעגן...

— פרעג!
— מוז איך שטאַרבן, אָדער כ׳מעג
גיין מיט אים, דעם צווייטן?

— אויב דו פרעגסט,
קוק זשע אָן די קווייטן —
ווי זיי לאַכן אויפ׳ן רעגן,
ווערסטו הערן ווי זיי זאָגן: מעגסט!
ווי איצט איז מאַי,
הייב אָן אויפסניי —
פאַרוואָס זאָלטו נישט מעגן?...

אויפ׳ן רעגן
האָט די מאַמע מיר די האָר געצוואָגן
מיט די הענט פון העלן סאַמעט.
נאָר די שטומקייט
האָט זיך אַלץ געוואָלט דערשלאָגן
צו דעם תחום,
וואו ס׳האָט געזונט, גערעגנט און געמאַמעט.

## ברינדיזי

איןביידל מיט די שטראַלנדיקע אַפּעלסינען
שטראַלט אַ לעבעדיקער אַפּעלסין.
קאַראַ מיאַ,
כ׳בין דער פינסטערסטער פון אדמ׳ס זין.
אין די אַפּעלסינען און אין דיר
איז אַזויפיל זון פאַראַן, אַז איך פאַרליר
אַביסעל פינסטערניש פון בלויזן קוקן.
ווערסט נאָך מיין גאַנצע פינסטערניי פאַרצוקן.

אַז איך באַצאָל דיר — מאַכסטו אַזאַ זשעסט,
ווי דו וואָלסט דעם גאַנצן ים
געגעבן מיר אַ רעשט.
אַ בשר־ודם —

אין וועלכן בייטל זאָל ער עס, אַ שטייגער,
אַריינלייגן אַ יִם?*)

ביים ליכט פון דיינע זונען, דיינע אַפּעלסינען,
וועט מיר אפשר קלאָר ווערן דער זין פון אַלע זינען.
ווער קאָן וויסן? אפשר איז־זי,
די אַנטפּלעקונג, צו געפינען
אויף דעם אינזל, וואָס מע רופט ברינדיזי,
צווישן ים און אַפּעלסינען?
אפשר איז דער אמת אַזוי פּשוט ווי דער שטיף
פון דעם פויגל אין דער בלויקייט אַרום מיר?

נאָר גיי, דערגיי, אַז כ'מוז צוריקגיין אויף דער שיף.
כ'בין דאָך נאָר אַ פּאַסאַזשיר,
וואָס איז אַרויס אויף אַ שפּאַציר.
אויף אַ שטיקל
צייט האָט מען אַראָפּגעלאָזט אַ בריקל.
וואַרט די שיף און ס'רופט די בריק
צוריק.

## וואונדערליכע בלינדשאַפט

### עפּילאָג צו טשאַפּלינ'ס „סיטי־לייטס"

די בלינדע פּאַרקויפערין פון בלומען —
אַז זי האָט צוריק איר ראיה באַקומען,
האָט זי דערזען, אַז איר מיליאָנער
איז אַ פּשוט'ער שלעפּער און גאָרנישט מער.

האָט זי פאַרלוירן איר חלום דעם טייערן,
איז איר דאָס טאָג־ליכט געוואָרן בלייערן.
„ס'אַ מיליאָנער געווען, בנאמנות,
און איך נישט מער ווי יענעמ'ס אַגענט", —
אַזוי האָט דער טרעמפּ מיט גרויס רחמנות
געזאָגט, איר קושנדיק די הענט.
און ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז דעם מיליאָנער
שיקט ער איר צו — און אַז יעדע טרער
פון אירע נייע וויינער אויגן
וועט אויסקושן יענער, דער מיליאָנער.

---

*) בשר ודם — לייען: באָסאָר ווערדאַם.

און דערנאָך איז דער דזשענטלמאַן, דער טרעמפּ,
אַוועק מיט דער בלום, וואָס זי האָט־אים געגעבן,
כדי צו טרוימען אַ גאַנץ טרעמפּיש לעבן
פון יענער, דער פריערדיקער, דער ב ל י נ ד ע ר.
ער האָט אין חלום געקושט איר האַנט
און עלעגאַנט
פאַר איר געצויגן דעם צילינדער.
טיף אין זיך האָט ער געטראָגן
די בלינדע אויגן, די צאַרטע קינדשאַפט
פון זייער וואונדערלעכער בלינדשאַפט,
און בויגן פלעגט ער זיך און נויגן
פאַר זיי אי גליקלעך, אי צעטראָגן,
און תמיד, תמיד פלעגט ער זאָגן:
ווי שיין איר זייט, איר בלינדע אויגן!

## חדר־צייט

אַמאָל פון חדר גייענדיק, האָב איך געשאַרט אין זאַמד,
געוואָלט אַרויסשאַרן אַ זון.
אין זאַמד איז זון פאַרנאַכטיקע געלעגן,
אַ טעלערל פון גליענדיקן גאָלד.
מיט קליינע פיס
האָב איך די זון אַרויסשאַרן געוואָלט.

אויפ׳ן וועג צום חדר
האָב איך אַמאָל
אַ רעגן מיט אַ גוי׳שער לויה
באַגעגנט אויפאַמאָל.
דער רעגן האָט געבליצט מיט פייערדיקע צלמים,
געדונערט מיט אַ גלח׳ס באַס.
כ׳בין מיט אַ שטילן שמע ישראל
געלאָפן דורך דער גאַס —
און דער רעגן איז מיר נאָכגעלאָפן ביז צום חדר.

אין חדר
האָט דעם רבי׳נס טעכטערל געלויכטן אין דער עברי.
ווי אַ ווינטל פסח־צייט
האָט געפּאָכעט איר פּאַטשיילקע
איבער הייזעריקע ווינטער־טעג.
איבער׳ן רבי׳נס טייטל איז דאָס טעכטערל געשוואומען,

דורך שוואַרצע אותיות האָט דאָס טעכטערל געשפּאַנט
העט ווייט
צו אַ שטראַלנדיק לאַנד.

1922

## בייטאָג און ביינאַכט

דעם ערשטן —
האָט זי בייטאָג פאַראַכט
און ליב־געהאַט ביינאַכט.
צווישן טאָג און נאַכט
האָט זי אים פאַרלוירן.

דעם צווייטן —
האָט זי בייטאָג געאַכט
און פיינט געהאַט ביינאַכט.
איינמאָל אין אַ נאַכט
איז זי פון אים אַנטלאָפן.

דעם דריטן —
האָט זי בייטאָג פאַראַכט
און פיינט געהאַט ביינאַכט.
ער האָט געהייסן מיסטער גימפּל.
ס'האָט גאָרנישט איבערראַשט אים. אויף אַלץ האָט ער געזאָגט:
איט'ס סימפּל, וועריי סימפּל.

נאָר עס האָט אויך ער געהאַט אַן איבערראַשונג.
ס'איז געווען נישט לאַנג צוריק.
ער איז אַריין אין באָד־צימער זיך וואַשן
און זי געפונען הענגען אויף אַ שטריק.

## ווען די פאָרונג פון פליגעלעך צוויי...

ווען די פאָרונג פון פליגעלעך צוויי,
אין פליגישער גלוסטונג צעגליטע,
געבוירט אַ לעבן אַ דריטס,
געבוירט אַ פליג אַ דריטע, —
איז עס נישט נייס און נישט עפּעס באַזונדערס,
נאָר ס'איז אַ וואונדער נישט קלענער
ווי אַלע אָן־סוף'יקע וואונדערס
פון דער־וועלט און יענער.

## פון פלאַטאָ

שטערן ערדישער דו מיין,
ווען דו הויבסט צום נאַכט־הימל די אויגן,
וויל איך זיין דער נאַכט־הימל. אין דיין פאָר אויגן
גלוסט זיך מיר אַריין מיט גאָר דער שיין
פון הימל'ס טויזנט אויגן.

## דער קוש

פאַרנאַכט־צייט עפן מיר די קוואַלן
פון ריינער רו
און לייג דיין קאָפּ מיר אויפ'ן אַקסל
און זאָג מיר: דו.

און רייד קיין וואָרט נישט מער. דאָס איינע,
דאָס קליינע וואָרט,
זאָל צווישן דיר און מיר דער קלאַנג זיין —
בלויז איין אַקאָרד.

און קוש מיך, ליבסטע, נישט מיט ליפּן —
ניין, נישט בחוש:
בלויז פון נשמה צו נשמה
זאָל זיין דער קוש.

## די ליבע און דאָס שטאַרבן

דאָס אויג מיינס האָט פאַרבלאָנדזשעט ווי אַ קינד אין וואַלד
און קאָן פון דעם פינסטערקייט־וואַלד נישט אַרויסגיין.
באַגליקט וויל עס רוען אויף דיין העלער האַנט
אַ מינוט פאַר'ן אויסגיין.

מיין תפילה האָט אומזיסט געקלעטערט צו אַ גאָט,
צו אַ הימל, וואוהין זי זאָל קאָנען אַריינגיין.
נעם זי אויף אין דיין אויער אַ מינוט פאַר'ן טויט —
און דער טויט וועט איר איינגיין.

די ליבע איז געזעסן צו טיף אין מיין ברוסט
און צו אָפט האָט זי געוויינט אין איר שטאָלצן מסתרים.
ס'ווילט זיך שטאַרבן, נאָר כ'קאָן עס נישט איידער איך לייג
דעם קאָפּ אין דיין אָרעם.

## פאַרטאָג איז זי געלעגן בלוי

האָסט ליב דאָס דינע מיידל? נו, געזונטערהייט.
נאָר איך, דיין פאָטער, האָב אַ פרוי אַמאָל געהאַט —
האָט זי פאַרמאָגט צוויי אויגן פערלדיק און מאַט
ווי די, וואָס איז אַצינד דיין עלנט און דיין פרייד.

קאַלטע פערל, פאַרגליווערט קעציש ליכט,
וואָס צינדט זיך לצ׳יש אָן און גיט זיך פרום אַ לעש.
אַזעלכע פרויען זיינען ווי אַ שלייכנדיק געדיכט
און מיט טיפער אָפגרונט־פייכקייט אָטעמט זייער וועש.

ווייבער מיט אַזוינע פערל־אויגן שווייגן
איינגעשפאַרט און גרויזאַם, ליגנדיק אין בעט.
זיי גיבן זיך דיר אָפּ פאַרשלאָסן ווי די שטייגן
און זייער קוש נעמט דורך מיט שטאָל פון אַ שטילעט.

זיי גיבן זיך דיר אָפּ — און אין דער פינצטער קוקן
די אויגן זייערע צו אַן אומבאַקאַנטן מאַן.
אַ צווייטער איז פאַראַן, אַ שוואַרצער דאָן־זשואַן,
וואָס רופט ביים נאָמען זיי, מאַכט צוקן זייער רוקן.

דו ווילסט דאָס מיידל? גוט. דער גורל — קריכיק גייט ער,
נאָר זיכער טרעפט ער. יענע איז געווען ווי ד י.
ביינאַכט איז דאָס געשען. ווען ס׳האָט געגרויט אויף פרי —
איז זי געלעגן בלוי: ס׳האָט זי דערשטיקט דער צווייטער.

1922

## פרוי

פון דער פרוי נישט לאַכט
און פון איר נאַכט דער בלינדער:
עס טרייבט זי אַ מאַכט,
וואָס וויל פורעמען קינדער.

אַזוי האָט דאָס געדאַכט
דאָס האַרץ פון אוניווערס:
יעדער פרוי — איר נאַכט,
יעדן דיכטער — זיין פערז.

אַזוי איז דאָס געוואָלט,
אַזוי איז דאָס געדאַכט:
יעדן גאָלדשמיד — זיין גאָלד,
יעדער פרוי — איר נאַכט.

וואַרשע, 1926

## חופה־נאַכט־ליד

פאַר'ן פינצטערן פענצטער
שאָקלט בלוילעכע ליילעכער
בלוילעכער, אומעטיק־פריילעכער שניי.
ס'געלעגער שמעקט ווי פריש געשניטן היי.

אונטער דיין קאָפּ און מיינעם
דאָס קישן —
ווי אַ שלאַנג טוט עס זישן,
אַ שלאַנג אין גראָז.

פאַרוואָס
ציטערן אויף די פיס דיינע, די פיס,
ווי אַ האַלז אונטער אַ מעסער?

פאַרוואָס,
ווען ערד גייט צו ערד, ווען לייב גייט צו לייב,
ווען אַלץ דעקט זיך אויף —
ווערט דאָס געהיימניש נאָך גרעסער?

1926

## ליד פון מת און קינד

ווילסטו מיך ליבהאָבן טיף,
איך זאָל אין דיר רוען
ווי אַ טייך אין זיין בעט —
טו ווי מעדיומס טוען:
דריי־אַראָפּ
דיינע אויגן ווי קנויטן
און וואַרף זיי אַריין
אין אייגענעם ברונעם,
און זע מיך ליגן
אַ פלאַכן, אַ טויטן,
אַ טויטן, אַ פלאַכן, אונטער שוואַרצן טוך

און דאָס טוך גיב אַ הויב —
און אונטער׳ן טוך
געפין מיך נישט מער,
און זוך,
זוך מיך אין זיך,
און ווער
פול מיט מיין בילד,
און געבויר,
געבויר מיך אין זיך
פונדאָסניי.

ווילסטו מיך ליבהאָבן טיף,
מוזסטו מיך טויטן אין זיך,
מוזסטו מיך ווידער געבוירן.
מוז איך ווערן דיין מת,
מוז איך ווערן דיין קינד.

טו ווי מעדיומס טוען,
אויב ליבהאָבן ווילסטו מיך טיף,
איך זאָל אין דיר רוען
ווי אַ טייך אין זיין בעט.

## העט, איבער שוואַרצע טייכן

העט, איבער שוואַרצע טייכן,
שווימען טראַטוועס ביינאַכט.
צו פייערן וויל איך דיך גלייכן
אויף טייכן טיף אין דער נאַכט.

מיין חלום פון גאולה,
און מיין פרייד, און מיין ווילדסטן ווייי,
לייג איך פאַר דיינע פולע
שוואַנען־העלדזער די צוויי:
דיינע פיס די אַנטבלויזטע.

מיין זעל — אויפ׳ן גואל וואַרט זי:
ברי אים אויס אין דער נאַכט פון דיין טראַכט.
אָ, פייער אויף טייכן שוואַרצע,
געזאַנג אויף טראַטוועס ביינאַכט!

1926

## הינטערשטאָטישע באַלאַדע

פאַראַן פאַרנאַכטן אַזוינע,
פאַרנאַכטן פאַרשלייערט־ברוינע,
ווען אויף הינטערשטאָטישע גאַסן,
צווישן דאַמע און זונה,
שפּאַצירן אומגעזען מיט
פרויען נישט פון דאַנען,
מיט העלזער ווי ביי שוואַנען
און גרויסע מאָדנע היט.

די גרויסע היט פאַרשטעלן
פנימ׳ער, וואָס קאָנען
זיך ווייזן און געפעלן
בלויז איינעם אויף מיליאָנען.

ווי ס׳לויערדיקע ליד מיינס,
וואָס אין דער דיכטונג אויף יידיש
שווימט עס זייטיק־יחיד׳יש
פאַרטיפט אין אייגענעם אַהנען, —
שווימען זיי מוזיקאַליש,
די געהיימע כלות,
באַשטימט פאַר ווייטע מאַנען.

אונטער די גרויסע היט
שווימען זיי פאַמעלעכל.
ווי אין וואַלד אַ קוועלעכל
רוישן זייערע טריט.
רוישן און פאַררוישן
מיט אַ פלעסקעדיק פלוישן,
ווי אין מאַי אַ רעגנדל.

טרעפט: אַן אַלטער בעטלער,
וואָס חלומ׳ט ביי אַ וואַנט
און קוקט זיך אויף דער האַנט,
ווי ער וואָלט געוועז
זיין אייגענער כיראָמאַנט, —
זעט זיי און ציט אויס
די האַנט נאָך זייער גאָב.

שטעלן זיי זיך אָפּ
און שענקען אים אַ זון־שטראַל,

ציטערדיק און לענגלעך,
אַ לעצטן דינעם זון־שטראַל,
וואָס צאַפּלט העל־פאַרגענגלעך.

און זיי שווימען ווייטער,
שווימען און נעמען־מיט
די אָוונטיקע גאַסן.
שווימען און פאַרשווימען
אונטער די גרויסע היט,
אויף גליטשיקע אָפּצאַסן.

## בלאָים און בלים

פאַראַן אינעם רייסישן יידיש אַ וואָרט,
וואָס שפּיגלט מיט בלאָיקייט און טאָיאיקט מיט טראָים.
אין מאָליווער געגנט פלעגט הייסן אַ בלום —
אַ בלאָים.

אין מאָליווער געגענט, פון וואַנען איך שטאַם,
אין מאָליווער געגענט, אין רייסישן תחום,
איז אויפגעגאַנגען די בלאָים — אַ באַהעפט
פון בלאָיקייט און בלום.

און טאָי'איק אַז ס'ווערן די אויגן ביי דיר,
און צאַנקען די אויגן מיט בלאָיען קאָים־קאָים,
קומט מיר אין זינען, מיין פּאָילישע בלים,
די רייסישע בלאָים.

## דאָס דריטע

אויף אַ באַנק זיצן צוויי.
וועלטן אָן צאָל
זיינען וואַך צוליב זיי,
די פינסטערע צוויי
אויף אַ באַנק אין אַ שוואַרצער אַליי.

צוליב צוויי אויף אַ באַנק
דעקאָרירן די וועלטן אַ זומערנאַכטהימל,
פילן אים אָן מיט געצאַנק,
וואַרפן די וועלטן אַ זומערנאַכטדרימל
אויף ביימער, וואָס שאָטענען שלאַנק,
באַפעלן די פעלד־גרילן שפּילן

(ווי שיכור זיי שפּילן, די גרילן!),
און לאָזן לבנה־ליכט לאַכיקס און ווייס
שווימען ווי קריעס אייז
צווישן צווייגן צעבליטע און שאָטנס צעגליטע.

דאָס אַלץ טוען ווערטן, כדי
פון די צוויי, יענע צוויי,
אַרויסצובאַקומען — דאָס דריטע.

## ווייב, דורך איין פינצטערניש

ווייב, דורך איין פינצטערניש גייען מיר ביידע.
וואָס מיר רופן ליבע — ווער ווייס, ווי עס דאַרף הייסן.
שטראָף איז עס אפשר און גאַנג צו עקידה.
נישט מען פרעגט ביי אונדז און נישט מיר ווייסן.

די נאַקעטקייט פון גוף דיינעם איז גרויזאַם־געשליפן.
ס'איז גלאַטקייט פון אַ ים: אויף איר גייען מיינע שיפן
צום אָפּגרונט דעם אַלטן, צום אָפּגרונט דעם טיפן.

אַ קינד וועסטו געבוירן און דאָס קינד וועט שרייען,
אַ קינד ווי אַ לעבעדיק געוואָרענער רעיון.
דערשראָקן וועל איך האָרכן — און ווער וועט באַשיידן,
צי רופט עס משיח אָדער שרייט עס קין?

## ליד פון שבתי-צבי דעם משומד צו זיין חלום מעליסעלדאַ

דו מיט די רעגנבויגן־אויגן,
מעליסעלדאַ,
דו מיט דעם שימער־לייב,
מעליסעלדאַ,
דו מיט דעם עפּל־ריח,
מעליסעלדאַ,
צו דיר האָב איך געזונגען,
אַ גואל אַ צוואַנציק־יעריקער.

ביסט קיינמאָל נישט אַראָפּ צו מיר,
אָ, מעליסעלדאַ.
אַ חלום ביסטו,
און איך —
אַ משיח אַ טערק בין איך.
אַז מיין גאָט פאַלט איין אַמאָל

אַ פרעג צו טאָן: וואָס הערט זיך, שבתי?
טייטל איך אויף מיין טורבאַן:
זע די שמאַטע אויף מיין קאָפּ —
און פרעג מיך נישט קיין קשיות.

שרה מיין ווייב, וואָס איר לייב
איז געווען צו מיר הייליקע טומאה,
קילט די ערד.
מיין איצטיק ווייב — די אויגן ביי איר
ווי ביי אַ שלעפעריק פערד.
דיק אירע לענדן.
פעט איז זי ווי איך,
משיח דער עפענדי.

אָ, מעליסעלדאַ,
ביסט קיינמאָל נישט אַראָפּ צו מיר.
קוק נישט מיט פאָרוואורף מיך אָן,
דו מיט די רעגנבויגן־אויגן,
מעליסעלדאַ,
דו מיט דעם שימער־לייב,
מעליסעלדאַ,
דו מיט דעם עפּל־ריח,
דו מיט דעם ים־גלאַנץ,
מעליסעלדאַ.

עס דעמערט איבער אַלע מיינע בערג.
חלום מיינער, האָב רחמנות
אויף אַ משיח אַ טערק.
האָב רחמנות, מעליסעלדאַ.

## אור־פּרוי

פאַרנאַכט, פאַרנאַכט, ווען ס'מישן־זיך
אין מערב גאָלד מיט אַש,
און שרפים ריידן צווישן־זיך
און ס'טרויערט אַ בר־נש;

ווען זאַכן ווערן ווינקלדיק,
פאַרלירן דעם קאָליר,
און שטערן קומען פינקלדיק,
ווי שומרים פאַר גאָט'ס טיר;

ווען ס׳וועבט זיך דאָס געפּילדער אויס
פון ברוק און טראָטואַר,
און ס׳מאָלט אין שאָטן בילדער אויס
אַ קדמונ׳דיקער שר; —

שטיל גיסטו דאַן אַ שווים צו מיר
און נאָענט ווערט די ווייט.
אַ רגע שאָרכט דיין שטים צו מיר —
זי שאָרכט צו מיר ווי זייד.

דיין גאַנץ געשטאַלט באַנעם איך נישט,
איך פיל נאָר, אַז דו ביסט;
וואו ליגט דיין גאָרטן ווייס איך נישט —
איך ווייס נאָר, אַז דו בליסט.

אַ בילד, מיט גינגאָלד דורכגעשטראַלט,
דערלאַנגט זיך אַן אַנטבלויז:
איך זיץ — אין פאַר־געבורט־געשטאַלט —
אין זומער פון דיין שויס.

כ׳הער פייגל אַלטע ריידנדיק
לשונות אַלערהאַנט.
עס צערטלט מיך גן־עדנ׳דיק
די שטראַלנדיקע האַנט.

די בלאַנקע ברוסטן זונען מיר,
זיי זונען — און איך זויג — — —
אַ קוק — דו ווערסט צערונען מיר
און נאַכט איז אין מיין אויג.

## זי

אַמאָל, אין עפּעס אַ טויאיקן נעפּל
פון זייער, זייער אַ ווייטן פאַרפרי,
האָט זי מיין נאָכנישט געבוירן קעפּל
געהאַלטן אויף אירע פּערלענע קני.

און ס׳מאַכט זיך אַמאָל, אַז אין נעכט פון זומער
טוט זי אַ פלי —
אַ בליץ אַ ווייטער, אַ בליץ אַ שטומער —
און כ׳ווייס: ס׳איז ז י.

און ס׳טרעפט אַמאָל: פאַרנאַכט צי באַגינען
גיט מיך אַ צי
צו זוכן עפּעס, וואָס נישט צום געפינען —
און כ׳ווייס: ס׳איז זי.

און זי וועט אַמאָל ווידער פאַר מיר זיך געשטאַלטן —
נישט צו וויסן ווען, נישט צו וויסן ווי.
אָט די, וואָס זי האָט אויף די קני מיך געהאַלטן...
אָט די...

## אַ נייער דף

פעלדגריל האַמערט. גיי׳מיר, גיי׳מיר.
מידעביימער. זון דערברענט.
ס׳אויג דיינס פלעמלט. שלאַבריק דרעמלט
שוואַכער ווינט אויף דיינע הענט.
ס׳פאַלט אָט באַלד די נאַכט — און דעמלט — — —

ווייטע לאָנקע. טונקל גרינט זי,
יום־טוב׳ט דעמערדיקערהייט.
זעסט? דאָרט שטייט דער טויט. אַהינצו
לאָמיר צוגיין זאַלבעצווייט.
ס׳וויל דער טויט מיט קינד אונדז בענטשן.

קום. נישט ציטער. ער, דער דריטער,
בענטשט דיין טראַכט מיט ניי באַשאַף.
מיט אַ האַנט אַן אַלט־געניטער
מישט ער אויף אַ נייעם דף
אין דעם ספר פון די שאָטנס.

## אויגן פאַרפלויגענע

איך האָב געליבט אַמאָל צוויי אויגן —
וואו זיינען זיי,
די אויגן צוויי?
ס׳איז פאַרפלויגן, ס׳איז פאַרפלויגן.
(שאַרקאַנסקי)

און זיינען די אויגן דיינע פאַרפלויגן
ווי פייגל פאַרפליען אין וואַרעמע לענדער,
איז טויט — אַ פּילאָט
און נישט קיין פאַרלענדער:

ער וועט מיט מיר פליען צו גאָט,
ער וועט מיט מיר פליען צו דיר —
און ס'וועלן זיך קושן די אויגן די פיר.

## און אייביק וועט איר קול מיך רופן

פון וועלט צו וועלט וועל איך זי זוכן,
ביז אויפאַמאָל
וועט זיך איר קול צו מיר דערטראָגן,
בלויז ער — איר קול.

איר קול וועט רופן, ער וועט מיך רופן,
כ'וועל נאָך־אים גיין,
נאָר כ'וועל מיך קיינמאָל נישט דערשלאָגן
צו איר אַליין.

איר קול וועט רופן, ער וועט מיך רופן
פון וועלט צו וועלט,
און זי אַליין בלייבט ווייט ווי פריער
און בלייבט פאַרשטעלט.

איך וועל מיך קיינמאָל נישט דערשלאָגן
צו איר אַליין,
און אייביק וועט איר קול מיך רופן
און איך וועל גיין.

## דערמאָנונג

כ'בין דענסטמאָל געווען אַ ווילדע פּאָעמע,
אַ טונקל געמיש
פון מוזיק און משוגעת.
זי, ווידער, האָט זיך באַקוועם געכאָוועט
אין רייכן הויז אויף קרוטשע גאַס.

ס'האָט איר רואיקע שיינקייט פאַרמאָגט די לאָגיק
פון אַן עלעגאַנטער טעאָרעמע.
וואָס האָט זי געזוכט אין דער ווילדער פּאָעמע?
דאָס, וואָס מע זוכט אין קאָנטראַסטן.
זי האָט מיר אויסגעטייטשט נאָרוויד'ס גראַמען,
מיר האָבן געלייענט סלאָוואַצקי'ן צוזאַמען
(ס'האָט זי געצויגן צו פאַנטאַסטן),
און מיט אַ שאַרפן קילן פאַרשטאַנד

האָט זי באַלויכטן געפּרואווט זייער ביידנס
בילדער־נאַכט (ווי זי וואָלט אויף די אַקסלען
געטראָגן דעם גמרא־קאָפּ דעם זיידנ׳ס),
נאָר כאָטש עס האָבן מיט ערדישער זיכערקייט
בשעת מעשה די אויגן אירע געגלאַנצט,
האָב איך געוואוסט, אַז איר רו באַגערט
נאָך מיין טונקעלער צוויכערטקייט.
מיר וואָלטן זיך וואונדערלעך דערגאַנצט.
איך וואָלט איר בלוט געמאַכט לויפן מיט גיכערקייט,
זי — וואָלט מיר פאָרעם געשאָנקען און מאָס,
און כ׳וואָלט, אַ קינסטלער אַ באַהערשטער,
אין שטרענגער שיינקייט מיין שטורעם פאַרשלאָסן.

זיינען מיר אָבער צו־יונג געווען ביידע,
צו צוימען די גאווה און דער גאווה׳ס פאַרדראָס.
עס האָט דער גאוה אירער פאַרדראָסן,
הלמאי איך פאַרליב זיך נישט דער ע ר ש ט ע ר
(זי איז דאָך אַ פרוי — דאַרף א י ך זיין דער ערשטער...)
מ י י ן גאווה, ווידער, האָט געליטן,
הלמאי זי דערוואַרט אַזאַ באַנאַלע,
אַזאַ וואולגאַרע זאַך, ווי ליבע,
פון מיר — אַן אַנדערן ווי אַלע!
(כאָטש ס׳בלוט האָט געגלוסט און האָט געמאָנט זיין
טייל מיט אַ ווייטיק אַ צעגליטן):

איז גאָרנישט געווען, כאָטש עס האָט ג ע ק אָ נ ט זיין.

## זקן און פּאַווע

עס שטייט עק שטאָט אַ רויט איינשטאָקיק הויז.
פון הויז גייט קיינער קיינמאָל נישט אַרויס.
פאַר׳חתמ׳עט טיר און לאָד. אַרום — שטאַכעטן,
און הינטער זיי — אַ הויף־באַגראָזטער הויף
און אָפּ און אויף
שפּאַצירט אַרום איבער׳ן הויף אַ פּאַווע.
זי שאָקלט מיט׳ן קאָפּ, וואָס טורעמט הויך און קליין,
צו זיך אַליין.

עס טרעפט, אַז אין פאַרנאַכטן
קומט אַרויס פון הויז אַ זקן,
וואָס שרייבט דאָרט גאַנצע טעג ביים שיין פון ליכט

זכרונות פון פאַר דורי־דורות.
אויף דער פאַרגעסנסטער פון שפּראַכן
רעדט ער צו דער פאַווע.
ער רעדט פון זאַכן,
וואָס ציען זיך פון צייטן פון דער מאַמע חוה
אין גן־עדן.
ער רעדט, די פאַווע הערט — און צאַנקנדיקער הימל
פלאַטערט איבער ביידן.

## יידישער ראָמאַנס

אוי, דאָרטן שטייט אַ יתום־בוים,
אויף קני, אַז ווי אים, שטייט ער —
געווען אַמאָל אַ מאַי ביי אים,
נישטאָ שוין מער קיין צווייטער.

אַ דונער האָט געטראָפן אים,
געמאַכט פון אים אַ הויקער,
זינט דעמאָלט שטייט ער נעבעכדיק
און פינצטער מעשה־חוקר.

רחמנות האָבן פייגעלעך
און ווילן דאָרט נישט גאַסטן:
— ער קאָן נאָך פלוצלינג איינפאַלן —
וואָס דאַרף מען אים באַלאַסטן?

אוי, עלנט שטייט דער יתום־בוים
און אייביק טוט ער קניען.
און דיך זאָל גאָט דערבאַרעמען,
אין נחת זאָלסטו בליען!

און דיך זאָל גאָט דערבאַרעמען,
וואַקס ליכטיק און געראָטן.
אַ מיד־און־מאַטן וואַנדערער
באַשירעם און באַשאָטן.

נישט שרעק זיך פאַר קיין דונערן,
נישט בויג זיך פאַר קיין רעגן, —
און איך, דער מידער יתום־בוים,
וועל קניען דיר אַנטקעגן.

## און וואָלט...

און וואָלט אַ וואַלד געווען מיין ליבע,
אַ בוים אַן אַלטן און אַ פעסטן
וואָלט איך געפונען און געבויט דיר
די פאַרבאַהאַלטנסטע פון נעסטן.

און וואָלט אַ ים געווען מיין ליבע,
אַזוי וואָלט איך דעם ים באַפוילן,
ער זאָל דיך, טייערסטע פון פערל,
אין זיין פאַרבאָרגעניש פאַרהוילן.

און זאָל אַ טורעם זיין מיין ליבע —
וואָלט איך אין טורעם דיך פאַרשפאַרן
און דיך באַהאַלטן פאַר די אויגן
פון בעל־עבירה׳ס און פון נאַרן.

דאָס אויג פון אַלטע בעל־עבירה׳ס
און יונגע נאַרן טאָר נישט שענדן
דאָס פרומע גאָלד פון דיינע ליפּן,
די צאַרטע ליניע פון די לענדן.

## פלאַטערדיקע ליפּן

צום אָנדענק פון ב. ק.

האָסט זיך געזעגנט און אַוועק. דו ביסט געפאָרן
אַהיים. און מיטאַמאָל — ביסט ווידער דאָ.
פאַרגעסן עפּעס? ניין. און אפשר יאָ.
דו שווייגסט. און פּלוצלינג גיבן זיך אַ הויב
די ווינקלען מויל. עס פלאַטערן די ליפּן.
און רייד? נישטאָ. בלויז פלאַטער און באַוועג.
די אויגן דיינע — סאָמנאַמבוליש גרויס.
די אַקסלען בויגן זיך. וואָס קומען נישט אַרויס
די ווערטער? וואָס פאַרהאַלט זיי אויפ׳ן וועג?

ביסט בלייך. קומסט זיך אַליין ווי אַ שטיק חלום פאָר.
אַ רגע וואַרטסטו: אפשר קומען פאָרט
די רייד? אומזיסט. דו דרייסט דיך אויס. דו גייסט.
עפּעס, וואָס איז שווערע מוז־זאַך אָן אַ טרייסט,
בלייבט הענגען אויף די ווענט ווי אַ געשפּענסט.
איך לאָז דיך גיין.

אַריבער זיינען יאָרן.
מיט תפילה טיפער, קיינמאָל נישט דערהערטער,
ציטערן די ליפּן דיינע אויף אין מיין זכרון:
זיי וואַרטן, וואַרטן אַלץ אויף ווערטער.

## אַ חתונה: קלאַנג־באַלאַדע

האָרך — טראָמפּייטן — פלייטן — פלייטן —
פידל פידלט — פּייקל פּייקלט — —
פידל — פּויק —

טאַנצן אַלע, אַלע, אַלע,
אַלע, אַלע — און די כלה?
ס'וואַרפט נישט קיינער אויף דער כלה
ס'אויג.

זע נאָר: ווייסע, סאַמע ווייסע,
פּראָסטיק־ווייסע, ווייסע, ווייסע,
פּראָסט —

אַלע ווייסע, אַלע, אַלע,
אַלע שלעפן זיי די כלה.
שרייט די כלה:
—לאָ—אָזט!

„ביזט אַ שיינע, שיינע, רויטע,
שיינע—רויטע—שיינע—רויטע—
בלום —

קום צו ווייסע — קום צו טויטע —
ווייסע—טויטע—ווייסע—טויטע—
קום!"

טראַמטאַ־דראַטאַ——טאַטאַ——טאַטאַ—
טאַטאַ—טאַטאַ—טאַטאַ—טאַטאַ—
טאַ —

אַלע, אַלע, אַלע, אַלע
פרעגן פּלוצלינג: וואו די כלה?
טויט די כלה!
אַ — — —

## דאָס ווייסע קינד

געקליידטערהייט אפילו
גייט זי אַ נאַקעטע.
אייביק גייט זי אַ נאַקעטע.

פונעם שניי ברענט אַרויס אַ לאַמטערן.
אין דער לאַמטערן שוידערט נאַכט ביי נאַכט
דאָס געלע פלעמל, ווען עס זעט זי
אַ פאַרלאָשענע שטיין
אין פליענדיקן שניי —
אינגאַנצן אַ פאַרלאָשענע.

וואָס קוקט זי אַזוי?

דער שניי, דער פלינקער דראָטן־גייער, דער מכשף,
ווייזט איר, אין ווייסקייטן געוויקלט,
אַ נ י ש ט ־ ג ע ב ו י ר נ ס ,
אַ בלייך פיגורל פון אַ קינד
מיט נאַס־פאַרקלעפּטע ווימפּערן.

שוידערט אויף דאָס גאַסן־מיידל:
„גיב עס מיר אַהער, דאָס ווייסע קינד, —
דאָס ווייסע קינד איז מיינס!
איך וועל עס קיינמאָל נישט געבוירן,
נאָר —
דאָס ווייסע קינד איז מיינס.״

## טויט און תאווה

ווען די נאַכט שעכט אויס אין צאָרן
שטראַלן, צאַפּלענדיקע טויבן,
לאָזט אַראָפּ די שוואַרצע שטאָרן
איבער מערב׳ס רויטע שויבן, —
ווערט די לופט אַלץ ענגער, ענגער:
טויטע אורחים איז זי מכניס.
ווי געיאָגט פון אַ באַדרענגער,
לויפן מתים אָן אין מחנות.
ס׳ריידן אויסגעהוילטע שטימען,
ס׳קוקן אויסגעלערטע אַפּלען.
זע, קאָנוואולסיעס בייזע קרימען
זיי די גלידער — און זיי צאַפּלען.

אָרעמס הויבן זיי צו גרייכן
דער לבנה'ס פּולע ברוסטן,
קושן ווילד אַ וואַנט אַ בלייכע,
האַלדזן קוימענס מיט אַ גלוסטן.
ס'גראָבט די תאווה, די היענע,
נאַכט ביי נאַכט זיי פון די קברים,
שלעפּט פון זאַמד און גרינעם וואָרעם,
רופט צו יענע, רופט צו י ע נ ע...
און צום אַלטן מייסטער ש ט ן
ברומען זיי ווי קראַנקע חיות:
„ס'איז אונדז ס'לעבן נישט געראָטן —
זיי געשטאָרבענע מפּייס.
ס'איז אונז ס'שטאַרבן נישט געראָטן —
פרי פאַרשאָטן די געביינען!
הער געוויינען, מייסטער שטן,
הער געברומען און געוויינען!"

און דער שטן טוט זיך מיען,
און, צו שאַרפן זייער גאַרן,
קומט מיט שד'יכעס צופליען
לילית, שענסטער פון קאָשמאַרן.
ס'בלענדט מיט שמייכל כשר־טרייפן
איר פאַרפיר־בילד אין דער פינסטער,
ס'בלענדט די בלאַנקסטע פון די שלייפן,
ס'לאָקט דער בליק דער פלאַמיק־גרינסטער.
נאַכט און כישוף — ווייט אַרום־איר,
אין דער לופטן ברענט מיט סוטה,
און ווי קעץ אין נעכט פון זומער
וויינען תאווה'דיק די טויטע.

## גנאָד

דיר, רחל'ען

און זי דערציילט מיר, ווי עס האָבן איר גע'עצה'ט די
דאָקטוירים
זיך אָפּצוזאָגן פון איר קינד, דעם האַלבן מת...
(נאָכוואָס האָט גורל שרעקלעכער געהייסן איר:
געבויר אים!?)

---

סוטה — לייען: סאָיטע.

ניין, זי וועט זיך ראַנגלען, זי וועט ראַטעווען... און ס׳איז
געשען אַ נס.

דאָס קראַנקע קינד איז איצט אַ שטאַרקער יונגער בחור...
ווען נישט זי —
ווען נישט די נעכט אירע אָן שלאָף, די טעג פון פּיין און
פיבער —
וואָלט ער נישט אויסגעוואַקסן צו אַ יונגן גבור,
נאָר וואָלט שוין לאַנג, שוין לאַנג געווען נישט־הי.

זי האָט דעם טויט באַזיגט מיט ליבשאַפט און רחמנות.
און זי דערציילט — און כ׳ווייס, אַז אירע רחמים, גרויס און
געטלעך,
וואָס האָבן ס׳קינד געראַטעוועט אַמאָל — דיזעלבע רחמים
האָבן
געראַטעוועט אויך מיך פון ווערן לעבעדיק באַגראָבן
אונטער אומגליק און שגעון. שאַ, זי לויפט באַגיסן די
וואַזאָנעס —
און ס׳ציען זיך צו איר מיט מיילער דאָרשטיקע די בלעטלעך.

## רות

ויאמר בעז לנערו הנצב על
הקוצרים: למי הנערה הזאת
(רות ב׳, ה׳)

און בועז׳ס האַרץ האָט דערלאַנגט אַ ציטער,
און ער האָט געפרעגט ביי דעם יונג דעם היטער:
„ו ו ע ר איז די יונגפרוי, וואָס קלייבט די זאַנגען
אונטער געזאַנגען
פון מיינע שניטער,
און גייט זיי שטיל־שעמעוודיק נאָך?״

האָט יענער געזאָגט: „די, וואָס אירע ברעמען
גלאַנצן ווי גאָלדענער, ווייכער ש מ ן ?
זי האָט אַזאַ פרעמדן און שיינעם נאָמען,
דעם שענסטן פון נעמען.
די שנור פון נעמי׳ן —
רות איז עס, האַר מיינער, רות!״

האָט בועז׳ס אויג זיך צעגליט אין גרוסן
און זיין רויטע ליפּ האָט געזאָגט צו רות׳ן:

„צו אַנדערע גיי נישט, מיין טאָכטער, קלייבן,
נאָר זאָלסט דאָ בלייבן,
און ס׳וועט נישט רות׳ן
געשען — איך שווער עס — קיין בייז.״

האָט אין דער לופטן פאַרשמעקט מיט ניסים
און ס׳איז געפאַלן רות צו די פיס אים:
„פרעמד בין איך, האַר, אין בית־לחמ׳ס טויער!״
איז וואונדערלעך־זיס אים
אין לאָגעל פון אויער
געפאַלן איר נכריי׳שע שטים.

און בית־לחמ׳ס פעלד האָט אַ בלויע מנוחה
פאַרהילט מיט הימל און שטיל געצאַנקט.
אָ וואונדער, וואונדער! — געשמידט האָט גאָט שוין
אַ כסא־מלוכה;
און ערגעץ האָט שוין
די קרוין פון בן־ישי געבלאַנקט.

## צוויי פאָר אויגן פאָרן פאַרביי

צוויי פאָר אויגן קוקן
חידוש׳דיק זיך אָן.
האַסטיק גיט די ערשטע
פאָר זיך אַ דערמאָן:

„ס׳האָט אַמאָל פאַראייניט
אונדז אי פיין, אי פרייד.
האָבן זיך געקענט,
האָבן זיך געשיידט.

זיך אַמאָל געקענט,
זיך אַמאָל געשיידט.
דורות שוין פאַרביי!
חלום אָן באַשייד!״

זאָגט די צווייטע פאָר,
זאָגט פאַרטראַכטעהייט:

באַמערקונג: אין „און ערגעץ האָט שוין״ ווערט האָט — אַקצענטירט.

„ערגעץ אין אַ וועלט
וועט נאָך זיין באַשייד.

זייט דערווייל געזונט —
מיר פאָרן בלויז פאַרביי.“

און די צוויי פאָר אויגן
שיידן זיך אויפסניי.

1917

## יידיש־פויליש

(פאַר מוזיק)

דרויסן אויף די פעלדער
שניידט דאָס גאַיעס היי.
גייט אַ יידיש יינגל:
אויגן פרומע צוויי —

דאַנאַ מאָיאַ, דאַנאַ.

שטייט אין פעלד מאַרישיאַ:
צעפּ געדיכטע צוויי.
מאַכט צו אים מאַרישיאַ:
שטיי אַ רגע, שטיי!

דאַנאַ מאָיאַ, דאַנאַ.

קול און קאָסע קלינגען:
ווילסט אפשר אַ טרונק?
און די אויגן ווינקען
מיט אַ בלויען וואונק.

דאַנאַ מאָיאַ, דאַנאַ.

תורה לערנען גיי איך,
גיי איך פון ווי ווייט.
תורה גיי איך לערנען,
האָב איך נישט קיין צייט.

דאַנאַ־דאַנאַ־דאַנאַ . . .

## אַ רויטער פּאַס

ס׳האָט קרום זיך איינגעשניטן
פון מערב, פון דעם ווייַן־צעגליטן,
אַ רויטער פּאַס

און געלייגט זיך אונטן ביי דעם ראַנד
פון אַ וואַנט
אין אַ צימער פון איר דירה.

אין די לייכטע שטעק־שיך אירע
און אין שלאָפראָק מיט די קווייטן
האָט זי, פריידיק ווי אַ שפּאַס,
אַריינגעטאַנצט פון יענעם צימער אין אַ צווייטן.

געפאַלן איז איר שאָטן,
בעת יענעם טענצלדיקן גאַנג,
אויפ׳ן רויטן פּאַס —
און אויף מיין האַרץ, וואָס האָט געבלוטיקט מיט פאַרגאַנג
איידער נאַכט האָט עס פאַרשאָטן.
אָ, דער רויטער פּאַס!
אָ, יענער שאָטן!

## די צווייטע

און וועלן מיר זיין שוין אויף יענער זייט,
דאָרט, אין דרויסן דעם גרויסן,
און וועסטו דאָרט טרעפן, אויף יענער זייט,
אויף יענער וועלט, אויף יענער זייט,
די ערשטע, דיין ערשטע —
צי וועסטו מיך פאַרשטויסן ?...

וואָס וועסטו טאָן מיט דער צווייטער, מיט מיר?
וועסטו פאַרשטויסן מיך צוליב איר?
וועסט דאָך נישט לייגן איין קאָפּ — דיין קאָפּ —
אויף צוויי שויסן...

גייסטו צו איר, צו דער ערשטער, צוריק,
דער ערשטער, דיין ערשטער, —
וואָס וועל איך טאָן דאָרט אַליין, אָן דיר,
אין מדבר פון אייביקייט דעם גרויסן ?...

## אַ לאָדזשערין

דער טאָג איז איבער לאָדזש געקראָכן ווינטערדיק און בלאָטיק.
בלויז די פּעטריקאָווער גאַס, פאַרקילט און אין קאַלאָשן,
איז געלאָפן צו דער וועלט, צו ווייטקייט, צו עקזאָטיק.
די דייטשע לידער אירע — אַ־לאַ לאַסקער־שילער —

האָט מיר די חסידים־טאָכטער פאָרגעלייענט. ס׳האָט אַ שד
אַ שטילער
אין שאָטן פון די ווייעס אירע זיך געצונדן און געלאָשן,
אָט געטאָן אַ שפּרונג אַ פלעמלדיקן, אַ פאַרצוקט־נערוועזן,
אָט זיך פאַרטאַיעט ווי אַ מויז אונטער אַ בעזעם,
בסוד געפראַוועט דמיונ׳דיקע מאַניפאָרגעס,
גע׳חלומ׳ט וועלט־מרחקים, ווייטע אָרגיעס,
אַוואַנטורעס פון עקזאָטישער עראָטיק — —
(אָ, ס׳איז דרויסן אַזוי לאַנגווייליג געווען און בלאָטיק).

אַריבער זיינען יאָרן. כ׳האָב געהערט:
זי איז אַוועק קיין אויסלאַנד, מיט אַ גריך אַ קאָמוניסט
געלעבט, געשריבן לידער אַלץ פאַרקנוילטער און מאָדערנער
(אַ פלפול־עכאָ, מן הסתם, פון דורות לערנער)
און גאָרנישט איז געשען. עס האָבן טעג זיך בלויז געמערט.
צום סוף איז פאָרט געשען עפּעס. אַפנים, אַז אומזיסט
האָט יענער שד, דער אומעטיקער חוטא,
געוואַרט, גע׳חלומ׳ט אָרגיעס בראַנדיק־רויטע
(ווי ס׳האָבן פרומע אבות דורך דעם לאַנגן גלות
געוואַרט — להבדיל טויזנטער הבדלות —
און געטרוימט פון מלכות־שדי אויף דער ערד).
ס׳איז איר, ווייזט אויס, געווען אַזוי באַשערט,
אַז אויך אין יענער ווייט, וואוהין ס׳האָט זיך געריסן
דער שד אירער, זאָל זי פון שטורעם־גליק נישט וויסן
און קריכן זאָלן אירע טעג אַ לאַנגווייליק געקריך.
ביז איינמאָל האָט זי אים דערשאָסן, יענעם גריך,
און נאָכדעם — זיך.

## שרעק פאַר טומאה פון אַ פרוי

ווען די נאַכט פון אירע אויגן צאַפּלט־אויף
מיט אַ שימער אַ בלייכן,
ווייס איך: דאָס גיט זי
די שדים אַ צייכן.

די פיס אירע — הויך ווי אַ תליה.
מיט שמינק
בלוטיקט איר ליפּ.

זי שטינקט
מיט נידה.

מענטש, זאָג ווידוי.

## אַ חלום דערמאָנט זיך און לאַכט

זיי זוכן איין אבידה,
זיי דאַרפן איין באַשייד,
כאָטש זיי זיינעןביידע
לאַנג, שוין לאַנג צעשיידט.

וואָס־זשע טוט זיי באַנג,
וואָס ווילן זיי באַשיידן?
אַ חלום, וואָס איז לאַנג,
שוין לאַנג נשמתו־עדן.

ער זיצט אין אַ גן־עדן
פון לאַנג שוין טויטע פריידן
און לאַכט ווען ער דערמאָנט זיך
ווי ער האָט גענאַרט זיי ביידן.

## אַלטמאָדיש

„האָט אַ גאָלדן וואָלקנדל געגעכטיקט
אויף דער ברוסט פון ריזנפעלז דעם אַלטן.
אין דער פרי איז עס אַוועק אַ ליכטיקס,
אַ צעשפּילטס אין בלוי אין דעם צעשטראַלטן.

נאָר געבליבן איז אַ שפּור אַ פייכטער
אין דעם פעלזנ׳ס שפּאַלט. אין איינזאַמקייט פאַרשטיינטער
שטייט דער אַלטער. טיף האָט ער פאַרטראַכט זיך —
און אינזיך, אינזיך וויינט ער.״

נאָטשעוואַלאַ טוטשקאַ... ווי אַלטמאָדיש!
ווי דער טרויער... ווי די ליבע... דאָס וואָס דורות
נייע, דורות פון דעם מענטש דער חיה,
זיינען מער נישט גורס.

---

*) ווידוי — לייען ווידע.

## הכניסיני

(ביאַליק)

אונטער דיינע פליגלען נעם מיך,
זיי מיר מאַמע, זיי מיר שוועסטער,
און פאַר תפילות מיד, פאַרשטויסן,
זאָל דיין שויס זיין היים און נעסט מיר.

נויג דיך צו צו מיר פאַרנאַכטלעך,
ווען די שעה פון גנאָד און רו איז.
ס'איז פאַראַן אַ יוגנט, זאָגט מען, —
מ י י נ ע וואו־איז?

ס'איז פאַרברענט געוואָרן ס'האַרץ מיינס,
זיך אַליין געפירט צום שייטער.
ס'איז אַ זאָג פאַראַנען: ליבע —
וואָס באַטייט ער?

כ'האָב אַ טרוים געהאַט — נישטאָ מער!
ס'לייגן שטערן, פוסטע גלאַנצער.
גאָרנישט האָב איך אויף דער וועלט איצט
אויף דער גאַנצער.

אונטער דיינע פליגלען נעם מיך,
זיי מיר מאַמע, זיי מיר שוועסטער,
און פאַר תפילות מיד, פאַרשטויסן,
זאָל דיין שויס זיין היים און נעסט מיר.

## ס'האָבן זיך ליפּן געצויגן צו מיר...

ס'האָבן זיך ליפּן געצויגן צו מיר,
ליפּן — רויט גאָלד.
זיי האָבן מיך וועקן געוואָלט,
געטירקלט:
— מיין חתן — —

ס'האָט מיין כלה
די גאָלדענע ליפּן געצויגן צו מיר,
זיך געבויגן צו מיר.
נאָר א י ך בין אין שטיינערנעם טויט
געלעגן פאַרשלאָסן.

# דאָס ליד פון דוכרא און נוקבא

געשלעכט האָט דיך געשלאַכט,
געשלעכט האָט דיך געשלאַכט!
דיין בלוט האָט זיך געגאָסן,
אָ וועלט, צוליב געשלעכט.
געשלעכט פּירט אָן געפעכטן,
געשלעכט — דאָס איז געפעכט.
ווען אונטן קעמפן פעלקער —
קעמפט אויבן פרוי מיט מאַן,
דער דרויסן מיט'ן דרינען,
מיט דאַרף־זיין — דער פאַראַן.
עס קעמפט דער באַרג פון דוכרא
מיט נוקבא'ס טיפן טאָל —
פון טאָל אַרויס וועט דוכרא
אַרויסקריגן אַמאָל
נישט קין'ען, נישט הבל'ען,
נישט מערדער און קרבן בלויז,
נאָר אים, דעם מאַן דעם רעכטן,
דעם גואל שטאַרק און גרויס.
נוקבא־דתהומא־רבא'ס
נאַכט, וואָס דוכרא באַפאַלט,
געבוירט דעם מאַן פון שבת
אין דוכרא'ס העלסטער געשטאַלט.
נאָר בייז און ווידערשפּעניק
איז דערווייל דער נוקבא'ס נאַכט,
זי געבוירט נאָר הבל און קין —
און דו ווערסט, אָ וועלט, געשלאַכט!
געשלעכט האָט דיך געשלאַכט,
געשלעכט פּירט־אָן געפעכטן:
צוליב דעם מאַן דעם רעכטן
האָסטו נישט איינמאָל געקראַכט,
און ס'וועלן נישט איינמאָל נאָך קראַכן
די ווענט פון דיינע יריחו'ס,
ביז נוקבא גיט זיך אונטער,
ביז דוכרא פּירט דורך זיין שליחות,
און פון דער נוקבא'ס טיפן
גייט אויף דער מאַן דער רעכטער:
אין אים מאַכן שלום די שלאַכטן,
אין אים ווערן איינס די געשלעכטער.

וואַרשע, 1926

## סאָנאַטינע

האַלב אין ליכט און האַלב אין חשכות
שטייט פאַרנאַכט דער שטילער וואַלד.
ס'איז אַ פינצטערניש וואָס שטראַלט:
ס'מעריב'ט זון פון קעגנאיבער.

כ'בין האַלב פינצטער, האַלב באַלויכטן
ווי פאַרנאַכט דער שטילער וואַלד:
זוניק פורפורט דיין געשטאַלט
מיינע שאָטנס קעגנאיבער.

באַלד פאַרזינקט די זון, און פינצטער,
כולו פינצטער שטייט דער וואַלד.
וועט פאַרשווינדן דיין געשטאַלט —
בלייבט מיר נאָר דער חושך איבער.

## און ווינציקער ווי אַלע ווייסן דאָן־זשואַנען

ס'האָט איר ווייטיק פון אַנטווישונג זיך צעגאָסן ווי אַ לאַווע.
זי האָט דעם גאַנצן וועג געפייערט קעגן מיר. איך האָב געשוויגן.
די צוויי, די צוויי די אייביקע! איז ליבע נאָר אַ ליגן,
וואָס צינדט בלויז אָן די בלוטן אין מינוטן פון דער תאווה?

און אַלע זוכן זי. ס'זוכט אדם און ס'זוכט חוה,
נאָר וואו זי איז — ווייס קיינער נישט. האָסט, דאַכט זיך,
זי געפאַנגען —
ערשט דיין האַנט האָט בלויז אַ שטראַל געכאַפּט, וואָס איז
אַנטגאַנגען.
ס'האָט ביאַליק נישט אומזיסט געוואָלט באַנעמען: מה זאת
אהבה?

און ווינציקער ווי אַלע ווייסן דאָן־זשואַנען.
(זיי דאַרפן דאָך נאָר איינס: די פרוואישע אָרגאַנען).
איז וואָס? נישטאָ קיין ליבן? ניין, מיר ווייסן: ס'איז פאַראַנען

אַזאַ זאַך. אויך אירע רייד, וואָס האָבן גיהנום'דיק געזאָטן,
זיינען פול געווען מיט ציטערניש פון יענעם דינעם שאָטן,
וואָס צו דערגיין זיין סוד איז קיינמאָל קיינעם נישט געראָטן.

## צווישן מיר מיט דיר

ס'איז צווישן מיר מיט דיר געשטאַנען י ע נ ע ר.
און גובר האָט געווען דער קאָנקורענט.

בין איך אַוועק און האָב פיר יאָר גע'חלומ'ט
פון דיר צווישן פיר ווענט.

כ'האָב דיך געשמידט אין פייער פון מיין חלום —
און ביסט געוואָרן וואונדערלעך ביז גאָר.
און פּלוצלינג האָסטו מיך צו זיך גערופן.
כ'האָב דיך דערקענט און נישט דערקענט נאָך די פיר יאָר.

איז ד אָ ס מיין חלום? ניין. דו גיי צו יענעם זכר,
אויב ער באַדאַרף דיך נאָך. איך גיי צו מיינע ווענט.
און נישט פאַרלעשן וועל איך אים, דעם חלום.
זאָל ער ברענען ווי ער האָט געברענט.

איך וועל דיך שמידן אין מיין חלום ווייטער.
כ'וועל חלומ'ען — איך ווייס נישט וויפל יאָר.
כ'וועל רופן דיך מיט נעמען אַנדערע. עס וועלן
זיך ענדערן די נעמען בלויז. דאָס גאָר.

## איין שטראַל, איין שטורעם

(ביאַליק)

ס'האָט אַן איינציקער שטראַל דיך פאַר'שכור'ט
און עס האָט דיין יונג־ווייבערשע פּראַכט
ווי אַ פּרוכטיקער ווייַנשטאָק געצייטיקט
אויפאַמאָל, נישט געריכט, נישט געדאַכט.

און איין שטורעם, איין נאַכטיקער שטורעם,
האָט באַרויבט דיך, פאַרטויבט דיך מיט זינד,
און נבלה־גערוך אין דיין שיינקייט
האָט דערכאַפּט שוין, דערשנאַפּט חברה הינט.

## וואו אַלץ איז אָפן

(אַן אַלטער מאָטיוו מיט אַן אַנדער סוף)

זיי האָבן זייער ליבן אַזוי טיף געשפּירט, אַז קיינער
פון זיי האָט קיינמאָל נישט געזאָגט: כ'האָב ליב.
זיי האָבן קיינמאָל נישט דערנענטערט ליפּ צו ליפּ,
פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ אַליינער.

אין שטומער שיידונג זיינען יאָרן ערדישע געלאָפן,
און אַזוי דערלאָפן ביז דער ענד.

און אַז בײדע האָבן זיך אויף יענער־זײַט געטראָפן —
האָבן זײ אײנס ס׳צװײטע נישט דערקענט.

נאָר אַז זײ זײַנען צוגעקומען צו אַ װעלט, װאו אַלץ איז אָפן,
װאו קלאָרסטע קלאָרקײט איז און װאָרסטע װאָר,
האָט (װי גאָט, װאָס ער אַלײן בלויז זעט זיך קלאָר)
זײער ליבע זיך דערזען — און זיך מיט זיך געטראָפן.

## נישט דיר און נישט דער ערד

דײַן בליק איז אַזוי שײן
און שענער נאָך דאָס אײביק אַלײן,
און ס׳איז דײַן העלע האַנט די װאָג
פון מײַן נאַכט־און־טאָג,
און כ׳גײ דיר נאָך מיט גליק און ראָך
װי די װאָך
נאָכ׳ן שבת,
און דאָך —
װען אַלץ אין מיר באַגערט
נאָך דיר, דו שטאָלצער בנין
פון פלײש און ליניען,
װײס איך: דו ביזט ערד —
און גײסט צו ערד.
און איך — אין מיר איז עפּעס,
װאָס איך שלעפּ עס
װי אַ גנבה דורך דער װעלט
און װאָס געהערט
נישט דיר און נישט דער ערד.

## און ס׳קינד משיח איז אַלץ נישט געבוירן

פּאַראַנען
פרויען, װאָס מיר קענען נישט,
פרויען, װאָס מיר אַנען.

פרויען, װאָס זײער לײב איז װײַן און ברויט.
אַלע דאָרשטן שטילן זײ
און אַלע הונגערס.

נאָר ס׳ליכט זײערס פאַרהילן זײ,
די פרויען, װאָס די ערד פאַרמאָגט נישט זײער גלײַכן.

זיי שלייכן
דורך אַנונגען פאַרביי, פאַרגייען ווייט —
און לאָזן אונדז אַליין מיט אונדזער גורל.
רינגט אָפּ אָן אַ זייט
אונדזער קליין ביסל לעבן, אונדזער קאַרג ביסל צייט —
און ס׳קינד משיח איז אַלץ נישט געבוירן,
און ס׳בלייבט אונז בלויז דאָס תאווה׳לע — דאָס עיפּוש׳דיקע
טכוירל.

צענטער אָפּטייל

# פון טויט צום אומפּאַרגאַנג

## א) טויט-לידער; ב) איבערגאַנג-לידער;
## ג) אומפּאַרגאַנג-לידער.

### פון טויט צום אומפּאַרגאַנג

**(אַנשטאָט אַ פאָרוואָרט צום אָפּטייל)**

אַמאָל, ווען כ'האָב געגלויבט, אַז טויט פאַראַנט
(זיין נ י ש ט ־ פאַראַניקייט די ג אַ ר ע
האָב איך בלויז צייטנווייז געאַנט),
האָט זיך אין געשטאַלטן אַלערליי
דער טויט פאַר מיר געקליידט,
אַ שטייגער אַן עקסצענטרישער באַראָן אין אַ קאַפּיי,
צי סתם אַזוי אַ גוי
מיט אויגן — וואַסער, און וואָנצעס — שטרוי,
אַמאָל אַזוי און אַמאָל אַזוי.

שפּעטער, ווען איך האָב
שוין מיט זיכערקייט זיין דאַכטיקייט געוואוסט
(צו פיר און פערציק יאָר
האָב איך אויסגערופן קלאָר
אין אַ סך־הכל־ליד זיין גאָרע פּ ו ס ט),
האָט זעקס מיליאָן מאָל אומקום מיר צעריסן
זעקס מיליאָן מאָל מיין וויסן.
איך האָב די דאַכטיקייט געוואוסט — און פאָרט:
זי האָט ג ע ו ו אָ ר ט.
נאָר ווען איך בין אַרונטער ביז צום סאַמע דנאָ
פון מיינע פּיינען — האָט פון דאָרט, פון דנאָ,
פונסניי אַרויסגעקוקט מיין וויסן: „איך בין דאָ!
געטויט־ווערן און שטאַרבן זיינען נ י ש ט דער טויט —
ער איז נישטאָ, דער טויט, נישטאָ!
בלויז דער אַין, יענער גאָרנישט וואָס איז אַלץ — פאַראַנט,
נאָר גאָרנישט ס ת ם איז ל ה ד ״ ם;
אָן האַפּט איז ער און אָן באַשטאַנד.״

פון דעמאָלט אָן און ווייטער איז דער טויט,
וואָס כ׳האָב זיין דאַכטיקייט געוואוסט
און פאָרט האָט ער געוואָרט,
אַלץ מער פאַר מיר געוואָרן בלויז אַ װ אָ ר ט.

אָ, איך ווייס, ווי הייס דאָס שלעכטס רעאַלט
אויף דער ערד מיט אירע מערדער, ברענער, שינדער!
ביז ס׳וועט אויפהעלן די פרייד
פון משיח׳ישן באַשייד —
בלייבן גרויליק די אַמאָלן,
זיינען גרויליק די אַצינדן,
טויט מען יידן, טויט מען קינדער,
טוט מען ערד און הימל צינדן,
בושעווען פאַרברעך און בראָך.
מע טויט, מע ווערט געטויט, און דאָך —
דער טויט אַליין איז בלויז גערייד,
אַ דיבור צווישן נאַרישע דיבורים.
פאַרשווינדונג איז אַ שקר. אַלץ באַשטייט
און וואַרט אויף דעם באַשייד
פון לעצטיקע בירורים.

אַז וואויל צו דעם, וואָס ווייס דאָס און פאַרשטייט!

## דאָס ליד פון טויט אין פאַריזער קאַפע-הויז

עס זיצט אין פאַריז אויף אַ טעראַס
ביי זיין דעמי־טאַס
דער טויט — אַ פערוועשרער אַלטער באַראָן,
און די גאַס, די צעברויזטע גאַס,
קוקט ער מיט שפּאַס און מיט טרויער אָן.

ער זיצט (ס׳איז פרילינג) מיט אַ רויז,
אַ רויז אין לאַץ און אַ קנייטש אין הויז,
און רעדט צו זיך: „מיין ליבער טויט,
די ערד בלייבט אייביק שכור.
און נייע ברוסטן ווערן שטייף,
און נייע ווייבער ווערן רייף,
און ס׳קומען נייע פליקער.

לעשסטו, אַ שטייגער, צוויי אויגן אויס —
נעמען באַלד נייע גלאַנצן.

און נייע לענדן ווערן פול,
און נייע לייבער ווערן דול —
ס׳העלפן נישט טויט און פּראַנצן.

ווייב און מאַן
באַפלאַנצן מיט וויינגערטנער מיין וואולקאַן —
ביז וואַנען וועלן זיי פלאַנצן?״

## אַ יובילײ

אויבנאָן איז געזעסן אַן אַלטער נאַר,
פון צעטראָגנקייט רויט ווי אַ סאַמאָוואַר:
דער יובילאַר.

אַרום אים האָט געפּלאַצט מיט געטראַסק און געברויז
דאָס ווערטל גרויס.

ס׳האָט געלאַכט אים אין פּנים אַריין אַ נאַכאַל:
ס׳וואָרט געניאַל.

אַ לאַך און אַ טראַסק, אַ פּלאַץ און אַ קנאַל:
גרויס — געניאַל — גרויס — געניאַל —
געניאַל.

פון אַ ווינקל זאַל
האָט געקוקט איינער שטאַר
צום יובילאַר.
געקוקט, געטראַכט, געבלייכט, געגרויט:
דער טויט.

## אַ הויז אויף ריווערסייד דרייוו

### צום אָנדענק פון י. י. זינגער

אַ וואָלקן איז געבליבן שטיין איבער׳ן האָדסאָן,
אַן אָוונטיקער וואָלקן ווי אַ בלויער באַרג.
אונטער אים — ניו־דזשוירזי׳ס פייכטע פייערן:
זיי טוען זיך זייערן
טרערנווייז אין טייך אַריין.

צום האָדסאָן אַרויס
שטייט אויף ריווערסייד דרייוו אַ הויז.
פאַרנאַכט, קעגנאיבער ניו־דזשוירזי׳ס פייערן,

גליוורט עס בלייערן,
פאַרשטאַרט אין אַ קלער.
כ׳האָב אַ חבר געהאַט דאָרט, אַ חבר אַ טייערן —
איך האָב אים נישט מער.

בענקט נאָך אים ס׳הויז און עס קלערט:
אפשר וואוינט ער אויף יענער זייט,
אויף דער בעסער־זייט, דער שענער־זייט,
אין אַ הויז אַ שענערן, אַ נייערן.
אויף יענער זייט זוכט עס אים,
צווישן די פייערן.

## אויף אַ סעמעטערי

ס׳לאָזט אים אין קבר אַראָפּ אַ מאַשין.
לאַנגזאַם פאַלט ער אַרונטער.

ברוגז׳דיק וואַרטן די קאַרס:
מיר ווילן אַנטלויפן —
ענדיקט דעם פאַרס,
אין שטאָט איז בונטער.

אָט באַלד, אָט באַלד.
אַ רגע וואַרט אונטער.

די בלומען אַהער!
מע זעט אים נישט מער —
ער איז שוין אַרונטער,
אינגאַנצן אַרונטער.

## אַ טויטע פעל

מאַנהעטן. זונטיק. זון. איך גיי אַרויס
און זע ביים טראָטואַר אַ געלבלעך־גרוי׳ס:
דאָס שמאָלע פעלכל פון אַ טויטער מויז.

אין פולער גרויס
ציט זי זיך אויס, די גאַס. אַ פרעכע רויז
ברענט אין אַ נעגער׳ס לאַץ. אַ יונגער פרוי׳ס
געלעכטער רייצט זיך: כ׳זאָג אייך גאָרנישט אויס.

צי ווייס די גאַס, אַז זי איז בלענדונג בלויז,
אַז זי איז בלענדונג בלויז און פוסט געברויז

אַרום דעם טויטן פּעלכל פון דער מויז,
אַרום דעם שמאָלן פּעלכל פון דער מויז!

פּאַראַד. מוזיק. פון פענער דאָס געפּאָך.
קאַרס בלייבן שטיין און קינדער לויפן נאָך.
כ׳קוק ערגעץ אַנדערשוואו אין מיטן קאָך:
דאָרט,ביים טראָטואַר, וואו ס׳ליגט די פעל,
איז גאָט׳ס געהיימע שוועל.

## קליינע אַמעריקאַנער באַלאַדע

ליגט אַ בית־עולם ביים וועג.
גאַנצע טעג
הערן די טויטע,
ווי אויטאָ נאָך אויטאָ
ליאַרעמט פאַרביי.
זיי ווילן אַריין אין די אויטאָס און פאָרן
צוריק צו די יאָרן,
אָבער דער האָרן
בלאָזט קורץ: גוד־באַי.

אייביק לויפט אויטאָ נאָך אויטאָ פאַרביי.

## טויט און קינדהייט אין סינסינעטי

לאָזט דיך קינדהייט גריסן,
זאָלסטו, ברודער, וויסן:
ס׳זוכט דער סוף דעם אָנהויב,
ס׳וויל דער קרייז זיך שליסן.

ס׳זיינען טויט און קינדהייט
קינדער פון איין מאַמען;
אָנהויב און פאַרשווינדהייט
ווילן זיין צוזאַמען.

ביי קרובים אין סינסינעטי.
מע זיצט ביים טיש אין קיך.
ערשט זע: איך בין אין האָמעל,
טראָג קליינע קינדערשע שיך.
ווי אַ פוילע גאָלדענע קאַץ
ליגט די זון אויפ׳ן בענקל —
האָמעל אין סינסינעטי!

דאָס שיסל בולבעס פאַרעט,
יויך־אויגן ווינקען פעטע.
אין קאָפּ־טיכל דעם ווייסן
זיצט מיין קרובה און רעדט
מיט אַ קול פון רייסן,
מיט אַ קול פון מיין באָבע׳ן,
מיט אַ קול פון מיין מאַמע׳ן.

די פוילע גאָלדענע קאַץ
ליגט אויפ׳ן בענקל אין פלאַמען.

פון האָמעל טוט זי שטאַמען,
די זון — די גאָלדענע קאַץ.
אַריבערגעשפּרונגען איז־זי
איבער יאָרן און ימ׳ען
אַזוי ווי איבער אַ פּלויט.
און ס׳זיצט ביי דער וואַנט די קינדהייט —
און באַלד וועט אַריין דער טויט.

## טויטער, וואו גייסטו?

כ׳בלייב שטיין אַמאָל אין מיטן גאַס
מיט אויגן שטאַר־פאַרגלייזטע
און רוף זיך אָן צו זיך אַליין:
טויטער, וואו גייסטו?

איך גיי נישט ווייטער. כ׳שטיי אַזוי און גאַף
אויף קינדער, אויףביימער, אויף שילדן,
אויף אַן אַלטן באָם, וואָס זיינע שמאַטעס
טוט אָוונט־זון באַגילדן,
אויף אַלץ, וואָס טראָגט זיך ערגעצוואו און קרייזט
מיט דעם ערדישן באַלעם.
איך אַליין בין נאָך אַלעם —
איך אַליין בין אַ גייסט.

און אַז עמיצער באַגריסט מיך:
העלאָ, וואָס מאַכט איר?
וואָס שטייט איר אַזוי אַ פּאַרטראַכטער?
איז מיר אַ חידוש: ווי קומט עס,
וואָס יענער איז אַ גייסטער־זעער?
און אַז עס באַגריסט מיך אַ צווייטער, אַ דריטער —

ווילט זיך מיר וויינען: ס'אַ מאָדנע וועלט דאָס איז.
מ'קאָן זיך נישט באַהאַלטן.
אפילו נאָכ'ן טויט
בלייבט אַלץ ביים אַלטן.

## אַ גייסט*)

ס'איז אַ גייסט אַרויף אויף דער וועראַנדע,
וואו כ'בין געזעסן ביי אַן אָפן ביכל.
ער האָט מיט ביטול און צוגלייך מיט חידוש
אָנגעקוקט אַ ווייל מיין נישטיק איכ'ל,
דערנאָך געפרעגט: ווי קומסטו דאָ אַהער?
איך האָב צוריקגעפרעגט: און דו וואָס טוסטו?
איך לעב, — האָט ער געענטפערט — אָבער דו,
אַ בר־מינן, וואָס האָט זיך דיר פאַרגלוסט
צו לייענען אַ בוך אויף מיין וועראַנדע
ווי קיינמאָל גאָרנישט? גיי דיר אין דיין רו.
ווער דאַרף דעם פוסטן אָנשטעל פון די מתים?
איך וואָלט געפוילט ווען כ'בין אַ מת ווי דו.
ס'איז זומער. ס'לייכט די זון. מאַך צו דאָס ביכל.
איך האַס די טויטע אותיות. בלויז דעם ברויז
פון לעבן האָב איך ליב. כ'האָב פיינט, ווען גייסטער
דרייען זיך אין הייזער מעשה־מויז.
כ'האָב פיינט, ווען זיי פאַרלאָזן זייער וואוין־אָרט
און שרעקן לעבעדיקע. כ'האָב דאָס פיינט.

אַזוי איז ער געשטאַנען און גע'טענה'ט.
און ס'האָט אַ זומערדיקע זון געשיינט.

און אפשר שטייט ער דאָרט אַזוי ביז היינט.

1952

## פון טאַנץ צו וואָרעם אַ צוריקקער

אויף אַלע כלים שפילט די קאַפעליע.
זי שפילט און די טענצער הייבן פיס.
אויף אַ מאָל גיט שטילקייט אַ פּריטשמעליע.
קוקן זיך קלעזמער אום. וואָס איז?

---

*) באַזירט אויף אַ חלום.

גרויער פאַרטאָג בטל'ט אויס חלומות.
אין ניכטערן פענצטער זיין געשפּעט:
„קלעזמאָרים נאַרישע, אייער באַלוין איז
קאַפּוט; ס'באַצאָלט נישט אַ סקעלעט.

עס איז פאַר מתים געווען ס'געשפּיל —
נו, איז דאָס טויטוואַרג אַוועק אין די גריבער.
פון טאַנץ צום וואָרעם אַ צוריקקער".

פאַרטאָג, וואָס חוזק'סטו גרוי און קיל?
נישט לוין, נישט טענצער — איז וואָס דעריבער?
די שפּיל, די שפּיל איז געווען דער עיקר.

## אַריינפיר צום אַהין

(געשריבן אין וואַרשע)

בעטל־ווייבער פון גענשער בית־עולם
גייען ביי־דער־ערדיק, ווי געקראָכן,
שמעקן מיט טהרה־ברעט, וואָרעם און קנאָכן,
און אויף די צעקנוידערטע פּנים'ער
וואַקסן האָר ביי זיי — ווי מאָכן —
אין בינטלען.
די אויגן פינטלען
רויט־געצונדענע ווי גיהנומ'ער.

אַ דאַמע, וואָס קומט אויף קבר־אָבות,
בענטשן זיי פאַר גראָשענע נדבות
מיט ברכות, וואָס קלינגען ווי קללות.
זיי לויפן איר נאָך,
ווילן נאָך און נאָך,
שרייען און ציען ביי די פּאָלעס,
ווי זיי וואָלטן אַ נשמה אַ יתומה
געשלעפּט צום מלאך דומה.

נישט ס'בית־עולם־גראָז,
נישט דער ווינט, וואָס וויגט עס,
נישט די פאַרוואַקסענע מצבה די שטילע, —
אָט די געשפּענסטער, די קרומע, די לאָמע,
זיי זיינען עס די הקדמה

---

באַמערקונג: מלאך דומה — לייען: מאַלאַך דוימע (אַזוי אַרויסגערעדט אויף יידיש).

צו יענעם אַהין,
וואוהין
דער טויט וועט פירן דיין נשמה.

דער אַריינפיר צו יענעם אַהין
איז נישט דער בוים, וואָס שפּראָצט אַזוי גלאַנציק־גרין
פון טויטןביין אַרויס,
און נישט דער פויגל אויף אים,
וואָס דאַוונט פון אַ שטיל געוויין אַרויס
צום בורא־עולם, —
נאָר זיי,
די צעקנוידערטע, קנאָכיקע
ווייבער פון בית־עולם.

## פאַרביי אַן אַלטן ברונען גיי נישט

פאַרנאַכט־צייט זאָלסטו נישט גיין פאַרביי
אַן אַלטן ברונען,
טאָמער צעלאַכן זיך דאָרט אויפסניי
דערטרונקענע זונען.

וועסט אָפּגעשפּיגלט דאָרט זען די טעג
פון אַ זומער אַן אַלטן,
און קינדער, וואָס טאַנצן אַ קאַראַהאָד
אויף אַ פעלד אַ באַשטראַלטן.

און דו וועסט דערגיין, אַז ס'טוט גאָרנישט פאַרגיין,
און וועסטו אַוועקגיין —
וועלן מיט דיר אַ גרויסע פרייד
און אַ גרויסע שרעק גיין.

און שווער וועט דיר זיין צו לעבן דיין טאָג
און דיין נאַכט צו טרוימען:
די פרייד וועט דיך ברענען און ס'וועט וויינען די שרעק
ווי אַ ווינט אין קוימען.

## קינדער שטאַרבן שטענדיק

קינדער זיינען דערפינדער:
זיי האָבן אונדז דערפונדן.

קינדער זיינען פאַרקינדער:
אָנגעזאָגט און פאַרשוואונדן.

קינדער זיינען פאַרשווינדער.
גרויסע זיינען גלגולים
פון געשטאָרבענע קינדער.

קינדער שטאַרבן שטענדיק,
אויך די, וואָס בלייבן לעבן.
די שפּיל איז קורץ און בלענדיק.
באַפעל איז זיי געגעבן:
ענדיק ס׳קינד־זיין, ענדיק!

קינדער שטאַרבן שטענדיק.

## און ווי אַ וואָרעם פאַרקריכט ער

ווילאַנג דאָס ליכטל טוט ליכטן
קאָן מען נאָך אַלץ פאַרריכטן...
אָט קומט ער און אָט פאַרריכט ער,
דער מענטש, זיין אייגענער ריכטער!

נאָר ס׳לעשט זיך פּלוצעם דאָס ליכטל —
און ווי אַ וואָרעם פאַרקריכט ער
אין קבר־חשכות געדיכטער,
דער מענטש, דער העלד ־דער געבריכטער.

1920

## ווען טויט-ווינט גיט אַ בלאָז

מיר אַלע —
שטיינער, מענטשן, שערבלעך גלאָז אין זון,
קאָנסערוון־פּושקעס, קעץ אוןביימער —
זיינען אילוסטראַציעס צו אַ טעקסט.

ערגעץ־וואו דאַרף מען אונדז נישט האָבן.
דאָרט לייענט מען דעם טעקסט אַליין —
די בילדער פאַלן ווי פאַרוועלקטע בלעטער.

ווען טויט־ווינט גיט אַ בלאָז אין טיפן גראָז
און רוימט־אַראָפּ פון מערב אַלע בילדער,
וואָס וואָלקנס האָבן אויפגעשטעלט —
קומט נאַכט און לייענט שטערן.

## מער איז גאָרנישט געבליבן

אויף דעם הימל׳ס גוואַלדיקן שטערן —
אַ פּאָר קנייטשן רויטע און לאַנגע:
איבער דעם טאָג, וואָס ערשט פאַרגאַנגען,
אַן אורטייל,
אין געטליכע
ברענענדיקע שורות עטלעכע
האַרב פאַרשריבן.

מער איז גאָרנישט געבליבן.

מער וועט גאָרנישט בלייבן,
ליידנדיק לייב,
ווען דו וועסט אויפהערן צו לייבן.

## אַ מת׳ל

דער טויט איז אַ נסיעה אין אַ פרעמדער שטאָט אַריין.
באַגינען קומט מען אָן — און אויס געפּאָר.
וואָס מיט׳ן פאָרער קומט פּאָר,
ווענדט זיך אין זיין טואונג דאָרט,
אין דער שטאָט, פון וואַנען ער פאָרט.
איינער ווערט אָפּגעוואַרט מיט בלומען,
מע פאַלט אויף זיין האַלדז מיט קושערייען.
אַ צווייטער, געבויגן אין דרייען,
קריכט אַרויס פון צוג, אַ קליין דערשראָקן מת׳ל,
און ווערט נעלם
אין אַ פינצטער געסל.

## דער שליסל

דיין נאַכט׳ס חלומות
זיינען דיין טאָג׳ס השגות.
דיין נאַכט איז ווי דיין טאָג איז.

וואו שטעקט דער שליסל צום טויט?
ער שטעקט אין דיינע מעת־לעת׳ן.
ווי דו האָסט געלעבט —
אַזוי וועסטו מ ת ׳ ן.

---

מת׳ן — לייען: מעסן; מעת־לעת׳ן — לייען: מעסלעסן.

## אַ זקן

האַרץ דו אַלטס,
דו אַלטער שמיד,
וואָס קלאַפּסטו נאָך אַלץ?
כ׳בין מיד.

דער קאָפּ איז מיר גרוי,
דאָס פּנים — געל־וואַקסן,
און גרין ווילן גרעזער
איבער מיר וואַקסן.

האַרץ דו אַלטס,
דו אַלטער שמיד!
וואָס קלאַפּסטו נאָך אַלץ?
כ׳בין מיד.

דיין האַמער וועט שווייגן
אין גרינקייט שטילער —
ס׳וועט בלויז אַ פויגל
געבן אַ טרילער.

און טירן האָט ס׳קבר, —
וועלן מיך פירן
אַרויף, צו די הימלען
פון מנוחה, די טירן.

האַרץ דו אַלטס,
וואָס האַמערסטו אַלץ?
אַלטער שמיד,
כ׳בין מיד.

## טויטלאַנד

זאָל איך עפענען די לעצטע טיר?
כ׳האָב פאָרכט.
הינטער איר
שאָרכט
דער קרישטאָלענער בוים
מיט די הונדערט שלאָפנדיקע פייגל.

זאָל איך עפענען די טיר?
גאָר לייכט מוזן זיין די טריט,

מוזן געגאַנגען־זיין
אָן אַ זייט,
געהאָפטן־זיין
פון גראָז און זייד.

עפענען די לעצטע טיר?
און ווי, אַז כ'עפן פאַר דער צייט?
איך שפּיר:
עפן איך פאַר דער צייט די טיר —
וועל איך די פייגל וועקן.
כ'וועל זיי דערשרעקן
און זיי פלאַטערן אַוועק.
אויף דער שוועל —
ווי אויף שמוציק געפּעק
אַ דרעמלענדיקע זקנה —
וועט זיצן אַן אַלטע און אַ קליינע
די שרעק,
און ס'וועלן קריכן אַרום איר
פּוסטע וועלט־עקן פיר
אויף אַלע פיר...

זאָל איך עפענען די טיר?...

## און שטאַרב איך...

און שטאַרב איך —
ווי וועל־איך צום בית־דין של־מעלה דערגרייכן?
נישט זיין וועט קיין דיין און נישט קיין געריכט,
נאָר עפּעס אַ גיין דורך אַ גאַנג דורך אַ לאַנגן,
אַן אָנהייב פון עפּעס אַ נייען געדיכט.

און שטאַרב איך —
נישט גיט מען קיין שטראָף און נישט גיט מען קיין שכר מיר.
קיין טיר נישט, קיין טויער, צומאָל נישט קיין שפּאַלט,
נאָר טויזנטער בת־קול'ס אי הינטער, אי פאַר מיר,
און עפּעס אַ נייער פאַרפלאָנטערטער וואַלד.

און שטאַרב איך —
באַגעגן איך מחנות פון פרעמדע געשטאַלטן
און וואַנדער־אַרום פון געשטאַלט צו געשטאַלט

און פרעג, וואו זיי האָבן מיין לעבן באַהאַלטן;
ביז וואַנען עס קומט אַ געשטאַלט און זאָגט: האַלט! —
דעמלט שטאַרב איך.

1922

## מיליאָנענווייז לויפן זיי

מיליאָנענווייז לויפן זיי, לויפן.
זיי לויפן וועג אויס און וועג איין,
און ס'שטעלט זיי נישט אָפּ אויף אַ רגע
נישט פרעמדע, נישט אייגענע פּיין.
מיליאָנענווייז לויפן זיי.

זיי טרעטן אויף יענע, וואָס פאַלן,
און טרעטנדיק לויפן זיי, ביז
זיי פאַלן אַליין און זיי ליגן
צעטראָטענע אונטער די פיס.
צעטראָטענע ליגן זיי.

און זעט דאָס דער מלאך פון שטאַרבן,
פאַרלייגט ער די פליגלען — און גאַפט.
ער ציט זיך צוריק. ער איז גאָרנישט.
אַ נאַקעטער שאָטן אָן האַפט.
דער טויט איז נישט ער, נאָר דאָס מענטשקינד.

## בלינדער, געפירט פון אַ קינד

דעם בלינדן אַלטן שפּילער
פירט אַ קינד אַהיים. דער אָוונט גייט אין גאָלד.
פון מערב ווינקט צום קינד
אַ וואָלקן אַ בשמחה'דיקער מיט אַ רויטן טראָלד.

דער אָוונט־ווינט — וואָס וויל ער?
וואָס רעדט ער צווישן גרעזער דאָרט אין ראָוו?

ס'קינד זעט דעם פריילעכן וואָלקן,
און ס'הערט דער שפּילער —
דעם סוף.

## דער קאָפּ זיינער אין טיר

זי האָט געזאָגט: איר רעדט פון טויט, אַיאָ?
טאָ הערט. עס זיינען שווערע פיל מעת־לעת'ן
אַריבער נאָך זיין טויט. איך בין געזעסן,
געקלאַפּט אויף מיין מאַשינדל אין ביוראָ,
מיט ווערטער שנעל באַזייט אַ שטיק פּאַפּיר,
ערשט ס'עפנט זיך די טיר. און אין דער טיר —
דער קאָפּ זיינער. דער גוף וואו איז? נישטאָ.
אַ קאָפּ בלויז — אַזוי הילפלאָז, אַזוי קליין.
און קיינער זעט נישט אויסער מיר אַליין.
אָן ווערטער, אָן אַ ריר
הענגט דער קאָפּ אין חלל פון דער טיר
און קוקט אויף מיינע הענט, אויף מיין מאַשין.
צי האָט ער זיך דערמאָנט עפּעס אַ זאַך
און וויל עס זאָגן מיר, נאָר ס'פעלט אים שפּראַך?
און אפשר וויל ער, איך זאָל גיי מיט אים . . . וואוהין?
איך פאַל אַוועק. מע מינטערט מיך. איך עפן
אַן אויג און קרעכץ אַרויס: מאַכט צו די טיר.
זאָגט מען: ס'איז צוגעמאַכט. נו, גוט. נאָר ס'קאָן דאָך טרעפן,
אַ טיר זאָל אין אַ מענטש זיך טאָן אַן עפן,
און מער זיך נישט פאַרמאַכן. — — — ס'האָט מיט מיר
אַזוי טאַקע געטראָפן. אין מיר איז אייביק אָפן
אַ טיר, און דער קאָפּ, דער קאָפּ זיינער — אין איר.

## שטום איז זייער צונג

צום אָנדענק פון משה (מאָניעק) פּ.

איך טראָג אים אין מיין רעיון
ווי אַ ווייטן טאָג אין מאַי,
וואָס לעבט אויף דער יענער־וועלט פון מאַיען.
צו זיבעצן יאָר איז ער פאַרביי.

אַוועק איז ער צו זיבעצן יאָר,
זיבעצן יאָר.
וואָס איז נאָך אים געבליבן?
העפטן אַ פּאָר,
כאַאָטיש פאַרשריבן.
דאָס גאָר.

זאַצן — אומפאַרשטענדלעכע סיגנאַלן.
ווער קאָן וויסן,
ווען זיי האָבן
געלאָזט אויף שטום־לשון גריסן?

אונדז הערט מען. שפּראַכן לייען
זייער וואָרט אונדז — און מיר מאַכן
קלאַנגערייען, בילדערייען.
אים קען קיינער נישט אַ חוץ מיין רעיון.

די אמת׳ע פּאָעטן — שטום איז זייער צונג.
זיי שטאַרבן יונג
און לאָזן אונדז, די ווערטערניקעס, ברייען.

## תוהו-שטאָט

איך בלאָנדזשע איבער דעמערדיק־מטושטש׳דיקע גאַסן,
שטעל אָפּ פאַרבייגייער — און פרעג:
איר קאָנט מיר אפשר אָנווייזן דעם וועג —
פון וואַנען
פליען ביי אייך אָפּ אַעראָפּלאַנען
קיין ניו־יאָרק?

זאָגט אַ פאַרבייגייער: הער אויף צו שפּאַסן.
נישטאָ דאָ קיין אַעראָפּלאַנען,
קיין אַעראָדראָמען.
עס האָט די שטאָט אפילו נישט קיין נאָמען.

זאָגט אַ צווייטער:
ס׳איז דען דאָ אַ שטאָט וואָס הייסט ניו־יאָרק?
ביסט אַ צעדרייטער.

מאַכט אַ דריטער: עס איז יאָ אַ שטאָט אַזאַ פאַראַנען —
און, אַ סברא, וועלטן קערט זי —
נאָר אַהינצו קומט מען נישט פון דאַנען,
כאָטש פון דאָרטן קומט מען אָן אַהערצו.

— כ׳האָב דאָך אָבער אין ניו־יאָרק פאַר אַ צוריק־פליאונג באַצאָלט.
— המ... באַצאָלט... נאָר וואָס האָסטו געקויפט?

זיין פּנים שטאָלט.

די פאַרבייגייער פאַרשווינדן. אַלץ אַנטלויפט.
ס׳ווערט נאַכט. איך בלאָנדזשע שטום און אָן אחיזה.

בלויז נאַכט און איך און די וואַליזע.

## פאַרטאָג בין איך אַהיימגעגאַנגען

פאַרטאָג בין איך אַהיימגעגאַנגען
מיד פון אַן אסיפה,
עפּעס אַן אסיפה.
שטום זיינען אַראָפּגעהאַנגען
יוני־הימלען טיפע.

כ׳גיי און זע אין ווינקל
אַ קאַץ אַ טויטע ליגן.
נאָך אַ קאַץ, אַ לעבעדיקע —
אבל׳דיק אַנטשוויגן.
סוד פון דעם נישט־היגן.

די, וואָס לעבט, פּרואווט אויפוועקן
די טויטע — און עס צאַפּלען
שווער אין אירע אַפּלען
פלעמלעך פון פאַרטראַכטעניש.

שטום האָבן אַראָפּגעגלאַנצט
יוני־הימלען טיפע.
וואָס האָסטו געררישט אַזוי,
נאַרישע אסיפה?
אָ, איר הימלען טיפע.

1942

## אַ מענטש האָט דערציילט

ס׳האָט אַן איינזאַמער מענטש מיר דערציילט
(אין זיין אויג האָט געבלאָנדזשעט אַ דולער שימער):
איך האָב מיך אומגעקערט ביינאַכט
אַהיים אין מיין מעבלירטן צימער.
ווי נאָר כ׳האָב אויפגעדרייט דאָס ליכט

---

אסיפה — לייען: אַסיפע (נישט אסייפע).

האָט אַ גרויסער שטשור אַזוי ווי אַ שד
פון ערגעץ אַ שפּרונג געטאָן איבער'ן בעט —
און באַץ אין אַ נאַרע. ס'האָט די שרעק
מער נישט געוואָלט פון מיר אַוועק.
אַז כ'האָב דערזען אויפ'ן שטויביקן דיל
אַ בייכיקן פייערדיקן קריכער
(ער איז געקראָכן פייערלעך־שטיל
און אַזוי זיכער, אומהיימלעך זיכער),
האָט מיר די שרעק געהייסן שטעלן
מיין פוס אויף אים — און איידער ווען
איז ער געלעגן, דער שטילער קריכער,
אָן אַ ריר. כ'האָב פאַרלאָשן זיין העלן,
זיין גאָלדענעם ברען.

כ'האָב ס'ליכט פאַרדרייט און אַרויס וואָס גיכער
פון שטוב — דער קין פון אַן אינזעקט —
און ס'האָט זיך די נאַכט פאַר מיר געשטרעקט
ווי פאַר קין'ען ס'לאַנד פון נוד —
און ס'איז מיר אַקעגנגעקומען דער טויט
אין געשטאַלט פון אַן אַלטער שכור'ער הור.

און דאָרט, אין שטוב, האָט מסתם אין דער פינצטער
געטאַנצט דער שטשור.

## מלאכים אויף אַ טאָג

(איבערגעאַרבעט לויט יעזשי זשולאַווסקי'ן)

הויך קאָכט נהר די־נור. די כוואַליעס—בראַנדיקע טאַבונען—
זעצן מיט רויטן שוים און יאָגן ווייט צו די העט־העטן.
פאַרטאָג נאָר טוט דעם טייך דעם רוענדיקן גלעטן
אַ טונקל־רויזער נעפּל, דין און ציטערדיק־געשפּונען,
און שפּעטער, ווען ס'ווערט אויסגעוועפּט דער ציטער־נעפּל —
קאָן מען
זען מלאכים פריש געבוירענע, געוויקלט אין פּורפּורן.
אַ טאָג אַ גאַנצן הענגען זיי איבער'ן טייך די־נור און
ס'ווערט זייער לויב־געזאַנג צונויפגעגאָסן מיט דעם שאַל פון
שטראָמען.

דער טאָג פאַרגייט — גיט זיי דער פייער־טייך אַ טאַנץ איבער
די קעפּ און

נעמט זיי אויפאַמאָל פון הינטערווייִלעכץ שלעפּן
צום תהום... געשריי, געוויין. אַ מלאך אויף די קני בעט
ביים ווייטן הימל: „כאָטש איין טאָג, איין טאָג נאָך באָרג
אונדז!"
אומזיסט... מלאכים נייע וועלן אויפקומען צומאָרגנס,
אָפּזינגען אַ טאָג — און גיין, ווי זיי, לאיבוד.

## אַ גראַנדיעזע לוויה

און וואָך נאָך וואָך האָט ער געמאַכט
באַנקעטן פאַר זיך, באַנקעטן.
געפרעסן האָט ער די שקרים פון לויב
און נישט געקאָנט זיך זעטן.

און נאָכאַנאַנד און נאָכאַנאַנד
געמאַכט זיך יובילייען,
ביז ס'איז געקומען דער טויט און געזאָגט:
ברודערקע, מיר גייען.

האָט ער דעם טויט געשטעלט אַ תנאי:
אַ גראַנדיעזע לוויה.
האָט ער אַ ריזן־לוויה געהאַט,
בפירוש — אַ כדאי'ע.

און איז ער געקומען אויף יענער וועלט
האָט ער געשיינט: אַ מחיה!
אַזאַ גראַנדיעזע לוויה געהאַט —
שוין איינמאָל אַ לוויה.

איצט מוז ער לעבן אַ לעבן אַ צווייטס,
עפּעס, וואָס אַנדערש און נײַ איז.
נאָר ס'האָט אים פאַליובעט דאָס שטאַרבן: ער בענקט
נאָך גראַנדיעזע לוויות.

---

לאיבוד — לייען: לעאיבעד.

## ב) איבערגאַנג-לידער

### רייד מיט'ן טויט

הינקט אַריין דער טויט, אַ לאָמער גוי
מיט אויגן וואַסער און וואָנסעס שטרוי,
גיט שוואַרץ אַ גלאַנץ ווי אַ נאַסע קראָ
און רעדט אָן לשון און זאָגט אַזוי:

— דו לעבסט? קיין לעבן איז נישטאָ.
בלויז איך בין וואָר. בלויז טויט איז וואָר.
אויב איך בין דאָ — ביסטו נישטאָ.
און איך בין דאָ — דאָס זעסטו קלאָר.

קוק איך מיך צו: זיין וואָנס איז דאַר,
צוויי טויטע נאַסע מייז — די הענט,
און ציטערדיק כוואַליעט פון אים דער צער,
ווי שאָטנס, וואָס רויך־קנוילן וואַרפן אויף ווענט,
און ער אינגאַנצן — כאָטש נעם, פאַרשאַר
אין זאַמד ווי אַ נבלה.

זאָג איך: מה־דאָך, אַז דו ביסט דאָ,
אפילו דו, קאָשמאַר, קאָשמאַר,
אפילו דו, צעקלאַפטע כלי, —
מוז דאָך לעבן אוודאי זיין,
מוז דאָך לעבן זיין במילא.

### איך גיי אַהין וואו וואָלקנס גייען...

איך גיי אַהין, וואו וואָלקנס גייען,
איך גיי אַהין, וואו ס'גייט דערווינט,
איך גיי אַהין, וואו טעג פאַרגייען
און וואו דער וואַסער־שטראָם פאַררינט.

איך גיי צו אָפּגעבלאַנקטע שנייען,
איך גיי צו לאַנג־פאַרטאָרפטן וואַלד,
צו שלאָף־געוואָרענע געשרייען,
צו וועלט־געוואָרענער געשטאַלט.

איך גיי צו אָנהייבן אָן סופ'ן,
איך גיי אָן אָפּשטעל און פאַרצוים

צום לעצטן אינדזל פון די שטאָפּן,
צום האַרץ פון קוימיקסטן קוים־קוים.

איך גיי צום שוועל פון ערשטן עיקר,
איך גיי צום א י י ן, וואָס רופט זיך א ו י ס;
איך גיי צוריק און און אַלץ צוריקער,
איך גיי פאָראויסער ווי פאָראויס.

איך גיי צום אמת פון די דנאָען,
איך גיי פון גרויסן אַלערליי,
און יעדע שעה פון מיינע שעה׳ן
איז נאָר אַן אָנזאָג, אַז איך גיי.

מאַי, 1939

## דער בדחן דערזעט דעם מלאך־המות אויף דער חתונה

מלאך־המות׳ל, נישט וויין.
וואָס שטייסטו אין ווינקל איינער אַליין?
איך, דער בדחן, בין דאָ איינער,
וואָס הערט דיך וויינען, דו קליינער ווײנער.
באַלד ווי מען האָט דעם כוס צעבראָכן —
ביסטו אין ווינקל דאָרט פאַרקראָכן
און מיט די פליגל פאַרשטעלט דאָס פּנים,
גענומען באַוויינען די מחותנים
און די כלה, די שיינע גיטל,
און דעם חתן אין ווייסן קיטל,
און דאָס קלאַרנעטל, און דעם באַס,
און מיך, דעם בדחן, וואָס מאַכט דעם שפּאַס.

מלאכ׳ל, מלאכ׳ל, נישט וויין.
וואָס שטייסטו אין ווינקל איינער אַליין?
הבן יקיר לי אפרים —
גיי צום עולם און מאַך לחיים.
איך האָב געמיינט: ביסט אַ וואַזשנער מלאך,
גרויס און בייז ווי אַן אַלטער גלח.
ערשט דו ביסט אַזוי קליין און פּראָסט
און זעסט אויס ווי אַ פייגעלע אויפ׳ן פּראָסט.

הבל־הבלים, אייטל גאָרנישט,
קיין שום פּאָרל איז קיין פּאָר נישט,
אָבער פון צוויי וואַקסט אויס אַ דריטער,

און אַז די צוויי פאַרוויאַנען — בליט ער.
נפטר — פּיפּטער! דו כאַפּסט מיין מיין?
מלאך־המות'ל, נישט וויין.

## דער טויט דאַרף דאָס קישן

העי, שטיי אויף! איך דאַרף דאָס קישן! —
רעדט ווער חוזק'דיק און האַרט. —
ס'איז אַריבער שוין דיין שלאָף־צייט
און אַ נייער בעלן וואַרט.

ס'ווערט דאָס קול אַלץ העכער, פּרעכער:
קריך אַראָפּ! איך בין דער טויט!
ווילסט, איך זאָל דעם קאָפּ דיר שניידן
ווי מען שניידט אַ הייפּטל קרויט?

קרעכצט דער מענטש און קריכט אַרונטער,
זעט: אַ לאַנד אַ נישט־באַקאַנטס
קוקט אין שויב אַריין פאַרטאָגיק
מיט אַ פרעמדן גרינעם גלאַנץ.

ווינקט די טיר צו אים אַ בלייכע
און דאָס לאַנד דאָס נייע גרינט.
אויף זיין קישן — זעט ער — ליגט שוין
ס'העלע קעפּל פון אַ קינד.

## אויפלייכט

דער טאָג איז אַ גרויער,
ער האָט דעם אָנבליק פון אַש.
די ליידיקעביימער —
אין זיי איז מיין טרויער
פון אַן אָפּגעגנאַרטן בר־נש,
וואָס זיין וועלט איז אַוועק מיט איין בלאָז,
און אין זיי איז מיין וואַרטן
אויף אַ ווייטן, געגאַרטן
ווער ווייס וואָס.
זיי שטייען — שוואַרצע סכעמעס,
שטרענג,
נאַקעט ווי דער אמת.
אַ פענעץ הימל
ליגט פאַרשפּאַרט אין מוטנעם רעמל

פון אַ שטרעמל.
געבויגן שטייט אַ פאַרמהויז אין שאָטן
פון אַ דרעמל.
מיד איז — פון די דראָטן
דאָס טעלעגראַפישע געגיי
צוקאָפּנס פון טויטע שטחים.

און מיט אַ מאָל — אַ פלי־אַרונטער פון מלאכים:
ס׳לייכט אויף דער ערשטער שניי.
ס׳קריגט די ערד אַ בלאַנקע הויט.

וועט מיר אויפלייכטן אַזוי אויך נאָך־אים,
נאָך מיין טויט?

## שלאָפנגיין

און די מאַמע האָט דאָס קינד אין די אָרעמס געכאַפּט,
בגוואַלד עס געטראָגן צום בעטל.
ס׳קינד האָט נאָך שפּילן געוואָלט מיט ראָסטי דעם הינטל,
מיט מאָנטי דעם קעצל. ס׳האָט זיך געבעטן:
נאָ לולי, פּליז . . . נאָ לולי, פּליז . . .
און אין דעם פּליז האָט געציטערט אַזויפיל געבעט.
אָבער די מאַמע האָט דאָס קינד געלייגט אין בעט.
אומזיסט האָט דער זיידע זיך אָנגענומען געפּרואווט
פאַר׳ן קינד. זאָל עס אַביסל נאָך זיין אויף דער לופט,
אַביסל נאָך שפּילן מיט הינטל און קעצל.
אומזיסט. ווען די זון טוט זיך זעצן
מוזן קינדער שלאָפנגיין.

שטיל. ס׳קינד שלאָפט. אין עם זומער־פאַרנאַכט
זיינען געבליבן פאַרלאָזטע
מאָנטי און ראָסטי.
דער זיידע גייט אַרויס צו די ערשטע שטערן.
ער ווייס: ס׳וועט נישט העלפן קיין געבעט.
מ׳וועט אויך אים אַוועקטראָגן. ס׳וואַרט אַ בעט.
זיידעס מוזן שלאָפנגיין.
וואָס קוקט ער צו די שטערן? ער וויל פון זיי הערן
אַ וואָרט אַ פאַרבאָרגנס.
אַן אָנזאָג וויל ער הערן,
אַז אַוועקטראָגן וועלן אים מאַמעשע אָרעמס —

און אַז אויפשטיין וועט ער
צומאָרגנס.

## גלעזערנער רעגן

כ׳בין פון ערגעץ וואו געפאָרן.
בין אַראָפּ פון צוג מיט ליידיקע הענט.
וואו זיינען אַהינגעקומען די טשעמאָדאַנען?
כ׳בין געגאַנגען איבער אַ גאַס וואָס האָט אין ערגעץ ניט געפירט.
אַ גאַס פון עד כאן — ביז דאַנען.

ספק פאַרטאָג, ספק פאַרנאַכט.
אין דער לופט האָט געגליווערט אַ גלעזערנער רעגן.
קליינע קינדער זיינען מיט אָפענע מיילער
געשטאַנען אַרום אַ קאַטערינקע.
דעם אַלטן קאַטערינקעניקס פּנים
האָט געקוקט פון גלעזערנעם רעגן אַרויס.
ס׳האָט אַרויסבאַקומען אומקלאָרע קלאַנגען
זיין האַנט די ניט־פלינקע.

די קלאַנגען זיינען געהאַנגען.
אויפ׳ן שפּילקעסטל האָט געגרינט
אַ פּאָפּוגיי. ער איז געווען אַ בלינדער.
די קינדער האָבן זיך אָנגענומען ביי די מירביקע הענטלעך,
געטאַנצט.
ווי דער רעגן
האָט דורכזיכטיק געגליווערט דער טאַנץ פון די קינדער.

אויף אַ גאַנעק איז געזעסן אַ פרוי.
איר אָנבליק — סיי אַ מאַמישער, סיי אַ פאַרשייטער.
זי האָט געשפּרייט די אָרעמס צו מיר.
זי האָט געזאָגט:
זיץ אין מיין שויס. דו קאָנסט ניט גיין ווייטער.

כ׳בין געזעסן אין איר שויס. איז זי געווען מיין ווייב? מיין
מאַמע?
כ׳האָב מיך גענומען קלענערן.
כ׳בין געוואָרן אַלץ מינדער.

זי האָט מיך פון זיך אַראָפּגעוואָרפן ווי אַ ברעקל פון אַ טישטעך,
געזאָגט: גענוג. איצט גיי צו די קינדער.

און כ׳בין געוואָרן אַ קינד אויף דער לעצטער גאַס.

## אויף אַ בית-עולם*)

דריי פלאַטערלעך האָב איך געזען זיך שפּילן
אין זונליכט איבער אַ מצבה. ווי פון אונטער
דעם קבר זיינען זיי אַרויס. ווי קינדער
האָבן זיי געשטיפּט אין ליכט דעם קילן
פון סוף זומער. ווינטל־גרינג און מונטער
געדרייט זיך איינס אַרום דאָס אַנדערע, ביז אין־דער
שמייכלענדיקער ווייט איז ס'דריילינגל דאָס ווייסע
פאַרשוואונדן. מיר איז פאָרגעקומען בשעת מעשה,
ווי ס'וואָלט אַרויסגעלאָזן אַ געשריי ווער.
האָט דאָס נאָכגעשריגן זיי דער קבר?

## ג) אומפאַרגאַנג-לידער

## אויפ'ן טויט פון דער שוועסטער

אויף גענשער בית־עולם
אַ שנייאיקער טאָג.
מע טראָגט, מע טראָגט זי
אַ לעצטן טראָג:
צום קבר.

שיטן און שיטן
די רידלען די צוויי,
קלאַפּן און שיטן
איינס־צוויי, איינס־צוויי:
מ'איז קובר.

ערד פאַרשיט
דער ערד'ס געשריי,
און דער הימל שיט
מיט שניי, מיט שניי
אויפ'ן קבר.

---

*) אַ וואַריאַנט פון דעם ליד — א. נ. פ ל אַ ט ע ר ל אַ ך — געפינט זיך אין עלפטן אָפּטייל („פאַרמישטע בלעטער").

זאָל שנייען — — עס בליט
דער טויט ווי אַ בלום.
מיר קערן זיך אום
צוריק צו די נעסטער.
גוט פרילינג דיר, שוועסטער!

## דעם זייגער׳ס שפּראַך

ס׳האָט אַ זעלנער דערציילט: ס׳איז געוועזן אין די עפּ.
אַרום זיינען באָמבעס געפלויגן — און קעפּ.
קוילן — פון לופט און פון לאַנד און פון ים,
נאָר אין מיטן דעם קראַך און אין מיטן דעם פלאַם —
אַ וועקזייגער קלינגט! ס׳האָט, ווייזט אויס, אַ פראַנצויז
אים אָנגעשטעלט נעכטן. פאַרברענט איז דאָס הויז,
און טויט דער פראַנצויז, און ס׳איז אַלץ שוין געעקט,
נאָר דער וועקזייגער — וועקט:
ער איז געגאַנגען — געגאַנגען — דערגאַנגען.

אַ האַנט האָט אים אָנגעדרייט נעכטן ביינאַכט —
האָט אויפגעלעבט איצטער אין קלאַנגען
דאָס, וואָס די האַנט האָט געמאַכט:
ס׳איז געגאַנגען — געגאַנגען — געגאַנגען.

און אין מיטן דעם פלאַם און אין מיטן דעם קראַך
האָב איך פאַרשטאַנען דעם זייגער׳ס שפּראַך:
ס׳פאַרשווינדט אַ מענטש ווי ס׳פאַרשווינדט אַ מינוט,
און ס׳קומט די זון און טרינקט אויס דאָס בלוט;
ס׳פאַרשווינדט דער מענטש, אָבער דאָס וואָס ער טוט —
גייט ווייטער, גייט ווייטער.

1942

## ביי דער מאַמען אויבן

איז אַ מענטש חדשים געלעגן אין אַ בעט.
קום איך און איך זע: ליידיק איז דאָס בעט
ווי אין האַרבסט אַ נעסט.
וואו זשע איז דער מענטש?

זאָגט מען: ער איז טויט. אָבער וואָס איז טויט?
מענטש איז דאָך אַ יש, טויט איז נאָר אַ וואָרט.
וואו זשע איז דער מענטש?
וואו זשע איז ער פאָרט?

גיי איך אויפ'ן גאַס. גייט מיט מיר מיין קלער:
איז אַ מענטש חדשים געלעגן אין אַ בעט,
און דאָס בעט איז לער —
וואו זשע איז דער מענטש?

זע איך פאַר אַ הויז אַ קינדער־וועגל שטיין.
איז דאָס וועגל ליידיק. וואו זשע איז דאָס קינד?
וואו זשע איז דאָס קינד?

הער איך ווי פון אויבן, פון אַ פענצטער, קלינגט
ס'קול'כל פון דעם קינד. אויבן אין דער הויך
האַלט די מאַמע אים — איז דאָס וועגל פוסט.
אויבן איז דאָס קינד.

גיי איך אויפ'ן גאַס און ס'גייט מיט מיר מיין קלער:
ס'האָט די וועלט אַ מאַמע — קומט זי, נעמט אַרויס
פון זיין בעט אַ מענטש און ברענגט אים אין איר הויז.
איז דאָס וועגל לער, ווייל ס'קינד איז אין דער הויך,
און דאָס בעט איז ליידיק, ווייל דער מענטש איז אויך
ערגעץ ביי דער מאַמען, ערגעץ אין דער הויך.

## ליד פון טויט און קנאָספּן

אין גרינעם ראָוו ליגט אויפגעדעקט
די נבלה פון אַ פערד.
דיביימער־קעפּ, די ביימער־קעפּ
זיי האָבן זיך פאַרקלערט.
וואָס טראַכטן שטילע ביימער־קעפּ?

דער פרילינג איז געבוירן שוין,
עס שוואַרצט, און גרינט, און רינט,
און וואָלקן־צויטן ציטערן,
און צווייגן צערטלט ווינט.
וואָס טראַכט דער מענטש אויף דער גאָרטן־באַנק?

ער טראַכט: דער טויט איז ווינטער־שלאָף
און ס'וועקט זיך אַלץ אויפסניי.
דאָס לעבן איילט אַוועקצוגיין —
אויך דו, טויט, גייסט פאַרביי:
דו ביסט דאָך נאָר אַ ווינטער־שלאָף.

אין גרינעם ראָוו ליגט אויפגעדעקט
די נבלה פון אַ פערד.

דיביימער־קעפּ, די ביימער־קעפּ
זיי האָבן זיך פֿאַרקלערט.
אָ, טויט! געבורט! אָ, קנאָספּן־קנעפּ!

## יאָסל אין אָרון

**(פֿאָלקיש)**

ליגט אין אָרון יאָסל
און הספדים הערט ער.
טענה׳ט ער אין אָרון:
„ס׳טויגן מיר די ווערטער
פון דער חברה קלאָגערס?
ווייס איך דאָרט — טויט־שמויט!

„ווער באַדאַרף ס׳געוויינעכץ
מיט די פֿאַלשע שבחים?
בערל איז געשטאָרבן?
ניין, עס איז־נישט נ אָ ך ־ אים.
ס׳איז אויף יענעם עולם
אייביק חאַל־האַמאָיד!

„ס׳טויג אייך מאַכן ס י ג ע ס ,
ס׳טויג אייך בראָקן ליגן?
נעמט, ווי ס׳פּאַסט פֿאַר חסידים,
און פֿאַרציט אַ ניגון.
אוי, דעם רבינ׳ס ניגון
איז דאָך טוב מאד.

בין איך דען אַ ליטוואַק?
אָדער אַ מתנגד?
וואָס־זשע, רב ווי הייסטו,
קלאָגסטו ווי אַ מגיד?
יאָמער נישט, צבועק׳ל!
יאַכמער נישט, מיין קרוין!״

טענה׳ט אַזוי יאָסל,
נאָר מע האָט אין באָד אים.
ס׳הערט נישט יאָסל׳ען קיינער —
ס׳אי׳ דען אַ בן־אדם?
רייד פון היינט ביז מאָרגן,
ביסט אַ מת — און שוין!

## ווערטער אַ פּאָר

דער סך־הכּל פֿון פֿיר און פֿערציק יאָר
זײַנען ווערטער אַ פּאָר, וואָס איך גיי פֿאַרקינדן.
אַלץ איז פֿאַראַן, נאָר נישט דער טויט,
און אַלץ איז מעגלעך, אַ חוץ פֿאַרשווינדן.
און וואָס איז דער טײַוול, דער וועלט'ס דעספּאָט?
ער איז נאָר דאָס, וואָס באַשטעטיקט גאָט.
און אַלע יסורים זוכן איין זאַך,
שטערן און טרערן ריידן איין שפּראַך,
און אייביק באַוואַכט אַלץ אַן אייביקע וואַך.

## די באָבע פֿאָרט פֿון אַ חתונה

צוריק פֿון אַ חתונה.
פֿינצטער אין בויד.
ס'גיט זיך די באָבע
אין דרימל אַ הויד.

דעם נעפּל דעם ווײַסן,
וואָס שלײַערט איין
אַ באַגינען אין רײַסן,
גיט זיך נישט איין
דעם ווינט צו צערײַסן.

ווײַס אויף די פֿעלדער
און פֿינצטער אין בויד.
ס'גיט זיך די באָבע
אין דרימל אַ הויד.
זי האָט זיך דעם שלאָף
ווי אַ הינדל פֿאַרטרויט;
ער טריפֿט איבער איר
אַזוי זאַנפֿט און באַטויט.

דעם נעפּל דעם ווײַסן,
וואָס שלײַערט איין
אַ באַגינען אין רײַסן,
גיט זיך נישט איין
דעם ווינט צו צערײַסן.

ס'גיט זיך די באָבע
אין דרימל אַ הויד.

די חתונה — אויס;
באַגינען פּאָראויס,
באַגינען און טויט.

זאָגט דער באַגינען:
די באָבע איז געווען
אַ קליינע מויד;
ווי דער נעפּל ווייס,
נאָר אַמאָל געווען
ווי אַן עפּל רויט.

וועט פריש זיין ווידער, —
ענטפערט דער טויט.
ער זעצט זיך אַריין
צו דער באָבע'ן אין בויד
און גלעט די קנייטשן
אויף איר אַלטער הויט.

דעם נעפּל דעם ווייסן
(ער הענגט אויף צופּלייסן
און הינטער אים וואַרט
די זון) וועט צאַרט
דער טויט צערייסן.

## כלומרשטער איך

איך האָב מיך אָוועקגעשטעלט דרויסן פון זיך,
פון דרויסן געקוקט אויף מיין כלומרשטן איך —
און ס'האָט מיך רחמנות באַוועלטיקט. איך האָב
באַטרויערט זיין מיד־מעלאַנכאָלישן קאָפּ:
ס'איז טאַקע נישט איך — ער איז בלויז אַ פאַרשטעלטער,
נאָר פאָרט אַזוי עלנט און פאָרט אויף דער עלטער.
אַז כ'וועל מיט אַ האַסטיקן פלי אַ פאַרשווינד־טאָן —
טאָ וואו וועט דער אביון אָט־דער זיך אַהינטאָן?

און כ'בין פון רחמנות אַריין אין אים קריך.
נאָר כ'ווייס, אַז איך טו מיך מיט אים אַ צעקריג
און קום נישט צוריק שוין צו אים, דעם פאַרשטעלטן.
איך גיי מיר אַרויס צו די גרויסע אַרויסן.
גוט מאָרגן דיר, דרויסן!
גוט מאָרגן אייך, וועלטן!

## קינדער־קאָפּ אין ליכט

כ'בין אומבאַמערקט אַריין אין צימער
און בין געבליבן שטיין געפּלעפט
פאַר דעם געקרויזטן בלאָנדן קעפּל,
וואָס בויגט זיך שטיל איבער אַ העפט.

עס האָט דאָס קעפּל בלאָנד געלויכטן,
ס'האָט די עלעקטרע רויט געברענט —
נאָר איך, אַ שאָטן אַ פאַרטראַכטער,
האָב גרוי געשאַרט זיך ביי די ווענט.

מיר האָט געדאַכט: מיין לעבן האָב איך
שוין לאַנג פאַרלוירן און פאַרפאַסט.
איך בין נאָר צוקוקער געהיימער,
איך בין נאָר גייסט, וואָס קומט צו־גאַסט.

בגנבה קום איך און בשתיקה
צוריק אין אייגן־פרעמדן תחום,
און זע אַ קינד און זע אַ צימער —
און קיינער זעט נישט ווי איך קום.

פאַר מיר, שוין נישט־מער־מענטש, האָט לויטער
דאָס בלאָנדע קעפּל זיך געמענטשט.
פון יענער זייט האָב איך באַטראַכט עס —
און עס פון יענער זייט געבענטשט.

## ווען ס'וועט אַרויס דער בלינדער

דער בלינדער, וואָס איז יאָרנלאַנג געזעסן
אין דער מיט פון מיינע מעת־לעת'ן,
פאַרהאָרכט אין אַ ווייטן געזשום אַ נישט־היגן, —
וועט זאָגן צו די טעג: איר האָט דערעסן,
עפּענען אויגן און נעמען זיך קריגן.
אַ סוף, — וועט ער שרייען, — אַ סוף צו דעם גוף,
דעם שפּינוועבסדיקן ליגן!
אין אַ ניגון
וועט אַריבער זיין געבייזער — און ער וועט אַרויס.

צו גאָט וועט ער שפּאַנען פאָראויס
מיט ברענענדיקע אָרעמס, און מיין גוף וועט ליגן
אויפגעלייזט — אויסגעלאָזט — אויס.

צום טלית, וואָס וועט מיין געוועזנס באַדעקן,
דעם טלית מיט דער פּסול'ער ציצה, וועט שמעקן
דער טויט ווי אַ מויז.

## ליד צו די וואָס באַוויינען טויטע

ווען ס'קומט גאָט'ס ווינט — בלייבט הויל און פינצטער שטיין
דער בוים דער גרינסטער.
ס'איז ווי אַ'זומערנאַכט דאָס לעבן קורץ
און ווי אַ האַרבסטנאַכט מוז עס ווערן פינצטער.

נאָר וואָס איז פינצטערניש? אַ וואַרטן צווישן
אַ טאָג וואָס איז אַנטקומען און אַ טאָג וואָס גייט.
באַקומען וועט דער מת אַ גוף אַ פרישן
און ס'נייט שוין אַ האַנט אים אַ קלייד.

שטיל וואַרט ער אין אַ קאָרידאָר אַ פינצטערן
אויף העלע קולות און אויף נייע טריט,
אָט ווי אַ צווייג, וואָס וואַרט אַ נאַקעטע
אויף פייגל און אויף צוויט.

צו וואָס דאָס טרויערן? מיר וועלן אַלע
נישט איינמאָל בייטן דאָס לייב.
בייט זיך און שווינד — זאָגן ערדישע יאָרן.
דער טויט זאָגט: בייט זיך — און בלייב!

## קריגצואוועגס

טאָג, דער פאַרשייטער,
ראַשיגער רייטער, —
קריקצואוועגס רייט ער,
קריקצואוועגס רייט ער.

דעם מערב'ס שייטער —
אַשיק פאַר'בלייט ער.
לייטער אונדז, לייטער, —
מורמלען די קרייטער. —
לייטער אונדז, לייטער,
טויט בענעדייט ער!*)

---

*) געבענטשטער (אַלט־יידיש).

## די טירן פון דער וועלט

ער האָט געזען: אַ זאַך,
ענלעך אויף אים, אַזוי קאָמיש און קליין,
ליגט אָן אַ ריר.

וואָס פאַר אַ שייכות — האָט ער געטראַכט —
האָט דאָס מיט מיר?

זיי זיינען אַוועק באַגראָבן די זאַך —
און ער נאָך זיי.
זיי האָבן מספיד געווען די זאַך,
גע׳אָכ׳ט, גע׳אַכ׳ט,
און זי פאַרשאָטן.

אין זיך אַריין האָט ער געלאַכט,
דער וואַכער שאָטן,
דעם קאָפּ געגעבן אַ דריי־אויס,
דערזען די טירן פון דער וועלט —
און שטיל דורך זיי
אַרויס.

## אַ געזעגנס

קלעזמאָרים ליבינקע,
טייערע, זיסע,
שפּילט מיר אַ ביסעלע
קודם המיתה.

שפּילט אַ געזעגנס,
נאָר שפּילט אָן געוויין.
אויך איך האָב געקלעזמערט,
איצט קלייב איך זיך גיין.

נישט פון דעם וואָרעם
טוט שפּילן, קלעזמאָרים,
קלעזמאָרימלעך זיסע!
זון איבער קברים,
אַ קינד אויפ׳ן אָרעם —
דאָס טוט מיר אויסשפּילן
קודם המיתה.
וואָס איז אַ מתו

אַ קינד צווישן קינדערלעך.
גאָט ברוך הוא
גרייט צו פאַר אים ווינדעלעך.
אַ מענטש גייט אַוועק,
אַ מענטש קומט אַפער,
אַזוי ווי דער סמיק
גייט אַהין און אַהער.
אַזוי ווי דער סמיק
אַהין און צוריק,
אַזוי ווי מוזיק,
אַזוי ווי מוזיק.

הייבט־זשע די אָרעמלעך,
שפּילט מיר, קלעזמאָרימלעך,
האַרציקע, זיסע!
זון איבער קברים,
אַ קינד אויפ'ן אָרעם —
ד אָ ס טוט מיר אויסשפּילן
קודם המיתה.

## די ביבליאָטעק

אין לייענזאַל פון אַ ביבליאָטעק,
וואו אַ בוך מיינס פטר'ט די יאָרן אַוועק,
שטייט פאַרשעמט און נישט־באַקאַנט
און קיינער נעמט עס נישט אין האַנט, —
קום איך, אַ גייסט, שטילערהייט צוגאַסט
און לייען וואָס איך האָב פאַרפאַסט.

ס'באַמערקט מיך קיינער נישט אין זאַל.
איך לייען און איך גיי אַוועק.
לויפט דורך הונדערט יאָר צווישן יאָ און ניין.
קום איך צום צווייטן מאָל צוגיין.
איז שוין לאַנג נישטאָ די ביבליאָטעק.

## צומאָרגנס

אַ מענטש פרעגט אייביק — אויך צומאָרגנס נאָכ'ן טויט.
און אַלע וועלטן, הערט ער, פרעגן ס'אייגענע וואָס ער
(זיי זיינען אין דער זעלבער נויט).

נאָר ווייל ער פרעגט אפילו נאָכ'ן טויט
(טויט איז נאָר אַן אָפּדאַכט און נישט מער) —
איז דאָס אַליין דער ענטפער.

## תחית-המתים

ס'איז לאַנגווייליק דעם זייגער אין דער קליינער קאַפּעטעריע.
ס'ווערט שפעט. די טישלעך — ליידיק. ווינטער־נאַכטיק־שטיל.
אַ מאַמע איז געוואָרן די קאַץ פון קאַפּעטעריע,
שפּילט זי מיט איר קעצל אויפ'ן גלאַטן דיל.
קאַץ און קעצל שפּילן אַן אוראַלט־יונגע שפּיל.

ס'האַלזט די קאַץ איר קינד, דאָס קעצעלע דאָס זיסע.
(ס'קעצעלע דאָס זיסע וועט זיין אַ מייזל'ס מיתה).
צוויי קומען אַריין: אַן אַקטיאָר און אַן אַקטריסע.
ביידע זיינען אַלט. דער זייגער קוקט זיך אום.
זי חנ'דלט זיך אָן חן; ער זעצט זיך מיט אַ ברום.

דאָרט, אינעם טעאַטער, וואָגלען איצט ווי רוחות
אַפּלאָדיסמענטן טויטע אין אַ שוואַרצן זאַל.
ס'דרימלען ווערטער (אויס איז זייער זיין — גיי זוך עס!)
ווי פּאַסאַזשירן צווישן צוג און צוג אויף אַ וואָקזאַל.
ס'געגעצן קוליסן ווי פרויען נאָך אַ באַל.

אין קאַסטן פון דער בינע זיצט פאַרשפּאַרט אַ שאָטן,
הויקערט זיך דערשראָקן און צעשויבערט־ווילד.
ס'חידוש'ט זיך דער שאָטן: עמיץ האָט געשפּילט,
אים באַלייבט מיט פורעם, אים באַקליידט מיט בילד —
און אים דאָ געלאָזן אויף דער נאַכט'ס באַראָטן.

איז אָט ערשט געגאַנגען, ערשט געהאַט אַ קול —
אָטעמען און ריידן, גיין און לעבן וויל ער...
ווער לייזט אויס אַ ראָל, אַן אָפּגעשפּילטע ראָל,
וואָס שוואַרצט זיך אויף דער בינע איינע, אָן דעם שפּילער,
איינגעקלעמט אין קלעם פון חושכ'דיקייט שטילער?

דער שאָטן ווערט פון טויט דעם אייגענעם געוואויר.
ס'איז דער טויט, וואָס הויבט זיין טויטקייט אָן צו וויסן,
פרעגט — און ווערט דורך דעם אין זיך אַליין צעריסן,
פרעגט — און ווערט די נאַכט, וואָס גייט צום „יהי אור"...
ס'איז דער טויט, וואָס הויבט זיין טויטקייט אָן צו וויסן.

דאָרטן אויף דער בינע ווערט אַלץ וואַכיקער דער שאָטן.
דער, וואָס איז אָט ערשט אויף ברעטער דאָרט געטראָטן,
דער אַקטיאָר דעם שאָטנ׳ס, איז אַליין אַ שאָטן,
שאָטן איז אַן אנצוג און אין געלע שיך —
און רעדט צו דער אַקטריסע אָדער גאָר צו זיך.

ביי דער קאַווע רעדט ער מיט אַ שטילן פלאַטער:
„אין אַ שטאָל געבוירן איז ס׳יידישע טעאַטער,
געלעבט דאָ אין אַמעריקע אין פּאַלאַצן, נאָר —
שטאַרבן גייט עס, שטאַרבן נאָך אַ לאַנגן מאַטער,
אין אַ מושב־זקנים — מיט׳ן גאַנצן דור.

„אָ, די פּאַטריאָטן . . . די בוקעטן בלומען . . .
גאָט, וואָס אויף דער עוועניו האָט זיך עס צעטאָן . . .
גאָלדפאַדען — געדענק איך — איז צו אונדז געקומען:
האַנדשו בלענדיק־ווייס . . . צילינדער און זשעטאָן . . .
גאָט, וואָס אויף דער עוועניו האָט זיך עס צעטאָן . . .

„און פאַר גאָרדינ׳ס שטעקן פלעגט דאָך אַלץ זיך בויגן . . .
אָ, דער גרויסער גאָרדין . . . מ׳האָט פּובליקומס געצויגן . . .
קאָ—לאָ־סאַל געוועזן אַלץ . . . הערסט מיך, אָדער ניין? . . .
(ס׳פּנים זיינס איז גרויער, קרישלדיקער שטיין.
זי — זי קוקט אים אָן מיט אויסגעלערטע אויגן).

„שטאַרבן מוז מען, שטאַרבן . . . און וואָס ווייטער, בעסי?
גאָרנישט . . . טויט און גאָרנישט . . . אָפּגעשפּילט די פּיעסע . . .
אפשר שפּילט מען ווידער . . . האַ, וואָס זאָגסטו, בעסי?
ס׳פאַלט טאַקע דער פאָרהאַנג — נאָר די צווייטע נאַכט
גייט ער אויף . . . און אפשר — נאָך די זעלבע נאַכט?

„ס׳קעצל און די קאַץ . . . די מאַמע מיט׳ן קינד . . .
זעסטו, ווי זיי שפּילן, קוילערן דאָס קלעצל?
עס קרעפּירט די קאַץ — ווערט אַ מאַמע ס׳קעצל . . .
און עס גייט די שפּיל — די זעלבע וואָס אַצינד . . .
אַ קעצל מיט אַ קאַץ . . . אַ מאַמע מיט אַ קינד . . .״

ער זופּט די קאַלטע קאַווע, אַלט אַזוי, פּאַוואָליע.
ווייס ער וואָס אין שוואַרצן טעאַטער־זאַל קומט פאָר?
אויפגעלעבט האָט דאָרטן די אָפּגעשפּילטע ראָליע,
אַרויסגעריסן זיך פון חושכ׳ס מעלאַנכאָליע —
און איז אַליין, אַליין געוואָרן דער אַקטיאָר.

אויפגעוועקטע ווערטער גיבן זיך אַ ריס
צום אויפגעלעבטן שאָטן. באַלייכטונג בייט קאָלירן.
הער: דער שאָטן שטורעמט, שפילט דעם אַלטן ליר'ן.
די אַפּלאָדיסמענטן שטייען אויף די פיס
און לייגן שוין צונויף די הענט צום אַפּלאָדירן.

דער אַקטיאָר ביים טישל האָט אַ מאָדנע פילונג.
ס'קומט אים פאָר: אָט שפּילט ער פונדאָסניי די שפּילונג.
עפּעס גיט אַ פלאַטער מיט אַ ווייטן פרילינג.
הער נאָר, — מאַכט ער, — בעסי! הער נאָר וואָס איך פיל:
ס'איז אַרויף דער פאָרהאַנג — און איך שפּיל... איך שפּיל...

ד אָ ר ט ן — שפּילט די ראַליע, ווי אַרויס פון תּפיסה.
דאָ — קוקט דער אַקטיאָר פאַרבליפט אויף דער אַקטריסע.
פאַר'ן פענסטער גיט מיט בלויען שניי אַ יאָג:
שפּעט־נאַכטיק גייט ער אויף ווי לעבן נאָך דער מיתה,
ווי ס'וואָלט אין אים פון ערגעץ אַריינגעבלויט אַ טאָג.

1946

## פאַר'ן מלאך דומה

מלאך־דומה איז צו און האָט דומפּיק געפרעגט:
גייסט אין פלאַמען, ווי הייסטו?
נאָר דער גייסט, דורכאויס פייער און פאַרב, האָט געלאַכט:
און אַז כ'זאָג דיר — וואָס ווייסטו?

מלאך־דומה האָט צאָרניג פאַרצויגן אַ ברעם:
גייסט אין פלאַמען, דו לאַך נישט!
נאָר דער גייסט האָט געבריט מיט די אויגן: „דו ווייסט,
שוואַרצער מלאך, קיין זאַך נישט!

וואָס איז אָרט מיר און צייט וואָס איז? גייסטער ווי איך
זיינען וועלטן און דורות.
ווער דערגייט ווי איך הייס? גאָט אַליין סיידן ווייס
מיין אמת'ן שורש".

האָט דער מלאך פאַרטראַכט געלאָזט הייגען דעם קאָפּ
און האָט זיך פאַרוואונדערט,
און דער גייסט האָט גערעדט: „ווילסט מיין נאָמען? איך האָב
נעמען הונדערט.

רוף מיך שד, רוף מיך מענטש, רוף מיך לעבן אַליין,
אַלע נעמען פאַרדין איך.
כ׳האָב געלעבט אומעטום, כ׳בין געווען אומעטום —
און אַלץ בין־איך.

איך בין ערד־קינד געווען און געווען אַ פאַנטאָם,
אַ שטיין און אַ שטערן,
הויך אין וואָלקן אַן אָדלער, אַ כוואַליע אין תהום
און אַ טונקל באַגערן״.

— קומט שכר פון גן־עדן דיר, אָדער דאַרף זיין
גיהנם דיין וואוינונג?
און דער גייסט האָט געזאָגט: איך אַליין בין מיין שטראָף,
איך אַליין — די באַלוינונג.

1920

## ערד, וואולקאַן און דממה-דקה

**וואולקאַנ׳ס קול:**

ווען ס׳הויבט זיך אָן דער ערד צו דאַכטן,
אַז גרונט־פעסט איז איר וואוין און יוסט
און ס׳הויבט זיך גאוה׳דיק איר ברוסט —
הייס איך מיין צאָרן דעם צעקראַכטן
זי צו באַפאַלן און פאַרוויסטן.
כ׳פאַרטראָג איר שטאָלץ נישט, דעם אומזיסטן!
איך משפט זי, די פרעכע חוה,
מיט לאַווע.

**ערד׳ס קול:**

שנעל קום איך צו זיך —
און ווידער ב י ן איך!
ווידער גרין איך
און ס׳בליט מיין דיך.
וואָס קאָנסטו מאַכן?
ווידער לאַכן
מיינע ברוסטן
אין דער זון.
כ׳גורט אָן מיין לייב
מיט פרישן כח.

שטעט פאַרשלינגסטו —
נייע בוי איך.
קינדער טויטסטו —
קאָנסט גאָרנישט מינערן:
נייע געווין איך,
איך, די געווינערין.

**קינדער׳ס קול:**

שלעכטע מאַמע,
ברענגסט קינדער נייע,
נייע און נייע —
דעם טויט צו שטייער!
פאַרוואָס האָט געקומט אונדז
אַ טויט פון פייער?
פאַרוואָס אַזאַ טויט?

**שטנ׳ס קול:**

פאַרשעלט זייביידן:
ערד — פאַר געבוירן,
וואולקאַן — פאַר טויטן.
פאַרשעלט די געבורטן,
פאַרשעלט די טויטן!

**דממה־דקה׳ס קול:**

טויט איז נישטאָ —
ס׳איז בלויז אַ פאַרגלייך.
מיין אָרעם באַנייט,
ווען ס׳קומט די צייט,
יעדן איינעם פון אייך.
איך טו אייך שיקן,
קינדער, צוריק:
איך דאַרף די צוריקן
פון וועגן דעם תיקון.
אַזוי לאַנג פאַרריכט איך,
שמיד איך און גלי איך,
באַהעפט און פאַרבינד,
ביז כ׳בין מתקן
דאָס קינד משיח,
פון קינדער דאָס קינד.

## מיט אַ סטאַנציע פריער

עס ריידן סודות׳דיק און קלוג
אַלטע טיף־אויגיקע קאָנדוקטאָרן:
איר פאָרט מיט זיי אין דעם זעלבן צוג.
נאָר די מתים פאָרן
אין די ווייטע הינטערשטע וואַגאָנען.
מיר קענען זיי. מיר האָבן זיי געזען.
זיי זיינען גאָרנישט קיין פאַרשווינדער און פאַרפליער.
זיי זיינען פונקט ווי איר, נישט מער:
זיי גייען אַראָפּ מיט אַ סטאַנציע פריער.

## איוב

ליגט אָפן ספר איוב.
כ׳הער איוב׳ס חברים —
מליצה — פרומער זיוף.
זיי ענטפערן נישט.

פון שטורעם אַרויס גאָט׳ס קול!
גאָט פרעגט — ער ענטפערט נישט!

פלוצלונג — אַ פרעג:
און שערי מות, איוב,
די טויערן פון טויט האָסטו געזען?
וואָס הינטער זיי איז ווייסטו?

דער פרעג איז אַן ענטפער.
הינטער די שערי־מות
איז דער פאַרענטפער.
הינטער די שערי־מות
לעבן איוב׳ס זין און טעכטער.

און גאָט דער שרעקליכער
בלייבט דער גערעכטער.

## בית-עולם-אידיליע

דאָס גראָז איז פריש ווי הויט פון קינדער.
די זון פאַרגייט אין פרייד אין בלינדער.
אַ מת אַן אַלטער אין אַ צילינדער
גייט אויף אָוונט־שפּאַציר פּאַוואָליע

אין אַ געלייטערטער מעלאַנכאָליע,
מיד געלענט אָן אַ שטאָק אַ יוסטן.
צייטנווייז טוט ער אַביסל הוסטן —
ס'אַ הוסט אַ גרינגער, אַ הוסט אַ גוטער.
צייטנווייז שטייט ער, באַטראַכט ער, רוט ער,
און ווידער גייט ער, און קוקן טוט ער
אַרויף צו אַ גאָלדענער פאַמיליע
פון וואָלקנדלעך (הייליקע אידיליע!)
און צו אַ רעדל פון פייגל העלע,
אַ בליציק־פאַרנאַכטיקע קאַרוזעלע,
וואָס דרייט זיך געשווינד און אַלץ געשווינדער —
אַ מת אַן אַלטער אין אַ צילינדער. — — —

## השארת־הנפש פון אַ ליכט,
## אָדער ס'ווערעמל פון ארגמן

אין לייכטער האָט זיך אויפגעשטעלט אַ לעצטער פלאַם
און וויגט זיך רעכטס און נויגט זיך לינקס
אין אַ שעה אַ שפּעטער.
אים דאַכט — אַן עדה פלעמלעך דאַוונט הינטער אים.
אין שמאָלן גילדענעם קיטל בעט ער.
זיין פלאַקער, ערב דעם גוס'ן,*)
איז באַגלייט פון אַ שפּיגלדיק זיילעכל תכלת,
וואָס זעט זיך יאָ און זעט זיך נישט:
דעם ליכט'ס נשמה — האַלב הי, האַלב דרויסן.
ונסלח, ונסלח — —
צוביסלעך
זעט ער איין זיין טעות: הינטער אים איז קיינער נישט.
אין פלאַטערדיקן שפּיגל, וואָס עס האַלט
דאָס בלויקייט פאַר אים,
דערבליקט ער זיין געשטאַלט,
זיין לעצטיקייט דערקענט ער.
ניין, נישט שליח־ציבור איז־ער;
אויסגעלאָזט האָבן זיך די כוחות
פון דעם ליכט, און אחרית'דיק ברענט ער.
דער, וואָס אין דער הויך איז —
וועט ער זיך דערבאַרעמען?

*) אַזוי אין פוילישן יידיש: נישט גוסעסן, נאָר גויסן.

אַז ווײ און אַז ווינד!
ס׳וואַרפט אים פון נײן צו יאָ:
אַ פּאָר אויף לינקס — אַ פאַרשווינד;
אַ קערעווע אויף רעכטס — שוין ווידער דאָ.
אל תעלני — בעט ער — בחצי ימי.
האַר פון דער וועלט, פאַר דער צייט
נישט פאַרשנייד!

פאַר דער צייט! —
רופט זיך ס׳תכלית אָן צום פלאַם. —
אַז מע הייסט — איז מן־הסתם
שוין צייט . . . נאָר טויט איז להד״ם
סיי־ווי־סיי. אומזיסט
דאַכט זיך דיר, אַז ער פאַרלעשט
לעולם ועד. האָסט דאָך ערשט
אויף יענער־זייט גע׳יש׳ט!
אַנישט —
ווי וואָלסטו זיך צוריקגעקערט?

ווידער גיט דער פלאַם אַ ציטער,
ווידער גיט ער
אויף יענער־זייט אַ גײ
(זיך צוגעוויינען וויל ער)
און ווערט אַן אינו־נראה.
ווידער גיט ער זיך אַ דריי,
אַ שווים־אַרויס אויף דער־זייט — פול מיט יראה,
און — צוריק אַ נראה.

נאָר דינער ווערט ער וואָס אַמאָל
און שמאָל.
אַלץ נידעריקער, נידעריקער ברענט ער,
צום אונטן אַלץ נענטער.
אָט שעפּטשעט ער ווידוי.
דאָס תכלית —
דעם ליכט׳ס נשמה, זיין יחידה —
האָרכט.

ער קוים־קוימיקט.
ער ווערט אַ דין ווערמל פון ארגמן.
דאָס ווערעמל פאַרקריכט
אין אַ לאַנד אָן אַ נאָמען.

דער רויך קוקט אים נאָך אַ פּאַרקלערטער.
ער טראַכט: אין אָט דעם פֿורפּולדיקן וואָרעם,
אָט דעם דינעם ווערעמל ליכט,
זיינען פֿאַרהוילן אי נשמה, אי פּאָרעם,
און באַלד ווערט ער
אויף יענער־זייט ווידער אַ ליכט.

## די טויב

אַ טויב קומט אַלע טאָג צום קראַנקנ׳ס פֿענצטער.
בלאַנק ווי דער גלאַנץ פֿון אַ טייך איז
די טויב, און דער קראַנקער —
נישט־וויסנדיק ווייס ער דאָס שייכות
צווישן איר, דער בלאַנקער,
און דעם טויט, וואָס שטייט ביי זיין בעט,
מעסט די היץ אים און רעדט
קיין וואָרט נישט.

## משפּט

משפּט איבער זיך — דאָס איז דער עפּילאָג
פֿון יעדן טאָג.
חלומות פֿון דער נאַכט זיינען סאַטירעס:
איך נעם דאָס וואַכן מיינס און קריטיקיר עס.
אויך טויט איז נאָר אַ משפּט איבער זיך אַליין
אין אַן אַנדער מין נאַכט און אין אַנדערע ספֿירות.

## אויסער

אָט דער באַרג, דער וואַלד, דאָס וואַסער,
קינדער פֿון דער דרויסיקייט דער גרויסער,
אַלץ, וואָס לעבט און אָטעמט אויסער
מענטש, —
ס׳קומט אַ טאָג און פּונקט ווי זיי,
קינדער פֿון דער דרויסיקייט דער גרויסער,
וועל איך נעמען לעבן אויסער
מענטש.

און כאָטש דאָס לעבן אויסער
איז אַ לעבן די־והותר,
ווערט מען טויט, דאָס וואָרט דאָס שימלדיק־פֿאַרגרויטע,

אַרויסשלעפּן און זאָגן: ער איז טויט ווי אַלע טויטע.
ווייל ווי דו קריכסט אַרויס פון מענטשנ׳ס הויט
און הייבסט אָן לעבן ס׳גרויסע לעבן,
זאָגן מענטשן: טויט.

ווייללוואוד נאָלס, נ. י.

## פּייער שבפּייער, הוד שבהוד

דורכ׳ן באָס צווישן גרענד רעפּידס און דעטראָיט
האָב איך געקוקט, געזען ווי ס׳לויפט דער טויט.
ער האָט זיך פאַר מיין בליק געטאָן אַ טראָג
אין האַרבסטיק־רייכן רויט,
מיט פאַקלען העל געצונדענע אין מיטן טאָג:
ברענענדיקעביימער.

כ׳האָב יענע־וועלט געזען אויף דער־וועלט ברענען.
ס׳האָט זיך דער טויט געלאָזט צו מיר דערקענען
אין פּייער שבפּייער, הוד שבהוד.

האָב איך דעם טויט
געבענטשט צווישן גרענד רעפּידס און דעטראָיט
און האָב באַגריפן מיט׳ן אויג, מיט בלוט און הויט,
דאָס אַלטע וואָרט פון טיפזיניקע אבות:
טוב מאד —
זה המות.

## דערמאָנונג ביים ים

ביים ברעג פון ים — אַ מאַן און אַ פרוי.
גרוי איז דער אָוונט, דער ים איז גרוי.
די פרוי קוקט מיט טרויער און זאָגט אַזוי:

דו זעסט אָט־דאָרטן די שיף? ווי זי
פאָרט ס׳קורצע לעבן פאַרביי דאָ־הי.
און נאָכ׳ן לעבן איז גאָרנישט פאַראַן.
בלויז טויטע אייביקייט, מיין מאַן.

עס בליקט דער מאַן צום האָריזאָנט.
ער האָט אין עפּעס זיך דערמאָנט.
זיי זיינען געשטאַנען זאַלבענאַנד
ביים ברעג פון אַ ים אין אַן אַנדער לאַנד,
ערגעץ, העט, אויף אַן אַנדער פּלאַנעט, —
און זי האָט יענעם אָוונט דאָסזעלבע גערעדט.

## פריידיקער מערב

פורפור־פריידיק הערלט דער
מערב — און פון ערגעץ וואו
טריפט אַרונטער רו
טויאיק איבער פעלדער.

אין באַגראָזטן גראָבן
כאָרכלען ווינטן מידע
און דער טאָג דער גוסס
מורמלט אויס זיין ווידוי.

נאָר עס טרייסט די וועלט דער
מערב — און די רו
זאָגט די שטילע פעלדער
אייביקייטן צו.

## אַ דאָרף אַ שטילס און אַ הויכס

אַ דאָרף אַ שטילס און אַ הויכס,
אַ ליכטיק דאָרף אין דער נאַכט,
אַ ליכטיק דאָרף אין דער נאַכט אויף אַ באַרג —
איז דער טויט.

אָט טאַנצן פון באַרג אַראָפּ
די פייערן פון דאָרף,
נידערן און שפּילן.
אָט וועלן זיי אָננעמען
מיך פאַר אַ האַנט
און מיט מיר אַרויפטאַנצן,
מיט מיר אַריינטאַנצן
אין דאָרף דעם שטילן.

ס'וועט געשען דיין ווילן.

## דערגאַנצונג

מענטש, עס איז דיין לעבן אויף דער ערד
אַ האַלבער זאַץ, אַרויסגערעדט אין פיבער.
וואָלט ס'לעבן זיך געענדיקט אין די גריבער

פון בית־הקברות, וואָלט די ערד געהערט
דעם גאַנצן זאַץ. נאָר ווייל מע רייסט אים איבער
אינמיטן — איז אַ סימן, אַז ער ווערט
דערגאַנצט ערשט דאָרט, וואוהין דו גייסט אַריבער.

## לויב

לויב דעם, וואָס זיין צייטיקייט
וואַרט אויף דער פרייד
פון דער אַנדערזייטיקייט,
דעם, וואָס איז גרייט
און אַלץ גרייטער
צו פאַלן אַהין, אויף דער זייט אויף דער צווייטער!

ניין, נישט גזירה,
נישט טויט!
איבער'ן פלויט
פאַלט צייטיק די פרי —

און דאָרט, אויף יענערזייט,
ווערט זי געפונען.
ס'גיט זי דאָרטן אַ הויב
דיזעלביקע האַנט, וואָס מאַכט זונען.

לויב!

## ווי אַזוי אַ מענטש איז געשטאָרבן אין שלאָף

איז אַ מענטש געגאַנגען שלאָפן
אין אַ נאַכט, ווען אַ שטורעם האָט הינטיש געהוילן.
געווען איז ער ווי אויף אַ בוים אַ הוילן
אַ לעצטער בלאַט.
ער האָט גאָרנישט מער געהאַט.
אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט: דאָס האַסן ווי דאָס ליבן.
ס'איז אים נאָר געבליבן
זיין שלאָף.

איז דער מענטש אַרויף אויף זיין געלעגער.
האָט ער דערזען אַ חלום,
אַ חלום פון גאָלד.

האָט ער אים חלומ'ען געוואָלט.
האָט דער חלום פאַר דעם מענטשנ'ס טרויער זיך דערשראָקן.
האָט ער גענומען לויפן פון דעם מענטש
מיט אַ פחד־געשריי אַזאַ שטילן,
ווי ס'וואָלטן זיך צעיאָמערט שטומע גלאָקן,
גלאָקן אָן צינגער.

האָט דער מענטש גענומען נאָכיאָגן דעם חלום פון גאָלד,
ווייל אָן אים האָט ער זיין נישט געוואָלט.
איז דער חלום, דער איבערגעשראָקענער שפּרינגער,
אַריינגעשפּרונגען אין אַ חלום אַ צווייטן,
וואָס איז געלאָפן צווישן קווייטן.
האָט זיך איבערגעשראָקן דער חלום דער צווייטער,
גענומען לויפן אין בהלה,
און אַזוי אַריינגעלאָפן סאַמע אין דער מיטן
פון אַ חלום אַ דריטן,
וואָס האָט דורך אויגן־שפּאַלטן שמאָלע
געקוקט אויף גליווערדיקע וואַסערן.
איז דער דריטער, ווי אַן אָפּגעבריטער,
אַנטלאָפן אין אַ חלום אַ פערטן,
דער פערטער — אין אַ פינפטן,
אַ נאָך־נישט געזעענעם און נישט פאַרשטערטן,
וואָס קיין שום מלאך האָט נאָך נישט געזאָגט
צו קיין טרוימער: טרוים עס!
און אַזוי האָבן חלומות נאָך חלומות
ווי בלעטער אין געוויטער זיך גענומען טראָגן,
און דער מענטש, דער אָרעמער מענטש,
ווי ס'הינטערשטע ראָד אין אַ וואָגן,
לויפט נאָך, לויפט נאָך —
און קאָן נישט דעריאָגן.

ס'אַראַ שטורעם פון געשטאַלטן!
ס'אַראַ ווירבל פון משלים!

נאָר אַז סע האָט געהאַלטן
ווער ווייס ביים ווייפלטן חלום,
איז מער שוין נישט געווען וואוהין צו לויפן.
האָט זיך אַלץ פאַרהאַלטן.
דער חלום דער ערשטער פון סוף
איז געבליבן שטיין. בזה האופן

האָבן אָפּגעשטעלט זיך, ריי נאָך ריי,
די חלומות אַלע —
און דער מענטש מיט זיי.

ערשט זע: אַ וואָר אַ נייע ווערט נתגלה.
חלומות ציטערן פאַר וואָר,
האָבן אויפגעשווידערט די חלומות אַלע,
און חלום נאָך חלום,
ווי אין ים אַן אינד נאָך אַן אינד,
האָבן געלאָזט זיך לויפן אויף צוריק
געשווינד, געשווינד, געשווינד.
אַנטלאָפן, אַנטלאָפן איבער שטאָק און שטיין
און דעם מענטש געלאָזט שטיין
ביי דער גרענעץ פון דער וואָר דער נייער
איינעם אַליין.

זעט דער מענטש, אַז ער איז איינער — גייט ער
און שפּאַנט אַריבער
צו דער וואָר דער צווייטער,
צו דער וואָר פון קעגנאיבער.

ווען ער איז אַריבער,
האָט ער זיך דערזען אין אָרעמס פון אַ פרוי.
זי האָט גערעדט צו אים אַזוי
ווי איר שפּראַך וואָלט אינגאַנצן באַשטאַנען פון גראַמען.
אין אירע אָרעמס האָט זי אים געוויגט,
אָרעמס פון אַ מאַמע'ן.
און אַז ער האָט אין אירע אויגן צוויי געבליקט,
שפּיגלען פון אַלדאָס געפונענס און אַלדאָס פאַרלוירנס,
האָט איין אויג אים געוויזן, אַז ער איז אַ מת,
דאָס צווייטע — אַז ער איז אַ קינד אַן ערשט־געבוירנס,
אַ שפּאָגל־נייער נס.

1945

## אַ זיבעלע

אַ זיבעלע, וואָס האָט געלעבט סך־הכל אַ פּאָר טעג,
האָב איך געזען: אַ פּנימ'ל — צעקנייטשט פּאַפּיר,
אַזאַ מידס, אַזאַ אַלטס,
כאָטש ערשט געקומען פון דעם אַלץ.

דאָס גאַנצע גוף'ל — ווי ס'וואָלט זיך עמעצן פאַרגלוסט צו מאַכן
אין בלוט און פלייש
אַ מיניאַטור־צייכנונג פון אַ זקנ'דל אַ שוואַכן.

געוואָלט האָט מען, משמעות,
אַ מת אַ זקן פאַרוואַנדלען אין אַ קינד —
איז געשען אַ טעות.
האָט מען טאַקע ס'זיבעלע צוריקגעכאַפּט,
איז מען מיט'ן זיבעלע אַנטלאָפן,
אַז מענטשן זאָלן נישט דערזען
די גלייכע ליניע, וואָס פאַרבינדט
אָנהויבן מיט סופ'ן,
מת מיט קינד,
דאָס וויגל — מיט'ן שטאַרב־בעט.
מ'קאָן דאָך זיי נישט ווייזן אַזוי אָפן,
ווי די אייביקייט אַרבעט.

## גיב מיר אַ שטילע נאַכט: אַ זמר*)

### א

זאָגט דער רבי רב מאָטעניו:
אַ גוט מאָרגן דיר, גאָטעניו!
ראַד סטאַראַטסיאַ! גיב אַ פּריקאַז —
וועט מען טאָן כדין וכדת.

צדיקים ילכו בם
ופושעים יכשלו בם.
בים, באָם, בים־בירי־באָם —
צדיקים ילכו בם.

### ב

זאָגט דער רבי רב מאָטעניו:
אַ גאָט העלף דיר, גאָטעניו!
דער טאָג איז הייס, די מלחמה איז שווער,
נאָר מע לאָזט נישט אַרויס ס'געווער.

צדיקים ילכו בם
ופושעים יכשלו בם.
בים, באָם, בים־בירי־באָם —
צדיקים ילכו בם.

*) די רוסישע סאָלדאַטסקע ווערטער — אויפן שטייגער פון: נאַשאַ יעווריעיסקאַיאַ סלוזשבאַ טשערנאָבילסקאַיאַ; וד"ל.

ג

זאָגט דער רבי רב מאָטעניו:
ווי מע האָרעוועט, גאָטעניו!
די סיטרא־אחרא איז שטאַרק אין כעס,
אָבער מע טוט דיין פּריקאַז.

צדיקים ילכו בם
ופושעים יכשלו בם.
בים, באָם, בים־בירי־באָם —
צדיקים ילכו בם.

ד

זאָגט דער רבי רב מאָטעניו:
אַ גוט נ׳אָוונט דיר, גאָטעניו!
מיין טאָג איז אויס, שוין נאָך דער שלאַכט —
גיב מיר אַ שטילע נאַכט.

צדיקים ילכו בם
ופושעים יכשלו בם.
בים, באָם, בים־בירי־באָם —
צדיקים ילכו בם.

## מאָרגנשטערן

כ׳בין אויפגעשטאַנען היינט פאַרטאָג,
האָט זיך געטאָן צו מיר אַ טראָג
די תפילה פון דעם מאָרגנשטערן,
וואָס האָט געוואַרט אויף מאָרגן־ווערן.

געדאַוונט האָט דער מאָרגנשטערן,
דער פייערדיקער מאָרגנשטערן,
און ס׳איז אַזוי געווען זיין זאָג:
כ׳באַגער נאָר איינס — ס׳זאָל מאָרגן ווערן;
כ׳באַגער נאָר איינס — פאַרבאָרגן ווערן.
קום, ווער דער קבר מיינער, טאָג!

## די אומענדלעכע גאַס

אַ מענטש איז געגאַנגען דינגען אַ צימער.
ער איז געווען זייער אָרעם:

אין איין פעקל אונטער'ן אָרעם
איז געלעגן זיין האָב־און־גוטס.

אויסגעגאַנגען די שטאָט — און אומזיסט:
אַלץ איז פאַרנומען.
ווייזט אויס: צו שפעט געקומען.
נישט געבליבן קיין דירה פאַר אַן איינזאַמען מענטש.

איז דער מענטש אין דער פאָרשטאָט אַוועק.
איבער מאָגערע קוימענס,
צווישן פעסלעך וואָלקנס,
האָט די זון זיך געזעצט.

ער האָט דערזען אַ צוויי־שטאָקיק הויז,
איז אַרויף אויף פינסטערע טרעפ
און ס'האָט אים געעפנט אַן אַלטע פרוי.

אפשר האָט איר אַ צימער צו פאַרדינגען?
יאָ, מיט אַ פענסטער צו דער גאַס
און מיט אַ נעסט איבער'ן פענסטער,
וואו באַלד באַגינען הערט מען זינגען.

אַזוי האָט דער מענטש באַקומען אַ דירה פאַרנאַכט.
פריער האָט ער קיינמאָל פון טויט נישט געטראַכט,
נאָר איצט גראָד האָט זיך אים שטאַרבן פאַרגלוסט.
ס'איז אים אַרויף אויפ'ן זינען,
אַז ווען מע האָט שוין אַ היים —
קאָן מען זיך עס פאַרגינען.

אויפגעפאַקט ס'אָרעמע פעקל,
איבערגעביטן דאָס העמד,
זיך פאַרקעמט
און זיך געשטעלט פאַר'ן איינציקן פענסטער.

ס'איז הינטער'ן פענסטער געלאָפן אַ גאַס,
אַן אומענדלעכע גאַס,
און ס'האָט זיך די זון איבער איר נישט געעלטערט פאַרנאַכטיק,
נאָר האָט זיך באַגיניק גענייט.

נישט פון זיין שטאָט איז געווען די גאַס,
נישט פון זיין צייט.
פון זיין פאַרהוילענער פרייד איז געווען די גאַס.

דורך איר לענג זיינען דורות געגאַנגען אַ גאַנג,
אַ גאַנג אַזוי לאַנג,
אַלע דורות פון איינזאַמען מענטש,
אבות און אור־אבות —
די אומענדלעכע משפחה פון דעם איינזאַמען מענטש.

און ליכט, ווי פריש וואַסער פון ברונען,
איז זיי גערונען
איבער די הענט —
און זיי האָבן אים אַלע דערקענט.

אַזוי איז דער מענטש געשטאָרבן צווישן די ווענט
פון זיין נייער דירה.

## אייביק

כ'וואָלט אַוועק פון אַלץ־מיט־אַלעם
דאָרט אַהין, וואוהין עס נידערט,
שטילע זון, דיין רויטער באַלעם.

זאָל מיך נאַכט מיט אַש פאַרשיטן
דאָרט, וואו ס'ווערט נישט מער גענידערט
און עס ווערט נישט מער געליטן.

אָבער ניין, ס'איז בלויז אַ מידער
אָפּגאַנג־חלום פון אַ מידן.
זון, צומאָרגנס קומסטו ווידער,
און מיט דיר — אי לייד, אי לידער:
סיי דאָס ליידן, סיי דאָס לידן.

אין דעם אונטערגאַנג איז אויפגאַנג,
אין דעם נידער־גאַנג — אַרויפגאַנג.
גאָרנישט ווייס דער מידער ספק:
כ'קרייז — ווי אַלץ — אָן סוף, אָן סופ'יק.
מילביק בין איך אָדער לייביק,
וואָס איך בין — דאָס בין איך אייביק.

נאָוו. 966

## ס'ליד פון דעם געטויטן טויט און דעם וויסן ציגעלע

(חד־גדיא)

פאַר זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן,

האָט אויפ׳ן מאַרק דער טאַטעשי
אַ ציגעלע באַקומען.

די שונרא, אָט די פרעסערקע,
וואָס רק סע פעלט איר שפּייז,
זי זאָגט: ס׳האָט גאָט מיר צוגעשיקט
אַ ציגעלע אַ ווייס.
איז ברומט זי, פרום אַ ניגעלע
און טוט פאַרצוקן ס׳ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

דער כלב קאָן נישט אויסהאַלטן
דער שונרא׳ס פרומען פרעס:
„ס׳האָט גאָט אַ פרעס דיר צוגעשיקט?
איך מאַך פון דיר אַ מת!"
די עוולה צו פאַרבעסערן
צעבייסט ער בייז די פרעסערין,
ווייל גע׳ממית׳ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

דער שטעקן דאַרף גערעכטיקייט,
דעם שטעקן קאָסט געזונט.
„אַ כלב ועט אַ צדיק זיין?
ווי קומט דאָס צו אַ הונט?"
מיט רוגזה יאָגט, דעריאָגט ער אים,
און זע, ביז בלוט צעשלאָגט ער אים,
ווייל צעביסן שונרא׳לע,
וואָס גע׳ממית׳ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

דאָ טוט דער פלאַם אַ טיגער־שפּרונג,
מאַכט אָן אַ רויטן רעש:
„די וועלט איז הפקר, שלעגער־יונג?
אָט מאַך איך פון דיר אַש!"
ער שטעקט אַרויס די פלאַקער־צונג

און בריט, צעבריט דעם מקל־יונג,
ווייל צעבויקערט כלב׳ל,
וואָס צעביסן שונרא׳לע,
וואָס גע׳ממית׳ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

הויבט אָן דאָס וואַסער וואַרפן זיך:
„ס׳איז, כ׳לעבן, מעשה סדום!
וואָס קלערסטו זיך? ווערסט שרפ׳ענען —
און איך וועל זאָגן באָם?"
ער כאַפּט דעם פלאַם דעם זודיקן,
טוט מיט אַ פלייץ אים צודעקן,
ווייל צעבריט דאָס שטעקעלע,
וואָס צע׳מקל׳ט כלב׳ל,
וואָס צעביסן שונרא׳לע,
וואָס גע׳ממית׳ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

הויבט אָן דער אָקס צו גוואַלדעווען:
„ס׳מוז יושר זיין און דין!
דו, וואַסערוק, ווערסט בושעווען —
און איך, דער אָקס, וואו בין?"
ער שטעקט די לאַנגע צונג אַרויס
און זשליאָקעט ס׳גאַנצע וואַסער אויס,
ווייל פאַרלאָשן פייערפלאַם,
וואָס צעבריט דאָס שטעקעלע,
וואָס גע׳מקל׳ט כלב׳ל,
וואָס צעביסן שונרא׳לע,
וואָס גע׳ממית׳ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

דער שוחט כאַפּט דאָס חלפ׳ל:
„אַ העזה פון אַ ביק!
געמיינער שור־המועד׳ניק,

אָט נעם איך, מאַך דיר כיק.״
און ס׳האָט דער שוחט קאַלט געמאַכט
דעם אָקס, וואָס האָט דעם גוואַלד געמאַכט
און גע׳פטר׳ט וואַסערל,
וואָס פאַרלאָשן פייערל,
וואָס צעבריט דאָס שטעקעלע,
וואָס צעבויקערט ס׳כלב׳ל,
וואָס צע׳ניזוק׳ט שונרא׳לע,
וואָס גע׳ממית׳ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

דער טויט, דער צער־בעל־חיימ׳ניק,
אים טוט ביים האַרץ אַ קלעם.
„אַן אָקס געטויט! אָט וויז אים אים,
דעם גזלן אָט־אָ־דעם!״
און ס׳האָט דער טויט אַ שעכט געטאָן,
דעם שוחט׳ל זיין רעכט געטאָן,
וייל געשאָכטן עקסעלע,
וואָס צעזשליאָקעט וואַסערל,
וואָס פאַרטיליקט פייערפלאַם,
וואָס צעבריט דאָס שטעקעלע,
וואָס צע׳מקל׳ט כלב׳ל,
וואָס צע׳ניזוק׳ט שונרא׳לע,
וואָס גע׳ממית׳ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט׳באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

דאָ רופט זיך אָן דער אייבערשטער:
„ס׳חד־גדיא׳ט גאָר אַ שרעק!
דעם טויט וועל איך אַוועקטויטן,
וועט זיין אַ סוף, אַן עק.״
ער נידערט פון זיין אויבן־זיץ
און טויט אים מיט אַן אויגן־בליץ,
וייל געקוילעט שוחט׳ל,
וואָס געשאָכטן עקסעלע,
וואָס געפטרט וואַסערל,
וואָס פאַרפלייצט פלאַמפייערל,
וואָס צעבריט דאָס שטעקעלע,

וואָס צע'מקל'ט כלב'ל,
וואָס צעביסן שונרא'לע,
וואָס גע'ממית'ט ציגעלע,
וואָס טאַטעשי ט'באַקומען
פאַר זוזים, זוזים גאַנצע צוויי,
גילדוינים צוויי במזומן.

און איצט איז אַלץ שוין איינגעשטילט,
צו אַלעם גוטן אָנגעברייט.
מען ווייסט שוין וואָס און ווער!
דאָס האָט דער טויט אַלץ אָנגעדרייט,
געהעצט רק: גיי, צעשטער!
צינד רירט ער זיך פון אָרט נישט,
קאָן קיינעם שוין נישט רייצען:
מאַכט שלום אָקס מיט שוחט,
טוט וואַסער נישט פאַרפלייצן,
טוט פייער נישט פאַרברענען,
איז הונט נישט צום דערקענען,
טוט שטעקן אַלץ פאַרקוקן,
טוט שונרא נישט פאַרצוקן,
קומט ס'ציגעלע צוריק
מיט מזל און מיט גליק,
און — הערט נאָר אַ געשיכטע —
די צוויי גילדוין במזומן
זיינען קריק צום טאַטעשי
אין קעשענע געקומען.

ערשטע ווערסיע: וואַרשע, ערב פסח 1935

עלפטער אָפּטייל

# פאַרמישטע בלעטער — און די פּאָעמע: מדרש-אהרן אויף קהלת

## לידער פון פאַרשיידענעם אינהאַלט, אין פאַרשיידענסטע צייטן געשריבן, מיט'ן צוגאָב פון אַ סך-הכל-פּאָעמע

### אַז דער אַהרן שלאָגט דעם אַהרן

פון קידער־ווידער וואַקסן די לידער,<br>
פון דיסאָנאַנסן — סטאַנצן.<br>
אַז דער אהרן שלאָגט דעם אהרן,<br>
גייען די לידער טאַנצן.

ווּעמען קאָן אַרן, וואָס איינער אַן אהרן<br>
וואַרפט זיך אין פּאַראָקסיזמען?<br>
אַבי די גראַמען טוען גראַם־שטראַמען,<br>
אַבי ס'באַקומט זיך אַ פּזמון.

### פּאַריז

די שפּיל פון מאַן און פרוי, פון די געשלעכטער דאָס געיעג,<br>
אויטאָס גע'כפּל'ט אויף מיליאָנען פיס,<br>
נעכט, וואָס זעען אויס ווי יום'טוב'דיקע טעג,<br>
און אַלץ וואָס איז — ווי ליבע — ביטער־זיס און נישט־געוויס:<br>
פּאַריז.

אַ רעגן, וואָס גייט טאַנצן אויף בולוואַרן ווי אַ סטראָף<br>
אַ גלאַנציק־עלעגאַנטע פון אַ מאָדישן פּאָעט,<br>
אַ רעגן אַזוי גרינג ווי די פיס פון מ י ס ט אַ נ ג ע ט *)<br>
און פריילעך ווי אַן אָנהויב, וואָס טראַכט נישט פון קיין סוף;<br>
חיי־שעה, וואָס שמייכלען שטאַרבנדיק פון איטלעכן קאַרניז,<br>
און קונסט, וואָס טראָגט די קעפּ פון אירע קינדער אויף אַ שפּיז:<br>
פּאַריז.

*) באַרימטע פראַנצויזישע טענצערין.

און אויף אַ גאַס פון מאָנפּאַרנאַס — אַ שכור׳ע לאַמטער,
אַ מעלאַנכאָלישע ווי די נשמה פון באָדלער,
געבויגן אין־דער־קרים צום פּרעכן טראָטואַר
ווי אַ הור אַ פאַרשלאָפענע צום אַפּאַש, איר האַר;
און טרוימען פון גיגאָלאָס, קאָקאָטעס און פּאָעטן
(אַלע חלומות האָבן ליב צו טרעפן זיך);
און מענטש און טייוול — ביידע אין אייביקע געוועטן,
און אַ געשריי צום הימל: עפן, עפן זיך;
און דעם שלאַנקן אייפל־טורעמ׳ס שטומער דיאַלאָג
ביינאַכט מיט ווייטע וואָלקנס, און אויף יעדן ראָג —
קליפּות פאַרשטעלט אין פרוי, מאַסקירט אין חלום און קאַפּריז,
געלאַף צום נישט־פאַראַן, אַנטלויף פון דעם, וואָס איז:
פּ אַ ר י ז.

## טייוול

פאַר׳ן טראָן פון באַשעפער
שטייט דער טייוול פאַרטראַכט,
האַלט דעם שטאָק פון אַ שעפער
און ס׳איז לייוונט זיין טראַכט.

„איך טייוול, איך טייוול,
בין אָרעמער הערט
פון אַלעם, וואָס תאוה׳ט
ביי דיר אויף דער ערד.

שאָף זיינען תאוות
און כ׳פיר זיי צום קוואַל.
וואָס ווייסן זיי? גאָרנישט.
ס׳איז בלינד און אָן וואַל.

און גיפט איז אין קוואַל,
און קראַנק ווערט מיין שאָף,
און איך — איך בין אַלט
און ס׳נויגט מיך צום שלאָף.

און אַלט איז מיין וויי,
כ׳קאָן נישט צוזען דעם צער...
אויף מיר און אויף זיי
האָב רחמנות, מיין האַר!״

1930

## אַ רעגנדל

מלאכים, וואָס נישט זיי שטאַרבן, נישט זיי וואַקסן;
פּלאַנעטן מידע, וואָס לויפן אָן אַ סוף
און אָן אַן אָפּשטעל אַרום אייגענע אַקסן;
ווענס פון ווייטע קאָסמישע גאַלאַקסן; —

מקנא זיינען זיי אַ רעגנדל, וואָס שפּריצט
געמישט מיט זון, העל, שנעל און באַלכסון,
וואָס גיט (ווי ס'לעבן) אַ וויין, אַ לאַך, אַ שווינד,
און לאָזט דער ערד בירושה — ס'גרינע וואַקסן.

## געשריבן אין דאָרף ביוקענען

פון דעם טונקל טוט כסדר
חברה גליווערעם אַ שאָס.

הויך געשמועסט האָבן פייגל
ערב שלאָפנגיין. פון וואָס?

אַ געלאַף אין טיפן גראָז.
פעלד־מייז לויפן דאָס? אַ האָז?
נישט צו וויסן ווער און וואָס.

אַ געלאַף אין טיפן גראָז.

## מושב-זקנים

**(ניו־יאָרקער עלעגיע)**

איך גיי אַמאָל פאַרביי דעם מושב־זקנים
אין הייסע אָוונטן און זע זיי אַלע דרויסן,
אויסגעזעצט מיט'ן פנים צו אַ שטאַרבנדיקן טאָג,
די אַלטע טאַטע־מאַמעס, בראָכוואַרג פון אַ דור,
די שטילע לירס, וואָס זין און טעכטער אייגענע
האָבן זיי אַרויסגעשטעלט פון רייכע שטיבער
ווי אַלטע שטיקער מעבל.
איך זע זיי אַזוי וואַרטן אויפ'ן טויט —
מיט הילפלאָז אומעטיקע בערד, אין באָבעדיקע קאָפּ־טיכלעך,
ווער מיט אַ יידיש בלאַט אין דער צעדאַרטער האַנט,
ווער מיט אַ תהלימ'ל, וואָס וויינט צווישן די פינגער.

---

באַלאַכסון — לייען: בעאַלאַכסן.

און דאַמאָלס ווייס איך, אַז דאָס האָט מען מיך אַליין,
מיך און די שפּראַך פון מיינע פּערזן,
גענומען און אַרויסגעשטעלט פון שטוב אַרויס
ווי אַן אַלט שטיק מעבל, אַ פאַרוואַלגערט רעשטל
פון אַ וועלט, וואָס אירע יורשים האָבן זי
פאַרקויפט צום שד פון גאָרנישט.
און כ׳ווייס: פאַר׳משפּט זיץ איך צווישן זיי
און וואַרט אויף טויט מיט זיי אינאיינעם,
די זקנות און די זקנים.

## געפּלאַצטער סוד

(נאָכגעזונגען שלמה אבן גבירול)

אָנהייב פרילינג האָבן דונערדיקע כמאַרעס
זיך צערעוועט ווי די אָקסן.
האָבן אויסגעזען ווי מאַסטביימער אין שטורעם
ווען ס׳רופט זיין רעטונג־רוף דער קאַפּיטאַן.
ס׳איז די טונקלעניש געוואָקסן.
דער הימל האָט געטאַפּט אין חושך ווי אַ בלינדער
און ס׳האָט דער ווינט געפּויקט אין בלעכן
פון רעגן, ביז עס האָט
דאָס גראָז גענומען ברעכן
די ערד־שאָל און, ווי אַ געפּלאַצטער סוד,
גענומען ווייזן זיך, גענומען זיך אַרויס׳ן
דרויסן.

## שורות געשריבן אין דער יוגנט

מיר האָבן פאַרלאָזן די שטעטלעך,
אַוועק צו דער עצבות פון שטעט,
געוואָרן גרויסשטאָטישע שרעטלעך.

ווער ווייס, צי עס וואַרט נישט אויף אונדז
אין שטעטל אַ ליכט וואָס איז געטלעך?
צוריק צו די ליידיקע שטעטלעך!

קומט אפשר אַ בעש״ט אָן אַ נייער,
העל נידערט ניי־חסידות פון בערג,
צינדט ווידער דאָס גאָלדענע פייער.

## שפּעטערדיקע צושריפֿט

שורות, וואָס איך האָב געשריבן יונגערהייט,
ראָמאַנטיש־חלומ'דיקע רייד,
קלינגט איר נישט צומאָל ווי אַ נישט־ווילנדיקער שפּאָט?

נאָר קאָן איך אייך דען אויסמעקן, ווען ס'האָט
עמלק אויסגעמעקט די יידן צוזאַמען מיט די שטעטלעך?
בלייבן, בלייבן זאָל דער גראַם מיט ג ע ט ל ע ך !

## פּרילינג און שטאָל-פֿויגל

פֿאַרטאָג בלאַנקט אויף דער הימל
ווי יונגפֿרוי־לייב אין באָד;
וואָלקן־פּיזשאַמעס ברוינע
טוט אָן פֿאַרנאַכט די שטאָט.

דינסטמיידן עפֿענען פֿענצטער
צו זינגער אויף טונקעלע הייף.
די באַקן פֿון ווייבער גלאַנצן
ווי רויזיקע שטיקלעך זייף.

פּרילינג סענטימענטאַלער —
מעשה באַנאַלער פּאָעט —
באַפּוצט זיין לאַץ מיט אַ בלימל
און סקאַנדירט זיין אַלטן קופּלעט.

און יינגער ווערן קאָקאָטעס
און אַלפֿאָנסן ווערן צאַרט
(און מאָרד פֿאַרקריכט אין קוואַדראַטן
פֿון טונקעלע הייף — און וואַרט — — — ).

און דער פּאַראַניקייט דאַכט זיך,
אַז אַלץ איז טאַקע פֿאַראַן:
דאַמען אויף מאַרשאַלקאָווסקע
און דאַנסינג און רעסטאָראַן.

נאָר אויבן זינגט זיין טויט־ליד
דער פֿויגל, דער אַעראָפּלאַן.
די שטאָט — זי הערט און הערט נישט
זיין געזאַנג צו ווייב און מאַן.

דער פויגל פון שטאָל — וואָס באַזינגט ער?
דעם טאָג, ווען די שטאָט־ערד קראַכט,
ווען תוהו פאַרשלינגט איר פראַכט —
איר פראַכט די קראַנקע פאַרשלינגט ער.

דער פויגל פון שטאָל — וואָס דראָט ער?
איך הער, איך ווייס, וואָס ער דראָט.
די שטעט ווערן אומקומען אַלע.
די שטעט ווערן אומקומען אַלע.
ס'וועט שטאַרבן, שטאַרבן די שטאָט.

וואַרשע, 1932

## ים-סאָנעט

גאָט, ווער ס'האָט דיך ריידן נישט געהערט אויף ים'ען —
וועט קינדיש נאַר און עלנט מיט דיין נאָמען שפּילן!
וואָס איז דער קוש פון טויט, דער ליבע'ס העלסטע פלאַמען
און אפילו אַ בעל־שם־טוב'ס ברענענדיקע תפילין —

אַקעגן דיינע רייד, וואָס אינדן גרויסע ברילן,
אינדן, וואָס לויפן־אָן אין טומלדיקע גראַמען,
שלאָגן זיך אויף שווערדן און פאַלן־אום צוזאַמען,
שטאַרבן און שטרעבן־אויף אין אָטעם פון דיין ווילן?

באַשער, איך זאָל מיך ווידער לאָזן איבער אינדן,
זאָל שטאָט אָן שווערע שטיינער שלאָגן קאָפּ און שווינדן,
און ים, דיין בלויער בכור, אין ערשטען גלוסט געשאַפן,

זאָל שפּרייטן זיך פאַר מיר אָן ברעגעס און אָן האַפן —
לויתן, שווערד־שלינגער, פאַרלוירן קינד, גיגאַנט,
אומ'סופ'יפקייט, וואָס גיסט זיך פון דיין רעכטער האַנט.

## בעסער

מיר ווערן ערגעץ גאָט באַהאַלטן,
פאַרשליסן אים אויף זיבן שלעסער.
מיר ווערן אים אין היילן האַלטען —
זאָל דאָס זיין הימל מאַכן גרעסער.

צום טאָל דעם טיפסטן נידערט, בערגער!
גיי פון דיין שפּיץ אַרונטער, כתר!
ווען ס'וועט דאָס בעסטע ווערן ערגער,
ווערט אפשר ס'ערגסטע בעסער.

1937

## באַשווערונג

ווענס, איר ווענס,
וואָס איר פאַרבינדט געווענס
מיט קומענדיקע טעג;
איר, וואָס פאַלט ווי בליטן סוף מאַי אויפ'ן שטעג;
איר, זואָס בליצט־אויף אין אַ קעלער
און שווימט דרויסן אין גאָלדענער היץ פונעם תמוז;
וואָס באַהאַלט זיך אין פאַלדן פון אַלטע געמעלער
און דריקט זיך צו ברוסטן פון יונגע מאַמעס;
איר, וואָס ציטערט קוים־קוים
ווי הויכע ווייזערס אויפ'ן זייגער פון דער צייט;
איר, וואָס רייט אויף אַן איינזאַמען בוים
אין מיטן פעלד העט ווייט;
איר, וואָס קוקט דורך דער לבנה'ס פּורפּורדיקער שויב
צום בלינדן וואַלד, דעם אַלטן בעל־קבלה;
איר, וואָס טראָגט זיך אויפ'ן רוקן פון אַ טויב
און וואָס פאַרוואַנדלט אין גענאָד אַ קללה;
איר, וואָס אייער ריח
איז ווי דער ריח פונעם ווינט ביים ברעג פון טייך, —
דאָ־בין־איך, דאָ שטיי איך,
דאָ וואַרט איך אויף אייך.

## מערב'דיקס

אַ מלאך איז
געגאַנגען שלאָפן.
האָט די פליגלען
זיינע אויסגעטאָן,
פאַר'ן שלאָפנגיין
זיי אַרויפגעטאָן
אויף אַ שאַרלאַך־בוים
אין דעם מערב־סאָד.

הענגען פליגלען
אָן אַ מלאך.

## ליד צו די הונגעריקע

אַ ליגן האָבן אייך געזאָגט די ליגנערס,
אַז איך, פּאָעט פון די צוזאַמענהאַנגען, לייקן
אין אייערע יסורים.
מיט אייך איז גאָט,
כאָטש איר זענט נישט מיט אים
(איך ווייס — פאַרוואָס).
נאָר ס'קומט אַ צייט,
ווען איר וועט זיין מיט אים, ווי ער מיט אייך.
עס וועט זיך אייך אַנטפּלעקן דער צוזאַמענהאַנג
צווישן אייער הונגער און די שטערן.
אַנטדעקן וועט איר, אַז די זון
איז די מאמע פון דעם ברויט
און אַז דאָס ברויט
מוז ווידער ווערן זון אין אייך,
מוז ווערן זון אין אייער בלוט.

ווען דאָס וועט אייך אַנטפּלעקט זיין — וועט איר גרינדן
דעם אינטערנאַציאָנאַל פון ברויט און זון,
און קעלער וועט מיט הימל זיך פאַרבינדן,
און ווי אַ קרוין וועט לייכטן יעדע שמאַטע
אויף אייער לייב, דעם זוניקן און ברעניקן,
און איר, די האַרן, איר, די קעניגן,
וועט אויסלייזן די זאַטע.

וואַרשע, 1931

## שפּאָטליד אויף די פעדערלייט

גיב אַ קוק: אַלץ האָבן זיי באַפּינטלט און באַטינטלט.
דער וועלט'ס פּאָליצעס קרעכצן אונטער בערג ביכער ווי מיסט.
טייל האָבן שווער געאייזלט, טייל האָבן לייכט געהינטלט —
און קיינער האָט נישט געוואוסט, אַז די מי איז אומזיסט.

ס'האָט איינער אָנגעטאָן די רייד אין בליי אין אַקאַדעמישן,
אַ צווייטער באַשפּריצט מיט אָדעקאָלאָן בודוואַרישן,
אַ דריטער — מיט זיי געטריבן לייכטן זנות באָהעמישן,
און דאָס אַלץ איז אַוועק צו איין שוואַרציאַר דעם ליטעראַרישן.

שטיי אויף, דו גלויביקער, וואָס גייסט איז דיין רעאַליטעט,
און שליידער זיי אין פּאַפּירענעם פּרצוף דיין דיבור,
און זאָלן זיי נישט מיינען אַז ס׳איז ביי דיר אַ חיבור,
אַ שרייבעניש אַזאַ צי אַ קאַפּריז פון אַ קאָקעט.

לעגיאָנען ליטעראַטורניקעס, צו אַלדי אַלטע רוחות,
ציען ווערטער ביי די עקלעך און שלעפּן טויטע מייז.
רק זיי מאַכן די קולט־הור און רק זיי פאַלשעווען לוחות
און פאַבריצירן פייער ווען זייער הארץ איז אייז.

זיי טאַפּן ס׳וואָרט ווי אַ שטיק קאָרט אין דיין שניטקראָם,
ליטעראַטור;
מיט דינסטן שפּייעכץ קלעפּן זיי צונויף די פראַזן.
שמאַך צו זייער וואָרט, דעם הויקערדיקן בלאַזן!
אין פּנים שפּרינג זיי, שפּאָט־ליד, ווי אַ לעבעדיקער שטשור!

אפילו גאָט אַליין איז נאָר אַ וואָרט ביי די שרייבאַרעס,
אין טינט האָבן זיי איינגעטונקט זיין אַלטן כסא־כבוד.
און גרויס זיינען זיי אַלע, אַלע סאַמע תנא־בראַ׳ס,
און קאַרליק דינגט ביי קאַרליק זיך אויס נבזה׳דיקן כבוד.

אַזויפיל עוג־מלך־הבשנ׳לעך — און ווי זיי אַלע שרייען!
אויף גייסט ציט מען קניפּלעך, מ׳וואַרפט אויף פייער גורלות.
אויספּאַרקויפט שוין, דאַכט זיך, די לעצטע מליצערייען —
און דאָס מליצעוועט נאָך אַלץ און שלעפּט קונים פאַר די
פּאָלעס.

אומשטערבלעכקייט אידיאָטישע, דו וואָס שלאָפסט אויף
שטויסן פּאַפּיר,
שלינג זיי איין אין דיין דרוק־פעלער־בויך — און שלאָף
ווייטער!
ווערט באַלעקסיקאָנט, פאַראומשטערבלעכט מיט טינטערנעם
עליקסיר!
אַ געדרוקטן גן־עדן האָט אין אַ וועלט אַ פאַרבלייטער!

דו אָבער, וואָס דו ביסט דער גאָט דער שטאַרקער פון מיין זיידן
און דער גאָט פון די, וואָס קומען, — גיב מיר, אָרעמען נאַר,
דעם צער פון ערגסטן גיהנום, אַבי נישט דעם שכר
פון אַ געדרוקטן גן־עדן.

וואַרשע, 1934

## זאָגט דער רבי

אַז אַן איש־ישראל גרייט זיך מאַכן די ברכה:
להתעטף בציצית,
ווערט אַרום אים אַ געזעמל מלאכים.
גיך ווי אַ בליץ איז
דערגאַנגען צו זיי, אַז אָט דאַוונט ער.

אַזוי ווערט אַ געזעמל
אַרום אַ קלעזמער אַ גרויסן, האַר פון שמחות און אוי׳ען,
בשעת ער הויבט אָן די פידל צו סטראָיען.
מע שטייט און מע וואַרט:
באַלד שפּילט ער.

## אייביק אין יענעם פאַרנאַכט

נישט זי אַליין האָט געשוויגן
אויף דער באַנק אין יענעם פאַרנאַכט.
דאָס האָט איר גורל געשוויגן
און מיט איר אַ טראַכטונג געטראַכט.

און איינגעוועבט איז־זי געוואָרן
גאָר טיף אין יענעם פאַרנאַכט
און צו מיינע איצטיקע יאָרן
קוקט זי פון יענעם פאַרנאַכט.

און ס׳טרעפט, אַז זי קוקט מיט צאָרן,
און ס׳טרעפט, אַז זי קוקט מיט פאַראַכט,
נאָר מער נאָך קוקט זי מיט טרויער
פון דאָרט, פון יענעם פאַרנאַכט.

זי קוקט אַריבער און טרויערט,
זי שווייגט אַריבער און טראַכט.
זי ווייטיקט צו מיר און דויערט
אייביק אין יענעם פאַרנאַכט.

## אָפּשפּיגלונג

אַלץ אויף דער ערד איז פאַרקערט און פאַרקערט,
ווייל ס׳איז־נאָר אַן אָפּשפּיגלונג אַלץ אויף דער ערד.

אַ בוים אַן אָפּגעשפּיגלטער איז
דער קאַפּויר פון אַ בוים, וואָס שטייט גלייך אויף די פיס.

ווי קאָן איך זיין גליקלעך? מיין האַרץ באַגערט
צום אהרן, וואָס כ'בין זיין ק אַ פּ ו י ר אויף דער ערד.

## נבו

צום לאַנד, צום לאַנד קעגנאיבער!
דאָס בעט זיך משה אַזוי...
אין שטילן זון־פאַרגאַנג שטייט ער
איינזאַם און הויך אויף נבו.

די בענקשאַפט צום ק ע ג נ א י ב ע ר
ציטערט ווי טרערן פון טוי.
צום לאַנד, צום לאַנד קעגנאיבער!
אָ, ס'לאַנד קעגנאיבער נבו!

קום צו מיר אַריבער, —
רעדט ס'קול פון אדני, —
גרייט איז מיין קעגנאיבער...
און משה שטאַרבט אויף נבו.

## צווישן צוויי אָן-אַ-שיעור'ן

הינטער מיר מאַרשירן
נעכטנס אָן אַ שיעור:
דעם עבר'ס אָן־אַ־שיעור'ן
מאַרשירן, מאַרשירן.

מיר פאָרויס מאַרשירן
מאָרגנס אָן אַ שיעור:
דער צוקונפט'ס אָן־אַ־שיעור'ן
מאַרשירן, מאַרשירן.

און איך — איך מאַרשיר
צווישן צוויי אָן־אַ־שיעור'ן.

## יונגפרוי אָן אויגן

עולימתא שפירתא דלית לה עינין.
(זוהר)

די יונגפרוי די שיינע,
וואָס האָט נישט קיין אויגן,
ווען ווערט זי אַ מאַמע
די וועלטן צו זויגן?
וואו איז די יונגפרוי
די שיינע געגאַנגען?
ווי לאַנג דער אַוועקגאַנג
אירער געדויערט!
וועלטן, טרויערט!
טרויערט, געזאַנגען!
די יונגפרוי די שיינע,
וואָס האָט נישט קיין אויגן,
ווען ווערט זי אַ מאַמע
די וועלטן צו זויגן?
וואו איז־זי געגאַנגען?
וואָס האָט זי אין זינען?
וויל זי אָן אויגן
די אויגן געפינען?
ווײַ, אויף איר לויערט
דער שלאַנג איבער שלאַנגען...
וועלטן, טרויערט!
טרויערט, געזאַנגען!

## שלאַכטפעלדער

(ר' נחמנ'ס אַ תורה)

אַ מענטש ווערט אַ נזיר... ער שטעלט
אין וואַלד זיין געצעלט,
לעבט ביחידות און שפייזט זיך מיט קרייטעכצער...
לעבט אָן אַ זייט
פון צייט און פון לייט,
פון טומל און בייטעכצער.
ערשט אין איינעם אַ טאָג — און צעאַמפּערטע אומות,
וואָס דרעמלען אין אים, דעם פאַרטראַכטן,
גייען אַרויס אויף מלחמה און מערן מהומות.
פול ווערט דער נזיר מיט שלאַכטן.
מחנות באַפאַלן און פאַלן אין אים.

גוסס'ן מחנות אין טייכן פון בלוט,
מאַרשירן חיילות מיט ווילדער מוזיק:
ווילדער זיג,
ענלעך אויף וויסטן קאַפּוט.

נישט גוט!
דער נזיר ליידט...

לויפט ער צוריק,
פון די שלאַכפעלדער זיינע צוריק —
צו לייט.

## טעקסטן צו פּיקאַסאָ'ס, LA VIE

1

אָן אַ נאַקעטן אדם
הענגט זיך אָן, ווי אַ פּרוכט,
אַ נאַקעטע חוה:
פון קאָפּ ביז פיס — מסירת־קערפּער.

נאָר פון דערמאָנונגען אַרויס
הייבט אַ ווייז־פינגער, דערמאָן־פינגער,
דער מאַן:
ווער איז די, וואָס שטייט אַקעגן
בלוי געהילט,
אַ קינד אין אירע אָרעמס,
אַ קינד אין שלאָף?

קומט עס נישט פון יענער זייט מיין מאַמע?
אין די אָרעמס האַלט זי מיך און שווייגט,
גייט אויף ווי הימל בלוי־פאַרזאָרגטער.

2

— טרייב עס, דאָס געשפּענסט
פון נישט־פאַרגינערישער צניעות!
איז זי נישט געווען אַמאָל ווי איך?
האָט צו דיין טאַטן נישט באַגערט?
איז אויך איר פרייד נישט געווען
פרייד פון נאַקעטער ערד?

כ'בין ערד און ערד ביסט דו —
גיי איך, ערד, צו ערד.
די מאַמע טרייב!
זי שטערט.

3

— די מאַמע רעדט נישט, נאָר איך ווייס:
זי וויל, אויך דו
זאָלסט מאַמע ווערן.
האַלט זי אין די אָרעמס מיך:
זי וויל, דו זאָלסט אין ניי געשטאַלט
געבוירן מיך.

— וואָס אַרט מיך, וואָס דיין מאַמע וויל?
פון קבר קומט זי נישט־פאַרגינעריש און מאָנט.
כ'וויל קיין קינד נישט, וויל נישט מאַמע זיין.
וואָס מיר קינד און וואָס מיר מאַמע?
כ'קען נאָר דיך.

4

— כ'ועל אַ קינד אין דיר פאַרזייען,
און ווי די מאַמע מיינע ועסטו ווערן
הימל בלוי־פאַרזאָרגטער.

גיין וועט אונדזער זון, ווי איך אַצינד,
צו ערד צו נאַקעטער, צו ווייב,
נאָר אין מיטן יום־טוב פון זיין לייב
ועסטו אים צו־חלום קומען,
ווי די מאַמע מיינע איצט,
(דו, דער הימל, וואָס אַמאָל
האָסטו אין אָרעם אים געהאַלטן) —
און זיין חוה
וועט הייסן דיך פאַרטרייבן, דיך . . .

ביז אויך זי וועט ווערן מאַמע.

5

— איך פיל:
דו ועסט פון מיר צו אַ צווייטן גיין,
און איך, ווי דיין מאַמע, וועל שטיין אַליין,

אַ קינד אין די אָרעמס,
פּאַרלאָזט — — —

— איך וועל פון דיר צו אַ צווייטער גיין,
און דו, ווי מיין מאַמע, וועסט הימל זיין,
און דו, ווי מיין מאַמע, וועסט שטיין אַליין,
אַ קינד אין די אָרעמס,
פּאַרלאָזט.

6

צוויי פיגורן אין הינטערגרונט —
די זונה און איך.
אַריינגעוויקלט איז אין מיר די זונה
ווי אַ שלאַנג.

שנעל וועט ווערן דערעסן די הור,
און כ׳וועל זיצן — קוק — ווי אָט די פיגור,
פּאַרקנוילט טיף אין זיך, אין אייגענעם באַנג.
פּאַרשעמט, אָן ווערטער,
וועט תפילה טאָן מיין זינד
צו דיר, הימל פּאַרשוועכטער,
מאַמע פון מיין קינד!
— — — — — — — — — — — —
אייביקע מאַמע, זיי מוחל!

## דריי און אַ פּערטער

אין אָט דער לאַנדשאַפט וואוינען דריי באַגלייך:
אַ באַרג, אַ שטילער הימל און אַ טייך.

דעם באַרג׳ס קאָנטורן הימלען דאָ פּאַרנאַכט און שווימען דאָ,
ער בלוילעכט מיט אַ לופטיקייט פון אַקוואַרעלן,
אין וואָלקן־כוואַליעס בערגלט זיך דער הימל דאָ —
און ס׳הימלט דאָ דער טייך און באַרגט די וועלן:
טראַכטונגען באַנאַנדיקע און שותפות׳דיקע ליניען.

איינזאַם־און־אַליין איז
מיין וואָגל צווישן טראַכטונגען און ווערטער.
נאָר ווען כ׳זאָל וואוינען לאַנג מיט אָט די דריי בשכנות,
וואָלטן זיי אַריינגענומען מיך אין זייער ענין —
און כ׳וואָלט אַ שותף זיין אַ פּערטער.

## די וואַשינגטאָן-בריק

לענג אויס דעם האָדסאָנ׳ס ברעג
אויטאָס — אומענדלעכע סטאַיעס.
אויטאָס הין און צוריק.

אין האָדסאָן די כוואַליעס — הין און צוריק:
אומענדלעכע סטאַיעס —
מאָנאָטאָנע מוזיק.

ביים ברעג — אַן אוראַלטער שטיין.
„איך ליג, איך ליג —
אַרום מיר
לויפט אַלץ הין און צוריק, הין און צוריק — —
כ׳בין מיט דורות צוריק
געווען אַן אינדיאַנער.“

אַ לאַנגער גראָז:
„כ׳זע אויטאָס, וואַסער, בריק —
הימל, שטיין —
קאָן גאָרנישט פאַרשטיין —
וויג זיך אַ וויג נאָך אַ וויג,
הין און צוריק, הין און צוריק—“

די בריק
קוקט נישט אויף צוריק,
גייט אַהינצו, אַרויפצוצו.
אַ שמשון צווישן זיילן:
אָט צעררייסט ער די שטריק —
און לאָזט זיך הימל־צו
מיט דער שטאָט ניו־יאָרק אויף די פּלייצעס.

## אַ באַנקעט

און זיי האָבן גענומען און געמאַכט אַ באַנקעט
און גערעדט און גערעדט און גערעדט און גערעדט,
און גאָרנישט האָט זייער וואָרט געבוירן,
נישט קיין מלאך און נישט קיין שד.

בלויז רייד און רייד און רייד און רייד,
רייד אָן טרויער און רייד אָן פרייד.
די לאַנגווייל איז געזעסן אין מיטן זאַל

און האָט געגענעצט ביים וואָרט ג ע נ י אַ ל,
און געמישט און גענישט איר גלעזל טיי,
און געוויגט מיט׳ן קעפּל: יאָ, כ׳פאַרשטיי.
און שקר, דער אָראַטאָר, האָט געלאָזט
זיין צונג אויף הפקר — און אין זיין טאָסט
איז הין און צוריק, ווי אַ דולע מויז,
געשפּרונגען דאָס קאַרליק־ווערטל: ג ר ו י ס.

און ש ט ו ת, אַ דאָקטאָר פון פילאָזאָפיע,
האָט העל מיט פרעמדווערטער געבלענדט:
סינקרעטיזם, אַנטראָפּאָזאָפיע,
אי׳דיאָסינקראַזיע, עקוויוואַלענט.

און ס׳האָבן גענומען אַ וואָרט די מעסטער,
וואָס מעסטן ווער גרויס איז און ווער דער גרעסטער,
וואָס ווייסן ווער קליין איז און ווער דער קלענסטער.
און קיינער פון זיי האָט נישט געזען,
ווי עס שטעלט זיי אויס אַ צונג אין פענסטער
מיט שפּאָטישקייט רויט־שטומער
די לבנה פון סוף זומער.

## פּאָרעם

**כבוד אלהים הסתר דבר...**

ווער זאָגט דאָס, אַז פאָרעם איז גילוי?
פאָרעם איז דאָס, וואָס באַהאַלט.
ווען גאָט האָט געוואָלט זיך באַהאַלטן,
האָט ער געשאַפן געשטאַלט.
דער גרעסטער פון אַלע געשטאַלטער,
וואָס מער ער זאָגט אויס — מער באַהאַלט ער.

## על חטא

צוליב דער פּיין, וואָס האָט מיין האַרץ געגעסן,
און דער אַנונג, וואָס איך האָב געאַנט, —
די אַנונג פון אַן אייביקייט, וואָס אָקעאַנט
מחוץ דעם מענטשנ׳ס ערדישע מעת־לעת׳ן, —
בעט איך דיך, מיין גאָט, דו זאָלסט פאַרגעסן
מיין שרייבן בריוו צו דיר אויף נישט קיין ריכטיקע אַדרעסן,

די זינד פון דמיון אומריינעם (ווי ביי אַ מויד וואָס איז
פאַרזעסן),
די זינד פון גיין אין ווערטער־שפּאַן געשפּאַנט
און די זינד פון שפּיל אין קונסט און אין טאַלאַנט.

## וואו?

פרעגן מיט בענקשאַפט צעברויזטער
כלים ביי אורות:
וואו הויזט ער?

פרעגן די אורות: מלאכים,
וואו דויערט ער?
זאָגט אונדז: וואו הויערט ער?

ענטפערן פרעגיק מלאכים:
דער הערליך געקרוינטער —
וואו וואוינט ער?

און ער — ער פרעגט ביי זיך גופא:
אַז איך בין דער וואו און די רו —
טאָ וואו קאָן איך רוען
און וואו קאָן איך וואוען,
וואו?...

## דער מאָלער אין מערב

אַן אָרקעסטער טיף אין גראָז,
אַן אָרקעסטער, הויך צעגרילט,
שפּילט אַ לויב דעם מאָלער, וואָס
מאָלט און מאָלט גאונ׳יש־ווילד
בילד נאָך בילד
דאָרט אויבן.

מאָלט געשווינד, געשווינד, געשווינד,
איילט זיך אויסצולאָדן די
גאָרע היץ פון זיין זשעני,
ווייל ער ווייס: באַלד ווערט ער בלינד —
נאַכט פאַרשפּינט
די וועלטן.

קאַפּלמייסטער טיף אין גראָז,
דיין אָרקעסטער שפּילט נאָך. ראָז
גליט אַ באַרג נאָך. אָבער ער
איז שוין בלינד, דער מאָלער. שווער
שטאָלפּערט ער
צום אָפּגרונט.

## נאַכט, וואַשינגטאָן האַיטס

אויטאָמאָבילן
אין קיילעכיקע פלאַקערדיקע ברילן
האָבן מיט די האָרנס זיך אַרויסגעלאָזט
אויף נאַכטיקע אויף ווייטע יאַגדן.
ס'האָט וואַשינגטאָן־בריק
אָנגעצילעוועט אַ לאַנגע שנור שמאַראַגדן.
אַ חתונה פון פלאַמען
לענג־אויס ניו־דזשוירזי'ס הויכע שוועלן.
ווען האַנט
דרייט דאָרט גאָלדענע קאַרוזעלן?
לויפנדיק לאַכן זיי אַ לאַך אַ העלן,
די קאַרוזעלן,
לאַכן און חידוש'ן זיך: וואָס קריכט ער
צווישן מאַנהעטנ'ס שאָטנס קעגנאיבער?
וואָס שווימט ער נישט אַריבער,
דער נאַר, דער בלאָנדזשענדיקער דיכטער,
צו אונדז אין דער הויך,
צו די ליכטער? . . .

## דאָס בילד

### אברהם סוצקעווער'ן

אין אָט דעם זונטיק דעם סוף־זומערנעם קרישטאָלט
די לופט אין ניו־יאָרק'ס צענטראַלן פּאַרק.
אַ טויב מיט פּיסלעך פון צוגעדעמפּט גאָלד
שפּאַצירט צווישן קערנער. אַ פּוס־באַלעם שפּרינגט.
ווי אַ פויגל אַ פאַרוואונדיקטער זינקט
צו דער ערד אַ בלאַט.
לאַכעדיק גייט אַ פּאָרל פאַרביי.
איבער אַ גרויס זונטיקדיק בלאַט

גייען ברילן פון אַ קליינער זקנה.
איבער גרינס און געלס
טאַנצן זונפלעקן. אַ הונט פאַרהאַלט זיך ביי אַ בוים.
אַ וועוורק לויפט אַראָפּ, זעצט זיך אַקעגן אויפ'ן פעלדז
דעם רויטלעכן, וואָס האָט דעם אָנבליק
פון אַ פאַרצייטישן אינדיאַנער, פאַרוואַנדלט אין שטיין.
אַ יונג ליגט אויסגעצויגן אין גראָז.
אַ פאַר'דאגה'ט מיידל רייכערט. אַ פּאָליסמאַן
זיצט שטאָלץ אויף אַ פערד, באַוואַכט דעם זונטיק.
אַ בוים איז אַרונטער אין וואַסער: אַן איבערגעקערטער
שטייט ער, קלערט ער.
הין און צוריק
פלאָטערט אַ פויגל: פון זיך צו זיך
טראָגט ער בשורות. צו וואָלקנדלעך — מירמלנע אייזשטיקער —
קוקט אַרויף, מיט אַ פּנים פון אַ סאָקראַטעס,
אַ ב אָ ם אין שמאַטעס.

אַ מאָלער אַ ווייסקעפּיקער
שטייט און מאָלט דאָס בילד פון דעם סוף-זומערדיקן זונטיק.
ער זעט אַלץ אַזוי קלאָר, אַזוי וואָר,
ווייל ער אַליין געהערט ניט צו דעם בילד.
ער קוקט פון יענעם דרויסן,
וואָס מענטשן רופן קונסט.
און ווי ער מאָלט אַזוי — שפּילט
פאַר זיין אויפגעפראַלט אויג
אַ דרויסן נאָך אַ העלערער, וואָס מענטשן רופן טויט.

## אַ סוד אין בראָד

געוועזן אַמאָל אַ סוד,
פאַלט אים איין: כ'וועל גיין שפּאַצירן איבער בראָד.
האָט גאַנץ בראָד דערזען דעם סוד
און איז מיט אים געוואָרן פאַניבראַט.

וויינט דער סוד פאַר גאָט:
כ'בין אויס אַריסטאָקראַט.
האָסט מיך געשאַפן אויף צו זיין אַ סוד,
צום סוף בין איך אַ סוד'ל פאַר גאַנץ בראָד.
אַ ליאַדע לצ'ל רופט מיך: פאַניע סוד'ל.
כ'געהער צום קאַראַהאָדל.

ענטפערט גאָט: ערשט איצטער, סוד,
ווען מע מאַכט פון דיר קיי־שפּיי
און מע מיינט: ביסט סתם אַ שאַלאָפּיי —
ביסטו אַ סוד הגדול.

## אַ בראַסלאַווער ניגון

קעגן גאָר דיין גלוסטיקייט
זיינען נישט און פוסטיקייט
אַלע סאָרטן גיהנם,
יעדער מין געפּייניק.
ווען אַרן פּייניקער?
ס'איז דיין תענוג תענוג'ער
פון אַיעדן תענוג,
פריילעכער פון פריילעך,
שייניקער פון שייניק.
ס'חיות גייט מיר אויס נאָך דיר,
גאָר מיין הארץ איז דייניק.

## אַ הינטל

פאַראַן אַ כלב מיט צוויי אויגן פון אַ פינצטערן רוצח.
עס טראָגט זיך פון זיין פעל אַ סיטרא־אחרא'דיקער ריח.
און פאַראַן אַ הינטל — איז עס שטיל און לויטער
ווי אַ ווינטל, וואָס שפּאַצירט אין אָוונט־לופט צעבלויטער.

ווי קומט אַזאַ מין הינטל צו די אכזר'דיקע הינט?
דו קוקסט אויף אים און ווייסט: עס איז דער גלגול פון אַ קינד.
און בילט עס, קומט דיר פאָר: עס איז אַ שפּיל —
ס'מאַכט נאָך דאָס קינדעלע אַ הונט'ס געביל.
און ווערט עס אומעטיק — באַקומט עס אויגן ווי עלעגיעס
פון פּאָעטן, וואָס באַטרויערן די וועלט מיט אירע פּגע'ס.

## אַ שיין מאָראַליש ליד פון חנה'לע דער משומדת

(אין דיאַלעקט)

אוי, אַנימלט, אַנימלט,
אַז חנה'לע די מעשימאַידעס
איז געוואָרן אַנדרימלט,
זענען די באָבעס מיט די זאַידעס

גערקומען מיט אַ געשראַי:
אַז אָך און אַז וואַי!
חנה׳לע, וואו ביסטו?
חנה׳לע, וואָס טיסטו?
חנה׳לע, חנה׳לע!

און ווי חנה׳לע איז פון שלאָף אָפגעקימען
אַזוי איז זי געלאָפן צום טאַך זיך טרענקען.
וואַסער, וואַסער, טו מיין זינד
אַרונטער פון מיר שווענקען.
וואַסער, וואַסער, צוואָג מיין לאַב,
דאָס שמד־וואַסער פאַרטראַב!
חנה׳לע, וואָס טיסטו?
חנה׳לע, וואו ביסטו?
חנה׳לע, חנה׳לע!

און ווי חנה׳לע איז דערשווימען און אויף יענערוועלט געקימען,
אַזוי איז דאָס וואַסער פון אירע צעפּ גערינען.
אַ גראָיס געוואַין האָט זי געוואַינט
און איר לאַב האָט געלאָכטן ווי זיבן זינען.
חנה׳לע, ניש׳ וואַין!
אַצינד ביסטו ראַין,
חנה׳לע, חנה׳לע!

## איבער דיין קבר וועט הימלען

אויף אַ שווערן זילבערנעם שלאָס
פאַרשליסט לבנה די הימלען.
זיץ אויף דער ערד, פּראַווע חצות,
וואַרט נישט אויף וואונדער און אות.
אויף אַ שווערן שלאָס
זיינען פאַרשלאָסן די הימלען.

ס׳הענגט אַ שלאָס אויף די הימלען.
אויסגיין וועסטו ביינאַכט.
מאָרגן טוט רויט אַ שאָס
די זון, האַקט אַראָפּ דעם שלאָס —
און עפנט צוריק די הימלען.

איבער דיין קבר וועט הימלען.

## אַ פּאָעט

אין מיר איז דאָ אַזוינס, וואָס נעמט זיך אָן די קריוודע
פון זאַכן אָן אַ נאָמען.
איך קוק אַ ברונעם טיף אין אויג אַריין און פאָרש
דאָס לעבן פון פאַנטאָמען.

פון אַלטע, געלע, שטויב־געווייקטע טאָמען
צי איך טויטע ווערטער ווי פון תהום׳ען,
און וואַלגער זיי אין ווינט און וויקל זיי אין זון,
זיי אויפסנייי צו באַ׳נשמה׳ן.

## וויסן דעם גאָרנישט

אָט רוף איך א י י ן זאַך שטויב, אַ צווייטע — גאָלד.
נאָר ו ו אָ ס איז שטויב? וואָס גאָלד? דאָס ווייס איך נישט.
אַ האָר נישט.
אָ, ווען איך וואָלט, אָנשטאָט צו וויסן גאָרנישט,
געוואוסט דעם גאָרנישט,
וואָס פון אים באַשאַפסטו שטויב און גאָלד
און אויך מיך, דעם עפּעס, וואָס וויל יענעם גאָרנישט וויסן,
און ווייס קיין זאַך נישט, ווייס אַ האָר נישט!

## ניאַגאַראַ

ס׳אַראַ פאַלן און פאַלן און פאַלן און פאַלן.
ס׳אַראַ בלאַנקען און בלאַנקען.
ס׳אַראַ אייביקע געשרייאיקייט.

עס שרעקט דאָס אייביקע
נישט ווינציקער ווי די פאַרגייאיקייט.

(איך קאָן נאָר צווייאיק זיין:
כ׳וואָלט וועלן
סיי אייביק, סיי פאַרגייאיק זיין.
ווער קאָן פאַרטראָגן
פאַרגייאיקייט אַליין אָדער בלויזע באַשטייאיקייט?).

ס׳אַראַ פאַלן און פאַלן און פאַלן און פאַלן.
ס׳אַראַ אייביקייט דו ביסט, ניאַגאַראַ.
ס׳אַראַ איינערלייאיקייט.

## פּילזן

איך בין אַרונטער אַמאָל אין פּילזן
צווישן אַ צוג און אַ צוג בייִנאַכט
און געטרונקען אין פּילזן פּילזענער ביר.

כ׳בין ווייטער געפּאָרן אין דער נאַכט
און האָב זיך געוואונדערט און האָב געטראַכט:
וואָס האָב איך אויפגעטאָן אין פּילזן
און וואָס האָט אויפגעטאָן פּילזן אין מ י ר?

צופאַל? צופאַל איז נישט פאַראַן —
אַ טייל פון אַ פּלאַן איז יעדער ריר.
היינט וואָס פאַר אַ שייכות׳ האָט צום פּלאַן
די האַלבע שעה צווישן באַן און באַן,
דאָס טרינקען אין פּילזן פּילזענער ביר?

## בראשית

אַזוי האָט גע׳אַזוי׳ט,
אַז מענטש האָט אָפּגעמענטשט:
די ערד ליגט טויט.
דער הימל פּרירט. ווער דאַרף דעם בלייכן רך־הנולד —
דעם מולד?

איבער רויכיקע רואינען — צוויי:
אַ הויכער שטריימלדיקער ייִד, אַ גאַליציאַנער
פון אַרום ריישע אָדער קאָלאָמיי,
און קעגנאיבער —
אַ מלאך מיט אַ צפון־ליכט־געזיכט,
פאַרשטאַרט אין מאַיעסטעט פון וויי,
עלעגיש־טעאַטראַליש.

דער מלאך — אָן אַ ציטער.
אין פראָסט פון זיינע פליגל שטייט ער
אַ געשמידטער.
נאָר דער צווייטער —
דער ייִד פון אַרום ריישע אָדער קאָלאָמיי —
גלייך צום מולד גייט ער
און זינגט זיך אונטער בשעת־מעשה.
מע דאַרף, זאָגט ער, איבעראַנייס
אָנהויבן די מעשה.

1936

## וועגן זיך

כ'בין מעטאַפיזיקער און זשורנאַליסט:
איך זוך דעם גראַם
פון אייביקייט מיט מיסט.

איך בין די גאָטבאַדערפטיקייט פון אַ כופר,
די מעלאַנכאָליע פון אַ הומאָריסט.

איך בין אַ לץ:
די ווירקלעכקייטן מיינע
טרייבן חוזק פון די ווירקלעכקייטן אייערע.

אין מיר איז דאָ אַ טויטער,
וואָס קוקט זיך צו
ווי איך, דער לעבעדיקער, לעב.

איך בין סעקטאַנט,
וואָס קאָן צו קיין שום סעקטע נישט געהערן.

עס וויל מיין אויג זיך צוקוקן צום קוקן.
מיין אויער וויל זיך צוהערן צום הערן.

ווייל דער המון איז חושד יעדן יאָ —
בין איך מיך נוקם אָן די קלוגע ניינען.

הויך איבער ווערטער און זייערע מיינען
וויל איך ווי אַ שטערן צינדן
אָן אויג אַ נייס, אַן אויג אַ דריטס:
דאָס דריטע אויג פון דעם בלינדן.

## אויטאָפּאָרטרעט

ווען ס'שטעלט זיך קילער, פּאַרביקער, גוי'אישער זונטיק,
זיצן ביידע — וואַלענטי, דער וועכטער פון מיין הויף,
און זיין געפּאַקטע, רויטמויליק־חזיר'עוואַטע באַבע,
פּלייצע־צו־פּלייצע אויף אַ הילצערן בענקל.
ביידע קוקן־אָפּ אַ גאַנצן זונטיק נאָכמיטיק —
און ס'ווערט זיי נישט נמאס: זיי זיינען רעאַליסטן.

וואָס זיי טוען? זיי גלאָצן. זיי שווייגן און רוען.
קוקן אויף הינט, אויף אַ קינד מיט אַ בייגל,
אויף רויך, אויף קבצנ'ישע שטאָטישע פייגל,

אויף שטיקלעך וואָלקנס, וואָס שטעלן אויס
גלעזערנע היטלען, כאָטש וואַרף זיי מטבעות,
אויף קנעפלעך אין זאַמד און אַ ראַבין מיט פּיאות.

און איך, בעל־סוד און צייטונגמאַן צוגלייך,
איך אַנגסטיקע און אַנונגדיקע סתירה
(כ׳בין דאָך מיין אומה׳ס קינד, — די אומה, וואָס פאַרבינדט
אַש פון רעפּאָרטאַזש מיט אָפּגלאַנץ פון אַ ספירה),
ווען כ׳לויף זונטיק אַהיים, האַלב אָדלער, האַלב וואָרים,
מיט אַ פּעקל צייטונגען אונטערן אָרעם,
מיט שנאה צו מיין טאָג, מיט פאַרפייניקט בלוט
און מיט פאַרשטאַרטן וואַרטן אויף אַ קרישטאָלענער מינוט, —
טרעף איך פאַר׳ן טויער דעם סטרוזש וואַלענטי מיט׳ן ווייב,
ווי זיי זיצן און קוקן אין אַ האַלבן וואַכן
און האָבן הנאה פון באַשטעטיקן זאַכן.

איך וואַרף אויף זיי אַ בליק פון ביטול און פון קנאה
און גיב אויף גיך אַ קלער, אַז איך וואָלט עס נישט געקאָנט,
אין קיין שום גילגול נישט געקאָנט,
איך, אהרן, וואולגאָ: אָרליק, פאַראַדאָקס פון דער ליבער שכינה,
זינלעך־אַבסטראַקטער, אידעאָ־פּלאַסטישער סעקטאַנט,
דער, וואָס שרייבט נישט פאַר קיינס און פאַר קיינעם זיין פערז,
נישט אפילו לכבוד דער שמייליקער קונסט,
נאָר אין שטרענגער דינסט
פון אייגענעם באַפעלערישן גאָט,
איך, אייניקל פון מקובלים.

און ביינאַכט —
ביינאַכט גייט מיר אויף אין חלום דער שיינענדיקער כתר,
ווי ער בויגט זיך אַ פאַרטראַכטער צו די ליפּן פון מלכות,
און ר׳ משה קאָרדאָוועראָ שמועסט מיט אַ גילגול,
אין רויטער טראַכט גייט פראַנק מיט אַוואַטשאַן דער שיינער.
ביז מיינס אַן עלטער־עלטער־זיידע, יוסף שליח ציבור,
צעזינגט זיך אין אַ כל־נדרי פון פאַר דורות צוריק,
און ס׳ענדיקט זיך אַלץ פאַר דער הייל פון בעל־שם,
צווישן טאַנצנדיקע אותיות צוויי־און־זיבעציק פון ש ם
און צווישן מלאכים, וואָס רייטן אויף הויכע ווענט,
האַלטן שופרות צום מויל און בלאָזן־אויס דעם קץ.

אין אַ וואָך אַרום איז ווידער זונטיק, זונטיק,
און ווידער זיצן זיי, מיין סטרוזש מיט זיין געפּאָקטן ווייב,
פלייצע־צו־פּלייצע אויף אַ הילצערן בענקל,
באַגלאָצן דאָס פּאַראַנענע מיט אויגעלעך גראָע —
און האָבן הנאה.

וואַרשע, 1929

## פון אומבאַקאַנטקייט טיפער

איך האָב געלעבט ווייט אינזיך,
נישט דאָרט, וואו איך געפין זיך.
די זייאונג, די פּאַראַנונג —
איז מיר געווען בלויז אַנונג.

מען האָט דעפּעשן מיר געשיקט
פון אומבאַקאַנטקייט טיפער.
איך האָב זיך יאָרלאַנג געמיט
אויפדעקן דעם שיפער.
איך האָב זיך יאָרנלאַנג געמיט
און בין שוין מיד, און בין שוין מיד
פון טייטשן און פון טרעפן.

אָ, ליבסטע מיין, איך האָב דיך ליב,
איך הענג אינגאַנצן אויף דיין ליפּ,
איך ציטער אויף דיין קליינער האַנט!
נאָר אויך דו, אויך דו, אויך דו,
דו ווערסט פון מיר געאַנט,
ווערסט בלויז געאַנט.

1928

## טעאַטער

ערשט פאַר די העכסטע שפּיצן פון אהיה־אשר־אהיה
בלייבן שטיין די קאַראַוואַנען פון די פּאָרמען.

דאָס טעאַטער פון די דיזייטן און יענעזייטן
האָט טראַגעדיע און בורלעסק:
די טיפע שפּיל פון פאָרמען מוז זיך
אויסשפּילן ביז צום סוף.

אויך אויף די יענעזייטן
היטלערן זיך היטלערס,
כלב׳ן מאָנסטערס,
און הייליקע
זאָגן אַ תפילה אַ פשוט׳ע, אַ תפילה אַ גראָע
פון וואָרער הכנעה.

תנינים שטינקען אין בלוטיקע יאורות,
קינדער יאָגן זיך נאָך זומערפייגל,
פויסט און מעפיסטאָפל ראַנגלען זיך,
און גייסטער ניכטערע מיט אייזן אין די אויגן
פאַרקרימען זיך, ווען ס׳קומט די גרויסע פרוי,
די אור־געהיימע מוטער,
מיט׳ן ווייסן וואָלקן־וועג צושווימען:
„עט, ס׳איז מיסטיק״.

לאָז דיך אַרויס מיט׳ן שטראָם פון שטאָט
און פאַנג געזיכטער, זאַפּ איין אין זיך פיגורן:
ווערסט דערזען טעאַטער,
וואָס גייט אין שטראָמען.

ערשט פאַר די העכסטע שפּיצן פון אהיה־אשר־אהיה
שטעלט זיך אָפּ ס׳טעאַטער.

## אַנומלט, ווען כ׳האָב וואָלקנס אָבסערווירט . . .

אַנומלט, ווען כ׳האָב וואָלקנס אָבסערווירט פאַרגאַפט,
האָב איך געהערט ווי ס׳הויבט מיין רעיון אָן צו לאַכן:
וואָס טייטשסטו זין אַריין אין זאַכן אָן אַ האַפט?
מאַלע וואָס אַ ווינט פאַלט איין צו מאַכן
מיט בייטעוודיקן וואָלקן־צייג. עס קאָן אַ ווינט
אויפשטעלן אין הימל גאַנצע כרכ׳ן.
האָב איך געענטפערט אים: איז וואָס, אַז ווינט?
דו חכם, אויך אַ ווינט איז אַ שליח
פון יענעם בוי־מייסטער, וואָס דאָרשטיק גלי איך
אין מיין פאַרלאַנג צו וויסן ווי ער בינדט
צונויף אין איין געביי די ווייטסטע זאַכן.

מיין געדאַנק האָט אויפגעהערט צו לאַכן.

## אַ טעקסט, וואָס צו דער אייביקייט געהערט ער

עס טרעפט: כ׳ליג האַלבע נעכט אַ וואַכער און אין מיר
קלינגען טראַגיש־הייסע דיאַלאָגן.
איך לעב אויפסניי מיט פאַרוואורפן, מיט טרערן — און מיט
רייד,
וואָס מיר פלעגן זיך בעת וואָרט־דועלן זאָגן
אין יענע יאָרן, ווען דו ביסט געווען דאָ אויף דער ערד.
כ׳דראַמאַטיזיר אויפסניי אין זיך אַ ליבשאַפט,
וואָס איז פול געווען מיט דעם געוויין פון נישט־פאַרשטיין
און מיט דער גאווה פון נישט־מוחל־זיין. אַליינער ווי אַליין,
רייד איך פאַר אונדז ביידן. איידער שלעפערישע מידשאַפט
קומט און שאַרט אַוועק מיין מוח׳ס קונציקע געוועבן —
פרואוו איך אויסבעסערן רייד פון יאָרן צענדליקער צוריק,
וויל מתקן־טעות זיין אַ לעבן,
ענדערן דעם טאָן און ענדערן די ווערטער
אין אַ טעקסט, וואָס צו דער אייביקייט געהערט ער.

## אַ קרעכץ

אָ, ווען אַנטלויפן
די שדים, וואָס גויע׳ווען,
בושעווען, וואָיעווען
טיף אין די בלוטן מיר?
ווען וועסטו ווייזן
אַ סימן צום גוטן מיר,
טרייבן פון מיר,
פון מיין טיף, אַלע אויסוואורפן,
טיף אין מיר אויסרופן
שבת! . . .

## קאָראַן־מאָטיוון

### 1) די נאַכט אַל־קאַדר; נוסח איינס

יאָ, שר גבריאל האָט געטאָן אַראָפּברענגען
פון העכסטן הימל דעם קאָראַן
אין יענער נאַכט פון פראַכט און גנאָד און גבורה׳שאַפט,
וואָס אַזוינס איז נישט פאַראַן:
דער נאַכט אַל־קאַדר.

ווייסטו דען, וואָס נאַכט אַל־קאַדר איז?
מער גליק איז דאָ אין יענער נאַכט דער איינער
ווי אין חדשים טויזנט. אין דער נאַכט
קומען די מלאכים, קומט דער שר גבריאל
צו אַלע וואַרטער, בעטער, וויינער...
ביז מאָרגנרויט איז שלום אין דער נאַכט אַל־קאַדר.

2) די נאַכט אַל־קאַדר; נוסח צוויי

די נאַכט אַל־קאַדר — ס'פּאַרגייט אין איר
די שפּור פון אַלדאָס בייז;
ביז מאָרגנרויט איז פרייד אין איר
און שלום און דערלייז.

עס האָט אַ נאַכט מיר אויפגעבלאַנקט
אין חודש ראמאדאן,
גבריאל האָט אַראָפּדערלאַנגט
פון הימל דעם קאָראַן.
געשיקט האָט גאָט זיין שר צו מיר,
מוחאַ'מאַד'ן זיין קנעכט,
און אויפגעטאָגט האָט ס'האַרץ אין מיר
אין יענער נאַכט פון נעכט.

די נאַכט אַל־קאַדר — ס'פּאַרגייט אין איר
די שפּור פון אַלדאָס בייז;
ביז מאָרגנרויט איז פרייד אין איר
און שלום און דערלייז.
דער שטנ'ס ווערטער שטומען דאַן,
ס'אַנטרינען זיינע דזשין;*)
מיין גאָט'ס מלאכים קומען דאַן
צו אדמ'ס בעסטע זין.
זיי קומען און זיי נידערן
(זאָל אַלאַה זיין געלויבט!)
מיט הימלען צו פאַרברידערן
דאָס מענטשנקינד וואָס גלויבט.

---

באַמערקונג: מוכאַ'מאַד — צווייטע זילב אַקצענטירט; דזשין — גייסטער.

### 3) די שטראָף.

עס הויערט שוין אין זייער פרייד דער טרויער!
עס נעגטערט זיך די פחד'יקע צייט,
וואָס וואַרט, ווי יונגע לייבן אויף דער לויער,
נקמה נעמען פון די בייזע לייט.

אין מויל וועט זיך פאַרטריקנט ביי זיי שוואַרצן
די צונג, וואָס האָט געלעסטערט און געזויפט;
דאָס בלוט, וואָס האָט געשטראָמט אין זייער האַרצן,
פאַרלאָזט דאָס האַרץ דאָס פאַלשע — און אַנטלויפט.

קומט אָן דער טאָג — וועט אויפציטערן יעדער!
רשעים וועט מען שלעפן פאַר די פיס.
דעם הימל'ס פנים ווערט ווי ס'רויטע לעדער
און שפאַלט זיך מיט אַ פייערדיקן ריס.

אַ בריק וועט זען דאָס מענטשנקינד זיך הויבן,
אַ תהום וועט זיין צופוסנס פון דער בריק —
וועט דער גערעכטער אויף דער בריק גיין אויבן
און ברעכן וועט פאַרברעכן דאָס געניק.

אָ איר — איר ווערט פאַרבעטן אין גן־עדן,
איר, וואָס איר גייט אויף וועגן פון דער וואָר!
אָן גרינע קישנס לענט איר אייך אין פריידן
און יונגע הוריס גלעטן אייך די האָר.

### 4) ס'אַנטלויפן

פון שדים, וואָס וואָגלען אַרום אין די נעכט
און פייניקן קינדער פון אדמ'ס געשלעכט
און שלעפן צו זינד דעם פאַרפירטן, דעם שלאַפן, —
אַנטלויף איך צו יענעם, וואָס האָט זיי באַשאַפן.
און ווער האָט באַשאַפן זיי? גאָט.

פון פינצטערן שטן, וואָס רעדט אַזוי שטיל
און רוימט מיר זיין סוד איין, און מאַכט ווי אַ מיל
דאָס בלוט אין מיר רוישן, און וויל מיך פאַרשקלאַפן, —
אַנטלויף איך צו יענעם וואָס האָט אים באַשאַפן.
און ווער האָט באַשאַפן אים? גאָט.

און פון דעם בעל־קנאה'ס פאַר אויגן וואָס גליט,
די אויגן, וואָס ווילן מיר סמ'ען ס'געבליט

און ווילן פֿאַרשאַפֿן מיר ביטערע טראַפֿן —
אַנטלויף איך צו יענעם, וואָס האָט זיי באַשאַפֿן.
און ווער האָט באַשאַפֿן זיי? גאָט.

## אויגן און אַ האַנט

אויגן זיינען דאָ, וואָס וואַנדערן ווי משולחים
איבער די מרחקים׳דיקסטע דרכים.

ווי מדינה־גייער זיך אַרויסגעלאָזט,
וואונדער כל־ערליי געטראָפֿן,
געקומען נישט געבעטן, נישט געמאָלדן,
און זיך אומגעקערט באַלאָדן
מיט כל־הליכטן, כל־הגאָלדן.

אויסגעלאָדן די גאָלדן מיט די ליכטן,
נעמען זיי אויפסניי
אין וועג אַריין זיך ריכטן.

אויף זייער וואַנדער
נעמען זיי פעסטונגען פונאַנדער,
באַהעפטן ווייטענישן אַ באַהעפט.

ביז ס׳טרעפט:
זיי פֿאַרגייען צו ווייט און דערבליקן פֿאַרבאָטנס.
גייט אַרויס אַ האַנט פון צווישן שאָטנס,
פאַנגט זיי און פֿאַרשליסט זיי אין דער דלאָניע:
„ס׳איז פֿאַרווערט!
ד אָ ס
טאָרט איר שוין נישט אויסזאָגן דער ערד:
ס׳וועט שטערן דער האַרמאָניע“.

## נאַכט הייבט אָן צו פרעגן

נאַכט גיט פלוצעם אַ באַגעגן
זיך אַליין
און הייבט פלוצעם אָן צו פרעגן —
פרעגן וועגן
זיך אַליין:
איז דען נאַכט אַ נאָמען?
כ׳האָב דאָך גאָר קיין נאָמען נישט.
בין איך דען אַ יש?

כ'האָב דאָך קיין נשמה נישט.
בין איך נישט אַ סתם צעפּרעכטער
נישט־מיט־גאָרנישט: גלאַט צענאַכט זיך,
אָן ממשות, אָן אַ וואָג — — —

ליכט דערהערט עס און צעלאַכט זיך.
און ס'געלעכטער
איז דער טאָג.

## קאָנטעמפּלאַציע אויף אַ שפּאַציר

האָבן שויבן זיך צעפּאַקלט מיר אַנטקעגן ווי די זונען.
זיי פּייערן: דער פּתרון איז געפונען, איז געפונען!
עס שרייט אין זיי אַ פריידיקייט פון אויפדעקונג, אַ לוסט
פון געפינס. כ'קום נענטער — ערשט פלוצאַלבן ווערט צערונען
די זוניקייט: ס'האָט אָוונט־זון געשפּילט אין זיי אַ רויטע,
פון קעגנאיבער זיך געשפּיגלט אין דער קאַלטער פּוסט.
גרויס זיינען, אָ זון, די מופתים וואָס דו טוסט!
איצט גלאָצן זיי אָן דיר, אין ליידיקייט פאַרגרויטע.

ס'וועט אפשר דעם עסטעט, דעם ל'אַר־פּור־לאַר'עדיקן שוטה,
פאָרקומען דידאַקטיש, אָבער איך (אַן אַלטער חוטא
קעגן דער פּעדאַנטיק פון אַ פאַלשן גוסט,
וואָס רק ער וואָלט מיט כללים מיט עסטעטישע
גע'שטות'ט) —
כ'האָב בשעת־מעשה פּאָרט גְעקלערט (און חזר עס דאָ איבער):
וואָס וואָלסטו, וועלט, פון זוניקייט געוואוסט,
ווען נישט אַ זון, וואָס לייכט פון קעגנאיבער
און שפּיגלט זיך כסדר אין דיין פּוסטעניש דער טריבער
און מאַכט דיך אויסזען קיומ'דיק און יוסט?
פאַראַן איז בלויז די זון פון קעגנאיבער,
און דו — ווי אָט די שויבן ביסטו פּוסט.

## באַשרייבונג פון אַ חלום

צו טאָליע'ס אָנדענק

עס זיצן טויבן אויף אַ פלאַכן דאַך
אַ פענצטער קעגנאיבער. און ביים פענצטער שטיי איך
און זע: ס'נעמט צוציִען צום סאַמע ברעג פון דאַך
אַ טויב. זי גייט צו מיר און אַ פאַרגאַפּטער שטיי איך.

דאָ טוט זי זיך אַ הויב און מיר אַקעגן
איבער'ן פענצטער הענגט זי אַ מינוט —
און וואַקסן הויבט זי אָן אויף מיינע אויגן, טוט
אויפגיין אין פרוי־געשטאַלט. זי הויבט זיך מיר אַקעגן,

די טויב, וואָס ווערט אַ פרוי. און איך באַוואונדער,
ווי ס'וויקלען זיך די ליניעס אויף אַיעדערע באַזונדער
און קומען זיך צונויף האַרמאָניש אין איין בילד.

און מיט אַ שמייכל, וואָס אַזוינס פאַרמאָגט די ערד נישט,
קוקט די געשטאַלט מיך אָן — און גיט אַ פלי — און ווערט נישט.
און ס'איז מיין יאוש שוואַרץ און ס'איז מיין וואונדער ווילד.

## באַריכט פון אַ צווייטן חלום

איך קער מיך אום קיין וואַרשע. נישט געווען שוין לאַנג
אין שטוב ביי זיך! ערשט כ'זע, אַז עפּעס פרעמדע זענען
געקומען אין מיין הויז. רוף איך מיך אָן: ווי קענען
פרעמדע סתם אַזוי אַריין צו יענעם? — אויף אַ באַנק
(ז י י ע ר ע מסתמא! נישט געווען ביי מיר קיין באַנק)
זיצן זיי צו מיר, צו דעם בעל־טענה, מיט'ן רוקן.
זיי זיינען דען מחויב מיר צו ענטפערן? . . . כ'דערלאַנג
אַ טופּע מיט'ן פוס: ס'וועט אייך נישט אָפּגיין טרוקן —
וואָס מיינט איר זיך? ס'איז הפקר?
אָבער אָן אַ קער
זיצן זיי ווי פריער. כ'פּרואוו זיי טאָן אַ שטורך —
זיי פילן נישט. זיי אַרט נישט. ווי כ'זאָל גאָרנישט זיין בנמצא. . .
אין אַלקער גיט זיך עפּעס ווי אַ מייזל אַ וואָרף־דורך.
ניין, נישט קיין מייזל. אַ פיגור אַ דראָענדיקע וואַקסט אַפער —
און פאַוואָליע מיר אַקעגן ווי אַ כמאַרע שווימט זי.

## אלף־בית

**(פאָלקיש)**

זעסט? דאָס איז אַן אלפ'ל.
אויבן אָט דאָס פּינטעלע
איז, מיין קינד, אַ חולמ'ל.
אלף־חולם — אוי!
זאָג זשע, יאַנקעלע: אוי!

זעסט? דאָס איז אַ בית׳עלע.
נעם אַרויס דאָס פּינטעלע —
ווערט דערפון אַ ווייס׳עלע.
דאָס־דאָ איז אַ צירה׳לע.
ווייס מיט צירה׳לע — ווײַ!
זאָג זשע, יאַנקעלע: ווײַ!

ס׳דריטע איז — אַ גימעלע.
גימל צירה׳לע — גײַ.
זאָג זשע, יאַנקעלע, נאָכאַמאָל:
גימל צירה׳לע — גײַ.

אוי, ווײַ, גײַ — מע דאַרף נישט מער.
אוי, ווײַ, גײַ — און שוין!
קענסט דעם יידנ׳ס אלף־בית,
יאַנקעלע מיין קרוין.

## מחוץ די העלפטן צוויי די ספעריקע

די אַלטע וועלט, די יאוש׳דיקע, טויט־און־טרעריקע,
חלומ׳ט פון אַ וויזע קיין אַמעריקע...
און זי אַליין, אַמעריקע?
זי קאָן דאָך שוין נישט פאָרן קיין אַמעריקע...
טאָ וועלכע קאָנסולאַטן (פרעגן בענקשאַפטן באַגעריקע)
גיבן וויזעס צו אַזאַ אַמעריקע,
וואָס איז מחוץ
די העלפטן צוויי די ספעריקע?

## אַ פויגל אַ קינד

איך וואָלט געשוואוירן, אַז אָט דער פויגל
איז אַ קינד.
באַלד וועט עס, דאַכט זיך, נעמען ס׳פּיסל
און עס אַריינשטופּן אין פּיסקל,
און מיט מתיקות זויגן, זויגן,
און ס׳וועלן זיך אָנגיסן מיט גליק
די קליינע שפּיגלדיקע אויגן.

דערנאָך וועט עס האַלטן אַ מאָנאָלאָג
אויף אַ לשון, וואָס איז אינגאַנצן
געבויט אויף אייגענער פילאָלאָגיע,
ריידן און ריידן און טאָן אַ בראָק

אַ חכמה, וואָס קיינער חוץ אים פאַרשטייט נישט,
און זיך פונאַנדערלאַכן אַזוי,
אַזש דאָס הינטנדל וועט טאַנצן.

## ס'קינד אינעם דעמער

פאַרקלונגען איז אינעם מערב
דאָס רויטע געיעמער
נאָך אַ געשטאָרבענער זון.
האָרך צום מעלאָדישן דעמער!
זיי אַ פאַרנעמער
און האָרך געַנוג לאַנג,
וועט אַרויס פונעם זמר
אַ קינד — און דיר טאָן אַ דערלאַנג
זיין קליינע האַנט,
וואָס קאָן עפענען די גרעסטע טירן.

דאַרפסט נאָר לאָזן,
ס'קינד זאָל דיך פירן.

## אויב דו קוקסט אויף די שטערן און גענעצסט

לויב מיך, זאָגט גאָט, וועל איך וויסן, אַז דו האָסט מיך ליב.
שעלט מיך, וועל איך וויסן, אַז דו האָסט מיך ליב.
לויב מיך אָדער שעלט מיך,
וועל איך וויסן, אַז דו האָסט מיך ליב.

זינג אויס די גנאָדן מיינע, זאָגט גאָט.
הויב פויסטן קעגן מיר און לעסטער, זאָגט גאָט.
זינג מיינע גנאָדן אָדער לעסטער —
אויך לעסטער איז לויב, זאָגט גאָט.

נאָר אויב דו זיצסט אין דיין גלייכגילט פאַרצוימט,
אין דיין וואָס־אַרט־מיך פאַרגרענעצט, זאָגט גאָט,
אויב דו קוקסט אויף די שטערן און גענעצסט, זאָגט גאָט,
אויב דו זעסט יסורים און שטורעמסט נישט אויף,
אויב נישט דו לויבסט און נישט דו לעסטערסט,
האָב איך אומזיסט דיך געשאַפן, זאָגט גאָט.

## ס׳וואַרטן אויפ׳ן מענטש

חיה און פלאַנץ און מינעראַל
קאָנען זיך נישט דערוואַרטן.
מיט פאָרוואורף קוקן זיי אויפ׳ן מענטש,
די דריי פאַר־מענטשישע אַרטן.

טרויעריק פרעגן זיי: דער מענטש —
ווען בייט ער זיין הויט, ווען בייט ער?
ווי לאַנג דער אדם אדמ׳ט,
ווי לאַנג ער גייט נישט ווייטער,
קאָנען מיר מענטש נישט ווערן
אַזוי ווי מיר באַגערן.
ווען מענטש דערלאַנגט זיך אַ הויב
איבער דער גרויסער לייטער,
גייען מיר אויך אַ טרעפּ אַרויף —
וואָס שטייט ער?

## די וואָג פון בחירה

אין פאַרנאַכט דעם שטיקיק־וואַרעמען,
ביים אָפענעם פענצטער — אַ הינטל.
אָן אַ פינטל
פון די אויגן די קילע
קוקט עס אויף דער גאַס, וואו קינדער ליאַרעמען.
פּאַסיוו, אַלץ פּאַסיווער,
נעמט עס אויף דעם באַשאַף אין אַ גליווער
פון קאָנטעמפּלירונג.
אַ שטערן קעגנאיבער
טוט אָן זיין שימערדיקסטע צירונג:
ער וויל, דאָס הינטל זאָל דערבליקן אים,
דורך דערבליקונג געבן תיקון אים.
און ס׳הינטל זעט און שליסט אים איין
אין זיין שטומער פילאָזאָפיע פון באַשאַף
ווי אַ קליינעם דימענטענעם פּאַראַגראַף.

טוט דעם שטערן הנאה וואָס דאָס הינטל וייס אים.
דער באַשאַף וויל געוואוסט זיין, ווייל ער וואָרצלט אין ידיעה.

נאָר אָט קומט — בחירה... פון חברה קונדסים
טיילט זיך אָפּ אַ יינגל
מיט אַ פינצטערער וויע,

אַ וועלפישס, אַן אָפּגעריסנס, אַ דאַרס.
עס טונקלט זיך ס׳ייִנגל אין אַ זייטיק ווינקל,
פאַרטאָן אין זיין צער׳ס
טראַכטונג.
פון אָט דער רגע אין אַ ווינקל גאַס —
וואָס וועט אויסשפּראָצן? דעם דעמאַגאָג׳ס פאַראַכטונג?
דעם גענגסטער׳ס האַס?
דעם הייליקנ׳ס רחמנות? די פּיין פון דעם לץ?
דעם פּאָעט׳ס
געהיים וויסן?
ווער קאָן וויסן?

ס׳הינטל אין פענצטער צעבילט זיך, ווען איבער׳ן
ייִנגל׳ס קאָפּ צאַפּלען די שטערן אויף. ס׳פּיבערן
אין קאָסמישער יראה
ווייטע פּלאַנעטן:
די וואָג פון בחירה
איז איצט אין די הענט פון אַ קינד אויף מאַנהעטן.

## אַן אויטאָ ביינאַכט

ס׳איז נאַכט. דורך פעלד און פאַרעם פליט אַן אויטאָ.
די רויטע אויגן פלאַקערן פאָראויס.
ביימער טוט ער אַ באַהעל שנעל־שנעל — און אויס.
ער לאָזט זיי הינטער זיך — פאַרגאַנגענקייטן טויטע.
טויט? די ביימער וואָס ער לאָזט אַהינטער
אין ווייטע, שוואַרץ־געשפּענסטערישע רייען,
און וואָס זיין לויף פאַרוואַנדלט אין אַ צווינטער
פון ערשט־געווען־און־שוין־נישטאָ — זיי שטייען
ווי געשטאַנען, און נישט זיי פאַרגייען,
נאָר ער: ווי ס׳קורצע מענטש־לעבן פאַרשווינדט ער.

## אַ שטעטלשע חופּה

אין דער לופטן איבער׳ן שול־הויף,
ווי אַן ערשט־געבוירנס אין פרישן קישן,
ליגט אַ קינד:
דער נאָכנישט איז שוין פאַראַניק.

אַ פּלוצלינגער ווינט.
אין פּליסטערדיקער פּאַניק

צאַפּלען די שושבין־ליכט: דורות
קומען פון עלמא דקשוט*),
טראָגן באַהאַלטענע גאָבן.

אַ פעטער אַן אפיקורס
(מע האָט אים באַגראָבן
ערגעץ הינטער׳ן פלויט)
איז אויך דאָ. חידוש׳לעך
קוקט ער דורך די ברילן,
און היימיש־יידישלעך
שאָטנט זיין בערדל.

מיט בליציק געוויין
קומען צוגיין
דער מאַמע׳ס אויגן פון יענער־וועלט.
זיי טאַנצן צווישן די שושבין־ליכט
אַרום דעם טאָכטער׳ס חופּה.
זיי וויינען, זיי טאַנצן — און טאַנצן אַרויף
צום אייניקל איבער׳ן הויף.

## ווי בלעטער פאַרפוילטע

ונבל כעלה כלנו
ועווניננו כרוח ישאונו

ווען פון גאָט זע׳מיר געלאָפן צו די טויטע געטער
פאַרלוירן האָבן מיר די בחירה אויפ׳ן וועג,
און נון, ווי בלעטער, ווי פאַרפוילטע בלעטער,
געיאָגט פון ווינט
אַ טויט, אַ ווילנלאָז געיעג,
וואַרפן אונז און טראָגן אונז די זינד
אַרויף־אַראָפּ, אַ שליידער נאָך אַ שליידער.

באַלד קומט דער גורל, דער פאַרשניידער.

## וויין, כלה׳שי, וויין — לאַך, כלה׳שי, לאַך

**(פאָלקיש)**

שדכנים און בדחנים
דאַרפן מזומנים —

---

*) לייען׳ אַלמאָ דיקשויט (עולם האמת) — יענע וועלט.

ווערט דערפון אַ חתונה,
דינגען זיך מחותנים.
מחותנים דינגען זיך,
ס'לויפן זיך אָן נאַראָנים,
אַ קיטל טראָגט דער חתן —
און שרעק איז אויף זיין פּנים.
אוי, צו דער חופּה
מוז אַ מיידל גיין,
ס'איז סוף מיידל לחתונה —
וויין־זשע, כלה'שי, וויין!

ווערט מען מאַן און ווייב
הייבט מען אָן זיך קריגן
און צרות שיקט גאָט צו
ווי אין תמוז פליגן.
איז די מעשה אָבער
פאָרט נישט אַזוי ביטער,
מחמת פון דעם פּאָרל
קומט אַרויס אַ דריטער.
און אַמאָל וועט זיין
אַ מעשה גאָר אַ שיינע:
ס'וועט איינער אַזאַ דריטער
זיין משיח צדקנו.

גיט־זשע מיר אַ כוסע
און טאַקע גאָר אַ גרויסע!
גאָטעניו, האָסט צוגעזאָגט —
זיין אַן אומר־ועושה!
ס'פעלן דיר דען פּאָרלעך?
ס'פעלן נישט קיין פּאָרן.
שיק זשע אונז דעם דריטן,
דעם ליכטיקן, דעם וואָרן.
קומען זאָל ער דווקא
נאָך אין אונזערע יאָרן!
נאָך אין אונזערע יאָרן,
אין שנת כך־וכך...
כ'לעבן, ס'וואָלט געווען
גאָר אַ וואוילע זאַך.
לאַך, כלה'שי, לאַך!

## און געוויינט האָט דער חלום

און געוויינט האָט דער חלום און תפילה געטאָן:
ענטפער מיך נישט איבער צום באַשייד — איך האָס אים!
ער וויל פון מיר אַראָפּרייסן מיין כתונת־פּסים,
אַ נאַקעטן מיך שטעלן
אין זיין חוצפה'דיק־העלן,
קלאָונישן צירק־ליכט...

און פאַרנומען האָט גאָט דאָס געבעט פון דעם חלום:
ער איז נישט געוואָרן פאַרווירקליכט.

## די טיף פון זיין איינזאַמקייט

די טיף פון זיין איינזאַמקייט
קאָן גאָט נישט דערגרונטעווען.
זי האָט קיין דנאָ נישט,
וויפל ער זאָל זי נישט פּרואוון פאַרשפּונטעווען
מיט נייע און נייע,
אַלץ נייערע וועלטן.

## ליד וועגן ווייטקייטן

ווייטקייטן זיינען פאַרלאַנגען.
זיי מוזן אָן אויפהער גיין
און קאָנען צו זיך אַליין
קיינמאָל נישט דערלאַנגען.
זיי פרעגן אייביק: וואָס ווייטער? —
און גייען ווייטער.

## דער העכסטער דערהויבנקייטס ווידוי

דער העכסטער דערהויבנקייטס ווידוי:
פון דער הויכעניש מיינער אַ מידע
באַגער איך אַראָפּ אין דער נידער.
וואָס וויל ירידה? עליה!
און וואָס וויל עליה? ירידה.
גיט מיר, דער הויכקייט דער מידער,
דעם אונטן, מיין בונטן דערווידער!

---

ווידוי — לייען: ווי־דע.

## רעגן־וואונדער

**(אין די טריט פון שלמה אבן גבירול)**

בליץ, פאַרכישוף מיט דעם פלאַם
פון דיינע אויגן
די כמאַרע — און פאַרהאַלט זי! ביי דער אַם,
דער כמאַרע, וויל דער גאָרטן זויגן.

און זאָלן אויפלייכטן דעם רעגנ׳ס לאַכעדיקע טרערן,
און זאָל דאָס האַרץ, וואָס גורל שלעכטער
פייניקט עס, דאָס רעגן־וואונדער זען:
געוויין, וואָס איז געלעכטער.

## ווען עמיצער אין מיר...

ווען עמיצער אין מיר
זאָגט אי הלל, אי קדיש;
ווען העברייאיש אין מיר
און יידיש אין מיר
ווערןביידע חבדיש;
ווען מיין איך דער ענגער
גיט זיך אַ פאַרברייטער,
אַ פאַרטיף, אַ פאַרלענגער,
און האָפערדיק גייט ער
צו יענעם אָן־אַ־שיעור,
וואָס טוט אייביק געווערן, —
אין אַזעלכע מינוטן
ווערט פאַרזייט אַ שיר,
וואָס קיינער חוץ מיר
קאָן זיין טאַטע נישט ווערן.
אַ פאַרבאָרגענע זון
גיט קראַפט און קאָליר אים
און ס׳לעבן אין זיין זכות
אַלע אַנדערע שירים.

## ליד צום פּאָעט

נישט געטרוי, נישט געטרוי
דער פּאָעזיע, פּאָעט!
זי איז פרוי, אייביק פרוי,
און פאַראַט איז איר גלעט.

ערשט פון שלאָף אַז זי רעדט —
כאַפּט צומאָל זיך אַרויס
איר געהיימסטער סעקרעט,
טיפסטער אמת דער פרוי׳ס.

אויף דער וואָר, אויף דער וואַך
איז איר אמת אָן וואָג.
ליגן זאָגט דיר איר שפּראַך:
ס׳לייגן פרויען בייטאָג.

אירע רייד נישט געטרוי,
זי איז דיין און נישט דיין.
ווילסט זי האָבן, די פרוי, —
גיי און שלעפער זי איין!

## שטאָט-ביבליאָטעק ניו-יאָרק

באַגלייט פון זון און טויבן,
הויב איך מיך אַרויף אויף ברייטע טרעפּ
צו גייסטער כל־השפּראַכיקע, וואָס וואַרטן אויבן.
פון דער נידער, וואו איך שלעפּ
אַ קערפּער אַ געלאָדענעם מיט וויי,
קום איך און איך ווער אַ גייסט ווי זיי.

דעם קערפּער לאָז איך אונטן. שעה׳ן נאָכאַנאַנד
שפּוקט ער ביי די טרעפּ אין היימלאָזיקייט גרויסער,
ציטערט טאָמער ווערט אַנטפּלעקט זיין שאַנד,
זיין אָן־נשמה׳דיקער שטאַנד, בעירום ובחוסר,
און שעפּטשעט: אָט צעגיי איך... איך צעקריך, צעקריך...

ביז איך קום אַראָפּ און טו אים אָן אויף זיך.

## ליד פון דעם בעל-סוד

מיט בלומען איז אויסגעשטערנט ס׳גראָז,
די גריל־קאַפּעליעס שפּילן.
פריילעכע פלאַטערלעך טאַנצן אויס
די זוניקסטע קאַדרילן.

גאָט, דיינע קינדער פרעגן נישט
נאָך דיינע ווייטע צילן.
זיי פאָרשטן נישט ווי עס דרייען זיך
די רעדער אין דיינע מילן.

יונגע ליכטיקייט, פרישער פשט —
פֿאַרהוילן שוויגן די היילן.
די אַלטע ווינטערס ליגן טויט,
זיי וועלן גאָרנישט דערציילן.

בלויז איך פרעג קשיות אויף דעם פשט
פון געטלעכע פֿאָעמעס,
און, צו געפינען דעם באַשייד,
פֿאָרש איך סוד און רמז.

און איך ווייס, איך ווייס, אָ גאָט:
ווילסט אומשולד בלויז און גלויבן.
דיר איז נישט ניחא דער בעל־סוד,
וואָס פרואווט דעם שלייער הויבן.

נאָר בליקן, בליקן מוז איך טיף
ביז אויגן קריג איך שטאַרע,
ביז דו נעמסט און מעקסט מיך אָפּ
ווי אַ ווינט אַ כמאַרע.

## וואָס קומט דעם בוים דעם נאַקעטן צו־חלום...

וואָס קומט דעם בוים דעם נאַקעטן צו־חלום,
ווען קראָען פראַוּוען חגא און עס שמייסט
זיין לייב אַ כאָפּטע ווינטן־מנוולים?
צי ווייזט זיך אים דעם זומער׳ס שפּוקנדיקער גייסט —
און גאָרנישט מער: אַ פריער אָן אַ שפּעטער?
און אפשר פילט ער נישט די ווילדע שמיץ,
ווען ס׳ברילט איין ווינט צום אַנדערן: „פֿאַרטיליק״,
ווייל ס׳יונגע לעבן־נאָכ׳ן־שטאַרבן זעט ער,
ווייס טויטערהייט אַ קומענדיקן פרילינג?
זעט ער באַצייטנס שוין אַן ערשטן בליץ,
אַ בשורה׳דיקן פלוצלינגן באַזונער
פון וואָלקן־קברים, און נאָך אים, דעם בליץ,
הערט ער דעם מחיה־מתים׳דיקן דונער?

וואָס זעט, וואָס הערט דער בוים?...

## ליד מכוח אַ קוריאָז

„און ברויט פון אונטערגאַנג מאָלן מילן״.
עס שטייט ביי מיר אַזוי געשריבן אין אַ ליד.

נאָר מאָלן מאָלט מען מעל, נישט ברויט. ס'איז אַ קוריאָז,
אַ בפירוש'ער קוריאָז, ווי כ'בין אַ ייִד.
(די כוונה איז, פאַרשטייט זיך: ס'מאָלן מילן
אַזוינס, וואָס ווערט דערנאָך פאַרוואַנדלט אינעם ברויט
פון אונטערגאַנג). נאָר מיט'ן גוטן ווילן
האָב איך נישט געטשעפּעט דעם קוריאָז.
אָט, זאָל ער בלייבן. כאָטש — פאַרוועו, פאַרוואָס?
איז די מעשה, וואָס פאַראַן קוריאָזן — שדים:
דו מוזסט זיי עוקר־מן־השורש זיין, דו מוזסט!
נאָר פאַראַן קוריאָזן — קינדער. ס'איז אַזאַ קוריאָז
אומשולדיק ווי גראָז.
ער באַליידיקט נישט צו שטאַרק דיין גוסט
און ס'ווילט זיך דיר אפילו ווערן זיין באַשיצער:
אפשר איז עס גאָר אַ שפרונג איבער אַ פעלנדיקן מיטן,
אַ מין קיצור?
נאָר וואָס טויג די פילאָסאָפיע? ווייסט איר וואָס?
נעמט דעם ערשטן באַנד,
זוכט אויס דאָס ליד, און שטאָט די ווערטער: ברויט פון
אונטערגאַנג,
נעמט און שרייבט אַריין מיט אייער האַנט:
טויט און אונטערגאַנג.
אַי, ס'איז וויי ניקער אימאַזש? ס'איז סתם זיך זאָגיק?
איז מילא, לאָמיר פרואוון טאָן דעם ווילן
פון דער קלוגער נודניצע, דער לאָגיק.
גערעכט איז זי דורכאויס בשעת זי גיט אַ מעלד:
מילן מאָלן נישט קיין ברויט; ס'איז שלעכטע מעטאַפאָריק!
די צרה: זי איז אויך נישט גורס האַמלעט'ס שפּראַך איבער אַ
יאָריק
און נישט ס'לשון פון אַ ייִד איבער'ן שאַרבן פון אַ וועלט.

## ווען ס'טוט די יוגנט ווידער וויי

די ווערטער — פשוט און אַלטמאָדיש,
אַלטמאָדיש און סענטימענטאַל,
נאָר פון אַן איידעלן מעטאַל,
אינטים און טרויעריק־מעלאָדיש:

„אַ האַרבסט־פאַרנאַכט. דער הימל — לויטער,
דאָס וועלדל — נאַקעט, שטיל, פאַרוויסט.
אַ שטיקל בלעטל זוכט אומזיסט
דאָס אויג דיינס אויף אַ צווייג אַ טויטער.

די בלעטער ליגן אָן באַוועג.
זיי שלאָפן אויף דער ערד אָן תקומה,
פונקט ווי אין האַרצן שלאָפט אַ שטומע
די טויטע ריי פון ווייטע טעג״.

וואָס איז פאַראַן אין אָט די פערזן?
וואָס ריידן זיי צו מיר? אין זיי
קאָן איך מיין יוגנט'ס ווייטע טרער זען,
ווען שפּעט שוין, נאָענט צום פאַרגיי,
טוט מיר די יוגנט ווידער וויי.

## אַ כמאַרעלע

אַ כמאַרעלע אין הימל'ס בלויען קיילעכיקן שאַרבן —
אַ סך־הכל'דיקער איינציקער געדאַנק.
דאָס האָט געטאָן אַ בליק, געטאָן אַ בלאַנק,
און איז אַוועקגעפאָרן שטאַרבן.

איצט לייכט דער בלויער שאַרבן טיף און פּוסט.
וואָלט באַצייטנס יענער רעיון נישט צעפליסן,
וואָלט די ערד געלייענט אים און זיך דערוואוסט
וואָס זי קאָן נישט וויסן.

די ערד די אָנגעהיצטע ליגט פאַרשלאַפט.
אַ פראַגע הערט נישט אויף אין איר צו יוירן:
ווער קאָן מיר זאָגן, וואָס איך האָב פאַרגאַפט
און וואָס איך האָב פאַרלוירן?

## ליד פון דער מיל

זינג זיי און גראַם זיי
ס'ליד פון דער מיל.
באַנאַל איז און אייביק
ס'ליד פון דער מיל.
גיי, גראַם זיי גראַמען
אַלט ווי די וועלט:
גראַם טויט מיט ברויט

און וועלט מיט פעלד.
גראַס: ווי מען רוימט
אַראָפּ גאַרבן פון פעלד,
אַזוי נעמט מען לייבער
אַוועק פון דער וועלט.
דרעשט מען די לייבער
און נאָכ׳ן דרעש
פאַרבלייבן קערנער,
פאַרבלייבט אַ יש.
מיט דעם ווערן פורן
פול געפּאַקט,
פירט זיי, די פורן,
אַ ברייטער טראַקט
אַהין, צו דער אייביקער
מיל פון טויט.
מאָלט עס, צעמאָלט עס
די מיל פון טויט,
די אייביקע מיל,
וואָס שטייט קיינמאָל נישט שטיל.
דערנאָך ווערט געמאַכט
פון דעם אַלעמען ברויט,
נעמט מען דאָס ברויט
און מען פירט עס אַרויף:
מאַכן מלאָכים
אַ ברכה דאַרויף.

## ווייטע שליטנס

### אויף אַ מאָטיוו*)

נאַכטיק קאַלטע העלקייט.
ווייסער ווייטער פליין.

---

*) פאַראַן ביים רוסישן ליריקער א. פ ע ט (1820־1892) אַ קורץ ווינטער־נאַכט־ליד, אַכט־שורה׳דיק, צוויי־סטראָפּיק. אָט איז דער מקור, וואָרט ביי וואָרט איבערגעזעצט: „וואונדער־בילד, ווי אייגן ביסטו מיין געמיט! אַ פליין אַ ווייסער, אַ פולע לבנה. ליכט פון הימלען הויכע, און גלאַנציקער שניי, און פון שליטנס ווייטע דער איינזאַמער לויף״. פון די אַכט שורות זיינען די ערשטע זעקס באַנאַל. די לעצטע צוויי שורות, וואָס האָבן צו מיר אַפּעלירט, האָב איך באַשלאָסן אויפצעוויקלען און אַרויסצו׳בולט׳ן. דער רעזולטאַט: געענדערט די סטרוקטור פון די סטראָפן, איבערגעאַרבעט די ווערטער און צוגעשריבן אַ דריטע סטראָפע — אַ נייע.

העלער מאַכט די העלקייט
דער לבנה׳ס פולקייט,
רואיקע געשטעלטקייט,
הויכער איין־אַליין.

שניי־פרישקייט! אור־אורע
פרישקייט פון באַשאַף!
שניי־פרישקייט ווי פורע,
פלאַטערדיקע בשורה!
כ׳הער פון ווייטע שליטנס
ס׳איינזאַמע געלאַף.

ווי נשמות וואָלטן
ערגעצוואו אַרויס
פון דעם צוים פון גופן —
און געלאָזט זיך לויפן;
לויפן צו די וועלטן,
זוכן זייער שויס.

## דער פּאָעט זאָגט

כ׳בין נישט געקומען
מיט אייך זיך דינגען —
בין נאָר געקומען
ס׳מייניקע זינגען.
כ׳בין נישט געקומען
אייך צו געפעלן:
מיין שאָטן פאַלט נאָר
אויף אייערע שוועלן.
איר קאָנט אין מיר הערן
העט־ווייטע שטימען,
און זינג איך אָפּ —
אַזוי טו איך פאַרשווימען.
פאַרביי די ברעגעס
פון אייער נאַכט
שווימט זי, פאַרשווימט זי,
מיין ווייסע יאַכט.

## אַן אַלטער יענקי

גוד מאָרנינג! — מאַכט דער אַלטער, דריקט מיין האַנט,
קוקט מיר אין די אויגן, כאָטש איך קען אים נישט אינגאַנצן,
פּיפּקעט נחת'דיק און גייט זיין וועג. אין מיר
הייבט עפּעס אָן צו גלאַנצן.

ס'האָט נישט אומזיסט געלעבט דער אַלטער יענקי.
ער פאַרשטייט.
גאָט'ס רינגען אין איין שטראַלנדיקער קייט
זיינען חיות, מינעראַלן, פלאַנצן, —
היינט ווי נאָך מענטשן! אומבאַקאַנטערהייט
איז איין מענטש דעם צווייטן וואויל באַקאַנט.
אַזוי איז עס געוואָלט, אַזוי געפלאַנט.

## צפון-ליכטער

הינטער אַ פאָרהאַנג אַ טונקל ווייסן
קומט פאָר אַ פאָרשטעל. די אַקטיאָרן
לויפן שטייענדיקערהייט.
ס'איז גאָרנישט געווען און גאָרנישט געוואָרן.

וואָס געשעט געשעט נישט. יאָען
איינען זיך מיט ניינען.
ליכטער פינצטערן העלקייט,
געלעכטערן־אויס געוויינען.
צעגערדיקע שנעלקייט.
פאַרשלייערטע התגלות.
אויראָראַ באָרעאַלים.

## האַמלעט

פון מיר, גאָט'ס צעבראָכן געשיר,
גייסט פון מיין פאָטער, קיין מעשים נישט מאָן.
קוק מיך אָן:
איך שטיי ביי אַ שאַרבן און פילאָזאָפיר.
ווען ווייט אַרום מיר
פאַלן וועלטן און שרייען —
וואָס טו איך? כ'דעקלאַמיר
טיפזיניקע ריידערייען.

משוגע־קראַנק,
דער קאָפּ באַנדאַזשירט מיט נאַסע טיכער,
אַזוי האָט די וועלט זיך געוויזן צו מיר
און געגעבן מיר ביכער.

ביכער, ביכער, ביכער.
זיי האָבן אַזוי מיך צעמישט,
אַז כ'ווייס נישט אויף זיכער:
בין איך דאָ, צי נישט?

זיין אָדער נישט־זיין? איז דאָס זיין אַ זיין?
וואָס איז דאָס זיין און וואָס מאַכט מען דערמיט?
וואָס קאָן דאָס זיין,
וואָס איך, האַמלעט, דריי זיך אַרום אינדערמיט?
און ווער איז הבל? און וואָס איז קין?
און וואו איז די בריק צווישן איך און דו?

און וועלטן פאַלן, וועלטן בעטן, וועלטן שרייען:
טו!

1936

## קעניג ליר צום באַשעפער

אַז דו ביזט רייך און קעניגליך, ווי איך,
האָב איך אין מיין קעניגשאַפט געדאַכט.
אַז דו האָסט מאַכט,
האָב איך אין מיין מאַכטיקייט געטראַכט.
נאָר איצט, אין אָט דער שטורעמדיקער נאַכט,
ווען איך שטיי פאַר דיר צע'טענה'ט,
גאַפסטו דורך די אויגן פון אַ לץ
און בליצסט אויף מיר פאַרפייניקט.
פרעגסט צוגלייך מיט מיר,
דעם מלך ליר.

די וועלטן, דיינע טעכטער,
וואַרפן דיך אַרויס הינטער דער טיר,
און עלנט שטייסטו, אַ פאַרשוועכטער,
ווי איך, ווי ליר.
ווער וועט אַריינלאָזן? ווער דאַרף דיין קומען?
קלאַפּסט אָן צום מענטש —
פאַרנומען!
דאָ דאַרף ער ציילן ס'ביסעלע מזומן,

דאָ זינדיקן מיט ווייבער, דאָ פאַרברענגען צווישן לייט,
און אָט גאָר דאַרף ער הרג'ענען אַ ברודער —
נישטאָ פאַר דיר, הער גאָט, קיין צייט.
נישטאָ קיין צייט.

פלוצלינג, ווי איך שטיי אַזוי און טענ'ע,
דערזע איך, אַז מיין טענה איז אויך דיינע.
פרעגסט צוגלייך מיט מיר,
דעם מלך ליר.

וואַרשע, 1936

## מיט זיי

כ'בין איינער אַליין.
אינגאַנצן אַליין.
כ'האָב נישט צו וועמען צו גיין,
מיט וועמען צו ריידן.

לאָמיך גיין מיט אַ וויזיט
צו זיך אַליין.
אין זיך אַליין
וועל איך טרעפן מיין זיידן,
טרעפן אַלע זיידעס
ביז אדם, ביז חוה,
ביז גן־עדן.

מיט ז י י וועל איך פאַרברענגען.
מיט ז י י וועל איך ריידן.

## דער פאַרשרייבער

ווען כ'גיי אַרויס פון שטוב קומט אָן אַ הער
און נעמט די שטוב אויף אַ פאַרהער.
אַ שטול דערציילט און עדות זאָגט אַ קישן.

אַ בוך נעמט מישן
די בלעטער זיינע, טייטלענדיק: אָט דאָס —
פון דאַנען ביז אַהער —
האָט ער נעכטן פאַר'ן שלאָפנגיין געלייענט.

יענער שרייבט. פאַרצייכנט ווערט מיין יעדער קער.

כ׳דאַנק אייך, קינדער, — זאָגט דער שטילער הער.
ער נעמט אונטער׳ן אָרעם דעם פּאָרטפעל
און לאָזט זיך אויף שפּיץ פינגער צו דער שוועל.

צומאָרגנס קומט ער ווידער, אָט דער בעלן
אויף כל׳ערליי דעטאַלן.
„קינדער, — זאָגט ער. — נו,
דערציילט! וואָס ווייסט איר?״
ווער, אַ שטייגער, האָט־אים
געשיקט — און וועמען שטעלט ער צו
די אַלע פּרטים?...

## פּאַריזער נאַכט

די דאַמע לויפט, איר הינטל לויפט,
דער הער לויפט־נאָך נאָך ביידן.
עס לויפט דער טויט, דאָס לעבן לויפט —
(ווער ועט דעם טרוים באַשיידן?).

די דאַמע לויפט, איר הינטל לויפט,
די הערן און די הורן.
עס לויפט דער טויט, דאָס לעבן לויפט —
(צי בלייבן ערגעץ שפּורן?).

אויף פּלאַס דע לאַ קאָנקאָרד,
דאָרט, וואו די נאַכט די שטאָלצע טאָגט,
בלייבט איינער שטיין ביי שטומער וואַנט,
הויבט־אויף אַ האַנט,
הויבט־אויף און זאָגט
אַ תּפילה׳דיק שטיל וואָרט:
גאָט, ראַטעווע פּאַריז.

ער איז
פון די נסתּרים (די פּאַרזייער
פון געבעטן), וואָס אין זייער
זכות דעם שטילן לעבן שטעט.

וואָלקנס הערן וואָס ער רעדט.

## דאַוונט צו מיר עפּעס

דאַוונט צו מיר עפּעס, ציטערט אין געבעט:
„כ׳וואַרף מיך אין דער פינצטער, צאַפּל אויף דיין שוועל
מעשה מאַריאָנעט.
גיב מיך אַ באַהעל!
ווען דיין אויג דערבליקט מיך, ווען דיין אויג דערזעט,
קריג איך אַ געשטעל,
האָב איך אַ באַשטאַנד.
הינטער מיר — אַ האַנט. שלעפּט צוריק די האַנט!
בעט איך דיך: דערבליק,
צי מיך צו צו זיך — כ׳וויל נישט גיין צוריק.
גיב מיך, גיב אַ רוק, פון דער שוועל אַ רוק —
ס׳ווענדט זיך אַלץ אין דיר — ס׳ווענדט זיך אין דיין קוק.
גיב מיך אַ קוק־אָן, גיב מיך אַ באַהעל —
נעם אַוועק די שוועל!״

## אַזאַ איז מיין אמונה

איך בין אַ מאמין און איך ווייס: ס׳איז דאָ אַ בורא.
עס דרייט זיך אַרום אים מיין תפילה׳ס האָפענונג, די פרייד
פון מיין עקסטאַז, מיין עלנט׳ס מרה־שחורה.
און כ׳בין צוגלייך אַן אפּיקורס פון די אפּיקורסים,
וואָס האָבן אויף אים טויזנט האַרבע קשיות.
ער קאָן נישט פיינט האָבן אַזעלכע אפּיקורסים.
ער דאַרף נישט רואיקע מר־בר־רב־אשי׳ס
און פיינט האָט ער די חניפה׳שע משרתים.

## פלאַטערלאַך: אַ וואַריאַנט

אין אַ טאָג פון שווערן כמאַריקן בליי,
אין דער מיט פון בית־עולמ׳שער שטומעריי,
בין איך געשטאַנען מיט אַ האַרץ פון בליי,
פול מיט אַלצאיינס און מיט נישט־כדאי.
זע איך: פון צווישן מצבות דערביי
פליען פלוצטאַלבן אָן פלאַטערלאַך דריי,
שפּילן אין יאָגעלעך, שטיפן פאַרביי
איינס נאָכ׳ן אַנדערן — ברידערלעך דריי.

אין בלייאיקן האַרץ איז געוואָרן מאַי,
ווען מיין אויג האָט באַגלייט יענע פריילעכע דריי,

וואָס האָבן אַוועקגעטאַנצט העט אין דער פריי,
וואָס האָבן פאַרבייגעגלאַנצט איינס־צוויי־דריי,
נשמה׳לעך דריי.

## איינשטיל

כגמול עלי נפשי (תהלים)

כ׳האָב איינגעשטילט, האָב איינגעשטילט מיין זעל.
שטיל איז זי און העל,
ווי פון שטורעמס וואָלט זי קיינמאָל נישט געוואוסט.
אַ קינד אַן ערשט־אַנטוואוינטס איז מיר מיין זעל.
קיין גרויסקייטן באַגער איך נישט. קיין גוסט
נישטאָ פאַר פאַרביקייטן און פאַרשטעל.
נישט גאווה און נישט גלוסט.
ס׳קומט נישט צו קיין תאווה צו מיין שוועל.
ווייט דער וועלט׳ס געבריל.
בלויז העל. בלויז העל.
בלויז שטיל.

## רזא ד׳כעלעם

זאָגט דער שטן:
גאָט טוט גאָטן
מ ע ר ווי אומעטום — אין כעלעם,
ווייל זיין חכמה
זוניקט דאָרט אין גרעסטן העלם*).
ער באַפעלט מיר, כ׳זאָל פאַרשטעלן
אים אין כעלעם —
און כ׳פאַרשטעל אים.

## נאָך פון דעם צפון־ליכט

צפון־ליכט, ווי גייסטער
גייסטו אויף אַסטראַליש.
דיינע קאַלטע שטראַלונגען
וויברירן מוזיקאַליש.
אַ געפּלעפּטער הער איך
דיינע שטומע שאַלונגען,
אויראַראַ באָרעאַליס.

1950

*) העלם (העליים, העלעם) — פאַרבאָרגעניש.

## כי אתה עמדי

וואָרט פון תהלים,
געפּאַנצערט אין קראַפט!
בינד אים, שטיל אים,
מיין דולן וויי.

גם כי אלך — אויך ווען איך גיי,
בגיא צלמוות — אין טאָל צלמוות,
ווער איך געטרייסט,
ווען איך זע ווי דו גייסט
מיט מיר צוזאַמען, גאָט פון די אבות,
און דו טיילסט מיין קלעם,
און מיר ראַנגלען זיך ביידע מיט׳ן סמך־מם.

## דער סוד

צו נביאים אַנטפּלעקט זיך דער סוד!
ניש טאָ קיין נביאים —
איז דאָ דער חכם פון דור.
גיט אַ ברי אים
דער סוד . . .

און איז אויך קיין חכם נישטאָ — קומט אַ חלום.
אַ מענטש דרימלט איין — רוימט איין מיטאַמאָל אים
אַ חלום
דעם סוד.

און איז עס אַ דור אָן חלומות אפילו —
ווערט געשיקט דורך אַ סטאַיע
פון הייליקע פליער,
פון צפּרי־שמיא,
דער סוד.

אַזוי זאָגט דער זוהר.
נאָר איצט איז אַ צייט
אָן נביא, אָן חכם, אָן חלום, אָן מלאכ׳שע פייגל, —
איז דער סוד אין די גאַסן אַרונטער . . . ער גייט און ער שרייט,
דער סוד שרייט —
נאָר ס׳הערן נישט לייט.
אַזאַ איז די תקופה!
איז נישט דאָס גופא
אַ סוד? . . .

## פאַר זון-אַנטפּלעק

אויף זון־אַנטפּלעקונג וואַרטן מחנות ביימער,
באַפרייט פון נאַכט'ס מצרים, פון איר גושן.
וואַרטן אָן אַ ריר, פאַרהאַלטנדיק דעם אָטעם,
ווי אַמאָל האָבן געוואַרט ביי סיני'ס פוס די שבטים
אויף דער התגלות, אָנגעזאָגט דורך משה'ן.

## פליוס אַלע אַלצן

איינס איז גלייך איינס
ווי „אַ" גלייך „אַ".
אַזוי פּסק'נט די לאָגיק.
איז די מעשה אַזאַ:
כ'האָב מיך איבערגעצייגט,
אַז די לאָגיק לייגט.

כ'בין ביים וואַסער געזעסן, איז ס'וואַסער געווען:
וואַסער פליוס ביימער איבערגעקערטע,
פליוס הימלען ווי בלויע, ווי ליידיקע סטעפּעס.
דערנאָך איז געוואָרן
וואַסער פליוס זון וואָס פאַרגייט,
פליוס פרייד,
פליוס עפּעס,
וואָס איז געווען אַזוי אַלציק און שיין,
אַז ס'האָט נישט געלאָזט זיך באַנאָמענען. ניין.

כ'האָב בשעת מעשה געוואוסט:
מיין איך איז נישט איך בלויז — מיין איך איז באַפליוסט
מיט אַלע ער'ס, אַלע דו'ס,
אַלע זיי'ען.
אַן איך בין איך — פליוס
דעם אויסבויג פון איר היפּט, דעם געשטעל פון איר פוס.
אַן איך בין איך — פליוס
אַ בוך וואָס איך לייען,
פליוס יאָרן וואָס קומען און גייען,
פליוס אַלע די מאַסקעס, וואָס כ'טראָג
בייטאָג,
פליוס אַלע מקומות,
וואו כ'וואָגל ביינאַכט אין חלומות,
פליוס אַלץ וואָס איך וויל און פאַרהאָף,
פליוס אַלע אַלצן — אָן אָפּשטעל, אָן תיו.

איינס גלייך איינס? שטות.
איינס איז תמיד — איינס פּליוס:
איינס פּליוס אָן סוף.

וואַרשע, 1936

## די מעווע

ס'באַפעלט די נאַכט זיך גופא: יהי אור!
שווימט פון די אָפּגרונטן אַפויר
אַ זון־שיפל אַ קיילעכיקס, מיט גאָלד באַלאָדן.
פּלאַטערט נידעריק ביים ברעג אַ מעווע.
בהשכמה גייט אַ פרוי זיך באָדן.

הימל־אַרויף שווימט דאָס רויטע זון־שיפל. סע ווייסט זיך
דער גוף דער פרוי'ס אין גרינעם ים. די מעווע רייסט זיך
צו דער זון צו, פליגלט, זעגלט ווייס.
און אָט פאַלט נידעריק אַראָפּ די מעווע,
און ווידער זעגלט זי אַרויפצוצו (מיין גייסט
האָט די זעלבע טבע).

און איך, דער ים, די זון, די פרוי, די מעווע —
פאַרגיין וועט ס'גאַנצע בילד און פאָרט נישט וויסן פון פאַרגיי.
עס בלייבט אין יענעם בלייב־לאַנד, וואו עס פרייט זיך אַ געפריי
יעדער א ו ר י ה , וואָס געפינט דאָרט ווידער זיין ב ת ־ ש ב ע .

## ARS POETICA

ס'איז אַ ייד אַרויס אויף אַ באַטאַליע,
זיך אַ וואָרף געטאָן אויף מיר און אויף מיין שיר
אַזש פון אויסטראַליע.
איך האָב געלאַכט.

ס'האָט אַ נישט־פאַרגינער אַ ניו יאָרקישער געפּרואווט
אַ הויב־טאָן אויף מיין ליד אַ האַק,
איז די האַק געבליבן הענגען אין דער לופט.
איך האָב געלאַכט.

נאָר איינמאָל איז אַ ליד צו מיר געקומען
און געזאָגט: „האָסט מיך געמאַכט
ווי דו ביזט בכוח, מיך געמייסטערט און געשליפן,
און דער סוף — איך בין אַ טראָפּן בלויז פון יענע טיפן,

וואָס האָבן מיך צו דיר געבראַכט.
ס'איז נישט דיין שולד: אַקעגן יענע טיפן
וואָס זיינען בילדער און באַגריפן?
נאָר ס'איז נ י ש ט דאָס זעלבע, וואָס דו האָסט געמיינט" — —

איך האָב געוויינט.

## פון עקספּרעס־צוג אַרויס

וואָלקנס סוף־ווינטערדיק־צעווירענע
מיט צעווינטיקטע צויטן.
וואַלד־היגלען האַלב נאָך פאַרפרוירענע.
קאָלירטע וועש
אויף פלויטן.
טיף
פאַרטראַכט שטייט פאַזע פעלד
אַן אויסגעדינטער לאָקאָמאָטיוו:
ס'איז דאָרט אַמאָל אַ באַן־ליניע געלאָפן.
אַלטע פראַכט־וואַגאָנען, מעשה אויסגעשפּאַנטע פערד,
שלאָפן.
איבער פאַרעם־הייזער, צווישן הימל און דער ערד,
גענעצן רויכעס.
דער צוג בלויז מאַכט דאָ אָן אַ סומאַטאָכע,
יאָגט מיט דולע כוחות.
אַלץ קומט און אַלץ פאַרשווינדט.
געשווינד, געשווינד, געשווינד.
צי ווייזט דער צוג זיי מ י ר,
כ'זאָל פרעגן: וואָס איז וועלט?
צי ווייזט ער מ י ך,
זיי זאָלן פרעגן: וואָס איז מענטש?

ער טראָגט זיך אַזוי גיך,
אַז צווישן דעם באַגעגן און געזעגן
באַווייזט מען קוים
צו פרעגן.

אויפ'ן וועג קיין באָסטאָן, 1947

## צווישן צייטן

מאַי. אַ פאַרק. און פריילעך איז די גרינשאַפט
פון ביימער. יונגע ווייבלעך, הוידלקעס און קינדשאַפט.
וועגעלעך. ס'פליט אויף אַ בייסיקל אַ נעגערל.

זילבערט ס׳בייסיקל. אַ הינטל פרייט זיך, הויבט דאָס עקל.
אַ געל־פּנים׳דיקער זקן אין אַן אָפּגעטראָגן רעקל
קוקט אַריין אין „טיימס". מיט פּיס פּאַרלייגטע זיצט ער,
כאַפּט דורכ׳ן פּאַרגרעסער־גלאָז אַ נייס
און ס׳דאַכט זיך אים: ער לעבט נאָך אינעם א י צ ט ע ר.
איינזאַם זיצט אַן אַלטע שטילע דאַמע
אין שוואַרצן, ווייס־באַהענטשקעט, אַ באַברילטע;
שמייכלט צו דער צוקונפט — צו די קינדער די צעשפּילטע,
און צום עבר צו דעם ווייטן —
אירע יאָרן די פּאַרשפּילטע,
וואָס קיינער קאָן זיי שוין נישט בייטן.
ס׳הענגט איר שמייכל צווישן צייטן.

## ביז מענטש ועט דעם הימל געפינען

צום אָנדענק פון מיין פאָטער ז״ל

און ווען ס׳איז דער נביא פון מענטשן געלאָפן
אַזוי האָט ער מחנות מיט גייסטער געטראָפן.
זיי האָבן אין שטיל פון באַגינען
געזונגען: „מיר קומען דיר דינען.

פאַריאָגט האָט דער מענטש דיך פון זיינע געצעלטן,
נאָר מיר, וואָס מיר קומען פון אַנדערע וועלטן,
מיר וועלן דיר דינען, מיר־וועלן
באַהעלן מיט זון דיינע שוועלן".

און ס׳ענטפערט דער נביא: „מיין וואונד וויל זיין בראַנדיק,
כ׳מוז לויפן און קומען צוריק — נאָכאַנאַנדיק;
מיין טרער און מיין בלוט מוזן רינען,
ביז מענטש וועט דעם הימל געפינען".

## מיט אַ געוויש ווי פון וועלדער אין רעגן

מיט אַ גערויש ווי פון וועלדער אין רעגן
לויפן אויף נאַכטיקע וועגן
אויטאָמאָבילן.

וואַך ליג איך און האָרך.
די נאַכט
וויל זיך נישט שטילן.

וואוהין
צילן די צילן?
וואָס וויל
דער ווילן?

וואָס ווילן
דער ווילן, די תאוות וואָסברילן,
די וועגן, די צילן,
די אויטאָמאָבילן?

## שמועס מיט'ן שפיגל

### א) וואָס דער שפיגל זאָגט

ווילסטו וויסן ווי אַזוי דיין נשמה זעט אויס?
אויף זיך אַ קוק־טאָן דאַרפסטו בלויז.
זוך נישט אין וועלטן דריי הונדערט און צען:
גיי צו צום שפיגל — וועסטו זען.
דער שורש אירער איז גאָט־ווייסט־וואו;
אָבער איר אָנבליק — דאָס ביסט דו.

### ב) וואָס איך זאָג

אַ פרעמד פּוסט פּנים
ווייזסטו מיר, שפיגל,
און פסק'נסט: דאָס ביסטו
אינגאַנצן — מער גאָרנישט.

וואָס איז מענטש?
ער איז יעקב'ס לייטער.
און דו וואָס ביסטו?
גלאַנציקער גאָרנישט.

וואָס ווייזסטו מיר? מיסט.
פּשוט אַ מיגל.
וואָס וויים אַ קאָפּיסטו?
וואָס קאָן וויסן אַ שפיגל?

---

באַמערקונג: מיגל = עקל.

## איבער אַלע באַרג־שפּיצן

**(געטע)**

איבער אַלע באַרג־שפּיצן
איז מנוחה.
די בוים־שפּיצן
גיט נישט קיין ווינטל אַ טשוכע.
פייגעלעך שוויגן אין וואַלד אָן אַ ריר.
וואַרט נאָר אַביסל —
קומט רו אויך אויף דיר.

## געמעל

אַ פּאַלמע'ס קאָפּ
אַרויפגעשטעקט אויף אַ פּוס אַ לאַנגן
ווי אויף אַ פּיקע.

אין אָוונטיקער שתיקה —
דאָס געטליע
פון דער שקיעה.

ס'הענגט אַ וואָלקן אויף אַ תליה.

## ס'געשפּענסטיקט

טרויעריק, טרויעריק, טרויערדיק.
מאָנאָטאָן, מאָנאָטאָן, מאָנאָטאָן.
אַ רעגן, קאַלט און דויערדיק,
פון פרימאָרגן אָן, פון פרימאָרגן אָן.

אַ גייסט אַ טונקעלער, לויערדיק,
קוקט פון דער זייט מיך אָן.
וואָס עפּנט זיך פינסטער־טרויערדיק?
עס הייבט זיך אָן, עס הייבט זיך אָן.

איך ווער מיט עפּעס צונויפגעמישט.
ס'געשפּענסטיקט אַ געוועב.
וואָס דאָס איז — דאָס ווייס איך נישט,
ווי כ'ווייס נישט צי איך לעב.

## ס'איז אויסטערליש געווען דער וועג...

**(פראַגמענט פון ביאַליק'ס „יתמות")**

ס'איז אויסטערליש געווען דער וועג פון מיינע טעג,
צווישן לויטערקייט און טומאה האָט זיך געפלאָנטערט זייער
גאַנג.
ס'איז דערהויבנס מיט'ן פנים אין בלאָטע געקראָכן,
הייליקס — זיך געוואַלגערט אין שמוץ פון אינדערוואָכן.
אין אַ הייל פון חזיר־מענטשן, אין דער טומאה פון אַ
שענקשטוב,
אין אָנגערויכערטקייט אין נעפּלדיקער, עקלדיקער,
הינטער פעסלעך בראָנפן, איבער אַ געל־בלעטערדיקן ספר
האָט זיך מיין טאַטנ'ס קאָפּ צו מיר געוויזן קינדווייז,
אַ שאַרבן פון אַ קדוש אַ געפּייניקטן,
ווי אָפּגעשניטן פון די אַקסלען אין אַ רויך־וואָלקן שווימענדיק,
אַ פנים קראַנק פון קלעמעניש און אויגן, וואָס בלוטיקן.
כ'בין צווישן זיינע קני געשטאַנען שווייגעדיק,
די בליקן אָן די ליפּן זיינע הענגענדיק.
אַרום האָבן באַזויפענע געברומט, געוואַלגערט זיך אין מייקעכץ.
טרייפענע פרצופים כאַמישע און אַ שטראָם געמיינע ווערטער,
אַזש ווענט האָבן פאַרקרימט זיך, הערנדיק,
און פאַר חרפה האָבן זייער מראה געביטן די פענצטער.
בלויז שטיל אין אויער מיר,
דעם נישט צושאַנד־געוואָרענעם אויער פון אַ קינד,
האָט געטריפט געשעפּטש פון לעפצן לויטערע,
מורמל פון געבעט און רייד פון לעבעדיקן גאָט.

## אַ שטערן אויף דער ערד

**(אַ מאָטיוו פון שלמה אבן גבירול, וואַריאירט און איבערגעאַרבעט)**

אַ שטערן אויף דער ע ר ד? וואָס קאָן אים טויגן
די ערד! און דאָך — איר מעגט די מעשה הערן.
ווען חלום האָט באַזונפּטיקט מיינע אויגן
האָב איך ביי מיר אין האַנט דערזען אַ שטערן.
ווי אַ ברילִיאַנט האָט ער געצאַפּלט פריידיק.
מיין האַנט האָט אַ באַגליקטע אים געוואויגן.
נישט לאַנג! עס איז מיין האַנט געבליבן ליידיק,
ווייל איידער וואָס־און־ווען איז ער פאַרפלויגן.
איך האָב זיך אויפגעכאַפּט פאַרשעמט, באַליידיקט.

נאָך וואָס איז ער געקומען? מיך צו נאַרן?
נאָר באַלד איז אַלץ געוואָרן מיר באַשיידיק.
דערשפּירט: זיין אָפּגלאַנץ לעבט אין מיינע צער'ן
און טרייסט מיין האַרצ'ס באַדרענגעניש אָן־ריידיק.

## שוין און נאָך

דער קלעזמער פרילינג שפּילט, עס טאַנצן זיינע זונען שוין.
אין בלאָטע פריילעך־שוואַרצער איז דער שניי צערונען שוין.
די וועלט האָט גאָט, גאָט האָט די וועלט געפונען שוין.

נאָר קיל זיינען נאָך אָוונטן, געדענקען נאָך
געוויין פון שטורעמס, זיינען בלייך און קרענקען נאָך.
זיי קאָנען גאָט די אַלטע פּיין נישט שענקען נאָך.

דער קלעזמער פרילינג שפּילט. עס טאַנצן זיינע זונען שוין.
אין בלאָטע פריילעך־שוואַרצער איז דער שניי צערונען שוין.
נאָר קיל זיינען נאָך אָוונטן. זיי זיינען בלייך און קרענקען נאָך.

די טעג פאַרגעסן שוין — די אָוונטן געדענקען נאָך.

## דעם קלאַנג'ס צוריקגאַנג

אויף דער וועלט פון ציין־געקריץ און לעסטער
האָט פאַרבלאָנדזשעט אַ קלאַנג
פון אַ ווייטן אָרקעסטער.
נאָר ס'ווערט קירצער דער וועג אויף צוריק,
צום פאַרהוילענעם צענטער,
און דעם ווייטן אָרקעסטער'ס מוזיק
ווערט אַלץ נענטער.
נישט לאַנג —
און פון דער ערד דער פאַרפעסטער
גייסטו, פאַרבלאָנקעטער קלאַנג,
צוריק צום אָרקעסטער.

## שקיעה איבער'ן האָדסאָן

ווי שטערן צינדט אָן ערשטע פייערן
ניו־דזשוירזי'ס וואַלדיקער ברעג.
דער האָדסאָן שאָקלט די פייערן,

דער האָדסאָן קוילערט די וואַסערן
צום מערב, וואָס הענגט אַרונטער
ווי דער גאָלדענער פּאַווע'ס עק.

פון ריווערסאַיד קוקט ניו־דזשוירזי־צו
אַ טויטער גענעראַל.
טויט רייט ער אויף זיין גבורה־פערד,
און ס'פּאַלט אויף דעם גרינלעכן גבורה־פערד —
ווי שפּאָט איבער ערדישע שלאַכטן —
דער שקיעה'ס אַ שיפּער שטראַל.

וואַלד — ווי אַ וואַנט, און פון וואַנט אַראָפּ —
אַ רויט רעקלאַמע־וואָרט: פ אָ ר ד.
די וואָלקנס די פּריש פּורפּוריקע,
אין די הימלען די אור־אוריקע,
אויך זיי — זיי זאָגן אַ וואָרט.

נאָר קיינער הערט נישט דאָס וואָרט.

## היימגאַנג

אַ שטויב אויפ'ן וועג:
אַהיים גייט די סטאַדע.

אַ פויגל וויינט:
ער איז זיך מתוודה.

דאָס האַרץ וויל רוען
דאָס נע־ונד'ע.

ס'וועט ווערן אויס אפשר,
ס'וועט אַלץ זיין אַ ו ו ד א י.

## די מעשה מיט טרייטלען

און ווען ס'איז פון יאַריד צוריקגעפאָרן טרייטל
האָט ער אין בויד צעוויינט זיך ווי אַ קינד.
ער איז אַהיימגעפאָרן מיט אַ ליידיק בייטל:
האָט רויך גע'מסחר'ט, גאָרניטשאַפּט פאַרדינט.

און ס'האָט גענומען איינ'טענה'ן מיט אים דאָס בייטל:
וואָס האָסטו דאָ אַריינגעלייגט, דו נאַר?
ווערליק דער סחורה זיינען די פאַרדינסטן, טרייטל.
דער חשבון שטימט און ס'איז אומזיסט דיין צער.

אוודאי שטימט דער חשבון, — ענטפערט טרייטל, —
נאָר נאָך וואָס בין איך געווען אויפ'ן יאַריד?
און, האַלטנדיק אין האַנט דאָס פּוסטע בייטל,
האָט ער אַריינגעווײנט אין אים זיין ווייסט געמיט.

און אַז ער האָט דאָס בײטל אָנגעפילט מיט טרערוואַרג שווערן,
האָט אָפּגערופן זיך צו אים דאָס בײטל:
דו זעסט? מיט פּוסטע הענט ביזטו געקומען, טרייטל,
און פאַרדינט האָסטו אַן אוצר טרערן.

## צום אָפּשטעל

נישט איין קראָך בין איך געקראָכן,
בין געפלויגן נישט איין פלי.
אָדלער־הויך — און ראָדגעבראָכן,
קאָפּ־אַרויף — און אין געקני.
שטום און דנאָאיק, קדמת־דנאָ'איק,
פלעג איך רוען אין אַ תהום;
האָב, אַן אומבאַקאַנטער שטערן,
זיך אַנטפּלעקט צום אַסטראָנאָם.
בין געווען אַ קלויזניק'ס חלום
אויף אַ שלאָף־באַנק אין אַ קלויז;
האָב אַריינגעווײנט מיט טויען
אינעם בעכער פון אַ רויז;
בין געווען אַ נזיר'ס תפילה
פול מיט שרעק פאַר סמך־מם,
און אַ טרער אויף איינעמ'ס וויעס,
און אַ טרייסט אין איינעמ'ס קלעם.
בין געווען אין אַ מפולת
צווישן לצימ'וואַרג אַ לץ,
און אַ קאַץ אין שוואַרצן קעלער,
די פאַרוואָרפנסטע פון קעץ.
שטיקער ערד געקייט, געוועלגערט,
ווען געווען אַ בלינדער קראָט,
מיט קאָשמאַרן זיך געשלאָגן,
אַ פאַרשטויסענער פון גאָט.
אָט אַ מענטש געווען — און ערגעץ
שווער געווייטיקט, ווילד געליבט,
אָט — אַ רעיון: מעשה פויגל
אין אַ דענקער־קאָפּ געהיפּט.

בין געוועז, געוועז, געוועזן,
און ווער וויים, וואו אַלץ איך האָב
זיך גע'גלגול'ט — אָט קוים קריכיק
און אָט וויכערדיק גאַלאָפּ.
בלויז איין אָפּשטעל איז פאַראַנען!
גאָט — זיין נאָמען; צו זיין רו
וויל מיין אַלציקייט דערשווימען.
כ'שווים באַלד צו שוין, שווים באַלד צו — — — —

## מדרש אהרן אויף קהלת

(א' — י"ג)

### א

גאָרנישט מיט נישט, — האָט געזאָגט קהלת.
גאָרנישט פון גאָרנישטן, אַלץ איז גאָרנישט.

אַלץ איז גאָרנישט — און גאָרנישט איז אַלץ.
גאָרנישט איז אַלץ, האָט געזאָגט קהלת.

אַ ווינט קומט אָן און אַ ווינט פאַרווייט,
אַ דור קומט אָן און אַ דור פאַרגייט.
וואָס באַשטייט?
דער אַלץ באַשטייט, — האָט געזאָגט קהלת.

### ב

אָטעם פון אָטעמס, האָט געזאָגט קהלת.
אָטעם פון אָטעמס, אַלץ איז אָטעם.
עס קרייזט, קרייזט, וואַנדערט דער ווינט.
אייביק קרייזט ער,
ווי זיין מייסטער,
זיין בורא, געבאָט אים:

ער אָטעמט איין, ער אָטעמט אויס —
און קערט זיך אום צום אָטעם.

### ג

אַ זון גייט אויף, האָט געזאָגט קהלת.
אַ זון גייט אויף און אַ זון פאַרזינקט.
פון מזרח קומט די זון און זינגט.
צום מערב לויפט זי, אין מערב זינקט זי.

פון מזרח קומט זי אָן צוריק —
און ווידער זינגט זי.

ד

אַלע טייכן גייען צום ים,
גייען צום ים, האָט געזאָגט קהלת.

שנעל, ווי שנעל איז
זייער גאַנג!
אַלע טייכען פאַרגייען אין ים,
און צום פאַרגאַנג איז זייער פאַרלאַנג, —
ס'איז זייער פאַרלאַנג, האָט געזאָגט קהלת.

ה

נישטאָ דאָ אויף דער ערד קיין נייס.
אַלץ קומט צוריק, האָט געזאָגט קהלת.
און נאַכטיק איז דער טאָג — און העל איז
די נאַכט: עס שליסט זיי איין אין קרייז.

די זאַכן ווערן מיד און מידער,
קערן זיך אום צו גאָט אין הויז
און רוען זיך אויס —
און דענסטמאָל קומען זיי ווידער.

ו

איך, קהלת, בין מלך געווען!
פון אַלעם געטאָן געניסן,
כדי צו דערגיין צום וויסן.
און ווען איך בין זיכער געווען, אַז כ'ווייס,
איז אַרויס פון מיין כלומרשטן וויסן
דער ווייטיק — און מיך צעביסן.

דער ווייטיק האָט מיך צעביסן,
נאָר כ'האָב זיך דערוואוסט, אַז מיין וויסן איז פוסט —
און ס'האָט מיך געהיילט מיין נישט־וויסן.

ס'האָט מיך געהיילט מיין נישט־וויסן,
און נון — ווי גאַנץ מיין זעל איז!
האָט געזאָגט קהלת.

ז

מיך מאַכט דאָס נישט־וויסן מיינס קלוג!
דער, וואָס איך קאָן אים נישט וויסן,
ביי א י ם איז דאָס וויסן —
און דאָס איז גענוג.

ח

די וועלט האָט ער אַריינגעטאָן אין זייער האַרץ,
אין זייער האַרץ אַריינגעטאָן די צייט.
אַ צייט האָט ער געשטעלט פאַר אַלץ.
זיי אָבער גייען קרום און זוכן ווייט,
פאַרפּלאָנטערן וועלט און צייט
און זיך מיט זיי,
און דור נאָך דור
טראָגט זיך אַ געוויין און אַ געשריי:
וואָס קומט דאָ פאָר?

געוויין — געוואַלד —
זיי וויסן נישט, אויף וועלכער וועלט זיי זיינען
און וואו עס האַלט.
די וועלט האָט ער אַריינגעטאָן אין אייער האַרץ,
אין אייער האַרץ אַריינגעטאָן די צייט, —
וואָס שרייט איר, לייט?

ט

אַז כ'האָב געזען די פּיין פון די באַרויבטע,
וואָס וויינען אָן אַ טרייסטער,
געזען דעם שטאָלצן רשע אויף זיין פערד, —
האָב איך געזאָגט, אַז וואוילער איז די טויטע:
זיי ליידן נישט פון איבערמאַכט צעבייזטער.
און בעסער נאָך איז די, וואָס זיינען קיינמאָל
נישט געקומען אויף דער ערד.

און לאַנג האָב איך געקלערט און זיך דערקלערט:
ס'הערשט אומרעכט אין די טיילן פון גאָט'ס לאַנד
די אונטערשטע, וואָס זיינען מיר באַקאַנט,
אָבער גבוה מעל גבוה —
העכער איבער העכערס — איז געשטעלט,
און ביז ס'קומט אָן פאַר'ן געזיכט פון דעם געריכט,

וואָס זיצט אין די היכלות,
איז אַלץ פאַרשטעלט.
איך זע נאָר — די התחלות.

י

ס'איז דער בורא אַזוי פּשוט,
אַז דעם מענטשן איבערראַשט עס:
ביכער מערט ער,
מבול'ט ווערטער —
צו פאַרפּלאָנטערן גאָט'ס פּשטות.
רק ער פּלאָנטערט,
רק ער קשיא'ט און ער קשה'ט.

אָבער גאָט איז פּשוט.

יא

אַ שטאָט אַ קליינע — באַשיצער ווייניק.
קליין די שטאָט און גרויס די געפאַר.
פּחדים אַ סך און קנאַפּ באַשיצער:
ס'באַלאַגערט די שטאָט אַ שטאַרקער האַר.

און אַ מאַן אַן אָרעמער קומט מיט שטילקייט
און איז מציל די שטאָט מיט זיין קלוגן פּלאַן.
נאָר באַלד דערנאָך, אַז די שטאָט ווערט ניצול,
געדענקט נישט קיינער דעם שטילן מאַן.

דער אָרעמער מאַן, דער גוטער יצר,
פאַרשעמט און פאַרגעסן איז זיין ראָט,
און דער גרויסער האַר וועט באַלאַגערן ווידער,
און ווי צו דער שטאָט, צו דער קליינער שטאָט.

יב

דו זעסט נאָך טיילן און לעבסט מינוטן —
און דו ווילסט דיין טואונג נישט טאָן דערפאַר,
וואָס דער גוטער קריגט דאָ דעם שלעכטנ'ס שכר,
און דער שלעכטער — דעם שכר פון גוטן.

זאָג איך דיר: טו!
ס'דאַרף נישט גאָט דיין פאַרשטייאונג.
זיי אין דער פּרי דיין זייאונג,
אויך דעמער־צייט ווייס נישט פון רו.

דאָס ברויט פון דיין טואונג שיק
איבער די וואַסערן — קריגסט עס צוריק,
כאָטש כ׳קאָן דיר נישט זאָגן ווען און וואו.
איינס זאָג איך: טו!

יג

ס׳איז אַזוי געמאַכט — האָט קהלת געזאָגט —
אַז אונטן איז אונטן און אויבן איז אויבן.

אַזוי געמאַכט, זאָלט נישט קאָנען פאַרשטיין;
אַזוי געמאַכט דו זאָלסט מוזן גלויבן.

איך ווייס דאָס נישט־וויסן און דערפאַר
זאָג איך דיר, זון מיינער — ניין, כ׳באַפעל עס:

זוך נישט קיין סך און בוי דיין זאַך.
געדענק דיין זאַך, — האָט געזאָגט קהלת.

1947